# אינהאַלט

# דאָס טעפּעל

— רבי! איך וויל אייך פרעגען א שאלה וויל איך אייך. איך ווייס נישט, צי קענט איהר מיך, צי קענט איהר מיך נישט. איך בין יענטע בין איך, יענטע די קורעלאָפּניטשקע. איך האנדעל מיט אייער האנדעל איך, מיט עופות, מיט גענז און מיט קאטשקעס. איך האָב מיר מיינע שטענדיגע קונה'טעס האָב איך מיר, א צוויי־דריי הייזער, האלטען זיי מיך אונטער, זאָל זיי גאָט געבען געזונט און אלדאָס גוטס; וואָרום איך זאָל נאָך דארפען צאָהלען פּריצענט, וואָלט נישט געקלעקט די חלה אויף דער „המוציא". האָב איך א דרייערעל האָב איך, א מאָל דאָ, א מאָל דאָרטען, דאָ גענומען, דאָרט געגעבען, דאָרט געגעבען, דאָ גענומען — מע דרעהט זיך, משטיינס געזאָגט! אודאי, וואָס זאָלט איהר קלערען, ווען מיין מאַן עליו־השלום זאָל מיר אצינד לעבען — טע־טע־טע!... האָטש אז מע וויל שמועסען דאָס אייגענע צוריק, האָב איך קיין האָניג פאר איהם נישט געלעקט, וואָרום קיין פארדיענער, זאָל ער מיר מוחל זיין, איז ער דאָך נישט געווען, נאָר געזעסען און גע־לערענט, געזעסען און געלערענט, און געהאָרעוועט האָב א י ך, און האָרעווען בין איך געוועהנט נאָך פון קינדוויין אויף, נאָך ביי מיין מאמע עליה־השלום, בתיה האָט זי געהייסען, בתיה די לעבכט־ציהערין, זי איז געווען א לעכטציהערין, פלעגט אויפקויפען חלב ביי די קצבים און ציהען לעכט, חלב'ענע צעפּלעך, מע האָט נאָך נישט געוואוסט דעמאָלט פון קיין גאז און פון קיין לעמפּלעך מיט

גלעזלעך, וואָס טרישטשען אַלע מאָל, ערשט יענע וואָך געפּלאַצט ביי מיר אַ גלעזעל, און פּאַר צוויי וואָכען אַ גלעזעל...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: יונג געשטאָרבען... אַז מיין משה־בּנציון עליו־השלום איז געשטאָרבען, איז ער אַלט געווען סך־הכּל זעכּס און צוואַנציג יאָהר. הא? נאָך אַ מאָל: ווי אַזוי זעכּס און צוואַנציג? נייענצעהן איז ער אַלט געווען צו דער חתונה, אַ יאָהר אַכט איז פאַרהאַן אַז ער איז געשטאָרבען, איז אינאיינעם נייענצעהן און אַכט — אפנים, אַזוי גרויס ווי דריי און צוואַנציג. פאַר וואָס זשע איז ביי מיר אויסגעקומען זעכּס און צוואַנציג? ווייל איך האָב פאַרגעסען די זיעבען יאָהר, וואָס ער האָט געקרענקט. דאָס הייסט, קרענקען האָט ער געקרענקט אַ סך מעהר, ער איז געווען פון תּמיד אָן אַ קראַנקער, דאָס הייסט, אַזוי איז ער אפילו געווען אַ געזונטער, נאָר דער הוסט, דער הוסט האָט איהם אוועקגעלעגט! ער פלעגט, נישט פאַר אייך געדאַכט, שטענדיג הוסטען, דאָס הייסט, נישט שטענדיג, נאָר דעמאָלט, ווען דער הוסט איז אָנגעקומען, פלעגט ער זיך פאַרהוסטען, און אַז ער האָט זיך פאַרהוסט, האָט ער געהוסט און געהוסט... די דאָקטוירים האָבען געזאָגט, אַז ס'איז ביי איהם אַ ספּאַזמע אַזעלכע, דאָס הייסט, אַזעלכעס, וואָס אַז מע וויל הוסטען, הוסט מען, און אַז מע וויל ניט הוסטען, הוסט מען ניט. שטראָם־גראָם, מאַך מיר אַ האַרמידער! ציעגען זאָלען אַזוי וויסען אין פרעמדע גערטנער שפּרינגען, ווי זיי ווייסען, די דאָקטוירים הייסט דאָס, וועך ס'האָט זיי געשלייערט!... אָט האָט איהר רב אהרן דעם שוחט'ס יונגעל, יאָקעל הייסט ער, עס האָט איהם וועה געטהאָן אַ צאָהן האָט איהם וועה געטהאָן, האָט מען איהם געטהאָן אַלסדינג, געשפּראָכען און געשטאָכען, און געזעהען, אַז עס העלפט נישט. געהט ער, יאָקעל הייסט דאָס, און לעגט־אַריין אַ קנאָבעל אין אויהער אַריין, — מע זאָגט, אַז ס'איז אַ רפואה קנאָבעל צו צייהן־וועהטיג — האָט ער זיך געריסען אויף די גלייכע ווענט, יאָקעל הייסט דאָס, און פונ'ם קנאָבעל זאָגט

ער נישט אויס. קומט דער דאָקטער און טאַפּט איהם ביי'ם דופּק. וואָס טאַפּסט דו איהם ביי'ם דופּק, דו נאַרישער לעקיש?... אודאי, מע זאָל איהם, יאַקלען הייסט דאָס, נישט געוועז אָפּפיהרען קיין יעהופּעץ, וואָלט ער שוין איצטער אָנגעשפּארט, ווייסט איהר וואו? דאָרטען, וואו די שוועסטער זיינע, פּערעל נעבאך, וואָס איז אוועקגעגאַנגען פון אַ גוט אויג, ניט פאַר אייך געדאַכט, אין קימפּעט...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: איין אַלמנה... איך בין געבליבען איין אַלמנה, ניט דאָ געדאַכט, נאָך גאָר אַ יונגענט הייסט דאָס, מיט אַ קליין קינד און מיט אַ האַלבער שטוב אויף די „קבצניוועקעס", די אַנדערע פון לייזער דעם סטאָליר'ס דירה, אויב איהר ווייסט; נישט ווייט פון דער באָד. וועט איהר דאָך פרעגען, וואָס עפּיס אַ האַלבע שטוב נאָר? מחמת די אַנדערע האַלבע איז נישט מיינע; זי געהערט צו מיין שוואָגער געהערט זי, עזריאל הייסט ער, איהר קענט איהם, אַליין איז ער אַ וועסעלעקוטער, פון וועסעלעקוט, אַ שטעדטעל אַזעלכעס, און האַנדלען האַנדעלט ער מיט פיש, און פאַרדיענט, קיין עין־הרע, זעהר שען, עס ווענדט זיך ווי דער טייך האַלט: איז אין דרויסען שטיל, האַפּט זיך פיש, און אַז סע האַפּט זיך פיש, איז וואָלוועל פיש; איז אין דרויסען אַ ווינט, האַפּט זיך נישט קיין פיש, און ס'איז טייער פיש. נאָר גלייכער איז, אַז עס האַפּט זיך און ס'איז וואָלוועל... אַזוי זאָגט ער, עזריאל הייסט דאָס. פרעג איך איהם: „וואָס איז דער שכל?" זאָגט ער: „דער שכל איז אַ פּראָסטער שכל: איז אין דרויסען שטיל, האַפּט זיך פיש, און אַז סע האַפּט זיך פיש, איז וואָלוועל פיש; איז אין דרויסען אַ ווינט, האַפּט זיך נישט קיין פיש, און ס'איז טייער פיש. נאָר גלייכער איז, אַז עס האַפּט זיך און ס'איז וואָלוועל"... זאָג איך: „יאָ, אָבער וואָס איז דער שכל?" זאָגט ער: „דער שכל איז אַ פּראָסטער שכל: איז אין דרויסען שטיל, האַפּט זיך פיש, און אַז סע האַפּט זיך פיש, איז וואָלוועל פיש..." „טפו זאָלסט דו ווערען! — זאָג איך צו איהם. — געה טענה מיט אַ גראָבען יונג"...

— יאָ, אַקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: אײַין אייגענע דירה... אודאי איז גלייכער איין ווינקעלע איין אייגענס, איידער שלעפּען זיך אין שכנות. ווי זאָגט איהר: „מיינס איז נישט יענעמס!"... האָב איך מיר, הייסט דאָס, מיין האַלבּע שטוב, אַ שטיקעל נחלה, נישט צו פאַר־זינדיגען. נאָר איך בעט אייך, צו וואָס באַדאַרף איין אַלמנה, משטיינס געזאָגט, מיט איין־און־איינציג קינד אַ גאַנצע האַלבּע שטוב? פאַרהאַן וואו דעם קאָפּ אַנידערלעגען — גענוג! ובפרט, אַז מע באַדאַרף זי דעקען, די שטוב, זי שטעהט שוין היבשע עטליכע יאָהר נישט געדעקט שטעהט זי; דעקוטשעט ער מיר, דער זיסער שוואָגער מיינער, עזריאל הייסט דאָס, מע זאָל זי דעקען!... „צייט, זאָגט ער, מע זאָל זי דעקען!" „נו, זאָג איך, למאי זשע דעקט מען זי נישט?" זאָגט ער: „לאָמיר זי דעקען"... זאָג איך: „לאָמיר זי דעקען"... דעקען־דעקען, דעקען־דעקען — און דערבּיי בּלייבּט דאָס. וואָרום אויף דעקען באַדאַרף מען שטרוי, פון שינדעל שמועסט מען נישט, וואו האָבּ איך אויף שינדעל? פאַר־דינג איך צוויי חדרים פאַרדינג איך. אין איין חדר'על זיצט בּיי מיר חיים־חנה דער טויבּער, איין אַלטער מאַן, שוין עובר־בּטל. די קינדער צאָהלען מיר פאַר איהם פינף גילדען אַ וואָך דירה־געלט, און עסען עסט ער בּיי זיי, אַ טאָג איבּער אַ טאָג, דאָס הייסט, אַ טאָג עסט ער און אַ טאָג פאַסט ער, און דעם טאָג, וואָס ער עסט, עסט ער אויך מכּות. אזוי זאָגט ער, חיים־חנה דער טויבּער. און אפשר איז דאָס אַ ליגען אפּשר? אַלטע לייט האָבּען ליעבּ וואָר־טשען; וויפיעל מע גיט זיי, איז ווינציג, וואו מע זעצט זיי, איז שלעכט, און וואו מע לעגט זיי, איז האַרט...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: שכנים... קיין גוטער איד זאָל זיי נישט קענען! מילא יענער, דער טויבּער, איז אַ טויבּער, האָטש אַ שטי־לער שכן, ווי זאָגט איהר: מע הערט איהם נישט און מע זעהט איהם נישט... האָט מיך אָבּער דער גוטער יאָהר געטראָגען, איך

זאָל דעם אַנדערען הדר פּאַרדינגען דער מיטניטשקע, גנעסי הייסט זי. זי האַלט אַ קלייטעל פון מעהל האַלט זי. אַ גוטע שטוקע!... תּחילת, איהר זאָלט זעהען, איז זי געווען ווייך, ווי אַ האָניגטייגעל, קוצעניו־מוצעניו, נשמה׳ניו, האַרצעניו, זי וועט מיר דאָס, זי וועט מיר יענעם... וואָס באַדאַרף זי דען, משטיינס געזאָגט? אַ שטיקעל אויוועז אויף צושטעלען דאָס טעפּעל, איין עק בענקעל אויף אויס־זאַלצען דאָס שטיקעל פלייש איין מאָל אין וואָך, און אַ ברעג טישעל אויף אויסקאַטשען אַ בלעטעל לאָקשען איין מאָל אין אַ יובל... „און די קינדער, זאָג איך, וואו וועט איהר אַהינטהון די קינדער אייערע וואו? איהר האָט דאָך, גנעסי, זאָלען געזונט זיין, קליינע קינדער האָט איהר דאָך!”... „וויים איך, זאָגט זי, וואָס איהר רעדט, יענטע־לעבען! איהר ווייסט דען, וואָס דאָס איז פאַר קינדער? בּריליאַנטען, נישט קיין קינדער! זומער־לעבען וואַלגערען זיי זיך אין דרויסען אַ גאַנצען טאָג, און ווינטער פאַר־קלויבט מען זיך אויפ׳ן אויווען, ווי די שעפּעלעך, און מע הערט נישט פון זיי קיין פּיפּס. איין חסרון נאָר, וואָס זיי דאַרפען, קיין עין־הרע, אַ סך, האָבען ליעב קייען, פּיקערס, קיין עין־הרע”... נו־נו! אודאי האָב איך מיר געקויפט איין אומגליק אויף מיינע שונאים׳ס קעפּ! מילא קינדערלעך — איינס און איינס, איבער־געוואַשענע, גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רעד, אַ שטיקעל ברויט איז פאַר זיי נישט אויפצועסען! טאָג ווי נאַכט איז ביי זיי הו־האַ! מע שרייט און מע קוויטשעט, מע הרג׳עט זיך און מע שלאָגט זיך — אַ גיהנם! וואָס זאָג איך אַ גיהנם? דער גיהנם, זאָג איך צייך, איז גאָלד!... נאָר מיינט נישט, אַז איהר זענט פאַרטיג. דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה, וואָרום אַ קינד קאָן מען איינשטילען: אַ זעץ, אַ פּאַטש, אַ קניפּ — פאָרט אַ קינד! האָט איהר גאָט געגעבען אַ מאַן, עוזר הייסט ער; איהר מוזט איהם קענען, ער איז אונטער־שמש אין אונטערשטען קלייזעל, נעבאַך אַ כשר׳ער איד, און, דאַכט זיך, גאָר נישט אַזאַ גרויסער נאַר אויך; זאָלט איהר הערען, ווי זי באַגראָבט איהם, גנעסי הייסט

דאָס: עוזר, אהין! עוזר, אהער! עוזר, דאָס! עוזר, יענעם! עוזר־עוזר! עוזר־עוזר!... און ער — אָדער ער זאָגט־אָפּ אַ ווערטעל (ער איז נאָך אַ ווערטעלזאָגער צו די צרות), אָדער ער רוקט־אָן דאָס היטעל און געהט אוועק... ס׳איז נאָר, זאָג איך אייך, אַ הצלחה און געגוג!...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: שלעכטע שכנים... שלעכט צו שלעכט איז נישט גלייך! לאָז מיר דאָס דער רבונו־של־עולם נישט פאַר־רעכענען פאַר קיין לשון־הרע; איך דאַרף אויף איהר, וואָס איז שייך, קיין שלעכטס נישט רעדען. וואָס האָב איך צו איהר? זי איז אַ אידינע, וואָס האָט ליעב געבען איין אָרעמאַן אַ שטיקעל ברויט. נאָר דער גוטער יאָהר זאָל זי וויסען: אז עס קומט איהר אָן די מאַנקאָליע — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! ס׳איז אַ בזיון צו דערצעהלען: קיין אַנדערען וואָלט איך דאָס געוויס נישט געזאָגט, נאָר בּיי אייך, וויים איך, וועט דאָס זיין אַ סוד... ששש... זי פּאַטשט איהם אונטער... דעם מאַן, הייסט דאָס... אז קיינער זעהט נישט... „אַי, זאָג איך צו איהר, גנעסי, גנעסי! ווי האָט איהר קיין מורא נישט פאַר גאָט? פאַר גאָט ווי האָט איהר קיין מורא נישט?”... זאָגט זי: „ס׳איז נישט אייער באָבע׳ס דאגה”... זאָג איך: „אַ שענע ריינע כּפּרה”... זאָגט זי: „לאָז דער זיין די כּפּרה, ווער עס קוקט אריין אין יענעמ׳ס טעפּעל”... זאָג איך: „לאָז דעם ארוים די אויגען, ווער עס האָט קיין בעסערס נישט גע־זעהען”... זאָגט זי: „לאָז דעם פּאַרלעגען, ווער עס הערט זיך צו”... וואָס זאָגט איהר אויף אזא פּיסקאַטע?...

— יאָ, אַקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: איך האָב ליעב ריין... למאי זאָל איך לייקענען? איך האָב טאַקי ליעב, ס׳זאָל זיין ריין אין איטליכס ווינקעלע. וואָס קומט מיר דערפאַר? קאָן זי אפשר נישט ליידען, גנעסי הייסט דאָס, למאי בּיי מיר איז ריין, בּיי מיר איז שען, בּיי מיר איז ציכטיג, בּיי מיר איז ליכטיג. און בּיי איהר? איהר

זאָלט זעהען — תּמיד חושך, שטענדיג פינסטער, פאַרטיאַפּעט און פאַרשליאָפּעט ביז'ן האַלז, די פּאָמוניצע פול ווי איין אויג — טפו !... קומט דער פריהמאָרגען — איז הימעל עפען זיך ! ס'איז דען קינדער ? שדים, נישט קיין קינדער ! פונקט ווי מיין דוד'על, להבדיל באלף הבדלות ! וואָרום מיין דוד'על זאָל געזונט זיין איז דאָך א גאַנצען טאָג אין חדר איז ער, און קומט ביינאַכט, נעמט ער זיך צו דער אַרבייט : אָדער ער דאַווענט, אָדער ער לערענט, אָדער ער קוקט אַזוי אַריין אין א ספר קוקט ער. און איהרע קינדערלעך — גאָט זאָל נישט שטראָפען פאַר די רעד ! אָדער סע עסט, אָדער סע וויינט, אָדער סע שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט... איהר פאַרשטעהט ? בין איך שולדיג, אַז גאָט האָט זי געבענטשט מיט אַזאַ חאַליאַסטרע פון סאַוואָולעס און פון גאָנצעס, און מיר האָט ער געשענקט אַזאַ מתּנה, א שטיק גאָלד, א בעריליאַנט, עס זאָל מיר נאָר נישט פאַר־שטעהרט ווערען, רבונו־של־עולם, וואָרום ער קאָסט מיך געװוּג טרערען קאָסט ער מיך ! קוקט נישט, וואָס איך בין א אידינע ! א מאַנסביל אויף מיין אָרט וואָלט דאָס געוויס נישט איבערגע־טראָגען ! עס זאָל אייך צו קיין חרפּה נישט זיין. פאַרהאַן מאַנס־בילען אַזעלכע, וואָס זענען טויזענט מאָל ערגער פון ווייבער זענען זיי ; אַז סע קוועטשט זיי צו עפּיס א זאַך, ווייסען זיי נישט, וואו זיי זענען אין דער וועלט... וואָס דאַרפט איהר א סך ראיות ? אָט נעמט, למשל, יאָסי משה־אַברהמ'ס : כּל־זמן פרומע־נעחע האָט איהם געלעבט, האָט ער זיך געהאַלטען, און אַז זי איז, נישט דאָ געדאַכט, געשטאָרבען, האָט ער אָפּגעלאָזט הענט און פיס און לייב און לעבען... „רב יאָסי, זאָג איך צו איהם, גאָט איז מיט אייך ! מילא, אַז סע שטאַרבט א ווייב, וואָס זאָל מען טהון ? ס'איז א גאָט'ס זאַך !”... ה' לקח ה' נתן, ווי אַזוי שטעהט דאָרטען געשריבען ביי אונז אין די הייליגע ספרים ? אייך באַדאַרף מען נישט דערצעהלען, מסתּמא ווייסט איהר בעסער...

— יאָ, אַקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד ? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט : א בן־יחיד... ער איז ביי מיר איין־און־

איינציגער, ווי זאָגט איהר: איין אויג אין קאָפּ, דוד׳על הייסט עס. איהר קענט איהם נישט? ער הייסט נאָך מיין שוועהר דוד־הערש הייסט ער. איהר זאָלט איהם זעהען — אינגאַנצען דער פּאָטער, איהם צו לענגערע יאָהר, אינגאַנצען משה־בנציון, אפילו די וואוכס די אייגענע, און דאָס פּנים — ווי ביי איהם, עליו השלום: געל, אויסגעדאַרט, אויסגעדיווערט, הויט און ביינער, און שוואַך, שוואַך, אויסגעמוטשעט נעבאַך פונ׳ם חדר, פון דער גמרא... „אָבער גענוג דיר, זאָג איך צו איהם, גענוג דיר, זוהנעניו, רוה זיך אָפּ אַ ביסעל, זעה וואָס פאַר אַ פּנים דו האָסט, נעם עפּיס אין מויל אַריין, זאָג איך, עס עפּיס, טרינק עפּיס, נאַ דיר אַ גלעזעל ציקאָריע נאַ דיר!“... „ציקאָריע, זאָגט ער, טרינק בעסער אַליין, מאַמע; דו האָרעוועסט, זאָגט ער, איבער׳ן כח. איך וואָלט דיר בעסער געהאָלפען, זאָגט ער, טראָגען דעם קאָשעק פונ׳ם מאַרק“... „ס׳אַ משל! — זאָג איך. — וואָס רעדסט דו וואָס? דו ווייסט, וואָס דו רעדסט? וואָס הייסט, דו וועסט טראָגען קאָשעקעס? ניט דערלעבען וועלען דאָס מיינע שונאים, איך האָב גענוג שונאים! דו באַדאַרפסט, זאָג איך, לערנען, זיצען און לערנען!“... און בשעת מעשה קוק איך אויף איהם, אויף מיין דוד׳לען הייסט דאָס, — אינגאַנצען ער, עליו־השלום, אפילו מיט׳ן הוסט, פאַרפינסטערט און פאַרוויסט בין איך געוואָרען! יעדער הוסט, וואָס ער טהוט, רייסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ! וואָרום איידער איך האָב איהם דערלעבט צו זעהען אַ שטיקעל מענטש, זענען מיר גוט די אויגען אַרויסגעקראָכען! אַז בסך־הכל, דאַרפט איהר וויסען, האָט זיך גאָר קיינעם נישט געגלויבט, אַז דאָס קינד זאָל בלייבען לעבען זאָל דאָס, וואָרום וואו ערגיץ אַ שלאַק, אַ צרה, אַ חולאת — איז דאָס געוועזען ביי איהם: טאָמער ווילט איהר מאָזלען — איז מאָזלען, פּאָקען — איז פּאָקען, און דיפטעריטען, און שקאַרלאַטינעס, און זאַוועלקעס, און זוביטשעס, און וואָס ניט?... די נעכט, וואָס איך בין אויסגעזעסען איבער איהם, זאָל מיר גאָט ניט רעכענען; אפנים, אַז די טרערען מיינע, און אַ ביסעל טאַקי זכות־אָבות האָבען זיך אַריינ־

געמישט, און איך האָב קוים־קוים דערלעבט די בר־מצוה זיינע! מיינט איהר דאָך, אז ס'איז איין עק? הערט זשע אוים איין אנטיק: באַדאַרף ער ניט געהן איינמאָל ביינאַכט, ווינטער איז דאָס געווען, פונ'ם חדר, און באַגעגענען עפּיס איינעם אָנגעטהאָן אין גאָלע ווייסען און פּאַטשען מיט ביידע הענט?... אודאי האָט זיך נעבאַך דאָס קינד איבערגעשראָקען אויף טוידט און איז אַנידער־געפאַלען חלשות אויפ'ן שניי, און מע האָט איהם געבראַכט אהיים אַ טוידטען האָט מען איהם געבראַכט, קוים־קוים אָפּגעמינטערט; און אז מע האָט איהם אָפּגעמינטערט, האָט ער זיך ערשט דעמאָלט אַנידערגעלעגט, אַ וועהטיג איז דער מאַמע זיינער, און איז אָפּ־געלעגען אין אַ העליש פּייער אַזוי גרוים אַזוי קליין, ווי זעקס וואָכען!... ווי אַזוי איך האָב איבערגעלעבט אָט דאָס שטיקעל צייט — איז טאַקי נאָר אַ נס מן השמים! וואָס האָב איך דעמאָלט נישט איבערגעטהאָן? געגעבען נדרים, פאַרקויפט איהם און צוריק אויסגעקויפט, צוגעזעצט איהם נאָך אַ נאָמען (חיים־דוד־הערש), און טרערען — טרערען, וועד רעדט פון טרערען? „גאָטעניו, האָב איך גע'טענה'ט צום רבונו־של־עולם, ווילסט מיך שטראָפען? שטראָף מיך מיט וואָס דו ווילסט, נאָר מיין קינד זאָלסט דו ביי מיר ניט צונעמען זאָלסט דו ניט!"... און אז גאָט האָט מיר גע־שענקט די מתּנה, ער איז געזונט געוואָרען, מאַכט ער צו מיר: „דו ווייסט, מאַמע? איך קאָן דיר אָפּגעבען אַ גרוס פונ'ם טאַטען. דער טאַטע איז ביי מיר געווען צו־גאַסט"... דערהערט די דאָזיגע ווערטער, איז מיר שיער די נשמה ארוים, און דאָס הארץ — טיאָך־טיאָך־טיאָך!... „לאָז ער זיך מיהען, זאָג איך. אַ סימן, אז דו וועסט, אם ירצה השם, לאַנג לעבען און זיין געזונט"... אַזוי זאָג איך איהם, און דאָס האַרץ — טיאָך־טיאָך־טיאָך!... ערשט אָט־שפּעט, אין אַ צייט אַרום, ווער איך געוואָהר, אז דער, וואָס איז געווען אָנגעטהאָן אין ווייסען און געפּאַטשט מיט די הענט, ווייסט איהר, ווער דאָס איז געווען? אַנו, טרעפט, רבּי, איהר זענט דאָך אַ חכם! — רב ליפּא איז דאָס געווען, ליפּא דער וואַסערפיהרער!

ער האָט זיך יענעם טאָג, פאַרשטעהט איהר מיך, געקויפט א נייעם פעלץ א ווייסען, און מחמת דער פראָסט האָט געבּרענט, האָט ער זיך געוואָלט א ביסעל דערוואַרעמען, האָט ער געפּאַטשט א האנט אָן א האנט — מיינע צרות אויף זיין קאָפּ! האָט איהר געהערט א השגה, א איד זאָל זיך אָנטהון אין א ווייסען פעלץ גאָר אין מיטען דרינען?...

— יאָ, אָקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אָקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: געזונט... געזונט — דאָס איז דער עיקר. אזוי זאָגט דער דאָקטער אונזערער און הייסט מיר, איך זאָל איהם פּילנעווען זאָל איך איהם, קאָכען יאיכלעך, אלע טאָג א יאיכעל, זאָגט ער, חאָטש פון א פערטעל עוף, אויב איך קאָן, זאָגט ער, אויספיהרען, האָדעווען איהם, זאָגט ער, מיט מילך און מיט פּוטער און מיט טשעקאָלאַד, אויב איך קאָן, זאָגט ער, אויספיהרען... א שענער משל — אויב איך קאָן אויספיהרען? אפנים, ס'איז דען פאַרהאַן איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס איך זאָל פון דוד'על'ס וועגען ניט קאָנען אויספיהרען? ס'איז עפּיס א תירוץ? און אַז מע זאָל מיר זאָגען, אשטייגער, כדומה למשל: געה, יענטע, גראָב ערד, האַק האָלץ, טראָג וואַסער, קנעט לעהם, באַ'גנב'ע א קלויסטער, אבי פון דוד'על'ס וועגען — איז אפילו אין מיטען האַלבּע נאַכט אינ'ם גרעסטען פראָסט! אָט האָט זיך איהם פאַרוואָלט היינטיגען זומער ביכלעך אזעלכע, ספרים מסתמא, וואָס איך האָב זיי ניט, און מחמת איך געה־אריין אין די גרעסטע הייזער געה איך, האָט ער מיך געבּעטען, טאָמער קאָן איך איהם קריגען די דאָזיגע ביכלעך, צי די ספרים, און האָט מיר פאַרשריבען אויף פּאַפּיער האָט ער מיר. קום איך צו געהן און באַווייז דאָס פּאַפּיער און בּעט ביי זיי די ביכלעך, צי די ספרים, איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל. לאַכען זיי פון מיר: „צו וואָס טויג אייך, יענטע, אזעלכע ביכער? איהר האָדעוועט מיט זיי די עופות, די גענז מיט די קאַטשקעס?"... „לאַכט, לאַכט, טראַכט איך מיר, אבי מיין דוד'על וועט האָבּען און וואָס אריינצוקוקען וועט ער האָבּען"... גאַנצע נעכט, גאַנצע נעכט

קוקט ער אריין אין די דאָזיגע ביכלעך, צי די ספרים, און בעט מיך, איך זאָל איהם ברענגען נאָך און נאָך. וועל איך איהם זשאַלעווען? טראַג איך אָפּ די און נעם נאָך... קומט צו געהן אַ חכם אַ דאָקטער און פרעגט מיך, צי קאָן איך אויספיהרען פון זיינטוועגען אַלע טאָג אַ יאַיכעל חאָטש פון אַ פערטעל עוף? און פון דריי פערטעל עוף, אַז מע באַדאַרף, וועל איך קוקען אויף דרך־ארץ? פון וואַנען נעמען זיך, פרעג איך אייך, אַזעלכע דאָקטוירים אויף דער וועלט? וואו וואַכּסען זיי אוים? אויף וועלכע הויוועז ראָשטשינעט מען זיי און אויף וואָסער אויוועז באַקט מען זיי?...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: יאַיכלעך... שטעל איך איהם צו אַלע טאָג אַ יאַיכעל פון אַ פערטעל עוף, און פּאַרנאַכט, אַז ער קומט צו געהן פונ׳ם לערנען, עסט ער, און איך זעץ מיך אוועק אַקעגען מיט איין ארבייט אין דער האַנט און ווער גרעבער ווי לענגער ווער איך, און איך בעט גאָט, גאָט זאָל מיר העלפען, איך זאָל איהם מאָרגען, אם־ירצה־השם, ווידער קאָנען צושטעלען אַ יאַיכעל פון אַ פערטעל עוף... „מאַמע, זאָגט ער מיר, פאַר וואָס עסט דו נישט מיט מיר?" „עס געזונט, זאָג איך, איך האָב שוין אָפּגעגעסען"... „וואָס האָסט דו געגעסען?" זאָגט ער. „וואָס איך האָב געגעסען, זאָג איך, האָב איך געגעסען, אַבי איך האָב שוין געגעסען. עס געזונט!" און אַז ער לערענט־אָפּ די ביכלעך, צי די ספרים, נעם איך ערשט דעמאָלט ארוים פונ׳ם אויוועז אַ פּאָר געבאַקענע קאַרטאָפעל נעם איך, אָדער איך רייב אָן אַ שטיקעל ברויט מיט ציבעלע רייב איך, און מאַך מיר אַ סעודה... און איך שווער אייך בנאמנות, איך זאָל אַזוי דער־לעבען אָן איהם נחת מיט אַלדאָס גוטס, אַז איך האָב הנאה פון דער דאָזיגער ציבעלע אַ סך מעהר, ווי פון דעם שענסטען געבראָ־טענס, ווי פון דער בעסטער יויך, וואָרום איך דערמאָן מיך, אַז דוד׳על האָט, קיין עין־הרע, געגעסען אַ יאַיכעל פון אַ פערטעל עוף, און, אם־ירצה־השם, אויף מאָרגען איז ווידער פאַרהאַן אַ יאַיכעל פון אַ פערטעל עוף!... איין שטיקעל חסרון נאָר — אָט דאָס

הוסטען, וואָס ער הוסט נעבאַך אַלע מאָל: קאַחי־קאַחי! קאַחי־קאַחי!... איך בעט דעם דאָקטער בעט איך, ער זאָל איהם עפּיס געבען צום הוסט. זאָגט ער: „וויפיעל איז אַלט געוועזן דער מאַן מיינער, משה־בנציון עליו־השלום, בשעת ער איז געשטאָרבען, און פון וואָס איז ער געשטאָרבען?"... „פונ'ם טוידט, זאָג איך, איז ער געשטאָרבען, פונ'ם טוידט. ס'איז איהם אויסגעגאַנגען, זאָג איך, יאָהרען, איז ער געשטאָרבען... וואָס איז דאָס פאַר אַ משל אהערצוצו?"... „איך באַדאַרף דאָס וויסען, זאָגט ער, איך האָב באַטראַכט אייער זוהן, איהר האָט אַ וואוילען זוהן, אַ געראָטענעם"... „אַ שענעם דאַנק אייך, זאָג איך, דאָס וויים איך אַליין. איהר גיט מיר בעסער אַ רפואה צום הוסט גיט מיר, ער זאָל אויפהערען הוסטען זאָל ער מיר"... „דאָס קאָן מען ניט, זאָגט ער, איהר דאַרפט נאָר, זאָגט ער, אַכטונג געבען, ער זאָל ווינציגער לערנען"... „וואָס דען, זאָג איך, זאָל ער טהון?" „ער זאָל עסען אַ סך, זאָגט ער. און געהן שפּאַציערען אַלע טאָג, און דער עיקר — נישט זיצען ביי־נאַכט איבער די ביכער. אויב עס איז איהם באַשערט, זאָגט ער, זיין אַמאָל אַ דאָקטער, וועט ער נישט אָנוועהרען שפּעטער מיט עטליכע יאָהר"... „וואָס עס האָט זיך מיר גע'חלומ'ט, טראַכט איך מיר, יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר! עפּיס רעדט ער נישט צו דער זאַך, טאַקי נאָר ווי אַ דולער רעדט ער! וואָס הייסט, מיין דוד'על וועט זיין אַ דאָקטער גאָר? פאַר וואָס זאָל ער בעסער ניט זיין קיין גובערנאַטער פאַר וואָס?"... קום איך צו געהן אַהיים און דערצעהל דאָס מיין דוד'לען דערצעהל איך דאָס, ווערט ער רויט ווי פייער און רופט זיך אָן צו מיר: „ווייסט דו וואָס, מאַמע? געה נישט מעהר צום דאָקטער און רעד נישט מיט איהם"... „איך וויל שוין אפילו, זאָג איך, זיין פנים ניט אָנקוקען! איך זעה דען ניט, אז ער איז אַ חושים?"... אַ דאָקטער זאָל דיר האָבען אַ מאָדנע טבע, ליעב האָבען זיך אריינלאָזען אין אזעלכע דרכים, גאָר אויספרעגען ביי'ם חולה: פון וואָס ער לעבט, און ווי אזוי ער לעבט, און וואו נעמט ער אויף צו לעבען?... וואָס

געהט דאָס דיך אָן? מע שענקט דיר א האַלב קערבעל? — נעם און פאַרשרייב א רעצעפּט!...

— יאָ, אַקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: מען איז כסדר פאַרטאַרעראַמט... אודאי איז מען פאַרטאַרעראַמט און מע שלאָפט אין שלייער, אז מע האָט א קאָשעק מיט אייער, מיט עופות, מיט גענז און מיט קאַטשקעס, און עטליכע נגידית'טעס אויף זיך, וואָס איטליכע וויל פריהער, האָט מורא, טאָמער האָט יענע אויסגעקליבען די בעסטע אייער מיט די שענסטע עופות. ווען האָב איך צייט, זאָגט שוין איהר אליין, קאָכען יאַיכלעך, אז איך בין קיינמאָל ניטאָ אין דער היים? נאָר א איד א למדן, ווי זאָגט איהר, גיט זיך איין עצה: גאַנץ פריה, איידער איך קלויב מיך ארויס אין מארק, הייץ איך איין אין אויווען הייץ איך, נאָכדעם חאַפּ איך מיר אראָפּ אויף א מינוט און זאַלץ־אויס דאָס פּערטעל עוף זאַלץ איך, און געה אויף דער ארבייט, און חאַפּ מיך ווידער אראָפּ און גיס־אָפּ דאָס פלייש וו[illegible] איך, און שטעל־צו דאָס טעפּעל שטעל איך, און בעט זי, די שכנה מיינע, גנעסין הייסט דאָס, זי זאָל אכטונג געבען אויפ'ן טעפּעל זאָל זי, דאָס הייסט, אז דאָס טעפּעל וועט פאַרזידען, זאָל זי דאָס צודעקען מיט דער פּאָקרישקע און פאַרשאַרען מיט אש — א גרויסע ארבייט, משטיינס געזאָגט! וויפיעל מאָל מאַכט זיך, אז איך קאָך־אָפּ פון איהרעטוועגען א גאַנצע וועטשערע? מען איז דאָך עפּיס אידען, וועה איז מיר, מע זיצט דאָך צווישען מענטשען, ניט אין קיין וואַלד זיצט מען!... און שפּעטער, אויפדערנאַכט, אז איך קום אהיים פון דער ארבייט, צעבלאָז איך ערשט א פייער צעבלאָז איך, און וואַרעם־אָן דאָס טעפּעל, און ער עסט א פריש יאַיכעל עסט ער... וואָלט, דאַכט זיך, געווען גוט, איאָ? איז דאָך אָבער מיין שכנה, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, מחילה א גרויסע... איך וויל ניט זאָגען וואָס... איז זי זיך מיישב היינט אין דער פריה און שטעלט זיך אוועק קאָכען פון איהרע קינדער'ס וועגען א מילכיגען אָנבייסען — האַלעשקעס אָדער באַלאַבעשקעס מיט מילך. וואָס איז דאָס פאַר

א מאכל באַלאַבעשקעס מיט מילך? און וואָס עפּיס פּלוצים אין מיטען מיטוואָך שבת־צו־נאַכט? לאָז מיך אַזוי וויסען אַ בייזע וועטשערע! אַ מאָדנע אידינע אָט די מיטניטשקע! ביי איהר איז אָדער גאָר, אָדער גאָרניט. דריי טאָג קאָן אַוועקגעהן, זאָל זי ניט צעלעגען קיין פייער אין אויווען, און פּלוצים קומט איהר אָן — זאָל זי נעמען אָנבויטען אַ גאַנצע פּאָמוניצע, כּלומרשט אַ הירזשע־נעם קאוליש אָדער אַ קרופּניק, וואָס מע באַדאַרף אָנטהון אַ פּאָר ברילען, מע זאָל דאָרטען דערזעהען אַ הירזשעלע, אָדער גאָר אַ טאָפּ מיט פּיש־קאַרטאָפּלים, וואָס די ציבעלעס לאָזען זיך הערען פאַר אַ מייל און פונ׳ם פעפער, וואָס זי האָט אָנגעפּעפּערט, געהען זיי אום נאָכדעם אַלע אַ גאַנץ מעת־לעת, האַלטען אָפען די מיילער און האַקען: הוא־הוא!...

— יאָ, אַקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: שלים־מזל... איז זיך מיישב די שכנה מיינע און פאַרקאַלאָטשעט באַלאַבעשקעס פון רעטשענע מעהל און שטעלט־צו אַ קריגעל מיט מילך שטעלט זי אין אויווען, סע זאָל אויפזידען, און צווישען די קינדער איהרע ווערט אַ שמחה, אַ גדולה, טאַטעניו! זיי האָבען קיינמאָל ניט געזעהען קיין ביסעל מילך, אַפּנים. מאָהלט אייך, נישט מעהר זאָלען אונזערע שונאים פאַר־מאָגען, וויפיעל דאָרט איז געוועזען מילך! אפשר צוויי לעפעל, דאָס איבעריגע וואַסער. נאָר ביי אַזעלכע קבצנים, משטיינס געזאָגט, איז דאָס אויך אַ זאַך!... דערווייל טראָגט־אָן דער גוטער יאָהר דעם שמש. עס ווייזט אויס, אַז עוזר האָט נאָך אין קלייזעל אָנ־געשמעקט, אַז אין דער היים ביי איהם קאָכט זיך אַ נגיד׳ישער אָנבייסען קאָכט זיך, איז ער געקומען צו פליהען מיט אַ ווערטעל, ווי דער שטייגער זיינער: „אַ גוט יום־טוב!"... „אַ וויסטער, אַ פינסטערער גוט יום־טוב אויף דיר, זאָגט זי, וואָס אַזוי פריה?"... „איך האָב מורא געהאַט, זאָגט ער, טאָמער, חלילה, פאַרשפּעטיג איך דאָ אַ ברכו... וואָס קאָכט זיך דאָס ביי דיר אין אויווען?"... „קדחת, זאָגט זי, פון דיינעטוועגען אין אַ קליין טעפּעלע"... „פאַר

וואָס ניט, זאָגט ער, אין קיין גרויסען טאָפּ, וואָלט שוין געווען פאַר אונז ביידען?"... „אַה, פאַרחאַפּט זאָלסט דו ווערען מיט דיינע ווערטלעך!" — זאָגט זי אָנגעצונדען, און נעמט דעם ראַהעטש און טהוט אַ חאַפּ דאָס קריגעל. טהוט זיך דאָס קריגעל אַ קעהר־איבער, און די מילך — פליוך איבער'ן גאַנצען אויווען!... אַ גוואַלד, אַ רעש, אַ געפּילדער! גנעסי שעלט דעם מאַן מיט טוידטע קללות; זיין גליק, וואָס ער האָט זיך אָפּגעטראָגען באַצייטענס. און די קינדער געבאַך זענען אַראָפּ פון'ם אויפ'ן־אויווען און האָבען גע־מאַכט אַ געוויין מיט אַ געשריי, גלייך ווי מע האָט זיי אָפּגעקוילעט טאַטע־מאַמע... „אַ כפּרה, זאָג איך, אייערע באַלאַבעשקעס מיט מילך — מיין דוד'על'ס יאַיכעל, האָב איך מורא, איז יאָ פאַרפאַלען, און דאָס טעפּעל מיינס איז חלילה טרפה געוואָרען!"... „חאַפּט דער רוח דאָס יאַיכעל אייערס מיט'ן טעפּעל, זאָגט גנעסי, מיינע באַלאַבעשקעס מיט מילך זענען אפשר ביי מיר אַזוי טייער, ווי אייערע אַלע טעפּלעך מיט אַלע אייערע יאַיכלעך, וואָס איהר קאָכט פון אייער קדיש וועגען!"... „ווייסט איהר וואָס, זאָג איך, זיין זאָלט איהר אַלע די כפּרה פאַר מיין דוד'על'ס מינדסטען נאָגעל פון'ם קלענסטען פינגערעל!"... „ווייסט איהר וואָס, זאָגט זי, זיין זאָל דוד'על די כפּרה פאַר אונז אַלעמען, ער איז איינער!"... וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ הולטאַיקע? איז זי ניט ווערטה געווען, מע זאָל איהר צעפּאַטשען די פּיסקעס מיט אַ נאַסער האַנטשירקע?...

— יאָ, אַקעגען וואָס איז דאָס געקומען צו רעד? אַקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט: פון מילכיגס מיט פליישיגס אין איין אויווען קאָן קיין גוטס ניט אַרויס... האָט זיך דאָס קריגעל, הייסט דאָס, געשטעלט פּאָפּעריק, און די מילך — הויז איבער'ן גאַנצען אויווען. האָב איך מורא, טאָמער, חלילה, האָט זיך דאָס אָנגע־ריהרט אָן מיין יויך־טעפּעל, בין איך אַ פאַרפאַלענע בין איך! חאָטש אפילו, צוריק שמועסענדיג, ווי קומט די מילך צו מיין טעפּעל, אַז מיין טעפּעל איז געשטאַנען פאַררוקט אין אַש העט־העט אין אַ ווינקעלע? נאָר אויך די אייגענע מעשה, איך קאָן ערב זיין?

א קשיה אויף א מעשה! מיין פינסטער מזל! טאָמער?... איך וועל אייך זאָגן דעם רעכטען אמת וועל איך אייך: מילא, דאָס יאיכעל ווי דאָס יאיכעל; עס טהוט מיר אודאי הארצעדיג באַנג, וואָס וועט ער נעבאך עסען, דוד'על? נאָר מסתמא וועל איך שוין עפּיס צוטראַכטען פון זיינעטוועגען מסתמא; איך האָב נעכטען געבראַכט גענז פון דער שחיטה, געמאַכט אָבדירקעס אויף צו פאַר־קויפען, איז מיר פאַרבליבען א ביסעל דרויב אויף שבת: קעפּלעך, קישקעלעך, דאָס, יענעס — מע קאָן שוין עפּיס מאַכען דערפון! איז מיר אָבער שלעכט — איך האָב נישט קיין טעפּעל האָב איך נישט. איך האָב מורא, טאָמער מאַכט איהר מיר טרפה דאָס טעפּעל, בין איך געבליבען אָהן א טעפּעל, און אָהן א טעפּעל בין איך ווי אָהן א האַנט בין איך, וואָרום איך האָב אינגאַנצען איין טעפּעל. דאָס הייסט, האָבען האָב איך געהאַט דריי טעפּלעך פליישיגע, האָט ביי מיר גנעסי, אויף קיין גוט אָרט זאָל זי אייך ניט שטעהן, איינ־מאָל אנטליהען א טעפּעל, א שפּאָגעל־נײַ טעפּעל, און געהט און גיט מיר אָפּ א שטשערבאַטע טעפּעל. זאָג איך צו איהר: „וואָס איז דאָס פאַר א טעפּעל?"... זאָגט זי: „ס'איז אייער טעפּעל"... זאָג איך: „ווי קומט צו מיר א שטשערבאַטע טעפּעל, אז איהר האָט ביי מיר גענומען א גאַנץ טעפּעל?"... זאָגט זי: „שאַט, שרייט ניט אזוי, מע ווערט פון אייך ניט גליקליך! ערשטענס, האָב איך אייך אָפּגעגעבען א גאַנץ טעפּעל; צווייטענס, אז איך האָב ביי אייך גענומען דאָס טעפּעל, איז דאָס געווען איין אָנגעשטשערבעט טעפּעל; און דריטענס, האָב איך ביי אייך קיינמאָל ניט גענומען קיין טעפּעל, איך האָב מיר מיין טעפּעל, און טשעפּעט זיך אָפּ פון מיין לעבען!"... א הולטאַיקע קאָן!...

— יאָ, אקעגען וואָס זשע איז דאָס געקומען צו רעד? אקעגען דעם, וואָס איהר זאָגט, אז טעפּלעך אין בעל־הבתישקייט איז קיינ־מאָל נישט צו פיעל... בין איך, הייסט דאָס, ווי איהר זעהט, גע־בליבען ביי צוויי טעפּלעך גאַנצע טעפּלעך און איין טעפּעל א שטשערבאַטע טעפּעל, דאָס הייסט, צוויי טעפּלעך... נאָר ווי טאָר

איין אָרעמאַן האָבּען צוויי טעפּלעך? בּאַדאַרף זיך מסתּמא טרעפען אַזוי, אַז איך קום איינמאָל צו געהן פונ'ם מאַרק מיט די עופות קום איך, בּינדט זיך אָפּ איין עוף און דערשרעקט זיך פאַר דער קאַץ... וועט איהר פרעגען: ווי קומט אהער אַ קאַץ? אַלץ זי מיט איהרע קדישים! דערטאַפּען זיי ערגיץ אַ קעצעל, מוטשען זיי דאָס אַזוי לאַנג, בּיז זיי פאַרמוטשען דאָס. „אַ צער בּעלי־חיים! — טענה'ט מיט זיי מיין דוד'על. — אַ לעבּעדיגע זאַך!"... נאָר געה רעד מיט אַזעלכע היצלעס, לעדיגגעהערס, פּוסטעפּאַסניקעס!... בּקיצור, זיי האָבּען עפּיס אָנגעהאַנגען דער קאַץ אויפ'ן שפּיץ ווידעל, האָט זי אָנגעהויבּען שפּרינגען, מאַכען אָנשטעלען, האָט זיך דאָס עוף דער־שראָקען און איז אַרויפגעפלויגען גלייך אויף דער אויבּערשטער פּאָליצע — און טראַך אַ טעפּעל אין דער ערד אַריין! איהר מיינט אפשר — דאָס שטשערבּאַטע טעפּעל? אודאי־יאָ, ס'פאַרשטעהט זיך! אַז בּרעכען, וועט זיך בּרעכען אַ גאַנץ טעפּעל! דאָס איז שוין תּמיד אַזוי, פון זינט די וועלט איז אַ וועלט!... איך האָבּ געוואָלט וויסען האָבּ איך געוואָלט, פאַר וואָס איז דאָס, למשל: צוויי מענטשען געהען, דער געהט און דער געהט; איינער איז אַ בּן־יחיד, איין־און־איינציגער, אַ ציטעריגער בּיי דער מאַמען, און דער אַנדערער איז...... רבּיניו! גאָט איז מיט אייך! וואָס איז אייך אַזעלכעס?... רבּיצין! רבּיצין! וואו זענט איהר ערגיץ?... אהערצו געהט! גיכערט! דער רב איז עפּיס נישט מיט אַלעמען! ניט גוט געוואָרען... אַפּנים, אויף צו חלש'ען!... וואַסער! וואַסער!...

# גענז

א מאנאלאג פון א אידינע, וואס הייסט בתיה, קוילעט גענז חנוכה און פרעגעלט שמאלץ אויף פסח.

געשריבען אין יאָהר 1902.

# געגז

— פאראיאהרען חנוכה האָב איך, נישט פאר אייך געדאכט, נישט פאר מיר געדאכט, נישט פאר קיין שום אידען געדאכט, געהאט איין אומגליק מיט א גליק אינאיינעם. איהר מעגט דאָס הארכען; אזא מעשה טרעפט זיך איין מאָל אין טויזענט יאָהר! איך האנדעל מיט געגז האנדעל איך און מיט פסח'יגער שמאלץ שוין עטליכע און צוואנציג יאָהר — האָט זיך מיר, הערט איהר, אזא מעשה נאָך נישט געטראָפען.

איך האנדעל מיט געגז... איהר מיינט, אָט אזוי נעמט מען דאָס און מע האנדעלט? ראשית חכמה, הויבט זיך אָן אזוי: קומט אָסיען־צייט, ארום נאָך־סוכות, הויבט מען אָן איינקויפען געגז, און פארווארפען די געגז אויפ'ן ווינטער אין שטייג אריין, און האָדעווען די געגז, און אכטונג געבען אויף די געגז; און קומט חנוכה, הויבט מען אָן די געגז קוילען און מאכען פון געגז געלט. נאָר איהר מיינט, אז אָט אזוי גרינג קויפט מען געגז, און מע פאר־ווארפט געגז, און מע קוילעט געגז, און מע מאכט פון געגז געלט? ערשטענס, דאָס קויפען געגז. קויפען געגז דארף מען האָבען מיט וואָס. קיין לאגער־געלט, קיין קאפיטאלען אייגענע, הייסט עס, איז דאָך נישטאָ. מוז מען לייהען, אָנקומען צו רב אלטערען. און רב אלטערען קענט איהר דאָך — ס'איז א איד, וואָס האָט ליעב אויסקאָכען דאָס וואסער. דאָס הייסט, אָפזאָגען זאָגט ער נישט אָפּ, נאָר ער הייסט קומען מאָרגען, מאָרגען — איבערמאָרגען, נעמט

ארויס די נשמה. און ערשט נאָכדעם הויבט ער אָן ציהען די קליי: שלעפּען פּריצענט, צורעכענען טעג. ס'איז א גוטער רב אַלטער! נישט אומזיסט האָט ער אזעלכע פּיסקעס, און זי, אַלטעריכע, מיין איך, האָט א פּנים — אויף אַלע מיינע ליעבע, און א פּאָר באַקען — חאָטש א מעסער אָנצושאַרפען. היינט איהרע פּערעל! אָט האָט זי ערשט ניט לאַנג פאַר'קנס'ט דאָס טעכטערעל — איך זאָל דאָס פאַרמאָגען מיט אייך אינאיינעם, הערט איהר, א דריט־חלק, רבונו־של־עולם, וואָס דאָס קנס־מאָל האָט אָפּגעקאָסט, וואָלט איך פאַר־שפּאָרט האַנדלען מיט גענז... חאָטש א חתן האָט זי גענומען — שטראָף מיך, גאָט, אויב איך וואָלט אזעלכם פאַר מיינע זינד גע־געבען מיין טאָכטער, אז בסך־הכל האָט ער גאָר א פּליך — איהר רופט עס פּליך, איך רוף עס פּאַרך. נאָר ס'איז נישט מיין באָבע'ס דאגה, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך אויך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איהר: א אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

איינקויפען געגז... וואו קויפט מען געגז? אויפ'ן מאַרק, מיינט איהר דאָך מן הסתם? אודאי־יאָ! מיר זאָלען דאַרפען אַלע געגז צונויפקויפען אויפ'ן מאַרק, וואָלטען מיר געגאַנגען אין גאָלד! אז איהר ווילט קויפען געגז אויף מסחר, באַדאַרפט איהר זיך מטריח זיין אויפשטעהן כאור, דעמאָלט ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, און אַרויסגעהן העט־ווייט הינטער'ן שטאָדט, אויף יענער זייט מיהלען. געפינט זיך אָבער נאָך איינע אזא קלוגעטשקע, ווי איהר, און קומט־אַרויס נאָך פריהער פון אייך אויף יענער זייט מיהלען. געפינט זיך נאָך א קליגערע פון יענער אויך און קומט־אַרויס נאָך פריהער און נאָך פריהער — וואָס טויג אייך, סע ווערט א גאַנצער יריד, און דאָרטען שטעהט מען און מע וואַרט און מע לאָקערט, טאָמער וועט גאָט רחמנות האָבען, א גוי וועט אַרויסברענגען א פּאָר געגזלעך, באַפאַלט מען איהם מיט די געגזלעך פון אַלע זייטען: „שאָ טאָבי, טשולאָוויטשע, זא גוסקו?” — וואָס ווילסט דו, הייסט עס, פאַר'ן

גענזעל? איז אויב ס'איז א גוי א סוחר און לאָזט זיך רעדען, קאָנט איהר זיך מיט איהם חאָטש דינגען! און אַז גאָט העלפט, טרעפט איהר אָן אויף אַ מאַנקאָליניק, וואָס לאָזט נישט צו, חאָטש געב איהם אַ קרענק! „העט־באָ, שרייט ער, געה אַוועק! נעמאַ או מענע גוסקו" — איך האָב נישט, הייסט עס, קיין גענזעל! און געה טהו איהם עפּים! טענה'ט איהר דאָך צו איהם: „היתּכן? שאָזש טי חאָטשעש, אַ סיפּע דיר אין פּנים, אי נעחיי טובי באָזשע דאַיע קרענק אין די ביינער אי דאָברע קרחת!"... און ער — אין איין קול: „העט, נע פּראָדאַיו גוסקו" — איך פאַרקויף נישט, הייסט עס, קיין גענז!... און אַז גאָט האָט רחמנות געהאַט, דער גוי האָט אַרויסגעלאָזט דאָס גענזעל פון דער האַנט, באַדאַרף מען דאָס גענזעל ערשט באַטראַכטען. און באַטראַכטען גענז באַדאַרף מען קאָנען; ס'איז אַ סברה, הערט איהר, אַז אויף גענז באַדאַרף מען זיין אַ מבין, ווי, להבדיל, אויף באַרליאַנטען. ביי אייך, למשל, קומט־אויס, אַז אַלע גענז זענען גלייך. דאָס ווייסט איהר, אַז ס'איז פאַרהאַן גענז און ס'איז פאַרהאַן גאָנערס? אַ גאַנז איז נישט קיין גאָנער. אַ גאַנז איז אַ גאַנז, און אַ גאָנער איז אַ גאָנער. אַ גאַנז נעמט אויף זיך שמאַלץ, און אַ גאָנער — מכּות. אַי, ווי אַזוי ווייסט מען, וועלכעס איז אַ גאַנז און וועלכעס איז אַ גאָנער? מע ווייסט שוין! ערשטענס, נאָכ'ן טשובעקעל — אַ גאָנער טראָגט אַ טשו־בעקעל אויפ'ן קעפּעל און האָט אַ לאַנגען האַלז. היינט דערקענט מען אַ גאָנער נאָכ'ן קול — ער האָט אַ גראָב קול, ווי ביי אַ מאַנסביל. און אַז ער געהט, געהט ער תּמיד פריהער פאַר די גענז, אויך ווי אַ מאַנסביל, ווי, להבדיל, אַ מענטש. ביי אונז אַ מאַנסביל, ער מעג זיין דער גרעסטער שלים־מזל, אַבי אַ מאַנסביל, געהט ער אויף־צו־פריהער, ווי איינער רעדט: דאָס בין איך!... וואָס דאַרפט איהר מעהר? אָט נעמט מיין מאַן. דאַכט זיך, מע דאַרף שוין נישט קיין גרעסערען שלים־מזל, ווי מיין נחמן־בער, וואָס האָט נישט געפּרובט פאַרדיענען זינט איך קען איהם פאַר אַ מאַן קיין צוויי צעבראָכענע גראָשען! דער גאַנצער יחוס — באשר בכן וואָס איז?

ער קאָן לערנען, און וואָס ער איז יאָסקע דעם נגיד'ס אַ ווייטער קרוב, ווי זאָגט איהר: דעם פערד'ס בייטש־שטעקעל'ס פּאָדקאָווע... פרעגט מיך, וואָס האָב איך פונ'ם נגיד דעם קרוב? די שונאים זאָלען דאָס פאַרמאָגען אויף איין אָנבייסען! עגמת־נפש האָב איך, צרות, מיט בזיונות נאָך, וואָס מע ווארפט מיר אויס, אַז מיין קרובה, מיין קרוב'ס שנור הייסט עס, געהט מיט די אייגענע האָר... און ס'איז דוקא נישט קיין ליגען — זי איז אַ רעכטע טשאַטשקע! איך רעד נישט אויף איהר חלילה קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך וייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פּאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

איינקויפען גענז... איינגעקויפט די גענז, באַדאַרף מען, הייסט עס, די גענז פאַרוואַרפען אויפ'ן ווינטער אין שטייג אַריין. נאָר איהר מיינט, אַז פאַרוואַרפען גענז איז שוין גאָר אַ גרינגע זאַך? האָט איהר אויך אַ טעות! גוט איז צו פאַרוואַרפען גענז, אַז איך האָב מיר מיין דירה מיט מיין קאַמער און איך בין מיר, ווי זאָגט איהר, איינע אויפ'ן יריד. ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז איך בין נעזעסען, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום אידען געדאַכט אין שכנות ביי יענטען, קיין באַזונדער קעמערעל האָב איך נישט געהאַט, און די בעל־הבית'טע מיינע אַליין, יענטע הייסט עס, האָט אויך אונטערגעהאַנדעלט מיט גענז און מיט פּסח'יגער שמאַלץ, — אנו, פּרובט, אַשטייגער, האָבען מיט יענטען גענז אין איין קאַמער און נישט פּאַטשען זיך מיט איהר דריי מאָל אַ טאָג! האָט איהר אייך איין מאָל אוועק. היינט פּרובט זייט אַ חכם און דערקענט, וועלכע גענז ס'איז אייערע גענז און וועלכע גענז ס'איז איהרע גענז? אַנומעלט, אַז איך בין, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום אידען געדאַכט, געזעסען מיט איהר אין שכנות, האָט זיך ביי איהר, ביי יענטען הייסט עס, אויפגעריסען די שטייג אין קעמערעל און עס זענען אַרויס, זאָל זיך אייך דאַכטען, אַלע גענז און האָבען זיך

צוגעהאפּט צו מיין קאָרעטע מיט האָבער, — איז ווער האָט געהאַט היזק? ווער האָט באַדאַרפֿט שרייען? איך, צי זי? געהט זי נישט און פֿאַלט נישט אָן אויף מיר? זי זאָל געווען, זאָגט זי, וויסען, אַז איך האַנדעל מיט גענז, וואָלט זי מיר, זאָגט זי, נישט פֿאַרדונגען די דירה פֿאַר קיין הונדערט מיליאָן רענדלעך! זאָג איך צו איהר: „מיט וואָס דען, האָט איהר געמיינט, האַנדעל איך? מיט בּאַרליאַנטען?" זאָגט זי צו מיר: „איהר זענט אַליין אַ גוטער בּאַר־ליאַנט, און האָט אַ מאַן אַ בּאַרליאַנט און קינדער בּאַרליאַנטען!"... זאָל איך איהר שווייגען?... אַ מאָדנע אידינע אָט די יענטע! אַזוי ווערט זי אייך אַוועקגעבּען דאָס לעבּען מיט דער נשמה. טאָמער זענט איהר, חלילה, קראַנק, ווערט זי זיך מפקיר זיין פֿון אייערטוועגען. נאָר אַ שפּילשליווע איז זי — מע זאָל בּאַהיט און בּאַוואָהרענט ווערען! אָט האָבּען מיר זיך איינמאָל, ערב־חנוכּה איז דאָס גע־ווען, — איך זאָל אייך דערצעהלען, וואָלט איהר אויף זיך די האָר געריסען!... דער חסרון, וואָס איך קוק נישט אַריין אין יענעמ'ס טעפּלעך, און רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פֿון לשון־הרע בּין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פֿאַראיבּעל נישט, ס'איז בּיי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

איצטער געהט אַ סדרה: פֿאַרוואַרפֿען גענז... אַז איהר ווילט, די גענז זאָלען אייך געראָטען, זאָלט איהר פֿאַרוואַרפֿען די גענז אינ'ם אַ ל ט ע ן חודש. גאָט זאָל אייך היטען, איהר זאָלט זיך צוריהרען צו גענז אין אָנהויב חודש, תּיכּף נאָכ'ן מולד — ס'איז איין אומגליק! די גענז וועלען אייך נישט געראָטען: די גענז וועלען זיין גראָב אויפ'ן בּיין, און דין אויף דער הויט, און אויף פֿלאָסטערען זאָלט איהר זיך פֿון די גענז גאָר נישט ריכטען. פֿלאָס־טערען פֿאַרגעסט! אויך בּייטאָג, ווען איטליכער דרעהט זיך אַרום, זאָלט איהר קיין גענז נישט פֿאַרוואַרפֿען. גלייכער פֿאַרנאַכט, בּיי אַ ליכט, אָדער אפילו אין דער פֿינסטער, נאָר בּשעת מעשה זאָלט איהר זיך געבּען אַ קניפּ און זאָגען שטילערהייט דריי מאָל: „אַזוי

ווי איך בין אויפ׳ן לייב, אזוי זאָלסט דו זיין אויפ׳ן לייב״... מיין מאַן לאַכט אפילו פון מיר און זאָגט, אַז ס׳איז ווערטה אַ שמעק טאַבעקע. נאָר איך זאָל וועלען צוהערען אַלסדינג, וואָס ער זאָגט, וואָלט איך געוועזן לייטען גלייך. למאי ער פארגינט זיך זאָגען, דער מאַן מיינער, — ער איז אַ גאַנצער למדן, זיצט טאָג ווי נאַכט און קוקט אין די ספרים, — אַז כּפרות שלאָגען איז אַ נארישער מנהג? ווי געפעלט אייך, אשטייגער? מאַהלט אייך, ער האָט זיך פון מיר נישט גענאַרט פאַר אַזעלכע ווערטער! „ביזט דאָס אַליין טאַקי דערגאַנגען, זאָג איך, מיט דיין אייגענעם שכל?״... זאָגט ער: „סע שטעהט אַזוי געשריבען אין די ספרים״. „קומט אויס, זאָג איך, אַז איך, און די מאַמע מיינע, און די מוהמע דבורה, און נחמה־ברייגע, און סאָסי, און דוואָסי, און צביה, און צפורה, און אַלע — זענען בהמות?״... שווייגט ער, דער חכם, און ס׳איז זיין גליק, וואָרום איך קאָן איהם, הערט איהר, אָפּשפּיעלען אַ פּריהמאָרגען, ער זאָל מיך געדענקען דריי טעג כּסדר! איהר מיינט, איך בין, חלילה, אַזא ארורה, איין אָנחאַפּערין? גלויבט מיר, איך ווייס גאַנץ גוט, וואָס הייסט אַ בן־תּורה, אַ איד וואָס זיצט און לערענט, חאָטש ער טהוט נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער. איהר מיינט, ער פוילט זיך? ער וואָלט נעבאַך געטהאָן אַלסדינג, ס׳זאָל נאָר זיין וואָס... זיצט ער און לערענט. לאָז ער לערנען. וואָס דאַרף איך זיין האָרעוואַניע, אַז איך קאָן אַליין באַשטעהן דאָס שטעדטעל מיינס, אַז איך קאָן אַליין אויסקומען ווי ס׳נישט איז מיט דער הוצאה אין שטוב, חלילה נישט אָנקומען צו יענעם. אַליין, אומעטום אַליין. אין מאַרק, און אין שטוב, און אָוועקגעשטעלט זיך ביי׳ם אויווען, צוגעשטעלט דאָס טעפּעל קאַרטאָפּלים, און די קינדער אָנגעטהאָן און אָפּגעשיקט אין חדר — דאָס איז ביי מיר דער עיקר! ברויט, זעהט איהר, מאַכט זיך, פעהלט אַמאָל, חלה אויף שבת טרעפט, אַז ס׳איז נישטאָ, נאָר פאַר די קינדער שכר־למוד — פּיער זכרים האָב איך, זאָלען געזונט זיין, אַ חוץ מיידלעך — דאָס מוז זיין, עס מעגען פאַלען שטיינער פונ׳ם הימעל! איך בין נישט גלייך צו די היינ־

טיגע, וואָס די קינדער זייערע שטופּען זיי אין די קלאַסען, ווי, למשל, אונזער חזנ׳ס יונג בערעל, אַ פּאָלנע גוי מיט קאָלבאַס. חאַפּט איהם דער רוח, איך בין נישט גאָט׳ס סטראַפּטשע, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט׳ן אַנדערען. האָט קיין פּאַראיבעל נישט, ס׳איז ביי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

פאַרוואָרפען די גענז, באַדאַרף מען נאָר זעהען, די גענז זאָלען האָבען האָדיוולע, דאָס עסען צו דער צייט און דאָס טרינקען צו דער צייט. און ווייטער גאָרנישט. וואָרום גענז איז נישט קיין קאַטשקעס און נישט קיין עופות. קאַטשקעס האָבען מורא פאַר פּאָקען, און עופות — פאַר אַ טחויר, און גענז באַדאַרפען נאָר עסען. און עסען — עסען גענז אַלסדינג: גענז עסען האָבער, גענז עסען פּראָסע, גענז עסען קאַשע, גענז עסען, איך בעט איבער אייער כבוד, נאָך ערגערס... אַ גאַנז קלויבט נישט איבער. אַ גאַנז שלינגט אַלסדינג. אַ גאַנז איז תמיד הונגעריג, ווי ביי אייך אָרעמאַן קינדער, להבדיל. ביי איין אָרעמאַן קינדער עסען, קיין עין־הרע, געשמאַק אַלסדינג, וואָס מע גיט זיי, און זענען קיינמאָל נישט זאַט. איך ווייס עס פון זיך זעלבער. לאָזען זיי זיין געזונט, די קינדער מיינע, אַז זיי קומען פונ׳ם חדר, קיין עין־הרע נישט, קיין בייז אויג זאָל זיי נישט שאַדטען — איידער מע קוקט זיך אַרום, שטאַרבט אַ ברויט, און פון אַ טאָפּ קאַרטאָפלים בלייבט נישט איבער, איהר זאָלט זאָגען, אויף אַ רפואה! און קומט שבת, מוז מען זיי אויסטיילען חלה, ווי לעקאַך, און דאָס איבעריגע פאַרשליסען, וואָרום עס וועט נישט בלייבען אויף מאָרגען קיין זכר אפילו! קינדער, הערט איהר, איז אַ וואוילע זאַך און אַ ליעבע זאַך. עס וואָלט מיר נישט נמאס גע־וואָרען און נישט שווער געווען קיין צעהן קינדער, פופצעהן קינדער, פינף און זיעבעציג קינדער אויסצוהאַלטען. איין חסרון נאָר — אָט דער פּיסק! נגידים באַדאַרפען זיך פיהלען איך ווייס אַליין נישט ווי גליקליך, אַז זיי ווייסען וואויל, אַז זייערע קינדער לעגען

זיך שלאָפען זאָט און עס חלום'ט זיך זיי נישט קיין בעטלערס, זיי האָפּען זיך נישט אויף ביינאַכט מיט אַ געוויין: „מאַמע, ע־ע־ע־סען!"... הערט איהר, דאָס האַרץ טהוט וועה, ווערט אָקערשט ניט צעשפּרונגען, און מע מוז נאָך, מאָהלט אייך, אָנ־שרייען אויף זיי: „שלאָפען, ממזרים! וואָס פאַר עסען אין מיטען ביינאַכט? שלאָפען, שלאָפען!"... פון דעסטוועגען, זאָלט איהר זעהן די נגידים, ווי סע האַפּט זיי אַוועק דער רוח, טאָמער ווערט בײ זיי געבוירען, חלילה, איין איבעריג קינד! אַי־אַי־אַי! אָט איז בײ אונז נישט לאַנג אַוועקגעגאַנגען איינע אַ נגידית'טע, אַ ווייבעל בלוט־און־מילך, און אַ גוטע זעל, אַ צדיקית, ביילצע האָט מען זי גערופען, אַ שענע, אַ געזונטע, אַ שטאַרקע. מיינט איהר, איבער וואָס? ס'איז נישט כּדאי צו דערצעהלען, זי איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט, לאָז זי האָבען אַ ליכטיגען גן־עדן. איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס אויף קיינעם, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר אַיך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס'איז בײ מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

אוי, אַ פּרנסה געגנז!... דאָס הייסט, געגנז איז אַ פּרנסה אפילו נישט קיין שלעכטע, און אַז גאָט גיט־אַריין אין די געגנז די ברכה, קאָן מען אָן די געגנז פאַרדיענען אַ שען קערבעל. נאָר וואָס דען? דאָס טרעפט זיך איין מאָל אין צעהן יאָהר. גיכער קאָן זיך מאַכען, מע זאָל בײ די געגנז נישט פאַרדיענען גאָרנישט — מע זאָל נאָך דערלעגען! הײנט די האָרעוואַניע, וואָס אַרום די געגנז, איז אַזאַ גרויסע האָרעוואַניע, אַז ס'איז, כּלעבען, נישט כּדאי דער גאַנצער טאַראַראַם. אַי, איז דאָך די קשיא: וויבאַלד אַז בײ די געגנז איז קיין פאַרדיענסט נישטאָ, הײנט צו וואָס באַדאַרף מען האַנדלען מיט געגנז? איז דער תּירוץ: וואָס דען וועט מען טהון, אַז איך האַנדעל שוין אַזוי פיעל יאָהרען מיט געגנז?!... באַרעכענט נאָר: אויסבינדען עטליכע און דרייסיג פאָר געגנז; אַוועקטראָגען צום שוחט עטליכע און דרייסיג פאָר געגנז; ברענגען עטליכע און

דרייסיג פאָר גענז; אָפּפּליקען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז; מאַכען, זאַלצען, אויסווייקען, אָפּגיסען עטליכע און דרייסיג פאָר גענז, די הויטען באַזונדער, די פלאָסטערען באַזונדער, די דרויבלעך באַזונדער, די אָפּדירקעס באַזונדער, פון אַלסדינג מאַכען געלט, נישט לאָזען געהן לאַבּוד קיין פּיצעל נישט — און אַלסדינג אַליין! קודם־כל, אויספּרעגלען די הויטען מיט די פלאָסטערען, מאַכען פון זיי שמאַלץ. איך מאַך תּמיד אַלע יאָהר פּסח'יגע שמאַלץ, וואָרום מיין פּסח'יגע שמאַלץ האָט אַ שם אין שטאָדט פאַר דער בעסטער, כשר'סטער שמאַלץ. איך, אַז איך פּרעגעל פּסח'יגע שמאַלץ, ווערט ביי מיר אין מיטען חנוכה פּסח'יג אין שטוב. דעם אויוועז כשר איך אויס. דעם מאַן שיק איך אָפּ אין בית־המדרש אריין — לאָז ער לערנען. די קינדער טרייב איך אַרויס — לאָזען זיי געהן ערגיץ שפּיעלען אין דריידעל. און אַליין נעם איך זיך צו דער אַרבּייט — פּרעגלען שמאַלץ. און שמאַלץ האָט פיינט איין איבּעריג אויג, ובפרט פּסח'יגע שמאַלץ. איך האָבּ אַמאָל געהאַט אַ פּסק, אַז איך בּין, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום אידען געדאַכט, געזעסען בּיי יענטען אין שכנות. עס זענען געזעסען דאָרטען נאָך שכנים. האָט זיך איינער אַ שכנה, גנעסי האָט זי געהייסען, פאַרגלוסט באַקען לאַטקעס פון רעטשענע מעהל, און דוקא דעם טאָג, וואָס איך קוילע גענז. בּעט איך זי: „גנעסיניו, האַרצעניו, ליובעניו! האַלט־איין דעם יצר־הרע אויף אַ טאָג. איהר וועט מאָרגען, אם ירצה השם, באַקען לאַטקעס!" זאָגט זי: „בּיי מיר האָט איהר גע'פּועל'ט; נאָר די קינדער, זאָגט זי, וועלען געוואָהר ווערען. איך האָבּ, זאָגט זי, קינדער, טרפה'נע העלזער, וואָס האַלטען שטאַרק פון דער אכילה. זיי וועלען דערהערען, זאָגט זי, אַז ס'איז אוים לאַטקעס, וועלען זיי מיך, זאָגט זי, אויפעסען לעבּעדיגערהייט!"... כך הוה. די קינדער האָבּען דערהערט, ליגענדיג אויפ'ן אויוועז, אַז מע רעדט פון אָפּלעגען די לאַטקעס באַקען אויף מאָרגען, האָט זיך איינער פון זיי, אַ זעליגעל, אַ יונגעלע מיט קאַסאָקע אויגלעך, צעשריגען אויף

א קול: „מאַמע! טאַמער באַקסט דו נישט קיין לאַטקעס, פֿאַל איך אָטאָ אַראָפּ פֿונ'ם אויווען"... מיר טהוען אַ קוק — אַ וועהטיג איז מיר! — זעליגעל הענגט מיט'ן קעפּעל אַראָפּ, אָטאָ, נאָך אַ מינוט, פֿאַלט דאָס אַראָפּ און סע ווערט צעשאָטען אויף שטיקלעך! דערזעהען אַזא חתונה, האָב איך אָנגעהויבען צו שרייען: „גנעסיניו, נשמה'ניו, הארצעניו, ליובעניו! באַקט לאַטקעס, באַקט!"... מע זאָגט, הערט איהר, אַז איין אָרעמאַן האָט אַ קישקע אָהן אַ דנאָ, — איז דאָס תּורת משה! איהר זאָלט אָנקוקען ביי דער גנעסין קינ־דערלעך — גאָט זאָל מיך נישט שטראָפֿען! איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פֿון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פֿאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אַזא טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

שמאַלץ פֿון די גענז... פֿון גענז קאָן מען אויף שמאַלץ אליין נישט אַרויסקוקען. די שמאַלץ, אַז עס געראָט שוין גוט אָפּ, קעהרט אום צוריק נאָר דאָס, וואָס די גענז קאָסטען. דאָס פֿאַרדיענסט דאַרף מען זוכען פֿון די שאַר־ירקות. ראשית חכמה, אַבדירקעס. אַז עס מאַכט זיך, די אַבדירקעס געבען זיך אוים שען, און פֿלייש איז אין שטאָדט טייער — פֿאַרצוקערט מען זיי! ווי זשע איז אָבער דער דין, אַז קצבים ביי אונז שמייסען זיך, און פֿלייש איז בזיל־הזול, און די שטאָדט האָט, דעם נגיד אויף צו־להכעים, אַראָפּ־געבראַכט נאָך אַ שוחט, און יענער שוחט, דער אַלטער הייסט עס, האָט איינגעגעבען אויף דעם שוחט, אויף דעם נייעם שוחט הייסט עס, אַכצעהן מסירות, און חוץ לזה האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג אויף איהם, אויף דעם נייעם שוחט הייסט עס, אַז ער, דער נייער שוחט הייסט עס, איז אַ חברה־מאַן פֿון די היינטיגע חברה־לייט, פֿון די צעניסטען, וואָס האָבען צו טהון מיט די חדרים און קלויבען „שקלים־געלט", און דער גביר אונזערער האַלט דאָך נישט פֿון די דאָזיגע צעניסטען, ער קאָן זיי נישט אָנקוקען, זיי זענען, זאָגט ער, גרויסע הולטאַיעס, און וויבאַלד אַזוי, איז דאָך די שחיטה זיינע

קיין שחיטה נישט, און נישט איטליכער איז אַ בעלן אויף פּאַרטיגע אָפּדירקעס. טענה איך מיט מיינע קונה'טעס: „בּיי מיר מעגט איהר, נישקשה, קויפען אָפּדירקעס, מיין שוחט איז דער אַלטער שוחט". זאָגען זיי: „יאָ, איהר זענט אודאי זעהר גערעכט, נאָר וואָס דען? אויפ'ן בּיילעק שטעהט בּיי זיי נישט אויפגעשריבען, פון וועמענ'ס שחיטה זיי זענען — פונ'ם אַלטען שוחט, צי פונ'ם נייעם שוחט"... זאָג איך: „וואָס הייסט, סע שטעהט נישט אויפ־געשריבען? אַז איך זאָג אייך: פונ'ם אַלטען שוחט, איז פונ'ם אַלטען שוחט; סיידען, זאָג איך, איך בּין שוין בּיי אייך נישט באַגלויבּט, איז שוין, זאָג איך, עק וועלט!"... זאָגען זיי: „אַ מאָדנע אידינע איהר זענט! איהר זענט בּיי אונז אויף אַלסדינג באַ־גלויבּט; נאָר אַז מיר קאָנען אויספיהרען אַליין שיקען צום שוחט קוילען גענז, וואָס זשע דאַרפען מיר אָפּדירקעס, וואָס מיר קאָנען נישט וויסען, וועמענ'ס שחיטה דאָס איז?"... „טפו! ווידער אַ מאָל, זאָג איך, דאָס אייגענע? אַז איך שווער אייך בּיי מיין מאַן און קינדער! איהר ווייסט, זאָג איך, ס'איז בּי מיר אַ גוטע שבועה!"... זאָגען זיי: „צו וואָס דאַרפט איהר זיך שווערען, אַז מיר גלויבּען אייך סאַי ווי סאַי?"... זאָג איך: „נו, נעמט זשע צו בּיי מיר אַ פּאָר אָפּדירקעס, לאָם איך מאַכען גרינגער דעם קאָשעק!" זאָגען זיי: „מיר קאָנען נישט נעמען בּיי אייך קיין אָפּדירקעס, איבּער דער שחיטה"... נו? געה טעסע פּלעקער! אַריינגעהן אין יענעמ'ס לאַגע — דאָס איז נישטאָ! רחמנות האָבּען: אַ אידינע מאָרדעוועט זיך אָן מיט גענז, מע מיינט — טאָמער, איך וויים, מע וועט עפּים פאַרדיענען; עס האָט זיך געשטעלט אַזאַ ווינטער, האָלץ איז נישטאָ, שטרוי איז טייער, אַ רענדעל אַ וואָגען שטרוי, און די קינדער נעבּאַך לויפען באָרוועס אין חדר אַריין, קומען צו געהן אַהיים ברוין און בּלוי, חאַפּען זיך אַרויף אויפ'ן אויווען, נאָרען זיך איין, ווי די קראַליקלעך, און קוקען־אַרוים אויף הייסע קאַרטאָפּלים, און קאַרטאָפּלים איז מיט גאָלד גלייך, אַ סך איז נישט געראָטען און אַ סך איז פאַרבּליבּען אין דער ערד... אַ שטאָדט! עמיצער

זאָל זיך דאָס אָרומקוקען, אָרעמעלייט געהען־אוים פון קעלט, אָרעמעלייט שטאַרבען, שוואָלען פון הונגער, קינדער פאַלען ווי שטרוי, ווי פליעגען. נאָך מיט חסד, ווי זאָגט איהר, וואָס נאָר אָרעמעלייט שטאַרבען... גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אַנדערען. האָט קיין פאַראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אַזאַ טבע, ווי זאָגט איהר: אַ אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

די אָבדירקעס פון די געגנז... מע זאָל וועלען, הערט איהר, אַרויסקוקען אויף די אָבדירקעס אליין, וואָלט מען שען אויסגעזעהן מיט די געגנז! אַ חוץ אָבדירקעס, איז פאַרהאַן ביי געגנז די דרויב־לעך: גריווען, לעבערלעך, פּופּיקלעך, קעפּלעך און פיסלעך, גערגעלעך, פליעגעלעך, צינגעלעך, הערצלעך און נירלעך. היינט העלזלעך! פאַרהאַן ביי מיר איינע אַ בעל־הבית'טע, פעטשעריציכע הייסט זי, נעמט זי צו ביי מיר אַלע העלזלעך, וויפיעל איך האָב; עס מעג זיין אַ האַלבע מאה העלזלעך, לאָזט זי מיך נישט אַרויס. דער מאַן איהרער, זאָגט זי, פעטשעריצי הייסט עס, איז אַ ליעב־האָבער פון ברוסט און פון העלזלעך. ברוסט האָט ער ליעב, זאָגט זי, קאַלטערהייט, מיט פעפער באַפּעפערט, און העלזלעך — געפילטע מיט מעהל, אָדער מיט קאַשע, אָדער מיט פאַרפעלעך, אָדער מיט לעבער און מיט גריווען, געבראָטען באַזונדער, אָדער געקאָכט אין מעהרען. וואָס זשע מיינט איהר? ווי די מתים עסען, אַזאַ פּנים האָבען זיי. ער זעהט, קיין עין־הרע, אוים קעגען מיין מאַן, ווי אַ איד פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, האָטש ער איז עלטער פון מיין מאַן מיט גוטע צעהן יאָהר. און האָטש מיין מאַן טהוט אויך קיין שום אַרבייט נישט, זיצט ער האָטש און לערענט, און אַז ער קומט אַהיים, וועט ער נישט זאָגען, ווי אַנדערע מאַנען: „הער נאָר, דו, געב עפּיס עסען!" ער, אַז ער קומט אַהיים פון בית־המדרש, איז דאָס ערשטע — נעמט ער זיך צו אַ ספר, קוקט אין ספר אַריין און זיפצט, זיפצט שטילערהייט — אַ סימן, אַז ער וויל

עסען. נאָר זאָגען: „געב עסען" — דאָס איז נישטאָ. וואָס דען? א קרעכץ און א נעם מיט דער האנט ביי'ם הארצען און א זאָג: „אָך־אָך־אָך!" — א סימן, אז ער איז גוט הונגעריג. „ווערסט עפּיס אפשר נעמען אין מויל אריין?" — פרעגט מען איהם. מאכט ער צו מיר: „מהיכא־תיתי"... וויפיעל מאָל איך זאָג איהם: „איך פארשטעה נישט — האָסט דאָך א מויל, קאָנסט דו דאָך זאָגען, אז דו ביזט הונגעריג; וואָס דארפסט דו זיצען און קרעכצען?"... ענטפערט די וואנט?... איך וואָלט וועלען אומיסטען זעהן, וואָס וואָלט געווען, איך זאָל איהם דריי טאָג כסדר נישט געבען קיין עסען? איהר מיינט, ער איז חלילה אזא איין אָפּגעריסענער נאר? ווי קאָן א איד א למדן א מופלג זיין א נאר? ער זאָל, צו זיין קאָנען, הערט איהר, וואָס ער קאָן לערנען, נאָך זיין א ביסעלע מעהר קריכער, וואָלט ער דען נישט געקאָנט זיין ביי אונז א רב? אי, וואָס וועלען מיר טהון מיט'ן אלטען רב? למאי, וואָס וועלען מיר טהון מיט'ן אלטען חזן? מע האָט נויטיג באַדארפט צונעמען א נייעם חזן אין שוהל, כדי דער אלטער זאָל שטארבען פון הונגער, טאָמער איז ער געווען פריהער, הייסט עס, א קליינער אביון? באשר, דעם גביר האָט זיך פארגלוסט זינגען! ווילסט זינגען? געה אין טרעיאטער, להבדיל, וועט מען דיר דאָרטען זינגען צעזעצטערהייט!... איך זאָל זיין, הערט איהר, א מאנסביל, וואָלט איך זיך מיט די גבירים גערעכענט. אוי, וואָלט איך מיך מיט זיי גערעכענט! איהר מיינט, איך האָב עפּיס צו זיי? איך האָב צו זיי גאָרנישט, נאָר איך האָב זיי פיינט. איך האָב פיינט א נגיד! א נגיד און א שפּין, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען! איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר איך מיש אייך איינס מיט'ן אנדערען. האָט קיין פאראיבעל נישט, ס'איז ביי מיר אזא טבע, ווי זאָגט איהר: א אידינע האָט אין זיך נייען מאָס רעד...

מע האָט פון די געגז... מיינט נישט, אז מע פארקויפט שוין אוים די גאנצע שמאלץ מיט אלע אָבדירקעס מיט אלע דרויבלעך

פון די גענז, ווערט מען שוין גליקליך. גענז זאָלען נישט האָבען קיין פוך און קיין פעדערען אויף זיך, וואָלט נישט כדאי געווען דער גאַנצער עסק. פריהער, אז איך האַלט נאָך ביי פּאַרוואַרפען די גענז, סקובּע איך זיי שוין אונטער, די גענז, אונטער די פּאַכוועלעך, און קלויבּ־צונויף דאָס ביסעל פּוך. נאָכדעם, נאָכ'ן קוילען, שמועסט מען נישט — דאָס ביסעל פּוך באַזונדער, און די פעדערען באַזונדער, און איך גרייט מיר צו אַרבּייט אויף אַ גאַנצען ווינטער. די נעכט זענען דאָך געווג גרויס, מע קאָן זיך גענוג אָנפליקען. פליק איך. אַצינד האָבּ איך אַ שטיקעל הילף: מיידלעך. מיידלעך זענען נישט קיין יונגלעך. יונגלעך געהען אין חדר אַריין, און מיידלעך וואָס? מיידלעך זענען גענז, זיצען און האָדעווען זיך און וואַכסען. זעץ איך זיי אַנידער נעבּען זיך איבּער אַ זיפּ: „העלפט, קינדערלעך, פליקען פעדערען; איך וועל אייך דערפאַר, אם ירצה השם, מאָרגען שענקען אַ גריוו, באַשמירען אַ שטיקעל בּרויט מיט שמאַלץ, אָדער גאָר צושטעלען אַ זופּ פון קישקעלעך!" אהא, זאָלט איהר זעהן, ווי סע ווערט אַ גדולה און מע נעמט זיך צו דער אַרבּייט — אַ קליינינקייט, אַ זופּ פון קישקעלעך! וואָס, משטיינס געזאָגט? אז קיין פליש קוקט מען נישט אָן אַ גאַנצע וואָך, חוץ שבּת. איך זאָל נישט האַנדלען מיט קיין גענז, ווייס איך נישט, וואָס איך וואָלט געטהאָן אַ גאַנצע וואָך מיט די קינדער! אַזוי וואַרפט זיך פּאָרט דורך אַ פלאָסטערעל, אַ גערגעלע, אַ קעפּעל, אַ פיסעל, אַ קישקעלע, אַ בּיסעל שמאַלץ — דער ריח אַליין איז שוין גענוג! אז איך בּין געזעסען, נישט היינט געדאַכט, נישט פאַר אייך גע־דאַכט, נישט פאַר קיין שום אידען געדאַכט, אין שכנות, בּיי יענטען הייסט עס, האָבּ איך אַליין געהערט פון גנעסי'ס מויל: „אז עס קומט, זאָגט זי, די צייט פון חנוכּה און איהר הויבּט זיך אָן, זאָגט זי, פּאָרען מיט די גענז, בּיי דער פּסח'יגער שמאַלץ, — קומט, זאָגט זי, אויף מיין חאַליאַסטרע אַ נייע הויט; פונ'ם ריח אַליין, זאָגט זי, פאַרדרעהט זיך זיי שוין דאָס קעפּעל, און סע מאָהלט זיך זיי אויס, אַז זיי עסען גענזענם"... איהר מיינט, ס'איז מיר געווען אָנגענעהם

אָנצוקוקען גנעסי'ס חאַליאַסטרע, קיין עין־הרע, ווי זיי קוקען־אַראָפּ פונ'ם אויפ'ן־אויווען, זעהען פאר זיך אזא טאָפּ שמאַלץ מיט אזוי פיעל גריוועז — און נישט אויסציהען קיין הענטעל אפילו, נאָר ליגען און קוקען נעבאך, ווי הונגעריגע וועלף, און באַלעקען זיך, און די אויגלעך בשעת מעשה גלאַנצען — א גאָט'ס רחמנות צו זעהען דעם צער! שטופּט מען זיי אריין דאָרטען א גריוו אין הענטעל, מע טהוט זיי א שמיר א ביסעל שמאַלץ איבער די ליפּען. וואָס נאָך, איך בעט אייך? ווי קאָן איך אָנהאָדעווען אזוי פיעל מיילער, אז איך בין אליין אָפּגעשאָטען, קיין עין־הרע, מיט קינדער, און דער מאַן פאַרדיענט נישט קיין צוויי צעבראָכענע גראָשען, און שולדיג איז מען אויף די גענז — איך זאָל עס פאַרמאָגען א דריט־חלק מיט אייך אינאיינעם, און פּריצענט וואַכסט ווי מיט רוחות, און צאָהלען מוז מען, איך וועל נישט געהן פאַרבאָרען זיך, בלייבען איין אָנ־זעצעריין, חלילה, אזוי ווי יענטע, אשטייגער, וואָס האָט נישט אָפּ־געצאָהלט דעם שוואָגער פאר דער אַנדערער האַלבע דירה, צוליעב'ן זוהנדעל, וואָס שטודיערט, זאָגט מען, אין די קלאַסען און שרייבט אום שבת... אזוי זאָגט די וועלט. איך בין דערביי נישט גע־שטאַנען. איך האָב פיינט זאָגען דאָס, וואָס איך ווייס נישט, און פון באַרעדען יענעם אַנטלויף איך. איך פרעג נאָר איין זאַך: צו וואָס באַדאַרף עס יענטע'ס זוהנדעל זיין א געשטודיערטער? אז בסך־הכל איז ער גאָר א קראַנקער, משטיינס געזאָגט, א טשע־כאָטניק; זיי זענען אַלע, נישט דאָ געדאַכט, נישט פאר אייך געדאַכט, נישט פאר קיין שום אידישער שטוב געדאַכט, טשעכאָט־ניקעס. לאָז ער איהר לעבען הונדערט צוואַנציג יאָהר, איך בין איהר א גוטער פריינט, וואָס האָב איך צו איהר? חאָטש, אז מע וויל צוריק, האָט זי קענען מיר נישט אזוי יוצא געווען! מע נעמט נישט און מע רוּיכערט נישט אַרוים קיין שכנים אין מיטען פאַר־פסח! וואָס איז? באשר מנשה דער וואַסערפיהרער קאָן צאָהלען א קערבעל א וואָך, און איך נישט! לאָז זי זיך באַריהמען דעמאָלט, אז ער וועט איהר באַצאָהלען! ס'איז גאָר א סברה, אז אָט דער

מנשה איז א בעל־חוב, די האָר זענען נישט זיינע. פּאַרנומען ביי אַלע בעלי־בתּים פּאַר וואַסער אויף א גאַנצען ווינטער, און א קבצן איז ער אויך א גוטער, און א ווייב האָט ער, פּעסי רופט מען זי, אויך א גוטע שטוקע! גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען, איך רעד נישט, חלילה, קיין שלעכטס, און פון לשון־הרע בין איך ווייט... נאָר שאַט... מיר דאַכט זיך, איך האָב אייך געוואָלט עפּיס דערצעהלען א שענס? פּרעגט מיך בחרם, איך האָב שוין אַליין אויך פאַר־געסען וואָס!... אָט די ווייבער, הערט איהר, איז אייך קיין קאַטאָ־וועס נישט! דאָס איז עפּיס א מין פאָלק!... אָט האָב איך אייך דאָ אויסגעמישט פון כּל מאמינים שהוא, קאַשע מיט באָרשט און מיט לעבערלעך און מיט נעכטיגע טעג — טאָמער ווייסט איהר וואָס? א אידינע, הערט איהר, האָט טאַקי אין זיך נייען מאָס רעד!... איך וועל אייך שוין מוזען אָפּלעגען די מעשה נאָך אויף א מאָל.

# א ווייסע כפּרה

א מאנאלאג פון א „מאדאם“.

געשריבען אין יאָהר 1904.

# אַ ווייסע כּפּרה

— איך ווייס ניט, ווי אַזוי איהר; ביי מיר, עס מעגען פאַלען שטיינער פונ'ם הימעל, אַ ווייסע כּפּרה אויף ערב יום־כּפּור — דאָס מוז זיין! איך וועל אייך זאָגען דעם ריינעם אמת: איך פאַרשטעה גאָרניט, ווי אַזוי וואָלט איך געקאָנט שלאָגען כּפּרות ניט מיט קיין ווייסער כּפּרה? עס מאַהלט זיך מיר אויס, איך וואָלט אַ גאַנץ יאָהר מורא געהאַט פאַר שטאַרבען. איך בין שוין אַזוי געוואוינט געוואָרען פון קינדוויייז אָן. ס'איז אַלסדינג אַ געוואוינהייט. מיין מאַמע, מוזט איהר וויסען, איז אויך נישט קיין גרויסע צדיקית, נאָר פון די דאָזיגע זאַכען האַלט זי גראָד. צום ביישפּיעל: אויף פּסח — פּסח'יגען באָרשט, אויף שבועות — ליובּיסטיק, אַ כּפּרה — אַ ווייסע, חנוכּה — לאַטקעס, פּורים — שלח־מנות, וכדומה אַזעלכע מצוות היט זי אָפּ, ווי איין אמת'ע רבּיצין. „הזכּרת־נשמות" איז ביי איהר דאָס שוואַרצאַפּעל פונ'ם אויג, און חלילה ניט הערען שופר בּלאָזען איז פאַר איהר אַ סך אַ גרעסערער אומגליק, ווי ביי מיר, למשל, נישט הערען, להבדיל, שאַליאַפּינען... פון דעסטוועגען, איהר זאָלט זי קענען, וואָלט איהר זיכער מיינען, אַז דאָס איז אַ גרויסאַרטיגע געבּילדעטע דאַמע. געטע און שילער לאָזט זי עד היום ניט אַרויס פון מויל, און מיט טשאַקען שלאָפט זי נאָך ביז היינטיגען טאָג. און קומט ראש־חודש אלול, זאָלט איהר זעהן, דעקט זי זיך איבּער דעם קאָפּ מיט אַ ווייס טיכעל און האָט צו טהון מיט די „יענטעס";

איך האָב מורא, אויב זי שמועסט ניט מיט זיי מכּח קנייטלעך לעגען... און נאָכדעם, אַוועק די וויינענדיגע טעג — אַראָפּגעוואָרפען דאָס טיכעל פונ׳ם קאָפּ, און ווידער געטע, ווידער שילער, ווידער טשאָקע. אָט אַזאַ מין אידינע איז די מאַמע מיינע, און אָט אויף דעם אייגענעם אידישען שניט האָט זי געפיהרט אונז אויך, די טעכטער איהרע. פינף זענען מיר געוועזען, און אַלע האָבען מיר חתונה געהאַט „פּאָ־ליובווי”, דאָס הייסט: שענע מיידלעך זענען מיר געווען, און געבילדעט אַוודאי, און נדן האָבען מיר געהאַט אויף זיך צו פופצעהנטויזענט אין באַנק אויף אַ טאָכטער, — היינט פאַר וואָס זשע זאָל מען אונז פיינט האָבען? מיר האָבען גע׳שמ׳ט, דאַרפט איהר וויסען, אויף דער וועלט ניט אַזוי מיט אונזער שענקייט און מיט אונזער בילדונג, ווי מיט אונזער גוט־אויפגעצויגען־ווערען. דערציהונג, הערט איהר, איז אַ גרויסע זאַך! למשל, אַזוי, אין אַנדערע פאַכען, זענען מיר דערצויגען געוואָרען ביי אונזער מוטער דוקא פראַנק און פריי: געקאָנט רעדען מ י ט ו ו ע מ ע ן מיר האָבען געוואָלט, געקאָנט געהן ו ו א ו ה י ן מיר האָבען געוואָלט, און געקאָנט טהון ו ו אָ ס מיר האָבען געוואָלט; נאָר דאָרט, וואו עס האָט זיך אָנגעקעהרט מיט לשון אידישקייט, איז געווען חיות ניט זיכער! צום ביישפּיעל, נעמט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ, איך זאָל אייך אויסטהון דעם לינקען שוך פריהער פאַר׳ן רעכטען. וואָלאָדי לאַכט פון מיר און מאַכט חוזק; נאָר איך זאָל וועלען קוקען אויף וואָלאָדין, וואָס וואָלאָדי לאַכט, וואָלט ביי מיר פּסח געוועזן גאָלע פאַסקע מיט געפאַרבטע אייער, אָהן אַ ברעקעל מצה. מיין וואָלאָדי איז אין אידישקייט אַ ביסעל... נו־נו... דאָס הייסט: אַזוי, פאַרקעהרט; אַ אידען האָט ער, אַדרבה, מיט׳ן גרעסטען כּבוד. דערהערט ער ערגיץ אויף אידען אַ צרה, אַ פּאָגראָם, געהט ער אַרום אָהן אַ קאָפּ: סטייטש אַ איד, אידיש בלוט!... פיינט האָט ער נאָר די אידישע תנועות מיט די אידישע גענג. אַ איד, זאָגט ער, איז איין עזות־פּנים, אַ איד איז אַ „נאַחאַל”... לאָז

אָבער אַ פרעמדער פּרובען זאָגען אויף אידען אַ שלעכט וואָרט, וועט ער איהם די אויגען אַרויסרייסען. אַ מאָדנע בריאה אָט דער וואלאָדי! איך האָב וויפיעל מאָל איהם געהערט באַריהמען זיך פאַר די פּריצים, וואָס קומען זיך אַמאָל צונויף ביי אונז שפּיעלען אין פּרעפעראַנס, אַז מיר האָבען אונזער אייגענעם אידישען דיפּלאָמאַט הערצל, וואָס איז אַ גאַנצער בן־בית ביי'ם טערקישען סולטאַן; און אַז די ציוניסטען זענען געקומען אָנר־מעלטען צו איהם נאָך געלט, האָט ער מיט זיי געהאַט אַ לאַנגען ויכוח, זיי באַוויזען, אַז זיי טראָגען זיך אַרום מיט חלומות, זיך איינגערעדט אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז... נו, און געלט? איהר מיינט, ער האָט זיי נישט געגעבען? געגעבען! אָט אַזאַ מין נפש איז מיין וואלאָדי. וויפיעל האָב איך צו טהון מיט איהם פאַר די קינדער! מיינע קינדער זענען, קיין עין־הרע, געראָטענע קינדער, שענע, געזונטע, פרישע, לויטערע. וואָס נאָך דאַרף מען? וויל ער, וואלאָדי הייסט דאָס, זיי זאָלען אַלסדינג קענען. קענען? מהכתיתי, איך וויל אויך, זיי זאָלען אַלסדינג קענען. ווער וויל דאָס ניט, אַז קינדער זאָלען קענען? דאָס געזונט זייערס איז אָבער ביי מיר טייערער. איך בין אַ מוטער ניט אַזאַ הייסע, נאָר דאָך אַ מוטער, ווייס איך, וואָס הייסט געזונט. מיין סאַשקע מיט מיין סאָנקע, איידער זיי זענען אויסגעוואַכסען — ע־הע־הע! קומט ער צו געהן און מוטשעט זיי — ער וויל, זיי זאָלען אַלסדינג קענען, אַלסדינג וויסען, אפילו אידיש, זאָגט ער, דאַרפען זיי אויך קענען. קאַרג, וואָס זיי האָבען אויף זיך די גימנאַזיע, מיט מוזיקע, מיט טאַנצען, מיט שלעק, באַדאַרפען זיי נאָך האָבען אויף זיך נאָך איין אומגליק: אידיש לערנען! מע זאָל חאָטש לערנען אידיש, ווי מע לערענט, למשל, דייטש, אָדער פראַנצויז, אָדער איינגעלש. צי דער אידישער לעהרער זאָל חאָטש זיין אַ לעהרער, ווי אַלע לעהרערס. איז ער אָבער, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפען פאַר די רעד, איך ווייס אַליין ניט וואָס. וואלאָדי אַליין קאָן ניט ליידען דעם ריח פונ'ם אידישען לעהרער. אַלע מאָל נאָך

זיין אװעקגעהן עפּענט ער אויף דאָס פענסטער. „צו װאָס טויג ער דיר?" — טענה איך מיט איהם. „ס'איז היינט, זאָגט ער, אַ מאָדע אידיש, דאַרפען זיי לערנען אידיש". איהר פאַרשטעהט? ס'איז אַ מאָדע! אַלסדינג איז אַ מאָדע. קאָרטען איז אויך אַ מאָדע. מיין װאָלאָדי האָט אַמאָל געװאוסט אַ פּרעפעראַנס, אַ דערדע, אַ זעכס־און־זעכציג; היינט קאָן ער זיך שוין אװעקזעצען אויף אַ גאַנצע נאַכט און שפּיעלען ביז דעם אַנדערען אויפדער־נאַכט. ער קאָן זיך שוין כמעט אָהן קיין קאָרטען נישט באַגעהן. נאָר כּל זמן ער האָט געשפּיעלט אין דער היים — האָט מיך ניט געאַהרט. איך אַליין האַלט אויך פון אַ פּרעפעראַנס, און איין אָקעלע האָב איך אַליין אויך ניט פיינט. ביי מיין מאַמען פּלעגען מיר אַלע שפּיעלען גאַנץ אָפט אין אָקע. אַהרען אַהרט מיך נאָר, למאי ער שפּיעלט אין קלוב. אוי, דער קלוב! דער קלוב! פאַר־ברענט זאָלען װערען אַלע קלובען איף דער װעלט! ערשטענס, איין עבירה טאַקי דאָס געלט. שפּיעלען שפּיעלט ער אויף צו געװינען, נאָר ער פאַרשפּיעלט, ער פאַרשפּיעלט אַ סך געלט! איך װייס, װען ער פאַרשפּיעלט און װען ער געװינט. קומט ער נערװעז, דאָס הייסט, ריין משוגע, לאָזט־אויס צו מיר זיין ביטער האַרץ, זוכט חסרונות אויף יעז'ען טריט — איז אַ סימן, אַז ער האָט פאַרשפּיעלט. היינט די צייט, װאָס געהט אַװעק! די נעכט! די נעכט! די ערשטע צייט, איידער איך בין געװאָהר געװאָרען, װאו ער װערט פאַרשװאונדען אַלע נאַכט, בין איך געװען אויס מענטש, שיער ניט משוגע געװאָרען. אַלע מאָל האָט ער מיר צוגעטראַכט אַ נייעם תּירוץ. דאָס — אַ בוררות דריי נעכט כסדר, אַ זאַסעדאַניע, אָדער גלאַט אַ גוטער ברודער האָט איהם פאַרשלעפּט צו זיך אויף אַ פּרעפעראַנס. נאָר װאָס דען? איך קען װאָלאָדין. איך װייס, װען ער לייגט און װען ער זאָגט איין אמת. שװערט ער זיך און איז בשעת מעשה רעכט אין כעס, איז אַ סימן, אַז ער זאָגט אַ ליגען. האָב איך אָנגעהויבען מסתּמא נאָכצושמעקען און אויסצוטאַפּען, און בין געװאָהר גע־

וואָרען, אז ער געהט אין קלוב. א שטיין פונ׳ם הארצען! דאנקען גאָט, וואָס חאָטש ניט ערגיץ אנדערש... „וואלאָדי, טענה איך מיט איהם, קאָרטען קאָנסט דו דען ניט אויספיהרען אין דער היים?" ענטפערט ער מיר: „אין קלוב זעהט מען זיך מיט דעם, מיט יענעם. מע הערט וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך"... בלאָטע! דאָס איז, ווי זאָגט מען, א תירוץ פאר די בענטשליכט. „וואלאָדי, טענה איך מיט איהם ווייטער, באַרעכען דיך, דו לאָזט מיך זיצען איינע אליין גאַנצע נעכט, קוקסט ניט אָן, זאָג איך, קיין קינד אין די אויגען, גזלן, האָסט קיין מורא ניט פאר גאָט, וואלאָדי?" זאָגט ער, אז ער האָט פיינט סצענעס, קאָן ניט הערען, אז איך רעד מיט גאָט. הויב איך אָן וויינען. טהוט ער א זעץ מיט דער טיר, געהט אוועק און קומט אויף מאָרגען אין דער פריה רעכט ברוגז. איהר פארשטעהט? איהם קומט נאָך ארויס! איך באַטראַכט איהם דעמאָלט, מיין וואלאָדין הייסט דאָס, און דערמאַן מיך אין אמאָל, אוי, בשעת ער האָט זיך ארומגעדרעהט ארום מיר, זיך גע׳שדכנ׳ט, געפּאַדקעוועט, געצעהלט די טריט, געהיט דעם שאָטען. ס׳איז איהם ניט אָנגעקומען גרינג. קודם כל, האָט ער געזעהען, ער זאָל געפעלען ווערען דער מאַמע מיינער, אויסהערען פון איהר אויף אויסווענינ גאַנצע שטיקער פון געטע מיט שילער מיט טשאָקע. נאָכדעם האָט ער איהר געלייענט ביכער, און דוקא ראָמאַנען, און דוקא אזעלכע, וואָס א שטיין קאָן צע־גאָסען ווערען, געהאלטען איהר בשעת מעשה די בייוועלעך, זומער איהר געהאָלפען פרעגלען אייגגעמאַכטס, ווינטער געשפּיעלט מיט איהר אין „קאָנטשעניע". גוט פארשוואַרצט געוואָרען, און אלץ צוליעב מיר. נאָך מיר איז ער געשטאָרבען, אויסגעגאַנגען נאָך מיינע טריט! א קניהע ערד האָט ער אויסגעשלאָגען, ביז ער האָט דערלעבט צו הערען פון מיר דאָס גוטע וואָ׳ט, וואָרום איך האָב געהאַט דעמאָלט דריי אזעלכע חתנים פיינע בריה׳ס, ווי ער. איינער פון זיי, ער איז היינט דאָקטאָר, איז אין מיר געוועז פאר־ליעבט טאַקי צום שטאַרבען. דאָס הייסט, זיי זענען אלע געוועזן

נאָך מיר די כפרה. און היינט? לאָם איך וועלען היינט עמיצען פאַרדרעהען דעם קאָפּ, איז ביי מיר אַ מלאכה? אָט, אַשטייגער, ברענהאָלץ דער אַפּטייקער, וואָס טאַנצט אַזוי אַרום מיר, — דערצעהלט ער מיר מעשיות, וויל מיך איינרעדען, אַז איך בין יונגער מיט צעהן יאָהר, ווי איך בין. און וואָס קומט ער אַקוראַט דעמאָלט, ווען וואַלאָדי איז ניטאָ?... אמת, איך אַליין וויים איהם אַ דרך; איך וויל, אַז וואַלאָדי זאָל דאָס טאַקי וויסען, און לאָז דאָס איהם פאַרדריסען... איך אַליין דערצעהל נאָכדעם וואַלאָדין: „דו ווייסט, זאָג איך, ווער ס'איז דאָ געוועזען?" „„ברענהאָלץ?"" — זאָגט ער, און ער זאָל זיך דאָס אפילו פאַרקרימען! „מאָרגען, זאָג איך, געהען מיר מיט איהם אויף שאַליאַפּינען אינצווייען"... „מיט וועמען, מאַכט ער, מיט ברענהאָלצען?" איך קוק אויף איהם בשעת מעשה און טראַכט מיר: „וואַרט־אויס, איך וועל דיר דערגעהן די יאָהר!" און רוף מיך אָן צו איהם: „ווי מיינסט דו, וואַלאָדי, נישקשה מיר זאָלען דינגען מיט ברענהאָלץ דעם אַפּטייקער איין דאַטשע?" „וואָס זאָל דאָ זיין, זאָגט ער, קשה?" „ברענהאָלץ, זאָג איך, וויל מיט מיר פאָהרען היינטיגס יאָהר קיין מאַריענבאַד אינאיינעם". „געזונטערהייט", זאָגט ער. געזונטערהייט? אָבער גאָר לא! דוקא וועיל דו ווילסט, וויל איך ניט... איך בעט אייך, וואָס איז דאָס געוואָרען מיט מיין וואַלאָדין? חברה האָבען איהם גוט אַריינגענומען אין קאָהן אַריין... אָה, חברה קאָן! פון קלוב קאָן קיין גוטס נישט אַרויס. פון קלוב געהט מען אַלע נאַכט... איך וויים וואוהין מע געהט. איך האָב מיך שוין צעפרעגט. פון קלוב געהט מען אַלע נאַכט אין „פאַרנאַס", אין „אָלימפּ", אין „אַרקאַדי", וכדומה אַזעלכע פריילִיכע ערטלעך, און מע פאַרברענגט די צייט גאַנץ פריילִיך... ברענען זאָל דער קלוב! ברענען זאָלען די קאָרטען! ברענען זאָל די קאָמפּאַניע! אַמאָל פלעגען מיר מיט וואַלאָדין אויסזיצען גאַנצע נעכט און רעדען, קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט זיך קיין שטאָף; און היינט קאָנען מיר קיין האַלבע שעה ניט זיצען אינאיינעם. אויסגעגאַנגען ביי אונז

מאַטעריאַל. דערפאַר געפינט זיך ביי אונז רעד מיט דעם דאָזיגען אַפּטייקער, מיט ברענהאָלצען — פון דער וועלט רעד. פּוסטע דבורים, חכמות, ליעדלעך, אַנעקדאָטען. אוי, האָט ער אַנעקדאָטען, ברענהאָלץ, ברענען זאָל ער אויפ'ן פייער! און דוקא אידישע אַנעקדאָטען, חי־חי, פון דער וועלט אַנעקדאָטען! איך האָב ליעב אַ שענעם אַנעקדאָט; הערען אַנעקדאָטען ווערט מיר קיינמאָל נישט נמאס. זיצט ער, ברענהאָלץ הייסט דאָס, גאַנצע נעכט און דערצעהלט מיר אַנעקדאָטען... איך וויים, אַז די גאַנצע שטאָדט האַלט מיך אין די מיילער. איך וויים גאַנץ גוט, וואָס מע זאָגט אויף מיר, נאָר עס זאָל מיך אָנהויבען צו אַהרען! מיך אהרט נאָר, למאי עס אַהרט ניט וואַלאָדין אַהרט דאָס ניט!... וועה־וועה! אַמאָליגע יאָהרען, למשל, ווען מע קומט און מע דערצעהלט וואַלאָדין, אַז סע זיצט ביי מיר גאַנצע נעכט איין אַפּטייקער און דערצעהלט מיר אַנעקדאָטען — האַ־האַ־האַ! און היינט? גאָרניט. ער קומט אַמאָל צו געהן שפּעט ביינאַכט, טרעפט ער איהם ביי מיר זיצען אויפ'ן באַלקאָן — און גאָרניט. „וואָס הערט זיך עפּים נייעס, פאַני ברענהאָלץ?” און פאַני ברענהאָלץ דערצעהלט איהם נייעס. וואַלאָדי רויכערט, מאַכט זיך, ווי ער הערט מיט קאָפּ, און האָט אין זינען בשעת מעשה — וויים איך וואָס, וואָרום דער קאָפּ איז איהם גאָר דאָרטען. איהר ווילט ויסען, וואו דאָרטען? עה! איך זאָל ויסען, וואו איז דער „דאָרטען”, וואָלט דאָך גוט געווען! איך וויל שוין לאַנג ויסען. איך האָב שוין אפילו אָנגעשמעקט אַ שטיקעל „סליד” אויך. דאָ ניט לאַנג האָב איך אויסגעטרייסעלט אַ בריוועלע ביי איהם, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, פון די הויזען־קעשענעס, זעהר אַ שען בריוועלע, אויף רויזענפּאַפּיער, דורכגעשפּיגעוועט מיט פּאַרפומען און גע'חתמ'עט „מאשאַ”... מאַשאַ? מאַשאַ? ווער קאָן זיין די דאָזיגע מאשאַ?... שוין צוויי וואָכען, אַז איך ברעך מיר דעם קאָפּ, איך קאָן גאָר אַזוי קלוג ניט זיין... אָה! לאָם איך נאָר געוואָהר ווערען אַקוראַט, וועט ער זיך ביי מיר נישט נאַרען!

ער וועט ביי מיר האָבען אַ מאַשע! סע וועט איהם שוין זיין מאַשעדיג אין די אויגען!... שאַ, וואוהין בין איך דאָס פאַר־פאָהרען? פון וואָס האָב איך אייך אָנגעהויבען? יאָ, כפרות. איך וויים ניט, ווי אַזוי איהר; ביי מיר, עס מעגען פאַלען שטיינער פונ׳ם הימעל, אַ ווייסע כפרה אויף ערב יום־כפור — דאָס מוז זיין! „ווי די כפרה איז ווייס, בין איך ווייס פון זינד”. אַזוי האָט מיך די מאַמע געלעהרענט. איך געה נאָך דער מאַמע׳ס שניט. דערפאַר מוז איך האָבען אַ כפרה אַ ווייסע. און נישט נאָר פאַר מיר — פאַר וואָלאָדין, פאַר די קינדער, און אפילו פאַר מיין קליין ליאָליטשקע קויף איך אַ קליין ווייס היהנדעלע, אַ קליין ווייס כפרה׳לע, מיר פאַר איהרע שענע אויגעלעך, און שלאָג מיט איהר כפרות. איך שלאָג פאַר זיי אַלעמען כפרות. אָך און וועה, אַז איך בין די איינציגע אידישקע אין שטוב, וואָס פאַרשטעהט אַ אידישען דין און וואָס האַלט פון אידישקייט... נעם איך דעם סידור, זאָג איך דעם „בני־אָדם”, און דרעה, און דרעה די כפרה: „זאת חליפתי, זאת תמורתי, זאת כפרתי”, און איך פיהל, אַז עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט, וואָרום ס׳איז אַ ווייסע, אַ ווייסע כפרה, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען!...

# דער יום-טוב'דיגער צימעס

אַ מאָנאָלאָג פון אַ ווילנער אידינע.

געשריבען אין יאָהר 1904.

# דער יום־טוב'דיגער צימעס

— זיי זאָגען, די היינטיגע הייסט דאָס, די עזות־פּנימ'ער, אַ קלאָג צו זיי, אַז דעמאָלט וועלען מענטשען זיין גליקליך, ווען מע וועט מאַכען אַ מישמאַש, שלי שלך, שלך שלי... און איך זאָג אייך, אַז אויב עס וועט אַמאָל זיין אַזוי, וועט דאָס הייסען תּוהו־ובוהו — הימעל און ערד און סטרוטשע־באָב. הערט אַ מעשה, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען פּאַראַיאָהרען אין דער צייט, דעם ערשטען טאָג סוכּות. איך זיץ, ווייסט איהר דאָך מן הסתם, אויף „גיטקע טויבע'ס זאַוואָולעק", ביי גוטקע נעחע'ס אין הויף. דאָס הייסט, ס'איז אַזוי גוטקע נעחע'ס הויף, ווי איהר זייט מיר אַ פעטער. דער הויף איז איין „עקסווידאָרסקע הויף"; עס האָבען אין דעם אַ חלק, מיט גאָט'ס הילף, פינף ברידער מיט צוויי שוועסטער. זענען די ברידער געשטאָרבען, און די שוועסטער זענען אויך געשטאָרבען, און אַלע האָבען געלאָזען קינדער, און דוקא היבשליך, קאָן מען זיך ניט איינטיילען; ניט פאַרקויפען, ניט צעוואַרפען, סיידען חלילה אונטערצינדען, איז איין עבירה די גאַס, עס קאָן אַוועקגעהן אַ האַלבע שטאָדט. האַלט מען זיך מיט דער דירה, ווי איך מיט מיינע צרות: ניט קיין דאַך, ניט קיין טרעפּ, ניט קיין אויוועז — אַ קאַטוך, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, און געה האַלט דאָרט אַ „הימעל־בעט" און צאָהל אַזאַ ראַטע, דריטהאַלבען רובעל אַ חודש נאָך מיט קאָפּיקעס. בייסער וואָס? ס'איז שוין מיט הייצונג. ניט מעהר זאָלען אייערע שונאים

זשיפּען, ווי מע הייצט זיך אָן, אַ חוץ שבת און יום־טוב; ס'איז פון די מענטשען אַליין, זאָגען זיי, גענוג וואָרעם... טאַקי וואַרעם! שוין צופיעל וואַרעם! באַרעכענט, קיין עין־הרע, וויפיעל שכנים אויף איין דירה: שמערעל דער גלעזער — האָט איהר ניט איינס; פיני־מאיר דער קצב איז ניט צוויי; נפתלי־בער דער שמאַרגאָנער מלמד איז ניט דריי; משה'קע דער אַלמן איז ניט פיער. וואָלט ער זיין איין אַלמן, וואָלט זיין נישקשה; איז ער אָבער אַזוי איין אַלמן, ווי איהר זייט אַ גובערנאַטער. מע רופט איהם אַלמן, ווייל ער איז אַמאָל געווען, ניט איצט געדאַכט, איין אַלמן. היינט איז ער, ברוך השם, אויס אַלמן. גאָט האָט איהם געבענטשט מיט איין ארורה, זאָל זי זיך איהם נאָר האַלטען, רבונו־של־עולם...

היינט האָב איך פאַרגעסען רעכענען רב יאָשע דעם סופר מיט דער שנור. פאַר וואָס זאָג איך די שנור, ניט דער זוהן? ווייל דער זוהן איז אַוועק אין מלחמה, האָט ער אָפּגעטראָטען זיין אָרט דעם גליקליכען פּאָר, וואָס מע רופט זיי „די בונימאָוויטשעס". ווייסט איהר, פאַר וואָס? דערפאַר, וואָס ער איז אַ קאַליקער און זי איז אַ בלינדע, זענען זיי מאסף ממון. אַ סברה גאָר, אַז זיי האָבען אַ שענעם קאַפּיטאַל, גאָר אַ שענעם קאַפּיטאַל — צוויי מענטשען און ביידע פאַרדיענערס! רב לייבע דעם בעל־מגיה פון דרוק רעכען איך שוין ניט, וואָרום ער איז ניטאָ אַ גאַנצע וואָך אין דער היים, אַ חוץ שבת; ער איז אַ מענטש אַ באַשעפטיגטער, האָט אפשר צעהן פרנסות: אַ חוץ וואָס ער דיענט אין דער דרוק, איז ער אַ מעקלער פון ספרים, אַ געהער אויף מנינים, אַ שיקער פון חברות, אַ זאָגער פון תהלים, אַ שלאָגער פון מלקות, אַ בלאָזער פון שופר, און אַז עס מאַכט זיך, חס ושלום, איין אומ־גליק, אַ נוטה־למות, שטעלט ער צונויף אַ „יענך" — און נאָך כדומה אַזעלכע פרנסות לרוב. נאָר האָט קיין מורא ניט — זיין אידינע זיצט אויך ניט לעדיג: פלעכט הבדלות און פאַרקויפט באָבעס, און — שדים ווייסען איהם — פאָרט אַ קבצן! אַוואו

האַלט איך אין חשבון? אַריבער אַ מנין געווים, און אפשר נאָך מיט אַ צולעג. וואָלט אַלץ זיין גוט, ווען אַלע וואָלטען דאַוונען אין איין שוהל. איז אָבער די צרה, וואָס דער איז אין ווילייקע און יענער אין האַנדריקעווע. מילא, אַז דער גלעזער דאַווענט אין דער גלעזערשער שוהל, דער קצב אין דער יאַטקעווער שוהל, דער מלמד אין דער ליבאַוויטשער שוהל — דאָס פאַרשטעהט מען נאָך: כל עורב למינהו — איטליכער צו זיין צעך. אָבער דו, אַלמן, וואָס קריכסט דו אין דער אַלטער שוהל דוקא צו סיראָטע דעם חזן? ביזט דאָס טאַקי אַזאַ מבין אויף נגינה? איהר וואָלט איהם הערען, אַז עס קומט שבת זינגען זמירות — אַ קלאָג צו איהם! אַ שטים פון אַ געקוילעטען האָהן, און גענזעלט זיך נאָך. ער פאַרהאַקט אַזוי דעם קאָפּ מיט זיין „ברוך שאָכלנו", אַז דעם גאַנצען טאָג זונטאָג שאָכלנו'ט מיר אין די אויהערען; טאָמער ווייסט איהר, וואָס ער האָט גע'אָכלנו'ט ביי דער ארורה זיינער, אַ חוץ קללות מיט חרמות? און פון דעסטוועגען, רעדט מיט איהר, איז זי גערעכט: אַ מאַן, זאָגט זי, איז ווי דער גלות — אָט מע טראָגט איהם, נאָר מע איז שוין געוועהנט. וואָס זאָגט איהר צו איהר קאָפּ?...

דאַכט מיר, איך וואָלט מעהר באַדאַרפט האָבען טענות צו דעם, וואָס איך בין ניט ווערטה דעם נאָמען דערמאָנען, וואָרום מיינער איז דאָך טאַקי יע, ווי זאָגט מען דאָס, אַ כשר'ער שעפּס, טהוט ניט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, זיצט יומם ולילה אין שוהל על התורה ועל העבודה, און איך ליג אין דער ערד, ווי איהר ווייסט, און באַק בייגעל. בייסער וואָס? איך וועל האָבען אַ שטוהל אין גן־עדן. אַרבייט איך טאַקי געטריי, ווי איין אייזעל, און איהם זעה, עס זאָל זיין דער שבת מיט'ן יום־טוב, כיד המלך! פאַר וואָס שבת און יום־טוב? ווייל אַ גאַנצע וואָך עסט ער אויפ'ן חשבון פון דבורה־אסתר. וואָס ער עסט און ווי אַזוי ער עסט — וויל איך גאָר אַזוי ווייט די האַנט ניט אַריינלעגען. איך

ווייס נאָר, אַז עס קומט שבת און יום־טוב, איז פאַר איהם גרייט די חלות, מיט די דגים, מיט׳ן שטיקעל פלייש, מיט אַלעם מיט איינאַנדער. און קומט יום־טוב — מוז זיין צימעס: פסח פלוימען־צימעס, און סוכות מעהרען־צימעס.

האָט זיך געטראָפען אַ מעשה: פאַראַיאָהרען סוכות גֶעווען אַ יקרות אויף מעהרען. שדים ווייסען זיי, נישט אריינגעפיהרט, אַפנים. אַ רענדעל אַ מעהרעלע. נאָר ס׳איז עפּיס אַ תּירוץ? ביי מיין מאַן איז דער צימעס טייערער פון אַלץ. ער וועט אייך מוחל זיין די דגים מיט׳ן פלייש מיט אַלעם מיט איינאַנדער, אַבי צימעס זאָל איהם זיין. לאָז זיך אייך דאַכטען, איך ווייס, אַז ס׳איז נאָר געזאָגט, ווייל דער צימעס איז דאָך שוין נאָך אַלעמען, מעג ער זיין אַ ותּרן... האָב איך געבראַכט אַ קאָשעק מעהרען, צורעכט געמאַכט, צוגעשטעלט און אָפּגעקאָכט. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? טעם גן־עדן! ניט אומזיסט איז דאָס ביי די נגידים אַ וואָכעדיגער מאכל; די נגידים זענען ניט קיין נאַראָנים. זיי האָבען ליעב אַלסדינג אין דער וואָכען דאָס, וואָס מיר האָבען ליעב אום שבת... אָפּגעקאָכט, אַוועקגעשטעלט און פאַרשאַרט אין מיין ווינקעלע, — איטליכע שכנה האָט זיך איהר ווינקעלע, — בין איך אַוועק אויף אַ ווייַלע צו דער שוועסטער געוואָהר ווערען. איך האָב אַ שוועסטער בּיילקע, איז זי, ניט פאַר אייך גערעכט, געלעהמט אויף די פיס שוין צעהן יאָהר, און דאָך לעבט זי פון איהרע אייגענע הענט: זי פליקט פעדערען. ווינטער, הייסט דאָס, פליקט זי פעדערען, און זומער אַרבייט זי קינדערשע זעקעלעך מיט נאַרעסענע היטעלעך. זיצען זיצט זי אויף דער אידישער גאַס, אויף לייבע לייזער׳ס הויף, אויך איין עקסווידאָרסקע הויף, מיט נאָך עטליכע הונדערט געזינדלעך. נו, וואָס קומט מיר דער־פאַר, איך בעט אייך, אַז איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ האַלבע שעה צו דער שוועסטער איין מאָל אין אַ יום־טוב? און אַנגב האָב איך איהר טאַקי געבראַכט אַ חלה מיט אַ שטיקעל פיש,

לאָז זי אויך וויסען פון אַ יום־טוב צו זאָגען. פרעמדע, חלילה, טראָג איך איהר ניט, אייגענע האָרעוואַניע, דין־וחשבון פאַר׳ן מאַן דאַרף איך אויך ניט אָפּגעבען, היינט וועמען הער איך?

בייסער מע זעהט זיך ניט אַ גאַנצענע וואָך, אַ חוץ שבת און יום־טוב, האָבען מיר זיך אַ ביסעל פאַררעדט. איז מען געקומען רופען מיך אַהיים, איך זאָל גיכער געהן, וואָרום ער איז שוין געקומען פון שוהל, דער מאַן מיינער, אַ קלאָג צו מיר ניט, ער קאָן שוין זיין גוט בייז, וויל נעבאַך עסען. בין איך דאָך געלאָפען ניט טוידט, ניט לעבעדיג, און געטראָפען אין סוכה שוין דאָס זעכסטע פּאָרעל זיצען ביי דער סעודה, וואָרום מיר אַלע האָבען איין שטיקעל סוכה, און ניט אַלע קאָנען עסען אין איין צייט. דאַנקען גאָט, זאָגען האָט ער מיר ניט געזאָגט גאָרניט, דער מאַן מיינער. ער איז ניט פון די מאַנען, וואָס זאָגען. ער איז אַ שטילער מענטש. נאָר ברוגז׳ליך, זעה איך, איז ער. איך קען איהם שוין נאָכ׳ן קוק: קוקט ער אַריין אין אַ ספר אַריין, איז אַ סימן, אַז ער איז ברוגז. דאָס הייסט, אין ספר אַריין קוקט ער תּמיד, נאָר קוקען צו קוקען איז ניט גלייך: יענס איז אַנדערש געקוקט, און דאָס איז ווידער אַנדערש געקוקט. און אַ ביסעל איז ער טאַקי סגי־נהור׳דיג אויף איין אויג, קוקט דאָס אויס גאָר ניט יום־טוב׳דיג. הויב איך מיך אָן מסתמא פאַרענטפערען: דאָס, יענס, אַ שוועס־טער, ניט געזעהען זיך אַ גאַנצע וואָך — בלאָטע! מיינער איז ברוגז, קוקט אין ספר אַריין. איהם אונטערגעטראָגען די קוואָרט, זיך געוואַשען, דערלאַנגט די פיש. שמעקט אַ מחיה. דאָס ביסעל פּאַרפעל, דאָס שטיקעל פלייש — גוט און פיין אַרום און אַרום. געקומען צום צימעס, רוף איך מיך אָן צו איהם, פאַרט אַ מאַן, וואָס זיצט און לערענט: „איז פאַרהאַן, זאָג איך, ביי מיר אַ צימעס, הערסט דו, דער קייסער מעג איהם פאַרזוכען, כּלעבען! איין אמת׳ער אַ יום־טוב׳דיגער צימעס, און דוקא, זאָג איך, פון מעה־רען!״... דערהערט צימעס, האָט מיינער אַוועקגעלעגט דעם ספר,

געוואָרען גאָר אַ פרישער מענטש. און איך לאָז מיך צום אויוועז. ערשט איך טהו אַ קוק — אַ קלאָג צו מיר ניט, דער טעפּעל ריין ווי גאָלד, און צימעס ניט אַ לעק, ניטאָ קיין צימעס! צימעס־צימעס, וואו איז מיין צימעס? איך לויף צו דעם, איך לויף צו יענעם: „האָט איהר ניט געזעהען מיין צימעס?" וואָסער צימעס? קיינער ווייסט ניט פון קיין צימעס! אַ גליק, איינע אַ שכנה האָט רחמנות געהאַט, האָט זיך אָנגערופען, אַז זי ווייסט, וואו איז מיין צימעס. ס'איז שוין, זאָגט זי, עליו־השלום, אוים צימעס. מע האָט איהם שוין לאַנג, זאָגט זי, אויפגעגעסען. נאָר ווער האָט איהם אויפגעגעסען — קאָן זי ניט זאָגען. זי האָט מורא, וויל ניט האָבען צו טהון מיט אַ סגי־נהור'טע, דאָס הייסט מיט אַ בלינדע... און דאָ, איך טהו אַ קוק אויף מיינעם — גזלן! אַריינגעשטעקט די נאָז אין ספר — און שאַ!...

לויף איך דאָך צו דעם גליקליכען פּאָר, וואָס מע רופט זיי „בונימאָוויטש": „סטייטש, אַ קלאָג צו אייך, וואָס האָט איהר, זאָג איך, געהאַט צו מיין צימעס?" זאָגט זי: „וואָסער צימעס?" זאָג איך: „דער יום־טוב'דיגער מעהרען־צימעס!" זאָגט זי: „אַ געזונט אין אייך, וואָס רעדט איהר? איך האָב געהאַט אַ קעקערע!"... האָט דאָס מיך מסתמא גוט פאַרבאַקען ביי'ם הארצען: אַ הולטאַיקע קאָן! סטייטש, איך וויים, זי האָט ניט געהאַט קיין מעהרעלע אָפילו אויף אַ רפואה, זאָגט זי מיר, אַז זי האָט געהאַט אַ קעקערע, אַ בעסערען צימעס נאָך פון מיינעם, הייסט דאָס! „האָט איהר, זאָג איך, געהאַט אַ קעקערע?" זאָגט זי: „אַ קעקערע!" זאָג איך איהר נאָך אַ מאָל: „אַ קעקערע?" זאָגט זי מיר נאָך אַ מאָל: „אַ קעקערע!" זאָג איך איהר ווידער אַ מאָל: „אַ קעקערע?" זאָגט זי מיר ווידער אַ מאָל: „אַ קעקערע!"... נו, אָט דאָ האָט מיר שוין דערלאַנגט אין דער ביין אַריין! מילא, זי זאָל מיר אָפּלייקענען, אַז ניט זי האָט צורעכט געמאַכט ־עם צימעס, וואָלט איך אפשר קלערען: אַ קשיא, טאָמער

ניט זי, טאָמער עמיצער אַנדערש ? נאָר זאָגען, אַז זי האָט געהאַט
אַ קעקערע !...

וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען ווייטער ? ס'איז געווען ניט
שען, זעהר ניט שען... און ווער איז שולדיג, אַז מע האָט גענומען
מענטשען און מע האָט זיי צונויפגעפּאַקט אַלע אינאיינעם, ווי,
להבדיל, די היהנער אין אַ קאַטוך, און געה טהו ! און רעדט מיט
זיי, מיט די היינטיגע, הייסט דאָס, אָט די עזות־פּנים'ער, וואָס
ווילען מאַכען נייע פאָראַדקעס אין שוהל־הויף, איינפיהרען, ס'זאָל
זיין אַ מישמאַש, כּולם אהולאָם, — דרינגען זיי, אַז קלוגע מענטשען
זאָגען, אַז אַזוי איז גוט... און איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל : ס'איז
תּוהו ובוהו — הימעל און ערד און סטרוטשע־באָב, און האָט מיר
אַ גוטינקען יום־טוב !

# א נגיד'ישע פרעזשעניצע

א ליטווישער דיאלאג.

געשריבען אין יאָהר 1904.

# אַ נגיד'ישע פּרעזשעניצע

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, הינדע? דעם קאַפּטען פאַר־זעצען, אַ נגיד זאָל מען זיין!

— אקעגען וואָס איז געקומען צו רעד?

— געוועזען ביי'ם נגיד. דערלאַנגט צום טיש אַ פּרעזשעניצע. ניט שייך צו זאָגען — אַ גאָלד!

— פּטור! וואָס איז דאָרטען? מיט פליטערלאַך?

— ניט שייך צו זאָגען — טעם גן־עדן!

— געגעסען?

— פּטור! וואָס פאַר אַ מחותן?

— פון וואַן זשע ווייסטע?

— מזעהסט ניט?... אַ חיות צו קוקען פון דער וויטען! צעגעהט אין מויל, ווי אַ פּוטער!...

— נגידים — וואָס פעהלט זיי?

— קאַפּוועהטיג! כוואָלט וועלען זעהען, הינדע... נמ... נמ... זאָלסט אַמאָל מאַכען אַ פּרעזשעניצע...

— טאַקי? אַ קליינע השגה!

— פאַר וואָס ניט? איין מאָל אין לעבען!...

— משוגע — וואָס?

— נמ... נמ... חלש'ט מיר די האַרץ, הינדע!... מאַך מיר אַ פּרעזשעניצע, זעה!...

— אַ קלאָג! פון וואָס מאַכט נעם — ווייסטע?

— פּטור! פון וואַן זאָל איך וויסען?

— טאָ וואָס זשע רעדסטע?... ערשטענס, לעגען זיי אריין, די נגידים, ווער ווייס וויפיעל פּוטער!...

— מילא, איז אָהן פּוטער, אבי א פּרעזשעניצע!

— א צורה! היינט מילך?

— מילא, איז אָהן מילך, אבי א פּרעזשעניצע!

— גוט! אָבער אייער? אָהן אייער קאָן מען דאָך ניט מאכען א פּרעזשעניצע!

— אייער? אוואו שטעהט דאָס „אייער”? מע צעשלאָגט איין איי און מע מאכט א פּרעזשעניצע.

— נע׳פּועל׳ט! אוואו נעמט נעם? געווען איין איי, איז אוועק א האלבער געלכעל אויף געפילאכץ און א ביסעל פון דעם ווייסעל אויף די חלות.

— נאָ־נאָ! אז דו ווילסט, געפינסטע נאָך פון וואָס צו מאכען א פּרעזשעניצע!

— פון וואָס? פון דער לושפּייקע? א האלבע איי!

— איך ווייס? ביזט דאָך עפּיס א בעל־הבית׳טע!

— א בעל־הבית׳טע! סיידען מיט מעהל א ביסעל?

— זאָל זיין מיט מעהל, אבי א פּרעזשעניצע.

— חכם! אוואו נעמט נעם?

— עט, א ביסעל מעהל אייך א זאך?

— אייך א זאך... סיידען רעטשענע?

— זאָל זיין רעטשענע, אבי א פּרעזשעניצע.

— א צורה! סיידען מיט א ציבעלע?

— זאָל זיין מיט א ציבעלע, אבי א פּרעזשעניצע.

— גאָר פארגעסען! ניטאָ קיין ציבעלעס. פּראָן אָ קנאָבעלע.

— זאָל זיין א קנאָבעלע, אבי א פּרעזשעניצע.

— א שענע פּרעזשעניצע! מיט וואָס באשמירט נעם די סקאָווערדע?

— שמיר מיט וואָס דו ווילסט, אבי א פּרעזשעניצע.

— נאַ דיר אַ פּרעזשעניצע !... אָנגעשפּאַרט דער יצר־הרע !... געזעהען ביי׳ם נגיד... דער נגיד זאָל זיך אָפּשניידען דעם נאָז, דאַרף נעם אייך שניידען דעם נאָז... אַבּוזשאַנע !... ננאַ ! נאַ דיר אַ פּרעזשעניצע פּלוצים !... געה וואַש דזאַך, שיים פּאַרטיג די פּרעזשעניצע !

— שיים פּאַרטיג די פּרעזשעניצע ? אָט אַזוי, הינדע, האָב איך דיר ליעב... די נגידים מיינען — נאָר ביי זיי פּראַן פּרעזשע־ניצעס... איין איידעלער מאכל !... עס שמעקט דער קנאָבעל — אַ חיות !... גוט, הינדע ! כוואָלט אַלע טאָג עסען פּרעזשעניצעס... הערסטע, הינדע, וואָס כוועל דיר זאָגען ?... נמ... נמ... דיין פּרעזשעניצע איז גאָר ניט דאָס... עפּים זויערלאַך, ווינציג זאַלץ און קלעפּיג... נמ... נמ... זאָלסט מיר מוחל זיין... נמ... נמ... גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד... חלשות, טפו ! דער שוואַרץ־יאָהר וויים זיי, די נגידים, אין וואָס זיי קאָכענען זאַך !...

# אַ ײַזי עֵצָה

— שוין פון א טאָג דריי, אז עס גערט צו דיר א יונגערמאַן אַלע אינדערפריה און ביי טאָג און אויפדערנאכט, און טרעפט דיך ניט אין דער היים. ער דאַרף דיך, זאָגט ער, זעהר נויטיג זעהען!

אזוי האָט מען מיר אָנגעזאָגט א בשורה, בשעת איך בין גע־קומען איינמאָל צו פאָהרען פון וועג אהיים.

— מסתמא א מחבר מיט א „ווערק"! — אזוי האָב איך מיר געטראַכט און האָב מיך אוועקגעזעצט צום טיש, און נאָר גענומען זיך צו דער ארבייט — אהא, מע קלינגט שוין! עס עפענט זיך די טיר און עמיצער דארטען פאַרקעט זיך, טהוט אוים די קאַלאָשען, הוסט, שנייצט די נאָז — אַלע סימנים פון א מחבר. איך וואָלט שוין וועלען זעהען דעם פארשוין! גאָט האָט געהאָלפען, ער איז אריין. אָפּגעמאַכט צו מיר א גאַנץ פיינעם „בואי־בשלום", דאָס הייסט, אָפּגעטראָטען אויף א פאָר טריט צוריק, געמאַכט א מין רעווערענס, געריבען בשעת מעשה א האנט אָן א האנט, האָט ער זיך מיר פאָרגעשטעלט און אָנגערופען א נאָמען פון דער הגדה, איינעם פון די נעמען, וואָס אָט האָט איהר דאָס געהערט, און אָט האָט איהר דאָס פארגעסען — אוועקגעפלויגען.

— זיצט! מיט וואָס קאָן איך אייך דיענען?

— איך בין געקומען צו אייך מכח זעהר א נויטיגער זאַך. דאָס הייסט, פאַר מיר איז די זאַך נויטיג, זעהר נויטיג, ממש, קאָן מען זאָגען, נוגע אין לעבען אריין, און נאָר איהר, אזוי מיין איך, וועט

דאָס פאַרשטעהן. איהר שרייבט אַזוי פיעל, אַז איך מיין, אַז איהר באַדאַרפט וויסען אַלסדינג און איהר באַדאַרפט זיין אַ מבין אויף אַלסדינג. אַזוי מיין איך. דאָס הייסט, ניט איך מיין, נאָר איך בין איבערצייגט, אַז ס'איז אַזוי.

איך באַטראַכט מיין פּאַרשוין: אַ טיפּ פון אַ קליינשטעדטעל־דיגען משכיל, אַ מחבר. אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַס פנים, מיט גרויסע שוואַרצע רחמנות־אויגען, דאָס הייסט, אַזעלכע אויגען, וואָס בעטען זיך: „האָט רחמנות אויף איין עלענדע, אַ פאַרבלאָנזעטע נשמה". איך האָב נישט ליעב אַזעלכע אויגען. פאַר אַזעלכע אויגען האָב איך מורא: קיינמאָל לאַכען זיי נישט, טהוען נישט קיין שמייכעל, שטענדיג פאַרטיעפט אין זיך — איך האָב פיינט אַזעלכע אויגען.

— אנו, ווייזט, וואָס האָט איהר דאָרטען? — מאַך איך צו איהם, לעג־אוועק די פען, שפּאַר מיך אָן אויפ'ן בענקעל און וואַרט, אַז אָט באַלד נעמט ער זיך צום בוזעם און שלעפּט אַרויס אַ היבש פּעקעל כתבים, געווים אַ ראָמאַן אין דריי טיילען, לאַנג ווי דער אידישער גלות, אָדער אַ דראַמע אין פיער אַקטען, וואָס די פּאַר־שוינען הייסען: מערדערזאָהן, עהרליכמאַן, פרומהאַרץ, ביטערצווייג, וכדומה אַזעלכע נעמען, וואָס פון זיי אַליין זעהט איהר שוין אַרויס, מיט וועמען איהר האָט צו טהון... און אפשר איז דאָס נאָר נייע ליעדער פון ציון?

„אַהין אויף די בערג טהוט איהם ציהען,
דאָרט וואו דער אָדלער טהוט פליהען,
דאָרט וואו דער איילבערט טהוט בליהען,
דאָרט וואו די נביאים האָבען געטהאָן ריהען,
און פאַר גאָט געטהאָן קניהען..."

מיר זענען קענטליך די דאָזיגע ליעדלעך, די דאָזיגע גראַמען, וואָס קריכען פון'ם האַלז, שעמערירען אין די אויגען, זשומען אין

די אויהערען און לאָזען־איבער אין הארצען נאָך זיך א ווילדע פוסטקייט, א מאָדנע וויסטעניש אויף דער נשמה.

שטעלט אייך אָבער פאָר — איצטיגס מאָל האָב איך דוקא גישט געטראָפּען: דער יונגערמאַן האָט זיך נ י ט גענומען צו דער בוזעם־קעשענע, נ י ט ארויסגעשלעפּט קיין פּעקעל כּתבים, נ י ט אין זינען געהאַט אפילו לייענען מיר א ראָמאַן, א דראַמע, אָדער נייע ליעדער פון ציון. ער האָט נאָר צו־רעכט געמאַכט דעם קאָלנער פון העמד, אויסגעהוסט זיך פריהער און א זאָג געטהאָן צו מיר:

— איך בין געקומען צו אייך אהער, הייסט דאָס, נישט מעהר ווי אויסדערצעהלען אייך מיין ביטער הארץ און זיך איין עצה האַלטען מיט אייך. אזא מענטש, ווי איהר, באַדאַרף מיך פאַר־שטעהן. איהר שרייבט אזוי פיעל, אז איהר מוזט וויסען אַלסדינג, און נאָר איהר קאָנט מיר געבען די רעכטע עצה. און גלויבט מיר, וואָס איהר וועט מיר זאָגען, דאָס וועל איך טהון. איך געב אייך מיין עהרענוואָרט! האָט קיין פּאַראיבעל נישט, אפשר נעם איך צו ביי אייך צייט?

— נישקשה, עס מאַכט נישט אויס. דערצעהלט, דער־צעהלט! — מאַך איך צו איהם און פיהל, ווי א שטיין איז מיר אראָפּ פונ׳ם הארצען. און דער יונגערמאַן רוקט זיך צו צום טיש און הויבט־אָן צו דערצעהלען זיין ביטער הארץ פריהער פּאַוואָלינקע, געלאַסען, און וואָס ווייטער מיט אַלץ מעהר היץ.

— אליין בין איך, דאַרפט איהר וויסען, א יונגערמאַן, ווי איהר זעהט מיך, פון א קליין שטעדטעל. דאָס הייסט, דאָס שטעד־טעל איז גאָרניט אזא קליין שטעדטעל, און דוקא א היבש שטעד־טעל, א שטאָדט קאָן מען זאָגען, נאָר קעגען אייער שטאָדט הייסט דאָס א שטעדטעל. דאָס דאָזיגע שטעדטעל, אזוי מיין איך, קענט

איהר דוקא זעהר גוט, נאָר איך וויל דאָס אייך נישט פּורש בשמו זיין, מחמת אַ קשיא אויף אייך, איהר קאָנט דאָס נאָך באַשרייבען, פּאַסט דאָס מיר ניט איבּער אַ סך טעמים... מיט וואָס איך פאַר־נעם זיך, ווילט איהר וויסען? המ... איך פאַרנעם זיך... הייסט דאָס, טהון טהו איך לעת־עתּה גאָרנישט ניט, זיץ נאָך, הייסט דאָס, אויף קעסט ביי שוועהר און שוויעגער, דאָס הייסט, נישט אויף קעסט, נאָר אינאיינעם זיצען מיר, אויף אַלעם גרייטען, מחמת זי איז, דאַרפט איהר וויסען, אַ בּת־יחידה, איין איין־און־איינציגע הייסט דאָס, מעהר נישטאָ ביי זיי קיין קינדער, אַ חוץ די איינע טאָכטער, און זיי קאָנען, נישקשה, באַשטעהן אונז אויסהאַלטען נאָך צעהן יאָהר, מחמת זיי זענען, דאַרפט איהר וויסען, פאַרמעגליכע לייט, מע קאָן אויף זיי זאָגען נגידים, און ווערליג ביי אונז — הייסען זיי גרויסע נגידים, גבירים אדירים, וואָרום רייכער פון זיי איז שוין ביי אונז נישטאָ. מיין שוועהר באַדאַרפט איהר געוויס קענען. אַזוי מיין איך. איך וויל אייך נישט פּורש בשמו זיין, סע פּאַסט נישט. ער איז אַ איד, דאַרפט איהר וויסען, וואָס האָט ליעב זיך לאָזען הערען אויף דער וועלט, מע זאָל איהם קענען. למשל, אויף באָברויסקער נשרפים האָט ער געגעבען די שענסטע נדבה, אויף קעשענעוו האָט ער געשענקט מעהר פון אַלעמען. אין שטאָדט גופא ביי אונז גיט ער אפילו ווינציג־וואָס, נאָר אין דער פרעמד האָט ער ליעב זיך אויסשטעלען פיין, אַלע זאָלען וויסען. ער איז, פאַרשטעהט איהר מיך, גאָר קיין נאַר נישט. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָ, אין שטאָדט, האָט מען סאַי ווי סאַי פאַר איהם דרך־ארץ — פאַר ועמען באַדאַרף ער זיך דאָ אויספּיינען? איז ער זיך מיישב און שטעלט זיי גאָר אַ פייג. ער איז אַ מענטש, וואָס קאַטאָרי ער קאָן נישט געבען. ער זאָגט אַליין, אַז ער קאָן נישט געבען. אַז מע קומט צו איהם נאָך אַ נדבה, ווערט ער טוידט און זאָגט: „שוין? איהר זענט שוין געקומען נעמען? נאַט אייך די שליסעלעך און געהט אייך אַליין צו דער שאַפּע און נעמט אייך וויפיעל איהר דאַרפט"... מיינט איהר דאָך מסתּמא, אַז אָט נעמט

ער אַרוים די שליסעלעך? האָט איהר במחילה אַ טעות! די שליסעלעך פון דער שאַפע ליגען בײ איהם סך־הכּל פארשלאָסען אין אַ טישקעסטעל, און אַ חוץ דעם ליגט דאָס שליסעלע פון טיש־קעסטעל אויך ערגיץ באַגראָבען. אָט אַזאַ מענטש איז ער, דער שוועהר מײנער. און וואָס זאָלט איהר קלערען? אודאי, ווי דער מענטש פאַרדיענט, אַזאַ נאָמען האָט ער. צווישען אונז רעדענדיג, הײסט ער טאַקי בײ אונז אין שטעדטעל „דער דבר־אחר"... געוויינטליך, הינטער די אויגען; אין די אויגען חנפה'ט מען איהם אַזוי, אַז סע שלאָגט צום הארצען. און ער איז זיך מיישב און נעמט דאָס אָן דוקא פאַר גוט געלט, גלעט זיך דאָס בייכעל און לעבט זיך אָפּ אַ גוטען טאָג. סטייטש געלעבט! לעבען צו לעבען איז נישט גלייך! באַרעכענט אײך נאָר אַליין: אַ מענטש טהוט נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, שען געזעסען, פיין געגעסען, גוט גע־שלאָפען — וואָס ווילט איהר נאָך? נאָכ'ן שלאָפען הייסט מען איינשפּאַנען דאָס פאַיעטאָנדעל און מע פאָהרט־אַרוים אַ ביסעל אויפ'ן שפּאַציער איבער דער בלאָטע. און קומט פאַרנאַכט, געהט מען זיך צונויף מענטשען פון שטאָדט, דער מיט אַזאַ פּזמון, דער מיט אַזאַ מין רכילות, אַ נעכטיגען טאָג, און מע באַרעדט די גאַנצע שטאָדט, און מע לצ'עוועט־אָפּ פון דער גאַנצער וועלט. נאָכדעם דערלאַנגט מען דעם גרויסען סאַמאָוואַר און מע זעצט זיך אַוועק מיט שמואל־אַבּאַ דעם שוחט שפּיעלען אין דאָמינעס. שמואל־אַבּאַ דער שוחט, דאַרפט איהר וויסען, איז אַ יונגערמאַן טאַקי מיט פּאה'לעך, נאָר אַ היינטוועלטיגער שוין, מיט אַ ווייסען קאָלנער, מיט אויסגעפּוצטע שטיוועלעך, און אַנטלויפט נישט פאַר קיין יונגע ווייבלעך, און האָט אַ פיין העלזעל, קאָן שען זינגען, און שרייבט אויף אַ בלאַט, און שפּיעלט זעהר גוט אין שאָך און אין דאָמינעס. און אַז זיי זעצען זיך שפּיעלען אין דאָמינעס, קאָנען זיי אַוועק־שפּיעלען אָט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, און דו זיץ און קוק און געהניץ. דאָס מויל ווערט שיער נישט צעריסען! נעם זשע, דו שוטה, שטעה אויף און געה דיר אַוועק צו זיך אין חדר'על און זעץ זיך איבער

א בוך, צי איבער א בלאט־צייטונג? איז ניין! פאר וואס? סע פאסט נישט. סע זיצט א פרעמדער מענטש — ווי אזוי הויבט מען זיך אויף און מע נעמט און מע געהט־אוועק אין מיטען דרינען? פאר אזא מעשה, דארפט איהר וויסען, ווערט דער שוועהר ברוגז. דאס הייסט, זאגען זאגט ער גארנישט, נאר ער בלאזט זיך אָן, ווי איין אינדיק, און ענטפערט נישט, חאטש רעד צו איהם צעזעצ־טערהייט! און אויף איהם קוקענדיג — אויך די שוויעגער! און וויבאלד שוועהר און שוויעגער זענען נישט שוה־בשוה מיט'ן איידעם, קוקט שוין זי אויך צו אלדי שווארצע יאָהר — פארט א בת־יחידה, איין־און־איינציגע ביי טאטע־מאמע, וואס זיי זענען, זאגט זי, ביי איהר דאס חיות מיט דער נשמה, און זי ביי זיי — דאס אויג אין קאפ, מיט סכנת־נפשות, אזוי אז טאמער מאכט זיך, זי ווערט עפּיס נישט מיט אלעמען, איז באלד דער דאקטער, באלד קעהרט זיך איבער די וועלט! נו, איז שוין עפּיס א חידוש, וואס אזא נפש, ווי זי, נעמט זיך איבער און מיינט, אז די גאנצע וועלט איז באשאפען געוואָרען נאר פון איהרעטוועגען? און דערצו, דארפט איהר וויסען, איז זי נאך נישט איבעריג קלוג אויך. דאס הייסט, אזוי אפילו, אז איהר וועט מיט איהר רעדען, איז זי, דאכט זיך, נישט קיין נאר, גאר קיין נאר נישט, מע קאן זאגען א קלוגע, א גאנץ קלוגע, א חרוצה, א מאנסבילשער קאפ אויף איהר! נאר וואס דען? אט דאס, וואס זי איז צעבאלעוועט, צעפעסטעט, א ווילדע ציעג. טאג ווי נאכט אדער חא־חא־חא, אדער גאר א ווארף געטהאן זיך אין בעט אריין און צעוויינט זיך, ווי א קליין קינד. „וואס איז דיר? וואס פעהלט דיר? וואס וויינסט דו? וואס ווילסט דו?" — ענטפערט די וואנט?... מילא. וואלט דאס נאך אויך געווען א האלבע צרה. א ווייב אז זי וויינט, וויינט זי אזוי לאנג, ביז זי וויינט זיך איבער! איז אָבער דער חסרון — די שוויעגער. ווערט געוואָהר די שוויעגער, קומט זי צו לויפען אין איין אימפעט מיט'ן טערקישען שאל אויף די פלייצעס, ברעכט די הענט און לייענט מיט א נוסח פון תחינות, און א קול האט זי,

דאַרפט איהר װיסען, פון אַ מאַנסביל: „װאָס איז דיר, טאָכטער־לעב? װיעדער ער? אָט דער רוצח, דער גזלן, דער מערדער? װינד איז מיר! װאָס אַהרט דאָס איהם, אשטײגער, װאָס איך האָב נאָר אײן אױג אין שטערן? דער בױך האָט איהם װעה געטהאָן? צי ער האָט בלוט פאַרגאָסען?"... שיט, שיט מיט רעד, װי פון אַ זאַק! עס װײזט זיך מיר אױס, אַז זי װעט אײביג אַזױ שיטען, קײנמאָל נישט אױפהערען, און עס זיגעט מיך בײ'ם הארצען, עס נאָגט די נשמה, און עס נעמט מיך אָן אַ חשק נעמען איהר טער־קישען שאָל, צעקנײטשען מיט די הענט, צעטרעטען מיט די פיס און צערײסען אױף שטיק־שטיקלעך! האָטש, אײגענטליך, אַז מע װיל שמועסען צוריק, װאָס האָב איך צו איהר שאָל? אַ שאָל װי אַלע טערקישע שאַלען, װאָס מע ברענגט זײ צו פיהרען פון בראָד. אײך באַדאַרף זײן באַקאַנט די דאָזיגע טערקישע שאַלען: גע־מאָהלטע, מיט רױטע, געלע, גרינע, װײסע, שװאַרצע קעסטעלעך, מיט שפּרײנקעלעך באַשפּרײנקעלט און מיט פרענזעלעך באַ־פרענזעלט...

— זײט זשע מוחל, יונגערמאַן! — האַק איך איהם איבער כּאמע אין מיטען. — דאַכט זיך, איהר האָט געזאָגט, איהר װילט זיך עפּיס אײן עצה האַלטען מיט מיר מכּח אײן ענין?...

— האָט קײן פאַראיבעל נישט, — מאַכט ער און חאַפּט איבער דעם אָטהעם, — אפשר נעם איך צו בײ אײך צײט? נאָר דאָס איז נױטיג געװען, פאַרשטעהט איהר מיך, טאַקי צום ענין, איהר זאָלט װערען אַ ביסעל באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענטשען, און אַז איהר װעט װערען באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענטשען, װעט איהר ערשט דעמאָלט פאַרשטעהן די לאַגע מײנע... איז װיבאַלד זי װערט, חלילה, נישט מיט אַלעמען, מײנע הײסט דאָס, הױבט אָן די שװיעגער װאָרטשען, און דער שװעהר הײסט אײנשפּאַנען דאָס פּאַיעטאָנדעל און שיקט אװעק נאָכ'ן דאָקטער, דעם נײעם דאָקטער, — אַזױ טאַקי רופט מען איהם

בײַ אונז: „דער נײַער דאָקטער", — איך װיל אײַך ניט פּורש בשמו זײַן, האָפּט איהם דער װאַטענמאַכער!... און אָט אַדאָ הױבּט זיך ערשט אָן די רעכטע חתונה, װאָס װעגען דעם טאַקי האָב איך אײַך געװאָלט דערצעהלען און זיך מיט אײַך אײַן עצה האַלטען.

מײַן פּאַרשױן שטעלט זיך אָפּ אױף אַ מינוט, װישט זיך אױס דאָס פּאַרשװיצטע פּנים, רוקט זיך צו צו מיר מיט'ן בּענקעל אַ בּיסעל נעהענטער און גרײט זיך צו דערצעהלען װײַטער, נעמט בּשעת מעשה אין האַנט אַרײַן אַ זאַך אױף צו האַלטען, מחמת ס'איז פאַרהאַן מענטשען, װאָס אַז זײ רעדען, מוזען זײ עפּיס האַלטען אין דער האַנט, אַנדערש קאָנען זײ ניט דערצעהלען קײן מעשה. בײַ מיר אױפ'ן שרײַב־טיש שטעהען אױסגעשטעלט פאַרשײדענע זאַכלעך, ראַריטעטען, צאַצקעס, און צװישען זײ אױך אַ קלײן װעלאָסיפּעדעל, אַ ציגאַרענשנײדער. דאָס דאָזיגע װעלאָסיפּעדעל האָט אַזױ נושא־חן געװען בײַ'ם עולם, אַז איטליכער, װער עס קומט אַרײַן צו מיר, איז קודם־כּל נעמט ער זיך צום װעלאָסיפּעדעל. אױך דעם דאָזיגען פּאַרשױן מײַנעם איז דאָס װעלאָסיפּעדעל, אַפּנים, שטאַרק געפעלען. פריהער האָט ער דאָס בּשעת דערצעהלען באַ־טראַכט, נאָכדעם גענומען אין האַנט, נאָכדעם געפּרובּט דרעהען די רעדלעך — הכּלל, ער האָט דאָס װעלאָסיפּעדעל שױן מעהר פון די הענט ניט אַרױסגעלאָזט, און אַזױ האָט ער אָנגעהױבּען צו דערצעהלען װײַטער:

— אַלזאָ, „דער נײַער דאָקטער". דאָקטױרים, דאַרפט איהר װיסען, איז פאַרהאַן בײַ אונז אין שטעדטעל, אַזױ װי די הינט: פאַרהאַן דאָקטױרים קריסטען, און פאַרהאַן אידישע דאָקטױרים, און דאָקטױרימלעך; פאַרהאַן אױך דאָקטױרים ציוניסטען, דאָס הײסט אַזעלכע, װאָס פאַרנעמען זיך מיט ציוניזם. נאָר דער דאָק־טער, װאָס איך דערצעהל אײַך, איז נאָך גאָר אַ יונגער דאָקטער, טאַקי אַ הײמישער, אַ שנײַדער'ס אַ זוהן, דאָס הײסט, דער פאָטער זײַנער איז געװען אַמאָל אַ שנײַדער — הײַנט איז ער שױן אױס

שנײַדער, װאָרום װי שטעהט איהם אָן זײַן אַ שנײַדער, אַז ער האָט אַ זוהן אַ דאָקטער? מײַן איך פאַרקעהרט: װי שטעהט אָן דעם זוהן דעם דאָקטער צו האָבען אַ טאַטען אַ שנײַדער, און נאָך אַזאַ מין שנײַדער, װאָס איז צװישען שנײַדערס אַ שנײַדער? דהײנו: אַלײן איז דאָס אַ אידעל, דאַרפט איהר װיסען, אַ קלײנס, מיט אַ װאַטאָװער קאַפּאָטע און מיט אַ קאַסאָקע אױגעל און מיט אײן אײַנגעבױגענעם פינגער, און אַ קול האָט דאָס, װי אַ גרײַגער, און סע געהט־אַרום טאָג װי נאַכט און סע גרײַגערט: „מײַן דאָקטער האָט דאָס נעכטען געהאַט אַ פּראַקטיקע, אַי אַ פּראַקטיקע! מײַן דאָקטער, אַז ער װיל, קאָן ער! מײַן דאָקטער!"... ער פאַרהאַקט איטליכען באַזונדער דעם קאָפּ מיט זײַן דאָקטער! און דערצו איז נאָך דער דאָקטער, צו די צרות, דאַרפט איהר װיסען, אַ װײַבערשער דאָקטער, דאָס הײסט, אײן אַקושאָר, — איז װאו ערגיץ אַ סוד, פּויקט ער אויס, דער קאַסאָקע שנײַדער, איבער דער גאַנצער שטאָדט. אַז אָך און װעה איז שוין יענעם װײַבעל אָדער יענעם מײדעל, װאָס פאַלט־אַרײַן צום דאָזיגען דאָקטער אין די הענט און צו זײַן פאָטער דעם שנײַדער אין מויל אַרײַן... עס האָט זיך אַנומעלטען געטראָפען בײַ אונז אַ מעשה, אַ מײדעל איז געװען בײַ אונז...

— זײַט זשע מוחל, יונגערמאַן! האַק איך איהם איבער נאָך אַ מאָל אין מיטען די רעד. — דאַכט זיך, איהר האָט געװאָלט מיט מיר זיך עפּיס אײַן עצה האַלטען?

— האָט קײן פאַראיבעל ניט, אפשר נעם איך צו בײַ אײַך צײַט? נאָר איך האָב אײַך אָנגעהױבען מיט'ן דאָקטער, װײַל ער איז אינגאַנצען דער מלאך־המות טאַקי! װען ניט ער, װאָלט דאָך מיר געװען גוט װי די װעלט. װאָרום װאָס פעהלט מיר, איך בעט אײַך? אַז אַ װײַבעל האָב איך, דאַרפט איהר װיסען, אַ פּאַרשוין, אַ יפת־תואר קאָן מען זאָגען, און קײן קינדער, דאַרפט איהר װיסען, האָבען מיר נאָך ניט, און אַ בת־יחידה איז זי, אײן־און־אײנציגע, איבער הונדערט און צװאַנציג יאָהר איז דאָס אײנ־

גאַנצען איהרס, מיינס הייסט דאָס, און כּבוד האָב איך אויך, ניט צו פאַרזינדיגען, וועדליג אַ נגיד׳ס איין איידעם, ניט זשעדנע, דאַנקען גאָט, נישט קיין אויבען־אָן, נישט קיין מפטיר שבת און יום־טוב, נישט קיין כּיבוד, אַז סע מאַכט זיך ערגיץ אַ ברית; אויך מיט׳ן אתרוג, צו די הושענות, בּין איך דער ערשטער נאָכ׳ן שווער: פריהער דער חזן, געוויינטליך, נאָכדעם דער רב, נאָכדעם דער שווער, נאָכדעם איך, נאָכדעם ערשט דער איבעריגער עולם. און אפילו אין מרחץ, להבדיל, אַז איך טהו מיך אויס און קום־אריין, מאַכט דער בעדער אַ טאַרעראַם: „לאָזט נאָר, אידען, מאַכט אַ וואַרע, דעם נגיד׳ס איידעם געהט!" איך שווער אייך בּנאמנות, אַז סע איז מיר פריקרע, איך האָב עס פיינט. שייך זאָגען פיינט? חנופה האָט איטליכער ליעב, און פון כּבוד זאָגט זיך קיינער נישט אָפּעט, נאָר וואָס דען? ס׳איז שוין צופיעל, ובפרט, אַז איך וויים, אַז איך האָב עס כּלל נישט פאַרדיענט. וואָס איז? באשר דער שווער איז אַ נגיד? לאָזען זיי איהם חנפה׳נען, לאָזען זיי איהם לעקען, זייט מיר מוחל, צעזעצטערהייט, וואָס קעהר זיך דאָס אָן מיט מיר? ווילדע מענטשען, זאָג איך אייך, נאָך גאָר ווילדע מענטשען, און איך באַדאַרף זיצען מיט זיי, ווי אין געפּענקעניש, וואָרום צונויפגעהן זיך מיט אַבּי וועמען לאָזט מען מיך נישט; ווי פּאַסט דאָס פאַר׳ן נגיד׳ס איידעם? רעדען מיט׳ן שווער — איז נישטאָ מיט וועמען. ער איז, דאַרפט איהר וויסען, אַ פּראָס־טער נפש, זעהר אַ פּראָסטער נפש, אַ גרויסער עם־הארץ, זאָל ער מיר מוחל זיין, — ווי ער הערט נישט, אַזוי זאָל איהם נישט שאַד־ען. און זי — אַ ווילדע ציעג, אַ בּת־יחידה, ווי איך האָב אייך געזאָגט; אָט לאַכט זי, און אָט וויינט זי, אָט איז חאַ־חאַ־חאַ, און אָט טהוט זיך זיך אַ וואָרף אין בעט אריין, און מע שיקט נאָכ׳ן נייעם דאָקטער. און דער נייער דאָקטער — פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען! דערמאָן איך זיך אָן איהם, ווערט מיר מיאוס ומאוס דאָס לעבען מיינס! איהר מעגט מיר זיכער גלויבען, סע מאַכט זיך אמאָל אַ צייט, אַז סע ווילט זיך מיר אָדער חאַפּען אַ מעסער און

שטעכען זיך, אָדער אַוועקלויפען צום טייך און טרינקען זיך — אַזוי ווייט איז מיר נמאס דער דאָזיגער דאָקטער!

און דער יונגערמאַן פאַרטראַכט זיך, ווערט טרויעריג.

— וואָס זשע, איהר זענט זי, הייסט דאָס, חושד? — זאָג איך צום יונגענמאַן, און היט זיך מיט איין איבעריג וואָרט.

— חס ושלום! — מאַכט ער צו מיר און חאַפּט זיך אויף, ווי איין אָפּגעבריהטער, און רוקט זיך צו צו מיר נאָך נעהענטער. — וואָס איז שייך זאָגען, איך בין זי חושד? אַ אידישע טאָכטער! אַ כשר קינד!... איך רעד פון איהם רעד איך, פון שענעם דאָקטער, ברענען זאָל ער. און נישט אַזוי נאָך דער דאָקטער, ווי דאָס שענע פּאָטערעל זיינס, דאָס קאַסאָקע שניידערעל מיט דער וואַטאָוועך קאַפּאָטע, פאַר'שרפה'ט זאָל ער ווערען! ער געהט אַרום טאָג ווי נאַכט און גרייגערט און פּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט. איהר מיינט, דאָס גרייגערען האָט עפּיס אַ ממשות? בלאָטע, גאָלע גאָר־נישט! עס האָט אַ צונג, און סע רעדט! עס וואָלט מיך געאַהרט, מאָהלט אייך, ווי דער פאַראַיאָהריגער שניי. איז אָבער דער חסרון, וואָס אַ מענטש האָט אויהערען, און אויהערען האָבען ליעב האָרכען, און אַז מע האָרכט זיך גוט צו, דערהערט מען אַזעלכעס, וואָס מע וואָלט דאָס נישט געוואָלט האָרכען. ובפרט נאָך ביי אונז אין שטאָדט — אַ שטאָדט, דאַרפט איהר וויסען, פון גאָלע רכילות'ניקעס מיט לשון־הרע'ניקעס מיט לאַנגע צינגער, וואָס האָבען אַ שם אויף דער וועלט! נעמט מען אַריין ביי אונז אַ מענטשען אין מויל אַריין, מעג ער זיך שוין אָפּגעזעגענען! פאַר מיר אין די אויגען, מאָהלט אייך, היט מען זיך, נאָר הינטער די אויגען האָב איך עטליכע מאָל געהערט אַזעלכע ווערטער, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבען צו־קוקען, שטאַרק צוקוקען, חאַפּען ווערטער, טאַפּען רעד, און — למאי זאָל איך זאָגען? — איך האָב נישט אַרויסגעזעהען גאָרנישט, לחלוטין גאָרנישט, בלתי איין זאַך האָב איך אַרויסגעזעהען, וואָס אַז ער קומט צו געהן, ווערט זי גאָר איין אַנדער מענטש, מיט איין אַנדער פּנים,

מיט אַנדערע אויגען. דאָס הייסט, דער מענטש איז דער זעלבער מענטש, מיט'ן זעלביגען פּנים, מיט די זעלביגע אויגען; נאָר דער קוק איז איין אַנדערער. איהר פאַרשטעהט? ס'איז גאָר איין אַנדער קוק מיט איין אַנדער גלאַנץ! איהר מיינט, איך בין נישט קיין בעלן געווען אפשר אַ פרעג טהון זי: „זאָג מיר נאָר, וואָס איז די מעשה, נשמה מיינע, וואָס אַז ער קומט צו געהן, ווערסט דו גאָר איין אַנדער מענטש?" טרעפט, וואָס זי האָט מיר דערויף געענטפערט? זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַזאַ מין חאַ־חאַ־חאַ, אַז איך האָב געמיינט, איך וועל מיך באַגראָבען אַ לעבעדיגער! און טאַקי באַלד נאָכ'ן גרויסען געלעכטער האָט זי זיך אריינגעוואָרפען אין בעט אריין מיט אַזאַ מין יללה, אַז ס'איז געקומען צו לויפען די שוויעגער מיט'ן טערקישען שאַל און האָט זי גענומען מינטערען, און בשעת מעשה האָט זי אויסגעלייענט איהר ביסעל תחינות, און דער שוועהר האָט געחאַפּט דאָס פּאַיעטאָנדעל און געשיקט נאָכ'ן דאָקטער, טאַקי מיך אַליין; און אַז דער דאָקטער איז געקומען, איז איהר די רגע געוואָרען גרינגער, ס'איז איהר אריין די פאַרב אין פּנים, און די אויגען האָבען איהר אָנגעהויבען גלאַנצען, ווי בריליאַנטען אַקעגען דער זון... און שטעלט אייך פאָר די שענע לאַגע מיינע: אַז איך באַדאַרף צו איהם אריינקומען אין שטוב אריין, איז, מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, גלייך ווי אויף יענער וועלט. אין גיהנם אריינצוגעהן באַדאַרף זיין אַ סך מעהר ניחא! היינט אָנקוקען דאָס פּנים זיינס, איין אײדעל פּנים'על! רויט ווי אַ צוויק, אַזש בלויליך, און יעדער פּרישטש, יעדער פּרישטש, באַזעצט מיט פּרישטשעס! און האָט אַ טבע שמייכלען — שמייכעלט, ווי אַ פּגר אומגעוואַשען. צי מע דאַרף, צי מע דאַרף נישט — ער שמייכעלט! שטענדיג געשמייכעלט, און צו איטליכען באַזונדער איז ער צוגעלאָזט. און ווער שמועסט, צו מיר? צו מיר איז ער תמיד צוקער־זיס און ווייך, חאָטש לעג איהם צו צו אַ מכה. זיין גוטסקייט צו מיר האָט נישט קיין שיעור און קיין ערך! אַנומעלטען בין איך געווען נישט אין בעסטען געזונט, געהאַט די היינטמאָדישע

קרענק, די אינפלוענצע, וואָלט איהר באַדאַרפט זעהען, ווי דער מענטש האָט זיך דאָס אָוועקגעלעגט פאַר מיר, עס איז מיר אַזש געוועזן איבער דער טבע! און מערקווירדיג! וואָס מעהר ער איז צו מיר גוט, אַזוי מעהר (גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען) האָב איך איהם פיינט, אַנקוקען קאָן איך איהם נישט, ובפרט דעמאָלט, ווען ער זיצט ביי אונז און זיי קוקען זיך דורך מיט איהר!... מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך קאָן איהם אַננעמען פאַר׳ן קארק און ארויסוואַרפען אין דרויסען אַרויס, וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק געזונט! איך קאָן נישט אַריבערטראָגען זיין קוקען, וואָס ער קוקט אויף איהר, מיט זיין שמייכלען, וואָס ער שמייכעלט צו איהר. און איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט: איין מאָל פאַר אַלע מאָל — איין עק לאָז דאָס האָבען! ביז וואַנען איז דער שיעור צו ליידען בזיונות? די גאַנצע שטאָדט, דאַרפט איהר וויסען, האָט שוין מיט מיר צו טהון! קיין אַנדער עצה איז פאַר מיר נישט פאַרהאַן — נאָר אַ גט! קיין אַנדער מבוא זעה איך גאָר נישט! אַי, וואָס? אַ תכלית? אַ שוועהר אַ גביר? אַ בת־יחידה? איבער הונדערט יאָהר איינ־גאַנצען איהרס, מיינס הייסט דאָס? אַ שענע ריינע כפרה! עלעהיי, וואָס האָב איך געטהאָן פריהער? וואָס טהוען אַ סך אַנדערע יונגעלייט? נישטאָ קיין אַנדער פלאַן! ווי זאָגט איהר איאָ, נישטאָ קיין אַנדער פלאַן, אַ חוץ גט׳ען זיך?...

דאָ האָט מיין פאַרשוין ווידער אַ מאָל איבערגעחאַפּט דעם אָטהעם, אויסגעווישט דאָס פנים און געוואַרט אויף מיר, וואָס וועל איך זאָגען.

— איך ווייס? איך מיין אויך אַזוי, אַז ס׳איז נישטאָ פאַר אייך קיין אַנדער פלאַן, אַ חוץ גט׳ען זיך. ובפרט, אַז איך זעה נישט אַרויס, אַז די ליעבע ביי אייך זאָל זיין אַזוי פלאַקערדיג, און קיין קינדער, הער איך, האָט איהר במילא נישט, און די שטאָדט רעדט, — הייגט צו וואָס נוצט אייך דער גאַנצער מסחר?

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט מיין פּאַרשוין געדרעהט די רעדעלעך פון'ם וועלאָסיפּעדעל און געקוקט אויף מיר מיט זיינע שוואַרצע טיעפע רחמנות־אויגען, און אַז איך האָב אויס־געלאָזט, האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר נאָך נעהענטער און אָנ־געהויבען מיט אַ זיפץ:

— איהר זאָגט: ליעב האָבען... וואָס איז שייך צו זאָגען? פיינט האָב איך זי נישט. פאַר וואָס זאָל איך זי פיינט האָבען? איך האָב זי בפירוש ליעב — ניין, טאַקי שטאַרק ליעב!... און וואָס איהר זאָגט, די שטאָדט רעדט? לאָז זי רעדען פון פייער און פון וואַסער! מיך ברענט נאָר אויף איהם, אַ פייער ברענט אין מיר! אויף איהם און אויף איהר! וואָס איז אויף איהר אַזאַ גדולה, אַז זי דערזעהט איהם? פאַר וואָס, זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווערט זי נישט רויט און פרייליך, אַז זי דערזעהט מיך? מיט וואָס בין איך ערגער פון איהם? דערמיט, וואָס ער איז אַ דאָקטער ז״ין איך נישט? מע זאָל מיך געווען לערנען, אַזוי ווי איהם, וואָלט איך אפשר אויך געווען אַ דאָקטער, און אפשר נאָך אַ גרעסערער דאָקטער ווי ער! איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, אַז אין די קליינע אותיות, ווי איהר זעהט מיך, וועלען מיר זיך נאָך אויס־גלייכען מיט איהם, און אויף לשון־קודש וועל איך איהם נאָך אפשר פאַרשטעקען אין גאַרטעל אויך! בין איך מיך אָבער מיישב וויעדער צוריק: וואָס האָב איך, אייגענטליך, אויף איהר אַזעלכעס דערזעהען, וואָס איך זאָל איהר געבען אַ גט? אַי, דער נייער דאָקטער? וואָס וואָלט איך געטהאָן, ס'זאָל זיין אויפ'ן אָרט פון דעם נייעם דאָקטער איין אַנדער שוואַרץ יאָהר? און וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז אַ ווייבעל טאָר נישט זיין באַקאַנט מיט אַ דאָקטער? האָט איהר אייך איין מאָל אַוועק. והשנית, וואָס וועט זיין פון מיר דער תכלית, ווען, למשל, איך גט זיך מיט איהר אָפּ? אַז אַליין, דאַרפט איהר וויסען, בין איך אַ יונגעל אַ יתום, איין עלענדער, אָהן אַ קרוב, אָהן אַ גוטען פריינט — געה ווער צוריק איין אָרעם־בחור און האָב חתונה, הויב אָן נאָך אַ מאָל, הייסט דאָס,

אַלף־בית! און פון וואַנען ווייס איך, אַז איך וועל מאַכען בעסער? טאָמער פאַל איך אַריין נאָך אין אַיין ערגערען גיהנם? ווי די מעשה איז, דאָ ווייס איך שוין מיין צרה, און בין פאָרט, ווי זאָגט ער, קראַנפּרינץ, דעם נגיד'ס איידעם, איבּער הונדערט יאָהר אין דאָס פאָרט איהרס, מיינס הייסט דאָס... איהר פאַרשטעהט? וואָס וועל איך געהן מאַכען קאָמבּינאַציעס, שפּעגעלירען? ס'איז דאָך נישט מעהר ווי אַ שפּיעל, אַ לאָטערייע. וואָס? נישט אַזוי? וואָס זאָגט איהר? ס'איז נישט קיין שפּיעל? נישט קיין לאָטערייע?

— איך מיין, זאָג איך, אויך אַזוי: ס'איז אַ שפּיעל, אַ לאָ־טערייע. אודאי איז בּעסער שלום, איידער גט'ען זיך.

איך בּין זיך מחיה, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מיין עצה קומט אויס מעהר אויף שלום, איידער אויף גט. און איך מיין, אַז איך בּין שוין מיט איהם פאַרטיג. צום סוף חאַפּט ער דאָס וועלאָסיפּעדעל און רוקט זיך צו צו מיר גאַנץ נאָהענט און רעדט מיר גלייך אין פּנים אַריין:

— שלום? איהר זענט אפשר גערעכט. איך דערמאַן מיך אָבּער אָן א י ה ם, פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען, אָן דעם דאָקטער, הייסט דאָס, מיט'ן פרישטשעוואַטען פּנים! דער טאַטע זיינער, דער קאַסאָקע שניידער, דאַרפט איהר וויסען, געהט אַרום סאַי ווי סאַי און פּויקט איבּער'ן שטאָדט, אַז דעם נגיד'ס טעכטערל האַלט בּיי גט'ען זיך. איהר פאַרשטעהט אַ נידעריגקייט פון אַ פאַלגע? געחיי־בּי וואָלט ער חאָטש ניט געפּויקט! איז וויבּאַלד מע רעדט שוין דערפון אין שטאָדט, היינט וואָס האָב איך דאָ אָנצוּוועהרען? ווי זאָגט מען: דאָס שאַרבּען וועט שוין שאַרבּענדיגער ניט ווערען. כּל־זמן עס איז נאָך געווען בּסוד, איז גאָרניט, אַ קניפּ אין בּאַק — די פאַרבּ זאָל שטעהן. אָבּער איצט, אַז אַלע רעדען שוין וועגען גט, איז שוין פון מיר אַליין, דאַכט מיר, אַ גראָבּקייט, וואָס איך האַלט זיך. עס איז שוין קיין אַנדער בּרירה נישט פאַרהאַן, אַ חוץ גט. הא? וואָס איהר? נישט אַזוי?

— איך מיין, זאָג איך, אויך אזוי. וויבאַלד אַלע ווייסען שוין און אַלע רעדען שוין וועגען גט, איז דאָס פון אייך שוין גראָבליך, און איהר האָט שוין טאַקי קיין אַנדער ברירה ניט, א חוץ גט.

— האַלט איהר, הייסט דאָס — מאַכט ער צו מיר און רוקט זיך צו מיט׳ן בענקעל כמעט אויף מיר — האַלט איהר, הייסט דאָס, אַז איך באַדאַרף איהר דורכאויס געבען גט? באַקלערט נאָר די זאַך אַקוראַט. למשל, איהר זענט דער רב, און איך קום צו אייך מיט מיין ווייב זיך גט׳ען, און איהר טהוט מיך א פרעג: „זאָג מיר, יונגערמאַן, פאַר וואָס גט׳סט דו זיך מיט דיין ווייב?״ וואָס קאָן איך אייך דערויף ענטפערען פאַר א תשובה? באשר, וועל איך אייך ענטפערען, זי קוקט אויפ׳ן דאָקטער, און דער דאָקטער קוקט אויף איהר. נו? האָט דאָס א טעם? פרעג איך אייך! זאָל איך זיי געהן פאַרשטעלען די אויגען? און וואָס פאַר א פנים וועל איך דעמאָלט האָבען פאַר דער וועלט? אדרבה, זאָגט שוין איהר אַליין! גענומען און אָפּגע׳גט א ווייבעל א יפת־תואר, א בת־יחידה, א נגיד׳ס א קינד, איבער הונדערט יאָהר אינגאַנצען איהרס, מיינס הייסט דאָס... וואָס? וואָס וועט זאָגען די וועלט? משוגע! הא? וואָס? אפשר ניט אזוי? אַיאָ, פריש און געזונט און משוגע?

— איך זאָג אויך אזוי: פריש און געזונט און משוגע.

דאָ האָט מיין פאַרשוין זיך צוגערוקט צו מיר שוין אזוי נאָהענט, אז אונזערעביידענ׳ס פּיס זענען אויסגעקומען אינאייגעם, ווי צונויפגעפלאָכטען, און אויפ׳ן אָרט פונ׳ם וועלאָסיפּעדעל, וואָס ער האָט דאָס גע׳פּטר׳ט, האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס טינטערעל מיינס. ער האָט א זיפץ געטהאָן און ווייטער גע׳דרשה׳ט:

— אייך איז גרינג צו זאָגען אויף יענעם: פריש און געזונט און משוגע! איך וואָלט א בעלן געווען וויסען, וואָס וואָלט איהר געטהאָן, למשל, ווען עס טרעפט זיך מיט אייך אזא מעשה?

דאָס הײסט, װען איהר האָט אַ שװעהר אַ גראָבען יונג, אַ שװײגער מיט אַ טערקישען שאַל, װאָס זי האַלט אין אײן װאָר־טשען, און אַ װײב, װאָס זאָל זײן געזונט און שטאַרק און זאָל זיך כּסדר דאָקטערען, און די שטאָדט זאָל אױף אײך טײטען מיט די פינגער: „אָט געהט ער, דער יונגערמאַן פון דער ציעג!״ מיר דאַכט, אַז איהר װאָלט אין מיטען האַלבע נאַכט זיך אױפגעחאַפּט, אָפּגעג׳גט און אַנטלאָפען, װאו דער שװאַרצער פּעפער װאַכּסט. װאָס, אפשר נישט אַזױ?

— איך מײן, זאָג איך, אױך אַזױ, אַז איך װאָלט אין מיטען האַלבע נאַכט זיך אױפגעחאַפּט, אָפּגעג׳גט און אַנטלאָפען, װאו דער שװאַרצער פּעפער װאַכּסט.

— אודאי איז אײך גרינג צו זאָגען — מאַכט ער — אױפ־געחאַפּט, אָפּגעג׳גט און אַנטלאָפען, װאו דער שװאַרצער פּעפער װאַכּסט! גלאַט גערעדט „אַנטלאָפען״! װאָס אַנטלאָפען? װער אַנטלאָפען? װאוהין אַנטלאָפען? אין דער ערד אַרײן?... און דאָס, װאָס זי איז אַ בת־יחידה... אײן־און־אײנציגע... איבער הונדערט יאָהר אינגאַנצען איהרס, מײנס הײסט דאָס?... דאָס איז גאָרניט?... און גלאַט, װאָס האָב איך צו איהר? װאָס האָב איך צו איהר?... נײן, זאָגט מיר: װאָס האָב איך צו איהר?...

— איך מײן, זאָג איך, אױך אַזױ: װאָס האָט איהר צו איהר?

— סטײטש, זאָגט ער, נו, און דער דאָקטער? דעם דאָקטער האָט איהר פאַרגעסען?! כּל־זמן איך זעה דעם דאָזיגען מלאך־המות פאַר די אױגען, קאָן איך זי נישט זעהען, קאָן איך אױף איהר פּנים נישט קוקען!

— װיבאַלד אַזױ, זאָג איך, מוזט איהר זיך גט׳ען.

— װאָס זשע, זאָגט ער, װעט זײן דער תּכלית? װאָס קאָן אַזאַ יונגערמאַן, װי איך, טהון בײ הײנטיגע ביטערע צײטען? אדרבה, זאָגט איהר! זײט אַ איד אַ חכם!

— דאַרף מען זיך, זאָג איך, ניט גט'ען!
— ניט גט'ען? נו, און דער דאָקטער? כּל־זמן...
— דאַרף מען זיך גט'ען! — זאָג איך און וויל מאַכען איין עק.
— גט'ען? וואָס זשע איז פאַר אַ תּכלית? סטייטש...
— איז ניט גט'ען!
— נו, און דער דאָקטער?...

איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז אַזעלכעס געשעהן. עס האָט מיר אַ זעץ געטהאָן דאָס גאַנצע בלוט אין קאָפּ אַריין, ס'איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. איך האָב אָנגעכאַפּט מיין פאַרשוין פאַר'ן גאָרגעל, איהם צוגעקוועטשט צו דער וואַנט און גישט מיט מיין קול געשריגען:

— גט'ען זי זאָלסט דו, ממזר! גט'ען זי! גט'ען זי! גט'ען זי!!!!

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

אויף אונזער ביידענ'ס געשריי האָט זיך צונויפגעלאָפען מיין גאַנץ הויזגעזינד. וואָס איז? וואָס איז דאָ געשעהען? — גאָר־ניט! גאָרניט! דערזעהען מיין טוידט פּנים אין שפּיעגעל, האָב איך זיך אַליין ניט דערקענט. און ביי מיין פאַרשוין האָב איך נאָכדעם עטליכע מאָל געמוזט בעטען מחילה, איהם געקוועטשט די האַנט, אָנגעזאָגט טויזענט מאָל, ער זאָל פאַרגעסען וואָס צווישען אונז איז פאָרגעקומען... „עס מאַכט זיך אַמאָל, האָב איך איהם געזאָגט, אַז אַ מענטש גיעהט־אַרויס פון די כּלים". מיין יונגערמאַן איז געווען אַ ביסעל מבולבל, ווי צעמישט, מודה געווען, אַז אַ מענטש איז ניט ביי זיך אין די הענט, עס מאַכט זיך, אַז אַ מענטש גיעהט־אַרויס פון די כּלים... און מיט דעם זעלבען „בּואי־בשלום",

וואָס ער איז אריינגעקומען צו מיר, איז ער ארויסגעגאנגען פון מיר: דאָס זעלבע בויגען זיך, די זעלבע עטליכע טריט צוריק, די זעלבע רעווערענסען, דאָס זעלבע רייבען מיט די הענט.

— האָט קיין פאראיבעל ניט, טאָמער האָב איך ביי אייך צוגענומען צייט, און א דאנק פאר דער עצה... א גרויסען דאנק אייך... און זייט געזונט!

— ניטאָ פאר וואָס... פאָהרט געזונט.

# בײ'ם דאָקטאָר

— איך װיל אײַך בעטען, הערר דאָקטער, אײן זאַך: איהר זאָלט מיך אױסהערען. דאָס הײסט, נישט דאָס שלאָפקײט מײנס זאָלט איהר אױסהערען — פונ'ם שלאָפקײט װעלען מיר שמועסען שפּעטער. איך װעל אײַך שױן אלײן אױפקלערען, אין װאָס עס באַשטעהט מײן שלאָפקײט. װילען װיל איך, איהר זאָלט אױסהערען מיך אלײן, װאָרום ניט אַ יעדער דאָקטער האָט ליעב אױסהערען דעם חולה. ניט אַ יעדער דאָקטער לאָזט זיך רעדען. דאָקטױרים האָבען אַ טבע: זײ לאָזען זיך נישט רעדען. זײ װײסען נאָר טאַפּען דעם דופּק, קוקען אױפ'ן צײגער, פאַרשרײבען אַ רעצעפּט און נעמען פאַר'ן װיזיט. אױף אײַך האָב איך געהערט זאָגען, אַז איהר זענט ניט פון די דאָקטױרים. איהר זענט נאָך, זאָגט מען, אַ יונגער דאָקטער, און זענט נאָך ניט אזױ להוט, פאַרברענט נאָכ'ן קערבעל, װי אַנדערע דאָקטױרים. בין איך דערפאַר, הײסט דאָס, טאַקי געקומען צו אײַך, זיך מיט אײַך אײן עצה האַלטען מכּח מײן מאָגען. איך בין, װי איהר זעהט מיך, אַ מענטש מיט אַ מאָגען. על־פּי חכמת הדאָקטאָריע קומט אפילו אױס, אַז יעדער מענטש מוז האָבען אַ מאָגען. נאָר װען איז דאָס געדערט געװאָרען? אַז דער מאָגען איז אַ מאָגען; אָבער אַז דער מאָגען איז קײן מאָגען ניט, הײנט צו װאָס טױג דאָס לעבען? װעט איהר דאָך מיר ענטפערען מסתּמא מיט'ן פּסוק: בעל־כּרחך אתּה חי? װײס איך עס אָהן אײַך.

פאַר דעם „בעל־כּרחך" האָב איך נאָך אין חדר געחאַפּט שמיץ. איך שמועס פון דעם, וואָס אַ מענטש כּל־זמן ער לעבט, ווילט זיך איהם ניט שטאַרבען. חאָטש דעם אמת דאַרף איך אייך זאָגען, אַז איך אַליין האָב פאַר'ן טוידט כּלל קיין מורא נישט. וואָרום, ערשטענס, האָב איך שוין אַריבערגעשפּאַנט ששים, והשנית, בּין איך אַזאַ מענטש, וואָס קאַטאָרי לעבען און שטאַרבען איז בּיי מיר גלאַט אַלץ איין יום־טוב. דאָס הייסט, לעבען איז אודאי גלייכער ווי שטאַרבען, וואָרום ווער וויל דאָס שטאַרבען? ובפרט אַ איד? ובפרט אַ טאַטע פון עלף קינדער, זאָלען געזונט זיין, מיט אַ ווייב, חאָטש דאָס דריטע ווייב, נאָר דאָך אַ ווייב. בּקיצור, אַליין בּין איך אַ קאָמעניצער, דאָס הייסט, ניט פון קאָמעניץ גופא, נאָר פון אַ שטעדטעל ניט ווייט פון קאָמעניץ. און בּין, אַז אָך און וועה איז מיר, אַ איד אַ מיהלנער, איך האַלט אַ מיהל האַלט איך, דאָס הייסט, די מיהל האַלט מיך, וואָרום, ווי זאָגט איהר, אַז מע קריכט־אַריין, ליגט מען. אַ בּרירה האָט מען? ס'איז אַ ראָד, פאַרשטעהט איהר מיך, און סע דרעהט זיך! בּארעכענט זיך אַליין, אַז פאַר ווייץ בּאַדאַרף מען צאָהלען מיט מזומנים, און מעהל מוז מען צעטיילען אויף קרעדיט, אַ וועכּסעל אַהין, אַ וועכּסעל אַהער, און צו טהון האָט מען מיט גראָבע נפשות, און מיט ווייבער. איהר האָט עפּיס ליעב ווייבער? גאָט געב זיי אַפּ דין וחשבון: למאי דאָס, למאי יענעם? למאי עס איז ניט געראָטען בּיי זיי די חלה? וואָס בּין איך שולדיג? אפשר, זאָג איך, איז בּיי אייך ווייניג היץ? אָדער אפשר איז בּיי אייך געווען שלעכטע הייוועו? אפשר איז בּיי אייך געוועו, זאָג איך, נאָס האָלץ? פאַלט מען נאָך אָן אויף אייך און מע מאַכט אייך מיט דער בּלאָטע און מען איז אייך מבטיח, אַז דאָס אַנדערע מאָל וועט אייך פליהען די חלה אין קאָפּ אַריין... איהר האָט עפּיס ליעב, אַז סע פליהט אייך אַ חלה אין קאָפּ אַריין? דאָס זענען די קונה'טעם די לאַחדימ'ניצעם. נאָר איהר מיינט אודאי, די קונים די הורטאָווניקעם זענען בּעסער? אויך ניט בּעסער! לכתחילה, אַז דער קונה קומט אין מיהל אַריין און וויל

זיך מאַכען אַ קרעדיט, איז ער ווייך ווי אַ פּוטער, מיט טויזענט חניפה׳לעך און קאָמפּלימענטען, האָטש נעם לעג איהם צו צו אַ מכּה; און נאָכדעם, אַז עס קומט צו צאָהלען, הויבּט זיך אָן אַ צעטעל פון טענות: דער טראַנספּאָרט איז איהם שפּעט אָנגעקומען, די זעק האָבען זיך צעריסען, די מעהל איז געווען ביטער, טוכלע, צוגעלעגערט הייסט עס. צרות מיט שלעק — אַכצעהן חסרונות מיט זיעבּען און צוואַנציג תּירוצים! „און געלט?" „געלט, זאָגט ער, שיקט־אַריין אַ השבון!" אַ האַלבּער סילוק, הייסט דאָס. שיקט מען איהם מאָהנען, זאָגט ער: „מאָרגען". מאָרגען — „איבּער־מאָרגען". אַ נעכטיגער טאָג! הויבּט מען איהם אָן סטראַשען מיט אַ פּראָטעסט און מע גיט אויף איהם איין. נו, און אַז מע גיט שוין איין, מיינט איהר, איז וואָס? האָט מען אַ „ליסט", און אַז מע קומט מיט׳ן „ליסט" איבּערשרייבּען, איז בּמילא אַלסדינג אויף דעם ווייבּ׳ס נאָמען, און געה רוף איהם קנאַקניסעל! נו, פרעג איך אייך: בּיי אַזעלכע געשעפטען, ווי זאָל מען ניט האָבּען קיין מאָגען? ניט אומזיסט זאָגט צו מיר מיינע, האָטש זי איז בּיי מיר ניט דאָס ערשטע, זי איז דאָס דריטע, און דאָס דריטע ווייבּ איז דאָך, ווי זאָגט איהר, די זון אין שבת, נאָר דאָך אַוועקמאַכען קאָן מען זי ניט, פּאָרט אַ ווייבּ: „וואַרף־אַוועק, זאָגט זי צו מיר, נח, וואַרף־אַוועק דאָס מעהל־געשעפט. לאָז זיך עס אָנצינדען מיט דער מיהל אינאיינעם, וועל איך וויסען, אַז דו לעבּסט אויף דער וועלט!" „ע־הע־הע, זאָג איך, די מיהל זאָל וועלען בּרענען! זי איז גוט געסטרעכירט"... „ניט דאָס, זאָגט זי, מיין איך, נח. איך מיין, זאָגט זי, וואָס דו לויפסט אַרום, ניט קיין שבת, ניט קיין יום־טוב, ניט קיין ווייבּ, ניט קיין קינד. וואָס? וואָס פליהסט דו?"... פרעגט מיך בּחרם, איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך פליה. וואָס זאָל איך טהון, אַז ס׳איז בּיי מיר אַזאַ טבע, צו אַלדי רוחות?... איך האָב ליעב דרעהען!... טאָמער מיינט איהר, מע האָט עפּיס פונ׳ם דרעהען? צרות האָט מען! וואָס פאַר אַ געשעפט איהר זאָלט מיר ניט געבּען, נעם איך דאָס אָן; ניטאָ פאַר מיר

קיין שלעכטער בראָנפּען: זעק — איז זעק, האַלץ — איז האַלץ, „טאַרגעם" — איז „טאַרגעם". איהר קעהרט אודאי מיינען, אַז אַ חוץ דער מיהל האָב איך שוין מעהר קיין געשעפטען נישט? האָט איהר מחילה אַ גרויסען טעות. ווי איהר קוקט מיך אָן, האַנדעל איך מיט וואַלד, מיט איינעם אַ שותף, וואָס מיר האַקען איהם, און שטעל־צו פּראָוויאַנט אין דער טורמע, און האָב אַ חלק אין דער טאַקסע, און דערלעג דוקא אַלע יאָהר צו איהר געלט, איהר וואָלט זיך עס ווינטשען פאַרדיענען אַלע חודש, איך בין אייך קיין שונא ניט. אַי, צו וואָס דאַרף איך זי? קהל אויף צו־להכעים! איך בין, ווי איהר זעהט מיך, אַ גרויסער בעל־נצחון: בּיי מיר, צוליעב נצחון, איז כּדאַי די גאַנצע שטאָדט זאָל געהן צו גרונט און אַליין באַגראָבען ווערען — אַבּי אויספיהרען מיינס! איך בין, ווי איהר זעהט מיך, אַ מענטש דוקא אַזוי זיך ניט קיין שלעכטער בטבע, נאָר אַ גרויסער „קאַפּריז", אַ שפּילשליוועך, הייסט עס. מיך, אַז מע ריהרט מיך אָן אין כּבוד, איז חיות ניט זיכער! און דערצו בין איך נאָך אַ שטיקעל עקשן אויך. איך בין אַ בעלן געווען אַמאָל, אין די גוטע יאָהרען, פאַר איין „אתה־הראית'לע" בּיי אונז אין בית־המדרש געהן בּיז'ן בלוט אריין; דאָס בּית־המדרש האָט מען פאַר'משפּט — און איך האָב טאַקי אויסגעפיהרט מיינס. וואָס זאָל איך טהון? ס'איז בּיי מיר אַזאַ בּלוט! ס'איז בּיי מיר נערוועז, זאָגען זיי, די דאָקטוירים, און ס'האָט, זאָגען זיי, אַ שייכות צום מאָגען. חאָטש אפילו על־פּי שכל קומט דאָס אויס ווילד. וואָרום וואָס געהער זיך אָן נערוועז מיט אַ מאָגען? אַ ביסעל אַ סמיכות הפּרשה! וואו זענען די נערוועז און וואו איז דער מאָגען? נערוועז זענען דאָך, צום מיינסטען, על־פּי חכמת הדאָקטאָריע, דאַכט זיך, דאָרט, וואו די געהירען? און דער מאָגען איז דאָך גאָר ווייס איך וואו — פּאָלג מיך אַ גאַנג!... שאַט, אָט באַלד ענדיג איך, וואָס חאַפּט איהר זיך אַזוי? זיצט נאָך אַ מינוט. איך וויל דאָך אייך אויסדערצעהלען אַקוראַט, איהר זאָלט מיך אויסהערען און זאָגען מיר, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו מיר אָט דער דאָזיגער אומ־

גליק, איך מײַן דעם מאָגען מײַן איך. אפשר איז דאָס פֿון דעם, וואָס איך בין נע־ונד, בין קיינמאָל נישטאָ אין דער הײם, און אפילו דעמאָלט, ווען איך בין אין דער הײם, בין איך אויך ניט אין דער הײם. איך שווער אײַך בהן שלי — ס׳איז אַ געלעכטער צו הערען און אַ חרפּה צו זאָגען — איך ווײס נישט, וויפֿיעל קינדער איך האָב און ווי אַזוי מע רופֿט זיי. ס׳איז ניט גוט, הערט איהר, אָהן אַ בעל־הבית און אָהן אַ טאַטען! איהר זאָלט אָנקוקען בײַ מיר אַ שטוב, קיין עין־הרע, מיט אַ פֿעראַנדעק! אַ שיף אָהן אַ רודער! טאָג ווי נאַכט אַ טאַרעראַם, אַ האַרמידער, זאָל גאָט שומר ומציל זײַן! אַ ווערטעלע אויסצורעדען, קיין עין־הרע, עלף קינדער פֿון דרײַ ווײַבער! בשעת דער טרינקט טײ, עסט יענער אָנבײַסען, און בשעת איך דאַווען, גלוסט זיך יענעם שלאָפֿען. דער קנײַפּט אַ בולקע, און דער וויל הערינג, דעם גלוסט זיך מילכיגס, און דער שרײַט אין איין קול: פֿלײש! און אַז מע וואַשט זיך עסען, איז ערשט דעמאָלט ניטאָ קיין מעסער, מיט וואָס אַ שטיקעל ברויט אָפּצושנײַדען, און צווישען קלײנוואַרג איז אַ טומעל, אַ גיהנם, מיט הריגות, חאַטש נעם לויף אין דער וועלט אַרײַן! און איבער וואָס? אַלץ איבער דעם, הערט איהר, וואָס איך האָב קיינמאָל קיין צײַט ניט, און זי, מײַנע הײסט דאָס, איז, קיין עין־הרע, זעהר אַ גוטע, דאָס הײסט, ניט אַזאַ גוטע, ווי אַ ווײַבע, קאָן זיך ניט באַגעהן מיט קיין קינדער. מיט קינדער דאַרף מען קאָנען זיך באַ־געהן. קריכען זיי איהר אויפֿ׳ן קאָפּ, דאָס הײסט, זי שעלט זיי אפילו, קנײַפּט זיי, רײַסט זיי אויס שטיקער פֿלײש, נאָר וואָס קומט אַרויס? פֿאַרט אַ מאַמע. אַ מאַמע איז ניט קיין טאַטע. אַ טאַטע לעגט־אַנידער און שמײַסט־אָפּ אַ קינד. איך ווײס, אַז מײַן טאַטע האָט מיך געשמיסען. און אפשר האָט אײַך אײַער טאַטע אויך געשמיסען? וואָס זשע מײנט איהר? איז אַז וואַויל צו אײַך! איך ווײס ניט, צי ס׳וואָלט פֿאַר אײַך געוועזען בעסער, מע זאָל אײַך ניט געוועזען שמײַסען... וואָס האַפּט איהר זיך? איך ענדיג באַלד. איך דערצעהל עס אײַך ניט אומזיסט; דאָס איז

צוליעב דעם, איהר זאָלט פאַרשטעהן מיין אַרט לעבען, וואָס איך לעב. אפשר מיינט איהר, אַז איך וויים, וויפיעל איך פאַרמאָג? מעגליך, אַז איך בין אַ איד אַ נגיד, און אַ גרויסער נגיד, און מעגליך אַז — צווישען אונז וועט עס דאָך מסתמא בלייבען? — אַז איך בין אפשר דערונטער... איך וויים? אַז טאָג ווי נאַכט איז נאָר געלאַטעט; ווי זאָגט איהר, די טאַפּלי ארויסגענומען, יענע טאַפּלי אריינגעשטעלט — ס'איז עפּיס אַ תּירוץ? צי מע קאָן, צי מע קאָן ניט — נדן אַ קינד דאַרף מען געבען? ובפרט נאָך, אַז גאָט העלפט טעכטער, און דערוואַקסענע דערצו! אַנו, פּרובט האָבען דריי טעכטער דערוואַקסענע, קיין עין־הרע, אַלע אין איין טאָג צו דער חופּה פיהרען, וועלען מיר זעהען, צי וועט איהר קאָנען איינ־זיצען אין דער היים אפילו אַ טאָג! הייסט פאַרשטעהט איהר שוין, וואָס איז דאָס דרעהען, וואָס מע דרעהט, מיט'ן פליהען, וואָס מע פליהט? און אַז מע פליהט, חאַפּט מען אַ פאַרקיהלונג אין וואַגאָן, אַ בייזע ווערטשערע אויף דער אכסניא, וואָס מע קרענקט זי נאָכדעם אויס. הייסט די ריחות, וואָס מע שמעקט זיך אָן, מיט דער שענער לופט — מעג מען שוין האָבען אַ מאָגען? אַ שטיקעל גליק איז נאָר, וואָס איך בין בטבע נישט קיין קראַנקער מענטש, גוט פאַר־פונדעוועט פון דער יוגענט. קוקט נישט אויף מיין סנאָסט, וואָס איך בין אַזוי דאַר און טרוקען. דאָס האָבען מיך די געשעפטען אַזוי אויסגעטריקענט. און אגב איז ביי אונז טאַקי אַזאַ גדל'ע, אַזאַ וואוכס; מיר האַלטען זיך אַלע הויך און דין. איך האָב געהאַט עטליכע ברידער, זענען זיי אַלע געווען אַזוי ווי איך, מיר צו לענגערע יאָהר. פון דעסטוועגען בין איך, הערט איהר, תּמיד געווען אַ געזונטער מענטש, נישט געוואוסט פון קיין מאָגען און פון קיין דאָקטער און פון קיין שוואַרץ־יאָהר, הלואי ווייטער. נאָר פון אַ צייט, אַז מע האָט מיך אָנגעהויבען שטאָפּען מיט רפואות, פילען, פּראָשקעס און קרייטער, און איטליכער באַזונדער קומט מיט זיין המצאה: דער הייסט, איך זאָל האַלטען דיעטע, דאָס הייסט „נעדאָיעד״, איך זאָל עסען וואָס ווינציגער; און דער הייסט,

איך זאָל גאָר ניט עסען, איך זאָל פאַסטען הייסט דאָס. זענט איהר שוין פאַרטיג? קומט צו געהן אַ נייער חכם אַ דאָקטער און זאָגט מיר אָן, איך זאָל דוקא עסען, און אַ סך! אַפּנים, ער אַליין האַלט פון דער אכילה. אַלע דאָקטוירים האָבען אַזאַ טבע, אַז דאָס, וואָס זיי האָבען ניט פיינט, דאָס הייסען זיי אויך דעם חולה. אַ חידוש איז מיר נאָר, וואָס זיי הייסען ניט שלינגען קיין קערבלעך... משוגע צו ווערען פון זיי! איינער אַ דאָקטער האָט מיר געהייסען געהן אַ סך, גלאַט געהן אין דער וועלט אַריין, שפּאַנען הייסט דאָס; איז געקומען דער אַנדערער דאָקטער און הייסט מיר ליגען — און געה טרעף, ווער פון זיי איז מעהר בהמה... וואָס דאַרפט איהר אַ סך? איינער האָט מיך געהאָדעוועט מיט ליאַפּעס, כמעט אַ יאָהר בסדר מיט גאָלע ליאַפּעס! איך קום צום אַנדערען, זאָגט ער: „ליאַפּעס? חס־ושלום! ליאַפּעס איז פאַר אייך אַ סם־המות!" און ער געהט און פאַרשרייבט מיר אַ פּראָשעק, אַ געלען פּראָשעק. מסתּמא ווייסט איהר, וואָס דאָס איז פאַר אַ מין פּראָשעק? איך קום צו געהן מיט'ן געלען פּראָשעק צו אַ דריטען דאָקטער, חאַפּט ער ניט דעם געלען פּראָשעק און צעררייסט ניט דעם רעצעפּט און פאַרשרייבט מיר ניט קיין קרייטער? אָבער וואָס פאַר אַ קרייטער, מיינט איהר? איידער איך האָב מיך איינגעוועהנט, הערט איהר, צו די דאָזיגע קרייטער, מעגט איהר מיר גלויבען, אַז די גרינע גאַל האָט זיך מיר איבערגעקעהרט! ס'זאָל איהם אָנגעהן, דעם דאָקטער, חאָטש האַלב, וואָס איך פלעג איהם אָנווינטשעווען, בשעת איך פלעג זיי דאַרפען איינגעמען אַלע פאַר'ן עסען. איך פלעג מיך זעהן בשעת מעשה מיט'ן מלאך־המות! נאָר וואָס טרינקט נישט אַ מענטש צוליעב געזונט?... צום סוף לאָזט זיך אויס, איך קום צו יענעם דאָקטער, צום ערשטען הייסט דאָס, וואָס האָט מיך גע־האָדעוועט מיט ליאַפּעס, און דערצעהל איהם די געשיכטע מיט די ביטערע קרייטער, וואָס פאַראומערען מיר דאָס לעבען, — ווערט ער מלא רציחה און רופט זיך אָן צו מיר מיט אַ מין כעס, גלייך ווי איך האָב איהם דאָ געקוילעט די קאַפּאָטע: „איך האָב דאָך

אייך פארשריבען, זאָגט ער, ליאַפּעס, היינט וואָס לויפט איהר ארום, ווי א דולער, פון איין דאָקטער צום אנדערען?" זאָג איך: „שאַט, שאַט! איהר זענט דאָך נישט איינער אויפ'ן יריד! קיין קאָנטראַקט האָט מען אייך נישט אונטערגעשריבען, און לעבען דארף יענער אויך, יענער האָט אויך א ווייב און קינדער!"... האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען א פייער, זאָלט איהר זעהען, גלייך ווי איך האָב איהם דאָ געזאָגט מי יודע וואָס! בקיצור, ער האָט מיך געבעטען, איך זאָל געהן צו יענעם דאָקטער. זאָג איך: „קיין עצות באַדאַרף איך ניט; אז איך וועל וועלען, קאָן איך אליין געהן". און נעם און לעג איהם אוועק א קאַרב. מיינט איהר אפשר, אז ער האָט דאָס מיר א שמיץ געטהאָן אין פנים? אָבער גאָר לא! קערבלעך האָבען זיי ליעב. אי, האָבען זיי ליעב קערבלעך, הערט איהר! א סך מעהר ווי מיר, פּראָסטע מענטשלעך. זיי זאָלען זיך אוועקזעצען, אשטייגער, אויסהערען דעם חולה, ווי סע געהער צו זיין — דאָס איז ביי זיי נישטאָ. זיי לאָזען זיך ניט רעדען א וואָרט איין איבעריגס. אָט בין איך אנומעלטען געוועזן ביי איינעם א דאָקטער, טאַקי אייערער א באַקאַנטער, איך וויל איהם ניט אָנרופען ביי'ם נאָמען. איך בין נאָר אריינגעקומען, נישט אויסגערעדט נאָך קיין צוויי ווערטער — אהאַ, ער הייסט מיר שוין אויסטהון זיך, איך בעט איבער אייער כבוד, און איך זאָל מיך אנידערלעגען אויף דער קושעטקע. וואָס איז? באשר ער וויל מיך אויסהערען. ווילסט מיך אויסהערען? זעהר גוט! הער מיך אויס! וואָס זשע לאָזט דו זיך ניט רעדען? וואָס טויג מיר דאָס טאַפּען, וואָס דו טאַפּסט מיך, מיט'ן קלאָפּען, וואָס דו קלאָפּסט מיך? ניין, האָט ער אָבער קיין צייט ניט! עס וואַרטען, זאָגט ער, דאָרט הינטער דער טיר נאָך מענטשען, איטליכער מיט זיין „אָטשערעד". ס'איז היינט געוואָרען ביי אייך א מאָדע — „אָטשערעד", ווי, להבדיל, אויפ'ן באַהן, אָדער אויף דער פּאָטשט ביי די מאַרקעס... וואָס? איהר האָט אויך קיין צייט ניט? ביי אייך איז שוין אפשר אויך איין „אָטשערעד"? איהר זענט

דאָך נאָך א יונגער דאָקטער! ווי קומט איהר צו „אָטשערעדען״? אז איהר וועט זיך אָט אזוי פיהרען, הערט איהר, וועט איהר האָבען עגמת־נפש, ניט קיין פּראַקטיקע!... און אין כּעס באַדאַרפט איהר אויך נישט זיין. איך האָב נישט געמיינט, חלילה, אומזיסט. איך בין נישט אזא איד, וואָס איך זאָל, חס ושלום, פאַרלאַנגען אומזיסט. און חאָטש איהר האָט מיך נישט געוואָלט אויסהערען ביז׳ן סוף, פון דעסטוועגען, איינס צום אַנדערען געהער זיך נישט אָן, פאַר׳ן וויזיט באַדאַרף מען אייך באַצאָהלען... וואָס? איהר ווילט נישט נעמען?... וויל איך אייך מיט גוואַלד נישט נויטען... געווים האָט איהר פון וואַנען צו לעבען... מסתמא לעבט איהר פון קופּאָנעס... עס וואַכסט ביי אייך... נו, מהכּתיתי, לאָז אייך גאָט העלפען, ס׳זאָל ביי אייך וואַכסען און וואַכסען... אדיע! האָט קיין פאַר־איבעל נישט, טאָמער האָב איך ביי אייך צוגענומען צייט... דערויף זענט איהר דאָך א דאָקטער...

# יוסף

— איהר מעגט אייך לאכען פון מיר, איהר קאָנט אייך מאַכען פון מיר אַ פעליעטאָן, אפילו אַ בוך, אויב איהר ווילט, — איך האָב פאַר אייך קיין מורא ניט, זאָג איך אייך פריהער, וואָרום איך בין, ווי איהר קוקט מיך אָן, ניט פון די שרעקעדיגע. איך שרעק מיך נישט איבער פאַר קיין שרייבער, איך ווער נישט בטל פאַר קיין דאָקטער, פאַל נישט אַראָפּ ביי זיך פאַר קיין אַדוואָקאַט און הויב נישט אָן נתפעל צו ווערען, אַז מע זאָגט מיר, יענער שטודיערט אויף אינזשינער. איך האָב אויך אַמאָל געשטודיערט, איך בין אַליין אויך געווען אַמאָל אַ גימנאַזיסט. אמת, איך האָב די גימנאַזיע ניט געענדיגט, איבער אַ מעשה מיט אַ מיידעל. עס האָט זיך אין מיר פאַרליעבט אַ מיידעל (אַ שענער יונג בין איך געווען פון תמיד!). זי האָט געזאָגט, דאָס מיידעל הייסט עס, אַז טאָמער נעם איך זי ניט, נעמט זי איין סם. און איך האָב זי אַזוי געוואָלט נעמען, ווי איהר האָט זי געוואָלט נעמען. זי איז ביי מיר געווען נישט קיין בת־יחידה, פאַרשטעהט איהר מיך... ס'איז אָבער פאַרגאַנגען ביי אונז צו ווייט, האָט זיך אַריינגעמישט אַ ברודער איהרער, אַ פּראָוויזאָר פון איין אַפּטייק, און האָט געזאָגט, אַז טאָמער סמ'ט זיך אַוועק די שוועסטער זיינע, גיסט ער מיך אָפּ — ער ווייסט שוין מיט וואָס... און איך האָב זי געמוזט נעמען, זיך אָפּגעמוטשעט מיט איהר אַ יאָהר דריי. זי האָט פאַרלאַנגט פון מיר נאָר צוויי זאַכען: איך זאָל זיין אין דער היים, און נישט קוקען

אויף פּרעמדע... איהר האָט עפּים ליעב אזא געשעפט? וואָס זאָל איך טהון, אז גאָט האָט מיך פּאָרט באַשאַפען מיט אזא פּנים, אז אַלע מיידלעך מיט אַלע ווייבּלעך זענען נאָך מיר די כּפּרה? איהר מיינט וואָס?... חלילה!... גאָרנישט, מע האָט מיך ליעב — און אַ סוף. וואו איך קום, וואו איך פּאָהר, באַפּאַלט מען מיך, ווי די ביענען, שדכנים עסען מיר אָפּ דעם קאָפּ. באשר וואָס? אזוי ווי איך בּין אַ יונגערמאַן אַ הײנטיגער, און אַ שענער יונג, אַ געזונטער, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ היבּשער פּאַרדיענער, און אַ קערבּעל איז בּיי מיר בּלאָטע, אי טאָמאַו פּאַדאָבנע, לכן ווילען זיי מיך אָפּגילטען! לאָז איך זיך מסתּמא נישט: „טשעפּעט זיך אָפּ, זאָג איך, איך האָב מיך שוין איינמאָל אָפּגעבּריהט!"... טענה'ן זיי מיט מיר: „וואָס וועט אייך אהרען, אז איהר וועט אָנקוקען נאָך אַ מיידעל?"... נו, ווער זאָגט זיך אָפּ פון אזא זאַך? קוק איך דערווייל אָן מיידלעך, און מיידלעך קוקען אָן מיך, שלאָגען זיך איינס פאַר דאָס אַנדערע, הענגען זיך, ווי איהר זעהט מיך לעבּען, הענגען זיך אויף מיר! אַלע ווילען מיך, אָבּער אַלע! וואָס זשע קומט מיר אַרוים, וואָס זיי ווילען מיך, אַז איך וויל זיי ניט? אַז די, וואָס איך וויל — ווייסט קיינער ניט, נאָר איך אַליין!... און דאָס איז מיין קרענק, און דאָס וויל איך אייך טאַקי דערצעהלען, און אין איינוועגס טאַקי בּעטען אייך, אַז צווישען אונז זאָל דאָס בּלייבּען. נישט מחמת מיר — איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז פאַר „בּאַשרייבּען" האָב איך קיין מורא ניט. נאָר גלאַט, צו וואָס דאַרף מען עס?... אָט דאָס האָט איהר אייך, הייסט עס, אַ הקדמה. אַצינד וועל איך אייך דערצעהלען די מעשה אַליין.

דאָס פאַרשטעהט איהר שוין אַליין מסתּמא, אַז איך וועל אייך ניט זאָגען, ווער זי איז, און וואָס זי איז, און פון וואַנען זי איז. אַ נקבה איז זי, אַ מיידעל, און דוקא אַ שען מיידעל, און דוקא איין אָרעמס, אַ יתומה נעבּאַך; זיצט מיט דער מוטער, אַ יונגע אַלמנה, אויך אַ שענע; האַלט אַ אידישע רעסטאָראַציע, כּשר. און איך, דאַרפט איהר וויסען, חאָטש איך בּין, ווי איהר

זעהט מיך, א יונגערמאן א היינטיגער, און א שענער פארדיענער, און א קערבעל איז בלאטע, אי טאמאו פאדאבנע, — פון דעסטוועגען עס איך דוקא כשר. נישט מחמת איך בין אזא צדיק און האב חלילה מורא פאר דעם וואס קוויטשעט, נאר, פשוט, איך היט מיר אפ דעם מאגען, — איז איינס; און צווייטענס, זענען די אידישע עסענס טאקי מעהר בא׳טעמ׳ט אויך... אלזא, האלט זי א רעסטאראציע, די אלמנה הייסט עס, און קאכט אליין און באקט אליין; און זי, די טאכטער הייסט עס, דערלאנגט אליין צום טיש. נאר ווי אזוי קאכט מען דארטען! ווי אזוי דערלאנגט מען דארטען! עס זינגט, זאג איך אייך, סע פינקעלט און סע שעמערירט! דארט צו עסען איז א פארגעניגען. נישט אזוי דאס עסען אליין, ווי דאס אנקוקען די מוטער מיט דער טאכטער — איינע שענער פאר דער אנדערער. איהר זאלט אנקוקען א ווייבעל! שטעהט ביי׳ם אויווען, קאכט און באקט, און זעהט אוים אזוי פריש, אזוי זויבער! א פנים — געפאלענער שניי! הענט — גאלד און זילבער! אויגען — פייער־פלאם! איך בין אייך מבטיח, אז מע קאן זיך נאך אין איהר אויך פארליעבען!... היינט שטעלט אייך פאר איהר׳ס א טעכטערעל... איך וויים ניט, צי זענט איהר קלאר אין די ענינים; איך שמועס פון „הלכות מיידעל”, שמועס איך... א פנימ׳על — בלוט און מילך, בעקלעך צוויי — נאר פאמפעשקעלעך, אויגען — קארשען צוויי, האר — זייד, צייהן — פערעל, א האלז — אלבאסטער, א הענטעל — אויף אויסצוקושען יעדעס גליעד, דאס אויבערשטע ליפעל קוקט־ארויף, ווי ביי א קליין קינד — האט איהר געזעהען אמאל? איך זאג אייך: אלעס, אלעס איז געטאקט, געשניצט, טאקי עפים נאר א מין מאדעל אויף אויסצושטעלען, ווי איינער רעדט: „נאט, קוקט און ווערט צעפיקעט!”... דערצו פארמאגט זי איהר אייגענס א געלעכטערעל מיט חן־גריבעלעך אין די בעקלעך, וואס דאס אליין איז שוין ווערטה דאס גאנצע געלט, ווארום אז זי לאכט, לאכט אלסדינג: איהר לאכט, און דער טיש לאכט, און די בענקלעך לאכען, און די ווענט לאכען — דאס

גאנצע לעבען לאכט! אָט אַזאַ מין געלעכטערל איז דאָס. נו, אדרבה, געהט קוקט אַזעלכעס אָן און האָט דאָס פיינט!...

הכלל, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ציהען, איך האָב כמעט פונ'ם ערשטען מיטאָג אָן געפיהלט, אַז איך בין אַ געקאָכטער; פשוט אָפּגעקאָכט — און שוין! חאָטש ביי מיר אַ מיידעל, באַדאַרפט איהר שוין אליין פארשטעהן, איז עפּיס ניט אזא אי־אי־אי... און יענע מעשיות: „ליעבע", „ראָמאַן" — פון דעם האָב איך קיינ־מאָל ניט געהאלטען. גאָרנישט, אַזוי — מהכתיתי, פאַר וואָס ניט?... נאָר געהן שיסען זיך צוליעב דעם — פע! דאָס פּאַסט פאַר אַ גימנאַזיסטעל פון זעכסטען קלאַס, נישט, ווי זאָגט איהר, פאַר קיין מאַנספּאַרשוין...

דערפיהלט, אַז איך בין אַ געקאָכטער, האָב איך געגעבען אַ נעם די מוטער אויף אַ זייט, נישט, ווי עס רופט זיך אָן, „געבעטען אַ האַנט"... ניין! איך בין נישט פון די חאָפּענדיגע... נאָר גאָר־גיט, ווי זאָגט איהר, אַ טאָפּ אין וואָגען שאַדט ניט... און האָב געגעבען מיט איהר אַ רעד־אַריין: „וואָס און ווען, אהין־אהער, וואו האַלט איהר מיט דער טאָכטער?"... זאָגט זי: „וואו זאָל איך מיט איהר האַלטען?" זאָג איך: „איך שמועס פון תכלית, שמועס איך"... „אודאי, זאָגט זי, דאַרף מען זיך זאָרגען פאַר איהר תכלית? זי איז שוין, זאָגט זי, אַ פאַרזאָרגטע"... ווי זי האָט אויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָט דאָס מיך געגעבען עפּיס ווי אַ שטאָך אין האַרצען אריין: „וואָס הייסט, זאָג איך, זי איז אַ פאַרזאָרגטע?" „איהר זעהט דאָך, מאַכט זי צו מיר, וואָס פאַר אַ זאָרגעדיגע נשמה דאָס איז!"... און אַקוראַט צו די דאָזיגע ווערטער קומט־אָן מהתמא זי אליין, די טאָכטער הייסט עס, און אַז זי קומט־אָן, ווערט ליכטיג אין אלע ווינקעלעך.

— מאַמע, נישט געווען נאָך יוסף? — זאָגט זי צו דער מוטער. און דעם נאָמען „יוסף" טהוט זי אַ רעד־אויס עפּיס מיט אַ מאָדנעם מין געזאַנג. מיט אַזאַ מין געזאַנג רעדט־אויס נאָר אַ כלה דעם נאָמען פון איהר חתן... אַזוי מיין איך, דאָס הייסט, איך

בין איבערצייגט, אז ס'איז אזוי. און נישט נאָר יענס מאָל, וואָס איך דערצעהל אייך; אלע מאָל, ווען זי האָט געגעבען א רעד־ארויס דעם נאָמען „יוסף", איז דאָס אויסגעקומען ביי איהר עפּיס ווי מיט א מין געזאַנג: „יו־סף". איהר פאַרשטעהט? דאָס איז ניט גלאַט „יוסף", דאָס איז „יו־סף"!...

קורץ, אומעטום און אלע מאָל האָב איך נאָר געהערט „יוסף" און „יוסף". האָט מען זיך געזעצט עסען, איז דאָס ערשטע וואָרט געוועזן: „וואו איז יוסף?"... „יוסף וועט היינט ניט זיין"... „יוסף האָט געזאָגט"... „יוסף האָט געשריבען"... „יוסף איז געקומען"... „יוסף האָט גענומען"... „יוסף האָט געגעבען"... יוסף־יוסף, יוסף־יוסף! איך וואָלט שוין וועלען אָנקוקען אָט דעם „יוסף'ען", זעהען וואָס פאַר א פּנים ער האָט!...

פאַרשטעהט זיך פון זיך זעלבער, אז איך האָב אָט דעם „יוסף'ען" פיינט געקראָגען, ווי א שפּין, האָטש וואָס קעהר ער זיך אָן מיט מיר? ווייס איך! עפּיס א יונגעל דאָרטען, אודאי א „חברה־מאַן" פון די „חברה־לייט", אָדער פון די „יענקעלעך", ווי זי פלעגט זיי אָנרופען מיט איהר געלעכטערעל. „די יענקעלעך" — דער נאָמען איז פאַר זיי, זאָג איך אייך, ווי אָנגעמאָסטען. דאָס זענען טאַקי נישט מעהר ווי יענקעלעך, עפּיס מאָדנע קליינע מענטשעלעך, צום מיינסטען פון דעם סאָרט מענטשעלעך, וואָס טראָגען לאַנגע האָר און שוואַרצע העמדלעך — אקוראַט דאָס, וואָס איך האָב פיינט... האָט קיין פאַראיבעל ניט. איהר אליין, דאַכט מיר, טראָגט אויך לאַנגע האָר מיט א שוואַרץ העמדעל, און אויב איהר מיינט, אז ס'איז שען, האָט איהר מחילה א טעות. איך זאָל האָבען די ברכות, וואָס א „סמאָקינג" מיט א ווייסען זשילעט איז שענער... איך, אז איך דערזעה א שוואַרץ העמדעל, שטעלט זיך מיר פאָר, איך בעט איבער אייער כבוד, אויסגעריבענע הויזען... איהר מיינט אפשר, איך האָב זיי עס ניט געזאָגט? געזאָגט! איך בין א מענטש איין אָפענטליכער, ביי מיר איז נישטאָ קיין חנפה'נען און קיין אונטערלעקען זיך. האָט איהר עפּיס אויף מיר צו זאָגען —

קאָנט איהר מיר זאָגען גלייך אין די אויגען. איך האָב נאָר פיינט, אז מע זאָגט מיר, אז איך בין א „בורזשוי". איך, פאַר'ן וואָרט „בורזשוי", קאָן געבען א פאָהר־אריין אין באק אריין!... וואָס פאר א בורזשוי בין איך? איך בין א מענטש גלייך מיט אלע. איך פארשטעה אלסדינג און וויים אלסדינג, וואָרום איך לייען אלע ביכלעך, מיט אלע היינטיגע נייע גאזעטען לייען איך גלייך מיט אלעמען, — היינט וואָס בין איך פאר א בורזשוי? דערפאר, וואָס איך טראָג א „סמאָקינג" מיט א ווייסען זשילעט, און איהר — א שווארץ העמדעל? איך מיין ניט אייך, איך מיין אָט א יענע „יענקעלעך", מיט א יענעם יוספ'ען, וואָס איך דערצעהל אייך... איך האָב מיט זיי געהאט עטליכע מאָל ביי'ם טיש אזעלכע מיני געשפּרעכען, וואָס פון זיי האָב איך גאנץ גוט ארויסגעזעהען, אז זיי האָבען מיך אזוי ליעב, פּונקט ווי איך זיי. א הארץ, ווי זאָגט איהר, פיהלט א הארץ. נאָר גאָרנישט, געהן ארויסזאָגען זיי, וואָס איך טראָג ביי זיך אינוועניג — בין איך אויך ניט מחויב; און אגב האָב איך מיך טאַקי צו זיי א ביסעל צוגעלאָנטשעט, געוואָלט איינ־קויפען זיך אין חברה, נישט אזוי צוליעב זיי, ווי צוליעב דעם „יוספ'ען", און נישט אזוי צוליעב דעם „יוספ'ען", ווי צוליעב איהר! מיך האָט פארדראָסען, פארשטעהט איהר מיך, וואָס זי לאָזט איהם נישט ארויס פונ'ם מויל, און איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט: איין מאָל פאר אלע מאָל, שטיינער פונ'ם הימעל זאָלען פאלען, די וועלט זאָל זיך קעהרען — איך מוז מיך באקענען מיט דעם דאָזיגען פארשוין! און איך האָב אויסגעפיהרט מיינס. ביי מיר, אז איך וויל עפּיס דערגעהן א זאך, איז גאָר נישטאָ קיין תּירוץ. פון געלט שמועסט מען ניט. איך בין דאָך א יונגערמאן, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, א סוחר, און א שענער פארדיענער, און א קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פאדאָבנע...

פארשטעהט זיך פון זיך זעלבער, אז איינקויפען זיך אין חברה איז מיר געוועזען נישט אזוי גרינג, ווי איהר מיינט. איך בין מיר נעגאַננע; פּאוואָלינקע, טריט ביי טריט. תּחילת האָב איך אָנ־

געהויבען טהון א וואָרף־אריין א וואָרט אזוי מן הצד, מיט א זיפץ, א קרעכץ אויף צרות הכּלל, געבען אָנצוהערעניש, אז אויף אזעלכע זאכען שפּיעלט ביי מיר געלט קיין ראָלע, אז מע באַדארף ארויסוואַרפען א קערבעל, מוז מען ארויסוואַרפען. איהר פאַרשטעהט, וואָס הייסט „ארויסוואַרפען" א קערבעל? איינער „נעמט־ארויס" א קערבעל, דער אַנדערער „וואַרפט־ארויס" א קערבעל. ס'איז א חילוק! „ארויסוואַרפען" ווערט אָנגערופען: געגעבען א האַפּ־ארויס דאָס בייטעלע און א נעם־ארויס די מטבע: איז־וואָלטיע, — נאַט אייך, הייסט עס — נישט געצעהלט! אָט אזוי האָב איך ליעב; נישט אלע מאָל, פאַרשטעהט זיך, נאָר דעמאָלט, ווען מע דארף. דעמאָלט, ווען מע דארף געבען א וואָרף־ארויס א פינפאונצוואַנציגער, צי א פופציגער, צי אפילו א הונדערטער, טאָר די האַנט ניט ציטערען. למשל, איהר זיצט מיט א קאָמפּאַניע און צאָהלט פאַר א מיטאָג אָדער פאַר א וועטשערע, און מע דערלאַנגט אייך א חשבון, באַדאַרפט איהר נאָר געבען א האַפּ א קוק אויף דער אונטערשטער שורה און רעדען בעת מעשה פון עפּיס אַנדערש; און אז מע ברענגט אייך אויסגאַב, באַדאַרפט איהר נישט צעהלען, ווי א מארק־אידינע פאַר ציבעלעס, נאָר געבען א נעם און א לעג־אריין אין קעשענע — און שוין! דאָס לעבען איז, פאַרשטעהט איהר מיך, א חדר, וואָס מע דארף איהם דורכגעהן, דורכמאַכען; לעבען דארף מען קאָנען! איך מעג זאָגען אויף זיך, אז איך קאָן לעבען, וואָרום איך ווייס וואו איין און וואו אויס, וואו מע דארף און וואו מע דארף נישט. איהר קאָנט זיין זיכער, אז איך וועל נישט איבערזאַלצען קיינמאָל, און אויף מיר וועט איהר נישט דערקענען קיינמאָל, צי בין איך מילכיג, צי בין איך פליישיג? איהר זאָלט מיך געוועז זעהען דעמאָלט צווישען די „יענקעלעך", וואָלט איהר געווים מיינען, אז איך בין א „יענקעלע" גלייך מיט אלע „יענקעלעך". דאָס הייסט, קיין לאַנגע האָר האָב איך מיר נישט פאַרלאָזט, און קיין העמדעל האָב איך נישט אָנגעטהאָן; איך בין געגאַנגען דעם זעלבען סמאָקינג מיט'ן זעלבען ווייסען זשילעט,

וואָס איצט. נאָר וואָס דען? איך האָב מיך אינטערעסירט מיט אַלץ, וואָס זיי אינטערעסירט, און האָב גערעדט פון דעם, וואָס זיי רעדען: „פּראָלעטאַריאַט"... „בעבעל"... „מאַרקס"... „רעאַגי־רען"... וכדומה אַזעלכע ווערטער האָבען זיך געגעבען אַלע מאָל אַ שאָט ביי מיר פונ'ם אַרבעל — און מערקווירדיג! וואָס מעהר איך האָב מיך צו זיי געלאָנטשעט, אַזוי מעהר האָבען זיי זיך פון מיר דערוויטערט. בעת איך פלעג אָנהויבען שיטען מיט יענע ווערטער: „פּראָלעטאַריאַט"... „בעבעל"... „מאַרקס"... „רע־אַגירען"..., האָב איך באַמערקט, אַז די „יענקעלעך" ווערען שטיל, קוקען עפּיס משונה איינס אויף דאָס אַנדערע, רייניגען זיך בעת מעשה די צייהן... און נאָך מעהר! געלט האָבען זיי ביי מיר דוקא גענומען אַלע מאָל. אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, דאַרפט איהר וויסען, איז ביי זיי געווען קאָנצערטען, און אַלע מאָל בין איך געווען דער ערשטער אויפ'ן פייער: — „דער דזשענטעלמען" וועט מסתמא היינט אויך נעמען אַ בילעט ערשטע רייהע פאַר אַ דרייערל?

„דער דזשענטעלמען" — קיין אַנדער נאָמען האָב איך ביי זיי ניט געהאַט — האָט געמוזט נעמען אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג אַ בילעט פאַר אַ דרייערל. אַ ברירה האָט ער געהאַט? דערפאַר אָבער, אַז דער „דזשענטעלמען" פלעגט אַריינקומען בעת די „יענ־קעלעך" האָבען געהאַלטען אין מיטען אַ שמועס, פלעגט ווערען שטיל, שאַ, גלייך ווי מע האָט גאָרניט גערעדט קיינמאָל! שטומע מיענטשען!... פאַרשטעהט זיך פון זיך זעלבער, אַז דעם „דזשענ־טעלמען" האָט דאָס געברענט און געבראָטען. נאָר וואָס האָט ער געקאָנט מאַכען? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז וויבאַלד איך וויל עפּיס דערגעהן, איז ביי מיר נישט פאַרהאַן קיין טייער. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, איך האָב מיך אַריינגעלאָנטשעט צו חברה, האָטש אויף אַזוי פיעל, אַז מע האָט מיר דערלויבט צו זיין ביי זיי אויף אַ „דיסקוסיע" — דאָרט, האָט מען מיר געזאָגט, וועט „יוסף" האַלטען אַ רעדע... קאָנט איהר פאַרשטעהן מיין שמחה, אַז איך האָב דער־

לעבט אזא זאך? איך וועל זוכה זיין זעהען אָט דעם „יוסף'ען" און וועל איהם הערען רעדען!...

וואו וועט זיין די דיסקוסיע און ווען וועט זי זיין — דאָס האָט מען מכּות געקאָנט ביי זיי וויסען. איך האָב זיי גאָר ניט געוואָלט פרעגען אפילו: איך האָב געוואוסט, אז מע וועט מסתּמא קומען און מע וועט מיר זאָגען. ביי די „יענקעלעך", דאַרפט איהר וויסען, געהט אַלסדינג צו בסוד. אויף זייער לשון ווערט עס אָנגערופען „קאָנספּירייישען" — איך געדענק דאָס דאָזיגע וואָרט אויף אויסוועניג. איך האָב עס פאַרשריבען ביי זיך אין ביכעל. איך, אז איך דערהער אַ שען וואָרט, טהו איך עס באַלד אַ נעם און אַ שרייב־אריין צו זיך אין ביכעל. אויב עס וועט צוניץ קומען, אָדער ניין — ווייס איך ניט; נאָר שאָדען אוודאי ניט.

הכּלל, איינמאָל אין אַ שענעם זומערטאָג, שבּת איז דאָס געווען, טהוען אַ קום־אַריין צו מיר צוויי „יענקעלעך", מיט שווארצע העמדלעך, געוויינטליך, און טהוען מיך אַ רוף־אַרויס: „קומט!" „וואוהין?" „וואָס געהט'ס אייך אָן? קומט מיט אונז!"... העלפט נישט, מוז מען געהן... און מיר האָבען זיך געטהאָן אַ לאָז העט־ווייט הינטער דער שטאָדט אַרויס, און טאַקי אין וואַלד אַריין, און בשעת געהן באַגעגענען מיר אַלע מאָל איין אַנדער „יענקעלע" זיצען אונטער אַ בוים, קוקט כּלומרשט קיין פצון־זייט און טהוט אַ מורקע־אַרויס: „רעכטס!" אָדער: „לינקס!"... זאָגען, אז איך האָב מורא געהאַט — איז אַ נאַרישקייט; וואָס האָט מען מורא צו האָבען פאַר אַ אידען? נאָר גלאַט, ס'איז מיר עפּיס ניט אָנגעשטאַנען די מעשה, וואָס איך, אַ יונגערמאַן אַ סוחר, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פאַדאָבנע, זאָל מיך לאָזען פיהרען פון יונגלעך, „יענקעלעך"! איהר פאַרשטעהט?...

וואָס טויג אייך, מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען, ווי זאָגט איהר, וואַלד־אַיין, וואַלד־אויס, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מיר האָבען זיך דערשלאָגען צו אַ גרויסען הויכען

בארג. און ערשט אַז מיר האָבען ארויפגעקלעטערט אויף דעם דאָזיגען בארג, געגעבען זיך א לאָז בארג־אראָפּ, האָב איך דערזעהען פאר זיך א שווארצע מחנה קעפּ. דאָס זענען געזעסען אויף דער ערד חברה „יענקעלעך", בחורים׳לעך אין שווארצע העמדלעך, מיידלעך אין בלוזקעס, און גלאַט יונגעלייט. אָבער א גוזמא! איך האָב מורא, אויב ניט א דריי טויזענט שטיק, און אפשר נאָך מעהר, און שטיל — חאָטש א פליעג פליה דורך! שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, זענען מיר צוגעגאַנגען צו דער מחנה קעפּ, זיך געגעבען א זעץ־אַנידער אויף דער ערד, און איך האָב גענומען איינקוקען זיך, וואו איז דאָ ערגיץ דער „יוסף"? און איך האָב דערזעהען... שטעלט אייך פאָר וועמען? איך האָב דערזעהען א באַקאַנטען פּארשוין, טאַקי איינעם פון די „יענקעלעך", וואָס האָבען אינ־איינעם מיט מיר געגעסען ביי דער אלמנה אין דער רעסטאָראַציע!... אָט האָסט דו דיר!

דער ערשטער געדאַנק מיינער איז געווען: „סך־הכּל?... אָט דאָס איז גאָר?... אָט דאָס איז ער, אָט דער „יוסף"?... און איך האָב געמיינט, אַז ער איז מי יודע וואָס! מיט הערנער!"... איך וועל אייך זאָגען דעם רעכטען אמת, עס האָט מיר כּמעט הנאה געטהאָן — ניין, טאַקי שטאַרק הנאה געטהאָן, וואָס ס׳האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט... איך האָב געמאַכט א פארגלייכונג צווישען איהם מיט מיר — נישט מחמת איך האַלט מיך פאר אזא גרויסען פּארשוין, וואָס ס׳זאָל ניט זיין שוין קיין שענערס פאר מיר. איך בין ניט געגאַרט; איך וויים, אַז ס׳איז פאַרהאַן שענערע פון מיר אויך. נאָר וועדליג ער... איהר פארשטעהט? איך וועל אייך איהם אויסמאָהלען אַקוראַט, ווי אַזוי איך האָב איהם דערזעהען די ערשטע מינוט: צוגעשפּאַרט צו א בוים איז געשטאַנען א קליינס, א בלייכס, איין אויסגעדאַרטס, איין אויסגעטריקענטס, מיט א שמאָל האַרץ, מיט ווייסע בלאַסע איינגעפאַלענע בעקלעך, עט־וואָס רויטליך און פארברעמט, מיט נאָך גאָר קליינע בלאָנדע הערלעך; נאָר א שטערן א הויכער, א ווייסער, א ברייטער, און

אויגען אַ פּאָר גרויע, ווי ביי אַ קאַץ, נאָר ברענענדיגע, און אַ מויל — און סע רעדט! שטראָף מיך גאָט, אויב איך הויב עס אָן צו פאַרשטעהן נאָך עד היום, פון וואַנען האָט זיך עס גענומען אַזאַ כח ביי דעם דאָזיגען נפש אויף צו רעדען אַזוי הויך און אַזוי גיך און אַזוי פיעל און אַזוי לאַנג און מיט אַזאַ היץ און מיט אַזאַ ברען און מיט אַזאַ פייער! איך קאָן אייך זאָגען, אַז דאָס איז געווען ניט גלאַט גערעדט, ווי מענטשען רעדען. דאָס איז געווען אָדער אַ שוואַרץ־יאָהר, אָדער אַ מאַשינע אַזעלכע, וואָס מע האָט זי אָנ־געדרעהט, אָדער פון אויבען איז געווען עפּיס אַזעלכעס, וואָס האָט געשאָטען מיט ווערטער, געגאָסען מיט פייער, אָדער דאָס האָט גאָר דער בוים גערעדט... עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַלע מאָל, אַז אָט־אָט הויבט זיך אויף אָט דער קליינער נפש מיט די איינ־געפאַלענע רויטליכע בעקלעך און מיט די גרויע אויגען און טהוט אַ פליה־אַוועק אינאיינעם מיט די ווערטער אַהינצו, ערגיץ אַרויף... ניין! זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, איך האָב שוין געהערט אויף מיין לעבען די גרעסטע און די שענסטע אַדוואָקאַטען — אַזאַ מין רעדען האָב איך קיינמאָל נישט געהערט און וועל שוין, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט הערען אויך...

וויפיעל דאָס רעדען זיינס האָט געדויערט — ווייס איך ניט; איך האָב נישט געקוקט אויפ'ן זייגער. איך האָב געקוקט אויף איהם און האָב געקוקט אויף דער מחנה קעפּ, וואָס זענען געזעסען אויף דער ערד און האָבען געשלונגען איטליכס וואָרט, ווי די הונ־געריגע און ווי די דאָרשטיגע... נאָר ווער עס האָט ניט געזעהען בעת מעשה ז י, דער האָט נישט געזעהען קיין שענס אויף זיין לעבען! צווישען דער מחנה קעפּ האָב איך דערזעהען זי זיצען אויף דער ערד, די פיס אונטער זיך, די הענט צונויפגעלעגט אויפ'ן האַרצען, דאָס פּנים לייכט, די בעקלעך פלאַמען, דאָס אויבערשטע ליפּעל קוקט אַרויף, און די שענע קאַרשען־אויגען שמייכלען, און גלייך צו איהם, גלייך צו איהם!... למאי זאָל איך לייקענען? איך האָב אין דער מינוט מקנא געווען איהם, נישט אַזוי אויף דעם

כח פון זיין רעדען, נישט אזוי אויף דעם כבוד מיט'ן פאטשען בראוואָ, וואָס מע האָט איהם געפּאַטשט נאָכדעם, אז ער האָט אויפ־געהערט צו רעדען, — נישט אויף די זאכען האָב איך איהם אזוי מקנא געוועזן, ווי אויף דעם קוקען, וואָס ז י האָט אויף איהם געקוקט! פאַר איין קוק אזעלכען, פאַר איהרען, וואָלט איך אוועק־געגעבען — איך ווייס אַליין ניט וואָס! דער דאָזיגער קוק האָט געערדט ווערטער. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אז איך הער איהר קול, ווי זי זאָגט, מיט יענעם באַקאַנטען געזאַנג: „יו־סף!" איך האָב אייך דאָך געזאָגט שוין, אז ביי מיר איז אַ מיידעל נישט קיין אי־אי־אי! איך האָב שוין געזעהען מיידלעך, וואָרום איך בין אַ יונגערמאַן, קאָן מען זאָגען, נישט קיין מיאוסער, אַ היינטיגער, און אַ שענער פּאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאַמאו פּאַדאַבנע... נאָר אַ ז ו י קוקען האָט אויף מיר נישט געקוקט מיין ווייב אפילו אין די גוטע יאָהרען, בעת זי איז אויסגעגאַנגען נאָך מיינע טריט... איך בין אַ בעלן געוועזן מיט אַ כיון צוגעהן צו איהר נאָהענט, זיך אוועקזעצען כמעט נעבען איהר, זיך דרעהען איהר פאַר די אויגען, ווי אַ פליעג, זשומען אין אויהער אריין, ווי אַ קאָמאַר, — ווער? וואָס? אַ נעכטיגער טאָג! איהרע אויגען האָבען זיך, ווי צוויי פּיאַווקעס, איינגעזויגען אין זיינע אויגען, און זיינע אויגען — אין איהרע אויגען, און עס האָט זיך מיר אויס־געדאַכט, אז די צוויי, ער און זי, זעהען קיינעם ניט פאַר זיך, נאָר איינס דאָס אַנדערע: ער ז י און זי א י ה ם, און ווייטער דאַרפען זיי קיינעם ניט! חבוט־הקבר, זאָג איך אייך, איז אַ גאָרניט אַקעגען דעם, וואָס איך האָב בעת מעשה געפיהלט. אַ גיהנם האָט געקאָכט ביי מיר אין הארצען, איך ווייס ניט אויף וועמען: אויף „איהר", צי אויף „איהם", צי אויף זיי ביידען, צי גאָר אויף זיך אַליין?... איך בין יענעם אויפדערנאַכט געקומען אהיים מיט אַ מורא'דיגען קאָפּוועהטיג און האָב מיך געלעגט שלאָפען מיט דער דעה, אז ווייל איך וועל לעבען זאָל מיין פוס דאָרט ניט זיין, ביי דער אַלמנה הייסט עס. איך דאַרף זיי אַלע אויף זיעבענהונדערט

כפרות! וואָס דארף איך זיי?  וואָס, ניט אזוי?... און אז איך בין אויפגעשטאַנען אין דער פריה, האָב איך קוים דערלעבט די מינוט, די רגע, ס'זאָל שוין ווערען זייגער צוויי, די צייט פון מיטאָג, און בין מסתמא גלייך אַוועק אַהין, און האָב דוקא געטראָפען ביי'ם טיש די גאַנצע חברה „יענקעלעך" וואָס תמיד, און ער איז אויך געווען בתוכם... איך ווייס נישט, ווי אזוי איהר; איך, אז איך זעה איין ארטיסט, אָדער אַ מיניסטער, אָדער אזוי אַ באריהמטען מענטשען, וואָס אפילו מיר אַלע ווייסען גאַנץ גוט, אז ער איז אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשען, עסט גלייך מיט אַלעמען און טרינקט גלייך מיט אַלעמען, נאָר קוים זאָגט מען מיר, אז דאָס איז איין ארטיסט, אָדער אַ מיניסטער, אָדער אזוי אַ באריהמטער מענטש, דאכט זיך מיר שוין אויס, אז ער איז נישט גלייך מיט אַלעמען, אז עפּיס ליגט אין איהם אזעלכעס, וואָס מע קאָן עס, ווי זאָגט איהר, נישט אָנטאַפּען... אזוי איז געווען מיט מיר, אז איך האָב דערזעהען איהם נאָך דער דרשה; דאכט זיך, דער אייגענער „יענקעלע", וואָס תמיד, נאָר פּאָרט נישט דער. עפּיס ליגט אין איהם אזעלכעס. עפּיס שטעהט אָנגעצייכענט ביי איהם אויפ'ן פּנים; וואָס — ווייס איך אַליין נישט, נאָר איך וואָלט פאַר דעם „עפּיס" אַוועקגעגעבען מי יודע וויפיעל! נישט מחמת איך באַדאַרף עס האָבען; אויף וואָס באַדאַרף איך עס? אויף נייען־און־נייענציג כפּרות! איך האָב עס נאָר געוואָלט צוליעב איהר, ווארום זי איז נישט אָפּגעטראָטען פון איהם אויף קיין מינוט, און אפילו דעמאָלט, ווען זי איז צוגעגאַנגען צו מיר און גערעדט מיט מיר, האָט זי אויך אין זינען געהאַט איהם, ניט מיך. איך בין, דאַרפט איהר וויסען, אַ מבין אויף די זאכען. מיך קאָסט עס געגנוג רבי־געלט... עס האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר אַ נייער גיהנם: פריהער, איידער איך האָב געוואוסט ווער דער יוסף איז, האָט זיך מיר געמאָהלט אין מיין כח־הדמיון אַ הויכער, אַ שענער, אַ געזונטער, אַ מאַנספּארשוין, און איך האָב איהם נישט געקאָנט ליידען, מקנא געווען און פיינט געהאַט, ווי איהר קאָנט

זיך נאָר פאָרשטעלען. איצט, אַז איך בין שוין געוואָהר געוואָרען, ווער דער מאַנספאַרשוין איז, אַז דאָס איז גאָר אַ „יענקעלע" גלייך מיט אַלע „יענקעלעך", האָט מיך פאַרדראָסען... איך ווייס ניט אויף וועמען: צי אויף איהר, וואָס זי פאַרגעטערט איהם אַזוי (און אַז זי פאַרגעטערט איהם — דאָס זעהט דאָך אַ בלינדער אויך!), צי אויף איהם, וואָס גאָט האָט איהם געגעבען אַזאַ כח־הדבור, צי אויף זיך אַליין האָט מיך פאַרדראָסען, לּמאי האָב איך ניט אַזאַ כח?... נישט מחמת איך דאַרף עס אַזוי נויטיג האָבען. צו וואָס דאַרף איך עס? און נישט מחמת איך בין חלילה אָהן אַ צונג. מיינט ניט! איך, אַז איך וויל רעדען — קאָן איך! איך האָב שוין אַמאָל גערעדט אויף אַ „זאַסעדאַניע", און דוקא אין „קופּעטשעסקע קלוב", זאָגט דער עולם, אַז איך רעד ניט שלעכט, גאָר ניט שלעכט!... דער פאַרדראָס, וואָס מיך האָט פאַרדראָסען, קאָן איך אייך מיט ווערטער ניט אַרויסגעבען; דאָס דאַרף מען פאַרשטעהן — ניין, דאָס דאַרף מען פיהלען, מע באַדאַרף זיין אויף מיין אָרט, קומען אַלע טאָג אין דער רעסטאָראַציע, אָנקוקען זי מיט'ן ווייסען פאַרטוכעל, וואָס סע שעמערירט, איהר שען ליכטיג פנים, וואָס סע שיינט און וואָס סע זינגט, הערען איהר זיס קול, וואָס קוויקט, איהר געלעכטערל, וואָס צעגעהט זיך אין יעדען אבר, און בשעת מעשה זעהען איהם און פיהלען, אַז דאָס איז אינגאַנצען צוליעב איהם, און נאָר צוליעב איהם אַליין, און ווייטער קיינעם ניט! ניין, מע דאַרף איהם צונעמען פונ'ם וועג, מע דאַרף, ער זאָל אַוועק, מע דאַרף זיינער פטור ווערען. נאָר ווי אַזוי? איך וועל דאָך נישט געהן סמ'ען איהם, אָדער שיסען; איך בין דאָך נישט קיין רוצח, איך בין דאָך אַ איד... אַרויסרופען איהם אויף אַ דועל? — פע! אין אַ „ראָמאַן" רופט מען אַרוים אויף אַ דועל, אי דאָס — גלויב איך ניט, ס'זאָל זיין אמת; ס'איז נאָר גלאַט אַזוי, אויף צו באַשרייבען, קומט אוים שענער... אַזוי האַלט איך... איך בין געפאַלען אויף אַ שענער המצאה: איך וועל מיך דורכ־שמועסען מיט איהם אַליין, ווי זאָגט איהר: „אָפּגעבען דעם

שליסעל דעם גנב אין האנט אריין"... איא, א פלאן? און נישט לאנג געטראכט, — איך האב פיינט לאנג טראכטען — טהו איך מיך א רוף־אן צו איהם איינמאל נאכ'ן עסען:

— איהר ווייסט? איך האב צו אייך א נויטיגען עסק. איך האב מיט אייך וואס צו רעדען.

און ער? ער זאל דאס אפילו א ריהר טהון מיט איין אבר. גארניט! נאר אנידערגעשטעלט אויף מיר זיינע פראסטע גרויע אויגען, ווי איינער רעדט:

— הנני, איך בין אנגעברייט.

— ניין, — מאך איך צו איהם — ניין, ניט דא. איך וויל, ס'זאל זיין, ווי מע זאגט, אונטער פיער אויגען.

— קומט! — מאכט ער צו מיר און פיהרט מיך ארויס אין דרויסען ארויס און שטעלט זיך אוועק אקעגען מיר און ווארט, ווי איינער רעדט:

— נו? פאר וואס דבר'ט מען ניט?

— נישט אט דא. — מאך איך צו איהם. — ווען טרעפט מען אייך אין דער היים?

— איך קאן זיין ביי אייך... — מאכט ער צו מיר און פאר־חאפט זיך אבער באלד. — און אויב איהר ווילט... זייט איהר ביי מיר מארגען פון... (און ער טהוט א נעם־ארויס דעם זייגער). פון האלב צעהן ביז האלב עלף אין דער פריה... נאט אייך מיין אדרעס.

אזוי מאכט ער צו מיר און קוועטשט מיר, און קוועטשט מיר די האנט, און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט: „קאנספירייישען?"...

— קאנספירייישען, האט קיין יסורים ניט! — מאך איך צו איהם, און מיר צעגעהען זיך, ווי זאגט איהר, איטליכער אין זיין רוה אריין.

אודאי בין איך יענע נאכט ניט געשלאפען. איך בין, פאר־שטעהט איהר מיך, געלעגען אין איינע אנגסטען און נאר געטראכט:

וואָס וועל איך איהם זאָגען, אשטיינגער? פון וואנען זאָל איך אָנהויבען? און וואָס וועל איך טהון, טאָמער טהוט ער מיר א זאָג:

— הערר דזשענטעלמען, וואָס האָט איהר אייך צו מישען אין פרעמדע עסקים? וואָס פאר א מחותּן זענט איהר, הערר דזשענ־טעלמען, מיט א מיידעל, וואָס איינער פון די „יענקעלעך" רעכענט זי פאר א כּלה שוין פון ווייס איך ווען?...

וואָס ענטפערט מען איהם דערויף? אָדער וואָס טהו איך, אז ער נעמט מיך, אשטייגער, פאר'ן קארק און טהוט מיך א שמייס־אראָפּ פון אלע טרעפּ? דאָס הייסט, קיין מורא האָב איך נים. וואָס האָב איך פאר איהם מורא? איך בין דאָך געקומען צו איהם מכּח איין עסק. ממה־נפשך: יאָ — יאָ, ניין. — ניין. ווארפען זיך איז ניטאָ פאר וואָס!...

אָט אזוי בין איך געלעגען אין מחשבות די גאנצע נאכט, און אויף מאָרגען האלב צעהן דעם זייגער האָב איך שוין געקלעטערט צו איהם ערגייץ אין אלדי שווארצע יאָהר אויף א בוידעם, אפשר דריטהאלבען הונדערט טרעפּ, און האָב איהם אקוראט געטראָפען אין דער היים מיט נאָך א פּאָר „יענקעלעך", וואָס אז זיי האָבען מיך דערזעהען, האָבען זיי זיך עפּיס מאָדנע איבערגעקוקט איינס מיט'ן אנדערען, ווי איינער רעדט: „וואָס האָט דאָ צו טהון דער דזשענטעלמען?"... נאָר מיין פויגעל האָט זיי געגעבען א וואונק, זיי זאָלען נעמען דעם וועג, און מיינע „יענקעלעך" האָבען זיך דוקא געשטויסען וואָס מע מיינט, געטהאָן זיך א נעם צו די היטלעך — און נעלם געוואָרען.

געבליבען מיט איהם אליין, ווי זאָגט איהר, אונטער פיער אויגען, נעם איך און טהו איהם א לעג־אוועק א דרשה: אזוי און אזוי, אז איך בין אליין, האָטש איך בין א נעשעפטסמאן, א מענטש מיט א שטיקעל נאָמען, און א שענער פארדיענער, און א קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פּאראָבנע, פון דעסטוועגען ווייס איך אלס־דינג וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, וואָרום איך בין, דארפט איהר

וויסען, אַ הײנטיגער, איך לײען אַלסדינג, אַלע נײע גאַזעטען און זשורנאַלען, — און איך נעם און טהו אַ שיט־אויס אַלע מאָדנע װערטער: „פּראָלעטאַריאַט"... „בעבעל"... „מאַרקס"... „רעאַגירען"... „קאָנספּירײשען"... וכדומה. אויסגעהערט, מאַכט ער צו מיר דוקא פּראָסט און ווייך און אָהן שום הויכע ווערטער:

— מיט וואָס זשע קאָן איך אייך דיענען?

— מיט אַ קלײניגקייט — זאָג איך: — מיט איין עצה.

— איך?... אייך?... איין עצה?...

אַזוי מאַכט ער צו מיר און טהוט אַ שטעל־אַוועק אויף מיר די פּראָסטע גרויע אויגען, ווי איינער רעדט: „ווי קום איך, אַזאַ שנעק ווי איך בין, געבען עצות אַזאַ דזשענטעלמען?"... איהר פאַרשטעהט? ס'איז איהם אַליין געוועזען פּריקרע, ווי זאָגט איהר, איבער דער טבע. און מיר איז דאָך אודאי געוועזען פּריקרע. נאָר וואָס זאָל איך טהון? איך האָב דאָך שוין אָנגעהויבען, באַדאַרף מען דערפיהרען, ווי זאָגט איהר, צו אַ ברעג. און איך נעם און טהו איהם אַ זאָג־אויס, וואָס מיך קוועטשט, מיט אַ דערצעהל־אויס, וואָס ביי מיר אויף'ן האַרצען טהוט זיך פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך האָב זי דערזעהען, ביז צו היינטיגען טאָג, ממש איך לעב נישט, דאָס הייסט, זי לאָזט מיך נישט לעבען!... „איך בין דאָס גאָר נישט געוועהנט געוואָרען, זאָג איך, אַז איבער אַ מיידעל — זי מעג זיך זיין אפילו די בת־מלכה אַליין — זאָל איך אַזוי „רעאַגירען", וואָרום סך־הכל בין איך דאָך גאָר אַ יונגערמאַן, חאָטש אַ היינטיגער, דאָך אַ סוחר מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פּאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאַו פּאַדאָבנע"...

אויסגעהערט, מאַכט ער צו מיר ווידער אַ מאָל פּראָסט און ווייך און אָהן שום הויכע ווערטער:

— אויב איהר פרעגט ביי מיר איין עצה, וואָלט איך אייך זאָגען, איהר זאָלט רעדען מיט איהר אַליין...

— נו, און איהר? — זאָג איך.

— איך וויל ניט — מאַכט ער צו מיר און פאַרהאַפּט זיך באַלד — איך קאָן ניט, איך האָב קיין צייט ניט פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע זאַכען.

— ניין! — מאַך איך צו איהם. — ניט דאָס מיין איך. איך פאַרלאַנג נישט פון אייך, אַז איהר זאָלט מיט איהר רעדען. ווי קאָן איך דאָס פאַרלאַנגען? איך פרעג אייך נאָר, וואָס וועט איהר זאָגען דערויף?...

— וואָס קאָן איך, זאָגט ער, דערויף זאָגען? אויב איהר געפיהלט צו אייך איז אַזוי, ווי אייער געפיהל צו איהר...

אַזוי מאַכט ער צו מיר פּראָסט און ווייך און אָהן שום הויכע ווערטער, און געהט און טהוט אַ נעם־אַרויס דעם זייגער, ווי איינער רעדט: „אונזער שמועס איז שוין באַלד ווי געענדיגט"... די קונץ פון קוקען אויפ'ן זייגער, דאַרפט איהר וויסען, פאַרשטעה איך גאַנץ גוט. איך, אַז איך וויל יענעם פּטור ווערען, בין איך מיך אויך אַזוי נוהג. דער חסרון איז, וואָס ניט יעדער שטויסט זיך, וואָס מע מיינט. איך, זעהט איהר, האָב מיך דוקא יאָ אָנגעשטויסען, און האָב מיר געגעבען אַ הויב־אויף, געבעטען איהם, אַז די מעשה זאָל בלייבען צווישען אונז, „קאָנספּירייישען" הייסט עס, און בין אַוועק אַהיים. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? דאָס וואָרט „פּריילין" איז אַ הונט! „גליקליך"? — נאָך אַלץ נישט דאָס! אויפ'ן זיעבעציגסטען הימעל!!! ווען איך האָב ניט באַגעגענט, האָט זיך מיר, הערט איהר, געגלוסט נאָר אַרומהאַפּען קושען. אַלע און אַלעם האָבען באַקומען אין מיינע אויגען גאָר אַ באַזונדער חן. פון יוסף'ען אַליין שמועסט מען ניט: איך האָב איהם יענעם טאָג ליעב געקריגען, ממש ווי איין אייגענעם ברודער. איך זאָל מיך ניט שעמען, וואָלט איך מיך אומגעקעהרט איהם אַ קוש טהון, און איך זאָל ניט מורא האָבען, אַז ער וועט זיך געפינען באַלעדיגט, וואָלט איך איהם אונטערגעטראָגען אַ מתּנה: אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ שען קייטעל מיט אַ היבשען ברעלאָק.

פאר גרויס שמחה בין איך גאר אוועק אין קלוב. איך, דארפט איהר וויסען, טהו מיך א חאפ־אריין אמאל אין קלוב אריין, ווי זאגט איהר, „צווישען טאג און נאכט", נישט מחמת איך האב ליעב דאס שפיעל. איך אליין שפיעל ניט; נאר איך האב ליעב זעהען, ווי יענער שפיעלט, און אמאל, זעלטען־זעלטען, געבען א „שמיר" אונטער אויף יענעמ'ס קארט, — איז איינס פון די צוויי: אדער מע נעמט־אויס, אדער מע ווערט באגראבען. דאס מאל איז מיר דוקא געראטען; ס'איז מיר אוועקגעגאנגען דאס קערטעל, זאג איך אייך, ווי קיינמאל נישט! איך האב אנגעשלאגען א שען קערבעל און האב געגעבען א רוף־צונויף די חברה „באסיאקעס" (אזוי הייסען ביי אונז אין קלוב די דאזיגע, וואס בלייבען אהן קליינגעלט) און האב געגעבען א שטעל־אוועק א וועטשערע, און דוקא מיט שאמפאניער־וויין, „רעדערער", און אז איך בין געקומען אהיים — געווען שוין גרויסער טאג, — האב איך געטראפען ביי זיך אויפ'ן טיש א דעפעש, אז מע רופט מיך ארויס עקסטרע צו־ליעב זעהר א נויטיגען געשעפט. און דאס ווייסט איהר דאך מסתמא, אז „נאש־בראט", וויבאלד ער באקומט א דעפעש מכוח געשעפט, איז א סוף, פארפאלען, ווי זאגט איהר, די קוה מיט'ן שטריקעל, א כפרה אלסדינג. מע הויבט זיך אויף און מע פאהרט.

אוועקגעפאהרען בין איך, אייגענטליך, אויף צוויי טאג, און געזוימט האב איך מיך, געוויינטליך, דריי וואכען, און אז איך בין געקומען צוריק, האב איך דאך באלד געגעבען א לויף־אוועק אין דער רעסטאראציע עסען, און האב געטראפען דארטען איין איבערקעה־רעניש: פון די „יענקעלעך" איז ניט געבליבען קיין האר אפילו, און די, וואס זענען געבליבען, זענען אויך געווען נישט דאס, וואס תמיד: עפיס זענען זיי מיר געווען ווי צעדרעהט, משונה צערודערט און צעפלאכטען. זיי האבען אפגעהאפט דאס עסען, ווי זאגט איהר, על רגל אחת, און צעקראכען זיך מיט אראפגעלאזטע קעפ, ווי די הינט נאך א רעגען, דער אהער און דער אהין...

נאָר מעהר פון אַלץ האָט מיך געוואונדערט: וואו איז יוסף? פאַר וואָס זעהט מען ניט יוספ'ען? איך קוק מיך צו צו די „יענקעלעך" — עפּים איז מען מיר מאָדנע האָפּערדיג, עפּים שטיקט מען זיך: שו־שו! שו־שו!... ס'איז ביי זיי ניט נאָר קאָנספּיריישען — ס'איז שוין, ווי זאָגט איהר, „קאָנספּיריישען שבקאָנספּיריישען"!... איך טהו מיך אַ קוק־איין אין איהר — זי איז מיר אויך משונה שווייגענדיג, פאַרטראַכט און שטאַרק „קאָנספּיריישענדיג"... די שענע בעקלעך פלאַמען נישט, די קאַרשען־אויגען שמייכלען ניט. וואו זענען אַהינגעקומען די חן־גריבלעך, וואָס בעטען זיך: נאַ, קוש מיך!? עפּים הערט מען נישט מעהר איהר געלעכטערעל, יענעם געלעכטערעל, וואָס אַז זי הויבט אָן צו לאַכען, לאַכט מיט איהר אַלסדינג — איהר, און דער טיש, און די בענקלעך, און די ווענט, און דאָס גאַנצע לעבען!...

דאָס פאַרשטעהט איהר דאָך מסתמא אַליין, אַז שטאַרק בענקען האָב איך נאָך דעם יוספ'ען נ י ש ט געבענקט... איך האָב מיר נאָר געבראָכען דעם קאָפּ: וואו האָט ער געקאָנט נעלם ווערען? צי אויף אַ קורצע צייט, צי אויף שטענדיג? צי שרייבט ער בריוולעך, צי ניין? פרעגען ביי די „יענקעלעך" — ענטפערען זיי דען? זיי קוקען אייך אין די אויגען אַריין, קאַלופּען בשעת־מעשה די צייהן און שווייגען, ווי איינער רעדט: „יונגערמאַן, אַז איהר וועט וועלען אַלסדינג וויסען, וועט איהר גיך אַלט ווערען"...

ערשט מיט אַ מאָל, אין אַ שענעם פריהמאָרגען, איך קום צו געהן איינמאָל אין דער רעסטאָראַציע עסען, טרעף איך די „יענקעלעך" זיצען אַלע אַרום טיש, איינער לייענט פון אַ בלאַט, און דער גאַנצער איבעריגער עולם האָרכט. אַפּנים, אַז דאָס מוז זיין פון יוספ'ען. פון וואַנען וויים איך עס? פון איהר. זי, מיט'ן ווייסען פאַרטוכעל און מיט די קאַרשען־אויגען, שטעהט ביי דער זייט, צונויפגעלעגט די הענט אויפ'ן האַרצען, דאָס פּנים לייכט, די בעקלעך פלאַמען, דאָס אויבערשטע ליפּעל קוקט אַרויף — פונקט ווי דעמאָלט אין וואַלד... דער חילוק איז נאָר געווען, וואָס דעמאָלט

האָבען די שענע קאַרשען־אויגען געקוקט אויף יוסף׳ען, און איצט האָבען זיי געבלאָנזעט ערגיץ אין דער לופטען, געזוכט, אפּנים, אַלץ איהם, אַלץ יוסף׳ען !... וואָס טויג אייך, איך האָב קוים דער־לעבט, זיי זאָלען אַוועקלעגען דאָס בלאַט, האָב איך עס געגעבען איין עפּען־אויף און אַ קוק־אַריין אינווענינ — און עס איז מיר מיט אַ מאָל פאַרענטפערט געוואָרען אַלע קשיות: מ י י ן י ו ס ף ה אָ ט ג ע ה אַ ל ט ע ן א י ן ד ע ר אַ ר ב י י ט !... איך האָב אָבער געוואוסט, אַז ער וועט ניט גוט אָפּשניידען; אַז ניט היינט, מאָרגען — אַריין אין קרויט מ ו ז ער... דעם שפּיץ האָט מען, געוויינטליך, נאָך .נישט געקאָנט וויסען, נאַר פאַרשטאַנען האָט מען, אַז אַ קניפּ אין בעקעלע, ווי זאָגט איהר, וועט מען איהם נישט געבען, קיין האָניג וועט ער נישט לעקען און קיין בשמים וועט ער נישט שמעקען...

וואָס ביי מיר איז געווען דעמאָלט אויפ׳ן האַרצען — קאָן איך אייך נישט איבערגעבען; זאָגען, אַז ס׳זאָל מיך שטאַרק אַהרען, קאָן איך נישט, וואָרום ער איז מיר דאָך פאָרט געשטאַנען פאַפּעריק, ווי זאָגט איהר, אַ ביין אין האַלז... און ווידער, איך זאָל זאָגען, אַז עס האָט מיך געפרעהט, איז דאָס אויך ניט אינגאַנצען אמת. ווי זאָגט איהר, מע טאָר דאָך אַזעלכעס נישט ווינטשען דעם ערגסטען שונא אפילו. אדרבה, איך האָב איהם געוואונטשען מיט׳ן גאַנצען האַרצען, מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, אַז גאָט זאָל איהם אַ נס טהון און מע זאָל איהם ... אינגאַנצען, הייסט עס, אָפּריייניגען ? — דאָס קאָן דאָך ניט זיין; נאַר אַזוי עפּיס אַ גרינגע שטראָף... איהר פאַרשטעהט ?...

ווי אין אַ טשאַד, זאָג איך אייך, בין איך אַרומגעגאַנגען די עטליכע טעג, זיך גאָר קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. און אַז איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז דער עסק האָט זיך שוין, ברוך השם, גע־ענדיגט און אַז מאָרגען ווערט אַרויסגעטראָגען דער פסק, שווער איך אייך ביי מיין לעבען, — ס׳איז ביי מיר טייער — אַז איך בין יענע נאַכט ניט געשלאָפען, ניט אָנגעהויבען שלאָפען, זיך געקאַטשעט פון

איין זייט אויף דער אַנדערער, און געמוזט סוף־כל־סוף אויפשטעהן, און האָב מיך געפּרובט געבען אַ קוק־אַריין אין קלוב אַריין, נישט אַזוי צוליעב דעם שפּיעל, ווי איך האָב גערעכענט, טאָמער וועל איך קאָנען פאַרגעסען האָטש אויף אַ מינוט... דאָס האַרץ איז מיר עפּיס געווען צו שווער, איך האָב געפיהלט, כמעט געוואוסט, אַז ער האַלט שמאָל.

און כּך הוה. איך קום אין דער געוויינטליכער צייט אין דער רעסטאָראַציע, באַגעגען איך פון דאָרט אַרויסשפּרינגען צוויי „יענקעלעך", שטאַרק צעפלאָכטען, פאַרטאַרעראַמט — סכנת־נפשות! אַריינגעקומען אינוועניג, האָב איך געטראָפען אַ פּאָר פרעמדע מענטשען עסען. צום טיש דערלאַנגט שוין ניט זי, נאָר די מוטער, און די מוטער אַליין איז עפּיס אויך, ווי זאָגט איהר, לא־עליכם'דיג, איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז פאַרוויינט... בין איך נישט פויל אויף דער פעז און נעם און טהו זי אַ רוף־אָפּ אויף אַ זייט:

— וואו איז ערגיץ אייער טאָכטער?

— ביי זיך, — מאַכט זי צו מיר און טהוט מיר אַ ווייז מיט די אויגען אַהין, אויף אַ קליין אַלקירעל, וואָס זעהט־אויס ווי אַ שטייגעל מיט אַ טירעל.

דאָס שפּיעל, וואָס איך האָב געשפּיעלט מיט דער מוטער, איז געווען, דאַרפט איהר וויסען, אַ מאָדנע שפּיעל. רעדען עפּענטליך מכּח אכטצעהן און דרייצעהן האָב איך מיט איהר קיינ־מאָל ניט גערעדט; נאָר פאַרשטאַנען האָב איך, אַז זי וויל דעם שידוך: אַ יונגערמאַן אַ הייגטיגער, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פאַדאָבנע — פאַר וואָס זאָל זי ניט וועלען? אדרבה, איך האָב איהר אַ פּאָר מאָל געגעבען אָנצוהערעניש, אַז איך אינטערעסיר מיך מיט איהר טאָכטער זעהר געשמאַק! אַ סימן — איך קאָן ניט ליידען, וואָס זי דערלאַנגט אַליין צום טיש... טרעפט זשע, וואָס ענטפערט זי מיר דערויף?

— איהר קאָנט ניט ליידען, וואָס זי דערלאַנגט ? דערלאַנגט מען אליין !...

אַזוי טהוט זי צו מיר אַ זאָג, די מוטער הייסט עס, און דער־לאַנגט זיך אַ שמיר־אַרויף מיט'ן נאַקעטען עלענבויגען איבער'ן פּנים, און געה טהו איהר עפּיס !

וואו זשע האַלט איך ? — ביי'ם קליינעם אַלקירעל. ווי אַזוי און מיט וואָס פאַר איין אופן איך האָב געטהאָן אַ געה־אַריין אין דעם קליינעם אַלקירעל אַריין ? וואָס זענען געווען די ערשטע ווערטער, וואָס איך האָב איהר געגעבען אַ זאָג ? — פרעגט מיך בחרם, אויב איך הויב אָן געדענקען אפילו ! איך געדענק נאָר, אַז איך האָב זי געטראָפען אינ'ם זעלבינגען ווייסען פאַרטוכעל, וואָס תמיד, זיצען ביי'ם פענסטער, צונויפגעלעגט די הענט אויפ'ן האַרצען, דאָס פּנים בלאַס, די בעקלעך ווייס, קיין טראָפּען בלוט ניטאָ, דאָס אויבערשטע ליפּעל קוקט אַרויף, און די שענע קאַרשען־אויגען, איבערגעצויגען ווי מיט אַ רויכעל, קוקען ערגיץ ווייט־ווייט, פאַר־טראַכט, און נישט קיין איינציגע טרער, נישט קיין סימן פון קיין טרער, נאָר אַ שטילער, שטומער טרויער, זעהט מען, ליגט אויס־געגאָסען אויפ'ן קוים־קוים אָנגעקנייטשטען ווייסען שטערן. איך שווער אייך ביי מיין לעבען, הערט איהר, — ס'איז ביי מיר מייער — זי איז אין דער דאָזיגער מינוט געווען אַזוי שען, אַזוי געטליך, אַז איך בין גרייט געווען זיך געבען אַ טהו אַ וואַלגער פאַר איהרע פיס און אויסקושען איהר די טריט !... דערזעהען מיך, האָט זי זיך דוקא נ י ט איבערגעשראָקען, דוקא נ י ט געגעבען זיך קיין האָפּ־אויף און דוקא נ י ט געפרעגט מיך, וואָס איך דאַרף. איך האָב אַליין גענומען און געשטעלט־אַוועק אַ בענקעל און אַוועק־געזעצט זיך אַקעגען איהר און גענומען רעדען, רעדען, אָהן איין אויפהער, אָהן אַ ברעג. אַ קוואַל פון ווערטער האָט זיך ביי מיר געגעבען איין עפען־אויף, און איך האָב גערעדט און גערעדט און גערעדט. וואָס איך האָב גערעדט — זאָג איך דאָך אייך, אַז איך ווייס ניט. דער פשט, אפנים, איז געווען אַזוי: איך האָב איהר

געוואָלט אויסרעדען דאָס האַרץ, טרייסטען זי, איהר געבען צו פאַר־שטעהן, אַז זי טאָר ניט „רעאַגירען" אַזוי שטאַרק... אויף אונזער לשון הייסט עס: זי זאָל זיך נישט נעמען אַזוי צום האַרצען. וואָרום זי איז נאָך צו יונג, און צו פריש, און צו שען... איך האָב איהר געדרונגען, אַז איהר גליק קאָן מען נאָך גאָר ניט וויסען... אָט, למשל, בין איך אַ יונגערמאַן אַ סוחר, אַ היינטיגער, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פאַדאָבנע... אַ סימן: לאָז זי מיר נאָר זאָגען איין וואָרט, אַז זי איז גרייט צו פאַרגעסען אַלסדינג, וואָס ס'איז געוועזן ביז אַהער, גלייך ווי עס וואָלט גאָרניט געוועזן, גאָרניט, קיין שום יוסף, מיט קיין שום „יענקעלעך", מיט קיין שום „קאָנספּי־ריישען" אויף דער וועלט!...

הערט איהר? איך ווייס אַליין ניט, פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ כח־הדבור! און טאָמער מיינט איהר, אַז זי האָט מיר עפּיס געענטפערט דערויף? אָסור! געזעסען און גע־קוקט און געקוקט... וואָס האָט געקאָנט באַדייטען דער דאָזיגער קוק? דער דאָזיגער קוק האָט געקאָנט באַדייטען: „איהר מיינט עס מיט איין אמת? עס גלויבט זיך מיר עפּיס ניט!"... אָדער: „איך וועל מיך איבערלעגען"... אָדער: „לאָזט מיך צו־רוה"... אָדער גאָר: „יוסף"... איהר פאַרשטעהט? ניט „יוסף", נאָר: „יו־סף"!...

וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב נאָכדעם געהאַט ביי זיך אַליין אין די אויגען — מעגען שוין מיינע שונאים האָבען אַזאַ יאָהר!... איך האָב עטליכע טעג דורכאַנאַנד מיך געשעמט ווייזען זיך פאַר די אויגען... און אגב איז מיר אויפ'ן האַרצען געוועזן אַזוי וויסט, גלייך ווי איך אַליין וואָלט מיך פּיהלען דאָ פאַר אַ שטיקעל חייב אינ'ם אומגליק, וואָס זיי איז געשעהן... וויפיעל איך האָב מיך ניט געמוטשעט, איך זאָל איהם אַרויסשלאָגען פון די געדאַנקען, פאַרגעסען איהם, אָט דעם יוסף'ען — אוממעגליך!... איהר דאַרפט וויסען, אַז איך פון חלומות האַלט ניט, פאַר מתים האָב

איך קיין מורא ניט, און אין כשוף גלויב איך ניט, נאָר איך שווער אייך בנאמנות, ס'איז נישט אוועקגעגאַנגען די נאַכט, ער זאָל ניט קומען מיר צו חלום, יוסף הייסט עס, מיך ניט אויפוועקען און באווייזען מיט דער האַנט אויפ'ן האַלז, אַז ס'איז ביי איהם, ניט אין מיין מאָס, אַרום און אַרום האַלז אַ בלויער צייכען... ווי מיינט איהר, אַ חלום האָט עפּיס אַ ממשות? איך ווייס אַ פאַקט, וואָס האָט זיך געטראָפען אַמאָל מיט מיינעם אַ פעטער... נאָר נאַרישקייטען! איך האַלט נישט פון חלומות!... איך בין גלאַט אַזוי געוואָרן צעדרעהט, פאַרלאָרען דעם אַפּעטיט צום עסען, אויפגעהערט שלאָפען... פאַר פּחד מיינט איהר? ניין! נאָר ט באַקאַנטער מענטש, געזעסען מיט איהם וויפיעל מאָל ביי איין טיש — איהר פאַרשטעהט? האָב איך מיך מיישב געווען, ווי זאָגט איהר, וואָס ס'וועט זיין וועט זיין — כ'האָב מיך אָנגענומען מיט האַרץ און האָב געטהאָן אַ געה־אוועק אַהין, גלייך צו זיי אין דער רעסטאָראַציע אריין.

איך קום צו געהן אין דער רעסטאָראַציע — ווער מיר רעסטאָראַציע? וואָס מיר רעסטאָראַציע? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן — אויסגעטריקענט דאָס אָרט אפילו! וואו איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע? „אַרויסגעפאָהרען שוין פון עטליכע טעג!" „וואָס הייסט אַרויסגעפאָהרען?" „אַרויסגעפאָהרען הייסט אַרויסגעפאָהרען"... איך טהו אַ קלונג־אָן אין הויף אריין, אַ לויף־אריין צום בעל־הבית: „וואו איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע? וואוהין איז זי אַריבערגעפאָהרען?" אַ נעכטיגער טאָג — קיינער ווייסט ניט, קיינער קאָן מיר ניט זאָגען, וואוהין! הויב איך דאָך אָן מסתמא צו פייערען, ווי זאָגט איהר, אריין אין דער אַמביציע. און איך, אַז איך טהו אַ קום־אריין אין דער אַמביציע, איז סכנת־נפשות! איך בין אַרומגעלאָפען, שווער איך אייך, ווי אַ משוגענער, אויסגעוועזן וואו די וועלט האָט איין עק!... און די „יענקעלעך"? ווי אויף צו־להכעיס, איהר זאָלט זאָגען, חאָטש איין „יענקעלע" אויף אַ רפואה!... בין איך אוועק אין פּאָליציע חוקר ודורש זיין,

מאכען אַ „ספּראַווקע" הייסט עס... געקומען אין פּאָליציע, טהוט מען מיך אַ נעם־אויף: „טשטאָ נאַדאַ?" זאָג איך: „דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי, וואו איז אַהינגעקומען די רעסטאָראַציע?"... פרעגט מען מיך: „וואָסער רעסטאָראַציע?" זאָג איך: „די און די". פרעגט מען מיך: „אויף וואָס דאַרף איך זי?"... איהר פאַרשטעהט — זאָל איך זיי געהן דערצעהלען, אויף וואָס איך דאַרף זי?... שווייג איך דאָך. פרעגען זיי מיך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, איך זאָל זיי זאָגען, אויף וואָס איך דאַרף זי?... וואָס טויג אייך, איך האָב מיר געקויפט, ווי זאָגט איהר, מפטיר... נו־נו, איך האָב עס געהאַט אַ לויפעניש! דער רוח האָט מיך געטראָגען!... חאָטש, אַז מע וויל צוריק, וואָס, אייגענטליך, האָב איך געהאַט מורא צו האָבען, אַז סך־הכל בין איך דאָך גאָר אַ יונגערמאַן אַ סוחר, מיט אַ שטיקעל נאָמען, און אַ שענער פאַרדיענער, און אַ קערבעל איז בלאָטע, אי טאָמאו פּאַדאָבנע?... איך אין אַזעלכע עסקים מיש מיך נישט! ווי זאָגט איהר: „ניע יעווּשי טשעסנאָקו — אַז מען עסט ניט קיין קנאָבעל, הייסט עס..." נאָר וואָס דען? איך האָב עס פיינט! איהר פאַרשטעהט? איך האָב עס פיינט — און שוין!... איך האָב מיר פאַרשאָלטען, זאָג איך אייך, דאָס געביין. נאַ דיר אַ רעסטאָראַציע! נאַ דיר אַ מיידעל! נאַ דיר אַ יוסף!... איך וואָלט שוין אַליין געוואָלט זי פאַרגעסען, און אַ סוף. איז אָבער, ווי אויף צו־להכעיס, קריכט זי מיר ניט אַרויס פון קאָפּ! נאָך עד היום שטעהט זי מיר פאַר די אויגען מיט'ן ווייסען פאַרטוכעל, וואָס שעמערירט, מיט די שענע קאַרשען־אויגען, וואָס קוויקען, מיט'ן קליינעם ליפּעל, וואָס קוקט אַרויף, מיט די חן־גריבעלעך, וואָס בעטען זיך: נאַ, קוש מיך, און מיט'ן געלעכטערעל, וואָס צעגעהט זיך אין איטליכם אבר... און אָפּטמאָל מאַכט זיך ביינאַכט, אַז איך האַלט אין רעכטען שלאָף, הער איך איהר קול: „יו־סף! יו־סף!"... חאַפּ איך מיך אויף אין אַ קאַלטען שווייס. וואָרום קוים דערמאַן איך מיך אָן איהר, אַזוי קומט מיר באַלד אויף די געדאַנקען ע ר...

זעהט איהר? איך ווארט ניט, ביז איהר וועט זיך געבען א טהו־א נעם צום זייגער; איך וויים אליין, אז אלסדינג אויף דער וועלט מוז האבען א סוף... האט נאר קיין פאראיבעל ניט, וואס איך האב ביי אייך צוגענומען א ביסעל צופיעל צייט, און ניט מיר אייער האנט, אז אלסדינג, וואס כ'האב אייך דא דערצעהלט, וועט דאס בלייבען צווישען אונז ביידען, ווי זאגט איהר: קאנספידיישען...

אדיע!

# חאַבנע

געווען איז דאָס אין אדעס. זענען מיר געזעסען אין אַ מסיבה אַ גאַנצע חברה ליטעראַטען, שרייבערס הייסט דאָס, וואָס שרייבען, און לעזער, וואָס לייענען, און גלאַט יונגעלייט, און סטודענטען אַ פּאָר, און אַ מיידעל איז געווען, וואָס איז געקומען שטודירען, אַ גאַנץ היבשע מיידעל, אַ געזונטע, מיט רויטע באַקען, און גלאַט אידען מן הצד, דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס זענען צו אונזער חברה ניט שייך, נאָר זיי זעהען אידען רעדען, הערט מען זיך איין, רוקט מען זיך צו אַלע מאָל געהענטער, אַזוי לאַנג, ביז עס ווערט איין קאָמפּאַניע און מע פּאַרפייט זיך מיט די גלעזער אויפ'ן טיש און מיט די פיס אונטער'ן טיש — חברים כל ישראל... געווען איז, איינגעטליך, ניט שבת, נאָר אַ וואָכעדיגער טאָג, און גערעדט האָבען מיר, איינגעטליך, ניט פון שבת, נאָר פון גאָר אַנדערע זאַכען; אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָבען מיר גערעדט און געשפּאַרט זיך איבער ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, אחד־העמיזם, קלויזנעריזם, און גאָר ניט אין זינען געהאַט בשעת מעשה ניט קיין געלט, ניט קיין שבת, ניט קיין שטעדטעל, וואָס הייסט חאַבנע, אפילו ניט מזכיר געווען און אפילו אויף דער מחשבה ניט געקומען. פּלוצים, איך ווייס ניט, ווי אַזוי און וואו אַרום, עס הויבט זיך אויף אַ יונגערמאַן אַ געלער מיט ווייסע ברעמען, איינער פון די יונגעלייט וואָס „מן הצד", און טהוט אַ מאַך מיט דער האַנט און הויבט־אָן בזה הלשון:

— שאַ, וואָס טויג אייך דאָס? אלאַ־מאַי, אָט וועל איך אייך דערצעהלען אַ שענערע מעשה, וואָס מיט מיר האָט זיך גע־טראָפען אין חאַבנע! חאַבנע איז אַ שטעדטעל, אַ שטעדטעל אַזעלכעס פאַרהאַן, וואָס הייסט חאַבנע. האָט דאָס שטעדטעל חאַבנע אַלסדינג, וואָס אַ שטעדטעל באַדאַרף צו האָבען: אַ פּאָסט, מיט אַ ראַבינער, מיט אַ טייך, מיט אַ רב, מיט אַ טעלעגראַף, מיט אַ בית־עולם, מיט אַ פּריסטאַוו, מיט אַ תּלמוד־תּורה, מיט חסידים, מיט בתּי־מדרשים צוויי, מיט קבּצנים זעהר אַ סך און מיט נגידים זעהר ווינציג, ווי געוויינטליך אונזערע קליינע שטעדטלעך. האָט מיך דער גוטער יאָהר פאַרטראָגען אין דעם שטעדטעל איינמאָל אויף אַ שבּת. איהר מעגט דאָס האָרכען, עס איז אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע, זי קאָן אייך צוניץ קומען. דאָס ווייסט איהר דאָך מן הסתם גאַנץ גוט, אַז אין אַ קליינשטעדטעל, אַז איהר קומט צו פאָהרען אויף שבּת, מוזט איהר ווערען קליינשטעדטעלדיג, עס וועט אייך גאָרנישט העלפען. פון פאָהרען ווייטער — דאָס פאַרגעסט. חאַבנע איז ניט אדעס. זינט חאַבנע איז חאַבנע, האָט דאָרט נאָך קיינמאָל קיין איד ניט מחלל שבּת געווען. און אַז איהר בלייבט אויף שבּת אַ חאַבנער, מוזט איהר קודם־כּל געהן אין מרחץ אריין. וואָס דען וועט איהר טהון? איהר וועט זיך אוועקזעצען שרייבען ספרים? און, להבדיל, אין שוהל אריין — שמועסט מען דאָך ניט. איך האָב געוואָלט זעהען, אדרבּה, איהר זאָלט קומען צו פאָהרען קיין חאַבנע אויף שבּת און ניט געהן אין שוהל אריין. איהר מיינט, מע וועט אייך, חלילה, עפּיס טהון שלעכטס? הס מלהזכּיר! מע וועט אייך גאָרניט טהון; מע וועט אייך נאָר אָנקוקען; גאַנץ חאַבנע וועט זיך קומען צונויף אָנקוקען דעם אידען, וואָס איז געקומען קיין חאַבנע אויף שבּת און וויל ניט געהן אין שוהל אריין. און וואָס פאַר אַ פּנים וועט איהר האָבען ביי'ם בעל־הבּית? וואָס פאַר אַ טעם וועט האָבען דאָס עסען, וואָס מע וועט אייך געבען באַזונדער? און ווער ווייסט, צי מע וועט אייך גאָר געבען עסען באַזונדער? וואָס זענט איהר, אַ פּריץ, וואָס איהר

זאָלט עסען באַזונדער, ניט מיט׳ן בעל־הבית ביי איין טיש, ניט מאַכען הויך קיין קידוש, ניט זינגען מיט אַלעמען קיין זמירות? זעהט איהר, ווען איהר זאָלט זיין, להבדיל, אַ פריץ, דעמאָלט איז עפּיס אַנדערש. דעמאָלט קריגט איהר אַלסדינג צו זיך אין חדר אריין: עסען, און טרינקען, און אַ פּאַפּיראָס, און אפילו אַ סאַמאָ־וואר, ניט אויסגערעדט זאָל זיין, אום שבת. פון וואַנען נעמט זיך עס, ווילט איהר וויסען? ע, דאָס זאָלט איהר ניט פרעגען. וואָרום אז איהר וועט אָנהויבען פרעגען קשיות למאי — למאי דאָס, למאי יענעם, וועט זיין אַ מעשה אָהן איין עק. בקיצור, זענט איהר געקומען קיין חאַבנע, מוזט איהר זיין אַ חאַבנער.

האָט זיך אָבער געטראָפען מיט מיר אַ מעשה: איך בין געפאָהרען צו אַ פּריץ ניט וויט פון חאַבנע און האָב געפיהרט מיט זיך געלט, שענע עטליבע טויזענטער; עס האָט מיר צעשפּאַרט די בוזעם־קעשענעס. דער, וואָס האָט ניט געוואוסט, האָט, דאַכט מיר, אויך באַדאַרפט זעהען, אַז איך פיהר מיט זיך געלט, וואָרום אַ מענטש, אַז ער פיהרט געלט, האָט ער גאָר איין אַנדער פּנים: ער געהט גאָר אַנדערש, ער שטעהט אַנדערש, ער רעדט אַנדערש. געלט, פאַרשטעהט איהר מיך, האָט אין זיך אַ כח — עס איז געלט!... הכלל, וואָס טהוט מען מיט׳ן געלט? ערשטענס — שבת. חאַבנע איז ניט אַדעס. ווי אַזוי וועל איך מיך אַרומטראָגען שבת מיט געלט? והשנית, מוז איך אייך דעם אמת זאָגען, אַז איך האָב טאַקי אַ ביסעל מורא געהאַט צו נעכטיגען אויף דער אַכסניה מיט, קיין עין־הרע, אַזאַ מטבע. ניט, חלילה, איך האָב מורא געהאַט פאַר׳ן בעל־אַכסניה. דער בעל־אַכסניה איז געווען אַ איד אַ פרומער דוקא, און אַ כשר׳ער, מיט זעהר אַ שענער קאַפּאָטע, מיט אַ גאַרטעל. אויך ניט פאַר קיין גזלנים האָב איך מורא געהאַט: חאַבנע האָט ניט, חלילה, קיין שם פון אַ שטאָדט פון גזלנים אָדער חאַפּערס. מע האָט ניט געהערט נאָך אויף דער וועלט, אַז אין חאַבנע זאָלען פאָרקומען רציחות אָדער גזילות. אַי, טאָמער איז דאָרט געווען אַמאָל אַ שטיקעל פּאָגראָם, איז דאָך עס

נאָר בשעת פּאָגראָם, און וואו איז היינט ניט פאַרהאַן קיין פּאָגראָ־מען?... איך זאָג אייך בהן שלי, איהר קאָנט געהן אין חאַבנע אין מיטען האַלבע נאַכט איינער אַליין — אויף מיין אחריות, עס וועט אייך גאָרניט געשעהן. אם כּן, וואָס זשע האָב איך געהאַט מורא צו האָבען? איך האָב מורא געהאַט, פאַרשטעהט איהר מיך, נאָר פאַר איין זאַך: קיין עין־הרע, אַזאַ סומע געלט, פרעמד געלט, ניט מיינס... טאָמער, חלילה, אַ קשיא וואָס עס מאַכט זיך?... איך דרעה מיך אהער, איך דרעה מיך אהין — עס איז שלעכט. וואָס טהוט מען? איך מאַך אַ שמועס מיט מיין בעל־אַכסניה: ווער זענען דאָ אין חאַבנע פון די פּאָרנעמסטע לייט, פון די נגידים? ענטפערט ער דאָך מיר מסתמא: „צוליעב וועלכען צוועק? אפשר מכּה אַ געשעפט?" זאָל איך איהם געהן דערצעהלען, וואָס מיך קוועטשט! אמת, ער איז טאַקי אַ שענער איד מיט אַ שענער קאַפּאָטע און מיט אַ גאַרטעל, און חאַבנע איז טאַקי ניט קיין שטאָדט פון גזלנים אָדער חאַפּערס; עס איז דאָך אָבער געלט, קיין עין־הרע, אַזאַ סומע געלט, פרעמד געלט, ניט מיינס... בקיצור, איך פרעג איהם דאָס, פרעגט ער מיך יענעס, איך זאָג איהם „נגיד", זאָגט ער מיר „געשעפט"; אהין־אהער, איך האָב ביי איהם אַרויס־געצויגען דאָס, וואָס איך באַדאַרף צו האָבען: אַז חאַבנע איז אַ שטעדטעל פון לויטער קבצנים, דאָס הייסט, עס איז פאַרהאַן אין חאַבנע נגידים אויך, נאָר זעהר ווינציג. פאַרהאַן סך־הכּל איינער אַזעלכער, וואָס מע קאָן אויף איהם זאָגען, אַז ער איז אַ שטיקעל נגיד, און אפשר טאַקי אַ גאַנצער נגיד, און ניט נאָר אַ נגיד, נאָר אַ גביר קאָן מען זאָגען, אַ גביר עצום. זיין געלט, הייסט עס, האָט קיינער ניט געצעהלט, נאָר געלט האָט ער, און אפשר טאַקי אַ סך געלט. היינט האָט ער הייזער אייגענע, מיט קלייטען אַ גאַנצען מאַרק, מיט אַ שטיקעל וועלדעל, טאַקי אַ וואַלד קאָן מען זאָגען, צוויי וועלדער. און דערצו איז ער נאָך נישקשה פון אַ מענטשעל אויך, דאָס הייסט, ניט קיין שלעכטער בטבע, מע קאָן זאָגען אַ גוטער, מיט אַ גוט האַרץ און מיט אַ ברייטער האַנט; האָט ליעב

זיך אויסשטעלען, פארשטעהט איהר מיך, מיט אַ נדבה, מיט אַ גמילות־חסד, מיט אַ טובה'לע; ער זאָגט ניט אָפּ קיינעם — ווער עס זאָל ניט קומען צו איהם; געוויינטליך, צוליעב כבוד, האָט ליעב כבוד, אַ נגיד האָט ליעב כבוד; חאָטש אַזוי ביי זיך איז ער כלומרשט איין עניו, אַ פּראָסטער ביי זיך, האָט פיינט כבוד; און מע קאָן זאָגען אויף איהם, אַז ער איז אַ גאַנץ עהרליכער, דאָס הייסט, ניט קיין גרויסער צדיק, נאָר ער וועט ניט טהון וואָס מע טאָר ניט בפרהסיה, אַזוי אַז אַלע זאָלען זעהען; אפשר ביי זיך דאָרט, הייסט עס, אַז קיינער זעהט ניט, ווייסט מען ניט; ווער איז דאָס מחויב ערב זיין פאַר יענעם? נאָר אין לשון אָרענטליכקייט איז דאָך ניט שייך, קיין דאַנק קומט איהם ניט, וואָרום אויב אַזאַ מענטש זאָל שוין ניט זיין אָרענטליך, טאָ ווער זשע דען?...

הכלל, איך האָב פון די רעד געקאָנט ארויסזעהן, אַז דעם דאָזיגען פארשוין מעג איך מיין פּותיקא געטרויען. און איך האָב מיך אַוועקגעלאָזט צו איהם באַצייטענס, ערב שבת פאַר'ן מרחץ, געטראָפען איהם אין דער היים איבער אַ ספר. זעהר אַ פיינער מענטש, זיצט שען, נגיד'יש, גרויסאַרטיג, און רוהיג, ווי געוויינטליך אַ גביר אין אַ קליינשטעדטעל. אריינגעקומען, געב איך איהם אָפּ שלום, דערצעהל איהם די גאַנצע מעשה, אַזוי און אַזוי: איך פאָהר דאָ צו אַזאַ און אַזאַ פריץ, פיהר מיט זיך געלט, מוז דאָ בלייבען שבת האַלטען, האָב איך מורא, אַ קשיא אויף אַ מעשה, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט פון קיין גזלנים און ניט פון קיין חאַפּערס, און מיין בעל־אַכסניה איז טאַקי אַ שענער איד מיט אַ שענער קאַפּאָטע און מיט אַ גאַרטעל, נאָר וואָס דען? קיין עין־הרע, אַזאַ סומע געלט, פרעמד געלט, ניט מיינס!... ענטפערט ער מיר מיט אַ שמייכעל: „וואָס זשע ווילט איהר, יונגערמאַן?" זאָג איך איהם, אַז איך האָב איהם געוואָלט בעטען, אפשר איז מעגליך, ער זאָל ביי מיר דאָס ביסעל געלט צונעמען און באַהאַלטען דאָס ביז איבער שבת ביי זיך אין שאַפע; ער האָט איין אייזערנע שאַפע, וועל איך קאָנען זיין רוהיג. דאָס הייסט, איך בין חלילה קיינעם

ניט חושד, חאבנע איז א שטאָדט, זאָג איך, ניט פון קיין גזלנים און ניט פון קיין חאפערס; קיין עין־הרע, אזא סומע געלט, פרעמדס, ניט מיינס... הערט ער מיך אויס און מאַכט צו מיר מיט א שמייכעל: „יונגערמאַן, איהר קענט מיך ניט, און ווייסט מיך ניט, ווי אזוי פארטרויט איהר מיר דאָס אזא סומע געלט?" זאָג איך צו איהם: „א גוטער נאָמען לאָזט זיך הערען, און מסתמא וועט איהר מיר דאָך, זאָג איך, ארויסגעבען עפּיס א קוויטעל; עס איז דאָך געלט, אזא סומע געלט, זאָג איך, פרעמדס, ניט מיינס"... טהוט ער א שמייכעל און רופט זיך אָן צו מיר, אז קיין קוויטעל האָט ער אויף זיין לעבען ניט געגעבען קיינעם... זאָג איך איהם: „לאָז זיין אָהן א קוויטעל". זאָגט ער: ער וויל ניט. זאָג איך: „וואָס זשע טהוט מען?" זאָגט ער: „ווי איהר פארשטעהט". זאָג איך: „אפשר עדות?" זאָגט ער: „מהכתיתי". זאָג איך: „ועמען זאָל איך ברענגען?" זאָגט ער: „וועמען איהר ווילט". זאָג איך: „געפינט זיך ניט ביי אייך אין שטאָדט עפּיס א פּאָר פיינע מענטשען?" זאָגט ער: „ביי אונז זענען אלע פיינע מענ־טשען". זאָג איך: „וויבאלד אזוי, טהו איך א שפרונג און ברענג מיט זיך א פּאָר בעלי־בתּים". זאָגט ער: „שפּרינגט און ברענגט וועמען איהר ווילט"... און איך זעה, אז עס פארדריסט איהם די מעשה. פארענטפער איך מיך פאר איהם, אז איך וואָלט עס געוויס ניט געטהאָן; לאָמיך עס, זאָג איך, פארמאָגען, וואָס איך וואָלט איהם געטרויט; נאָר אזוי ווי, זאָג איך, דאָס געלט איז ניט מיין געלט, עס איז פריהער גאָט'ס און נאָכדעם פרעמדס, מוז איך דאָך זיין פאָרזיכטיג. הא? ווי זאָגט איהר? דארף איך זיין פאָר־זיכטיג?... הערט ער מיך אויס מיט א שמייכעלע און שווייגט. פארשטעה איך, אז שטארק צופריעדען איז ער ניט. נאָר איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אז איך לויף־אוועק ברענגען א פּאָר בעלי־בתּים, מוז מען לויפען ברענגען א פּאָר בעלי־בתּים. און איך לאָז מיך אוועק צוריק אויף דער אכסניה און איך נעם זיך ווידער צו מיין בעל־הבית, ביי איהם אויסטאפּען, וועד זענען דאָ אין חאבנע פון

די שענסטע בעלי־בתים? איז אָבער אוממעגליך ביי איהם ארויס־
צוציהען אַ וואָרט; ער וויל נאָר וויסען איין זאַך: צוליעב וואָס
באַדאַרף איך דאָס וויסען? אויב, זאָגט ער, צוליעב אַ שידוך, איז
איין אנדער זאַך, און אויב צוליעב קרעדיט, איז שוין ווידער עפּיס
אנדערש, און אויב אפילו, זאָגט ער, גלאַט אַזוי, באַדאַרף ער, זאָגט
ער, אויך וויסען, וואָס ליגט דאָ פאַר אַ טעם...

אהין־אהער, ער האָט זיך מיר אויסגעקוועטשט, אַז פיין
זענען, אייגענטליך, אַלע חאַבנער בעלי־בתים. דאָס הייסט, אַז מע
וויל, זאָגט ער, צוריק, מעג זיי דאָס צוקומען, וואָס זיי געהט־אָפּ
צו פיינקייט, וואָרום וואָס איז שייך פיין? פיין קאָן מען, זאָגט
ער, אָנרופען איטליכען באַזונדער, און אַז מע וויל, זאָגט ער, איז
קיין פיין גאָר נישט פאַרהאַן אין ערגיץ. עס ווענדט זיך, זאָגט ער,
אין דעם, וואָס פאַר אַ פיינקייט מע זוכט ביי יענעם: צי געלט,
צי יחוס, צי תורה, צי דרך־ארץ, צי אפשר אַלע זאַכען אינאיינעם?
נאָר אַזוי ווי אַלץ אינאיינעם, זאָגט ער, איז ניטאָ ביי קיינעם,
לכן זענען, זאָגט ער, אין חאַבנע אַלע פיין; נאָר אויב איך וויל,
זאָגט ער, עס זאָל זיין פיין שבפיין, זענען פאַרהאַן, זאָגט ער, נאָר
צוויי פיינע מענטשען אין חאַבנע: רב לייזער און רב יאָסי. אויף
זיי קאָן מען, זאָגט ער, זאָגען: פיין, וואָס פיין הייסט!... „ווער,
זאָג איך, איז, למשל, דער רב לייזער און ווער איז דער רב יאָסי?"
זאָגט ער מיר: „וואָס איז די נפקא־מינה? און אַז איך וועל אייך
שוין זאָגען, וועט איהר דען וויסען?" זאָג איך: „וואָס איז
שייך? יעדער מענטש האָט דאָך זיין כאראַקטער". זאָגט ער:
„איהר זענט אַ מאָדנער איד — אלסדינג דאַרפט איהר וויסען!
רב לייזער איז אַ איד, וואָס מע רופט איהם לייזער, און רב יאָסי
איז אַ איד, וואָס מע רופט איהם יאָסי. נו, אַציגד איז אייך שוין
גרינגער?"...

בקיצור, איך בין אריבערגעגאַנגען צו דעם רב לייזערען, וואָס
מע רופט איהם לייזער, און צו דעם רב יאָסין, וואָס מע רופט איהם

יאָסי, און האָב מיך באַקענט מיט זיי, גאַנץ שענע אידען מיט שענע בערד, זיך צערעדט מיט זיי פון דעם און פון יענעם, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַריין; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מען איז אַרויף אויף דעם, וואָס איך באַדאַרף, און האָב זיי גאַנץ פשוט דערצעהלט די גאַנצע מעשה, אַזוי און אַזוי, אַז פאָהרען פאָהר איך צו אַ פּריץ, פיהר מיט זיך געלט, האָב איך מורא, טאָמער אַ קשיא, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט חלילה פון גזלנים אָדער חאַפּערס, נאָר עס איז דאָך עפּיס געלט, קיין עין־הרע, אַזאַ סומע, פרעמדס, ניט מיינס... לכן בעט איך זיי, אויב זיי ווילען פאַרדיענען אַ מצוה, זאָלען זיי זיך מטריח זיין מיט מיר אויף איין מינוט צום גביר פון חאַבנע, נישט מעהר ווי זיין דערביי, בשעת איך געב איהם איבער דאָס געלט, ער זאָל דאָס באַהאַלטען ביי זיך איבער שבת. אויס־געהערט האָבען זיי מיך, אָט דער רב לייזער, וואָס מע רופט איהם לייזער, און דער רב יאָסי, וואָס מע רופט איהם יאָסי, מיט קאָפּ, זיך געגלעט בשעת־מעשה די בערד, איבערגעפרעגט ביי מיר נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל: פון וואַנען און וואוהין און וואָס און ווען, און האָבען זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטען, און מיר זענען אַלע דריי זיך דורכגעגאַנגען צום גביר פון חאַבנע, געבעטען, ער זאָל קיין פאַראיבעל ניט האָבען, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט חלילה פון גזלנים אָדער חאַפּערס... און איך האָב גאַנץ פיין אויפגעבונדען די קעשענעס, אַרויסגענומען און איבערגעצעהלט דאָס ביסעל אָרעמקייט, רעכט איינגעוויקעלט אין אַ פּאַפּיער און איבערגעגעבען דאָס דעם גביר פון חאַבנע גלייך אין די הענט אַריין, ער זאָל דאָס באַהאַלטען ביי זיך אין דער אייזערנער שאַפע ביז איבער שבת, געבעטען נאָך אַ מאָל, ער זאָל קיין פאַראיבעל נישט האָבען, וואָס איך בין איהם מטריח, חאַבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט חלילה פון גזלנים אָדער חאַפּערס, עס איז דאָך אָבער געלט, קיין עין־הרע, אַזאַ סומע געלט, פרעמדס, ניט מיינס... און דער גביר פון חאַבנע האָט גאַנץ פיין איבערגענומען ביי מיר דאָס פּעקעל פון האַנט צו האַנט, ווי מע נעמט איבער, למשל, אַ קינד אויף אַ ברית־מילה פון

דער קוואַטערין צום קוואַטער, און מיינע צוויי אידען בשעת־מעשה האָבען געהאָלפען קוקען, זיך געגלעט די בערד און באַלעקט זיך, ווי אַ קאַץ, בשעת זי קוקט אויף פוטער... און איך האָב מיך אָפּ־געזעגענט, נאָך אַ מאָל געבעטען, מע זאָל קיין פּאַראיבעל ניט האָבען פאַר דער טרחה, חאבנע איז טאַקי אַ שטאָדט ניט חלילה פון גזלנים אָדער חאַפּערס, און אַ גוטען שבת, און אַ סוף.

אויסגעלעדיגט די בוזעם־קעשענע, איז מיר אַראָפּ צעהן פונד משא, און איך בין מיר מיט אַ פרייען קאָפּ געגאַנגען אין שוהל אַריין, געהערט זעהר אַ שענעם חזן, וואָס ציקעלט זיך אפילו אַ ביסעל צו־פיעל און מאַכט משונה־מאָדנע קונצען מיט'ן האַלז, מערעלייקעט דעם „לכה־דודי", ווי אַ סאָלאָוויי, לאָזט־אויס דעם „מזמור־שיר־ליום־השבת", ווי אַ זינגער, להבדיל, אין טהעאַטער, און זאָגט דעם „כגונא" עכט אידיש, מיט אַזוי פיעל „מאָראַל", מיט אַזאַ מין מתיקות, אַז עס גלוסט זיך הערען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל — איך האָב שוין לאַנג ניט געהערט אַזאַ חזן, ווי אין חאבנע, איך האָב שוין לאַנג ניט געהערט אַזאַ קידוש מיט אַזעלכע זמירות, ווי אין חאבנע, איך האָב שוין לאַנג ניט געגעסען אַזעלכע געפעפערטע פיש מיט אַזעלכע געשמאַקע לאָקשען מיט אַזאַ צימעס־פלייש, ווי אין חאבנע, איך בין שוין לאַנג ניט אַזוי געשלאָפען געשמאַק, ווי איך בין געשלאָפען יענע נאַכט שבת, און אויך דעם גאַנצען טאָג שבת בין איך געשלאָפען, ווי אַ קיסר! אויסגעשלאָפען זיך אויף אַלע זייטען, בין איך מיר גאַנץ פיין אויפגעשטאַנען, אַרויסגעגאַנגען אַ ביסעל אויפ'ן שפּאַציער, אָנקוקען חאבנע, חאבנער אידען מיט חאבנער ווייבער, חאבנער בחורים מיט חאבנער מייד־לעך, וואָס געהען אָנגעטהאָן און אויסגעפּוצט נאָך „דער לעצטער מאָדע"; נאָכדעם האָב איך מיר גאַנץ פיין אָפּגעגעסען דעם קאַל־טען שלש־סעודות און גאַנץ פיין אָפּגעזונגען די שענע זמירות, אַוועק אין שוהל אַריין דאַווענען מעריב, געקומען, אָפּגעמאַכט גאַנץ פיין הבדלה, זיך צערעכענט גאַנץ פיין מיט דער בעל־הבית'טע אויף דער אכסניה, אָפּגעריסען, געוויינטליך, פונ'ם חשבון אַ פּאָר גילדען,

און זיך געלאָזט גאַנץ פֿײַן צום גביר פֿון חאַבנע נאָך די עטליכע גראָשענס.

געקומען צום גביר פֿון חאַבנע, האָב איך איהם געטראָפֿען אין זעהר אַ שענעם זײַדענעם חאַלאַט מיט זײַדענע קאָטעסען, געהט אַרום גאַנץ פֿײַן איבער׳ן זאַל, דרעהט מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפ׳ן אַנדערען, באַמקעט און זינגט מיט זעהר אַ שענער שטימע:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!
במהרה, במהרה בימינו!...

„מילא, יענער זינגט, טראַכט איך מיר, לאָז ער זינגען; ער וועט אויפהערען צו זינגען, וועל איך איהם דעמאָלט זאָגען". מײַן גביר אָבער הערט ניט אויף צו זינגען, צו באַמקען און צו דרעהען מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפ׳ן אַנדערען. איך הויב אָן צו זיצען אויף הייסע קויהלען, האָפּ זיך אויף אַלע מאָל און וויל צוגעהן צו איהם און זאָגען מכּח יענער מעשה, איז אָבער אומ־מעגליך: ער זינגט און באַמקעט און דרעהט מיט די קאָטעסען פֿון איין פֿינגער אויפ׳ן אַנדערען, און דאָס קול געהט אַלע מאָל העכער און העכער:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!
אי־אי־אי־אי!
אי־אי־אי־אי!
במהרה, במהרה, במהרה בימינו!...
אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!...

„וואָס עס וועט זיין!" — טראַכט איך מיר, און טהו מיר אָן אַ כח און געה־צו צו איהם און רוף מיך אָן, אז איך רעכען, אם ירצה השם, היינט, באַלד טאַקי, הייסט עס, פאָהרען אין וועג אריין, האָב איך איהם געוואָלט בעטען מכח... המ... הויבט ער אויף דעם פינגער מיט'ן קאַטעס גאַנץ הויך און מאַכט צו מיר הויך, אויף אַ קול:

אליהו הנביא!
אליהו התשבי!
אליהו הגלעדי!
אי־אי־אי־אי!
אי־אי־אי־אי!

„וואָס ס'האָט זיך מיר גע'חלומ'ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנצע וואָך! — אַזוי טראַכט איך מיר. — דער מענטש האָט זיך אַ ביסעל פאַרליעבט אין אליהו'ן, ס'איז איהם גאַר ניט אָפּצורייסען!"... בקיצור, ער האָט געזונגען און געבאָמקעט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אויפגעהערט צו זינגען און צו באָמקען. „אַ גוטע וואָך — מאַכט ער צו מיר — אַ גוטע וואָך, זיצט". און מיר זעצען זיך אַוועק גאַנץ פיין ביידע ביי'ם טיש, און ער איז מיך מכבד מיט אַ גאַנץ פיינעם פּאַפּיראָס, שאַפט, מע זאָל אריינטראָגען צוויי גלאָז טיי, מיר אַ גלאָז און איהם אַ גלאָז, און טהוט מיך אַ פרעג: „יונגערמאַן, וואָס וועט איהר עפּיס זאָגען גוטס?" — „וואָס זאָל איך, זאָג איך, זאָגען? איך פאָהר היינט אַוועק, זאָג איך, טאַקי באַלד, הייסט עס, האָב איך אייך געוואָלט, זאָג איך, בעטען די עטליכע גראָשענס". — „וואָס פאַר גראָשענס?" — „די עטליכע קערבלעך", זאָג איך. — „וואָסערע קערבלעך?" — „דאָס געלט, זאָג איך, דאָס געלט מיינס". — „וואָסער געלט?" — „וואָס הייסט, זאָג איך, וואָסער געלט? איהר ווייסט ניט, וואָס איך מיין? איך מיין, זאָג איך, דאָס געלט, וואָס כ'האָב אייך געגעבען באַהאַלטען ביז איבער שבת". — „איהר, זאָגט ער, האָט מיר געגעבען געלט?"...

און בשעת־מעשה מאכט ער אזא פנים, גלייך ווי איך וואָלט איהם געזאָגט, למשל, אז זיין נאָז איז ניט זיינע, נאָר מיינע...

איהר קאָנט פאַרשטעהן, ווי אזוי מיר איז געוואָרען בשעת־מעשה אויף דער נשמה: א קשיא אויף א מעשה? האַבנע איז טאַקי א שטאָדט, חלילה, ניט פון קיין גזלנים, ניט פון קיין חאַפּערס... נאָר צוריק האָב איך מיך מיישב געווען: אפשר טרייבט ער קאַטאָוועס? הויב איך אָן צו לאַכען: „חאַ־חאַ, איהר זענט א רעכטער ליץ, זאָג איך, איהר קאָנט גוט די מלאכה!" מאַכט ער צו מיר אָבער ערנסט: „וואָסער מלאכה?" — „איהר טרייבט, זאָג איך, מיט מיר קאַטאָוועס". מאַכט ער צו מיר שוין צו ערנסט: „יונגערמאַן, איך בין ניט אייער גלייכען און טרייב ניט מיט אייך קיין קאַטאָוועס! זאָגט, וואָס ווילט איהר?"...

דאָ האָב איך שוין דערפיהלט, אז דאָס פנים ציטערט מיר, די אויגען פינטלען, די קנעכלעך הויבען זיך אָן צו טרייסלען, אָט פאַל איך אום. נאָר איך געב מיך ניט אַרויס. איך נעם עס אָן אַלין פאַר א שפּאַס און טהו איהם א זאָג: „נו, גענוג אייך שוין צו לצ׳עווען, כלעבען, גיט מיר אָפּ מיין געלט, לאָמיך פאָהרען". מיין גביר פון חאַבנע זיצט אַקעגען מיר, קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין, און איהר זאָלט זאָגען, ער זאָל דאָס אפילו א ריהר טהון מיט א ברעם, א פינטעל טהון מיט איין אויג. גאָרניט, גלייך ווי איך וואָלט עפּיס גערעדט פון׳ם וועג, חלילה, פון׳ם זינען. „יונגערמאַן, מאַכט ער צו מיר גאַנץ געלאַסען, איהר זענט זיך טועה, איהר האָט געטראָפען ניט אַהין, וואו איהר דאַרפט". טהוט עס מיך שוין מסתמא א טראָג־אויף און איך רוף מיך אָן צו איהם: „אויב איהר טרייבט ניט קיין קאַטאָוועס, זאָג איך, פאַרשטעה איך אייך ניט, וואָס דאָס איז פאַר א שפּיעל? איך האָב אייך געגעבען, זאָג איך, באַהאַלטען געלט, קיין עין־הרע, אזא סומע געלט, דאָס געלט איז ניט מיינס, ס׳איז פרעמד געלט"... און איך פיהל, אז די צונג פּלאָנטעט זיך, אין האַלז שטיקט, אינ׳ם לינקען אויהער פּייפט, עס געהט מיר אָפּ, ווי מע זאָגט, א מינוט צום חלש׳ען.

„איך ווייס ניט, מאַכט ער צו מיר, וואָס איהר רעדט". — „האָט איהר, זאָג איך, ביי מיר קיין געלט ניט גענומען?" — „איך, זאָגט ער, ביי אייך? ווייזט, זאָגט ער, איהר האָט עפּיס אויף פּאַפּיער?"... דאָ איז מיר געוואָרען שלעכט; אצינד פאַרשטעה איך שוין, פאַר וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער חתמ'עט ניט קיין קוויטלעך!... „סטייטש, זאָג איך, נו, און די עדות, וואָס זענען דערביי געוועזן?" מאַכט ער צו מיר: „עדות? וואָסערע עדות?" — „ניט געוועזן, זאָג איך, דערביי רב לייזער און רב יאָסי?" — „וואָסער לייזער, וואָסער יאָסי?" — „סטייטש, זאָג איך, גאָט איז מיט אייך, אָט, זאָג איך, טהו איך אַ שפּרונג און ברענג זיי צו פיהרען!" — „שפּרינגט, מאַכט ער צו מיר, וואוהין איהר ווילט, אַבי לאָזט מיך צו־רוה; איהר זענט מיר, זאָגט ער, ניט ביי אַלע געדאַנקען, יונגערמאַן!"...

און לויפענדיג אַזוי צו מיינע עדות, פליהט מיר דורך בשעת־מעשה אַ מחשבה: אפשר בין איך טאַקי ניט ביי אַלע געדאַנקען? אפשר איז דאָס גאָר אַ דמיון? אַ חלום? אפשר בין איך גאָר ניט אין חאַבנע? איך לויף, און די געדאַנקען לויפען, דער קאָפּ ווערט מיר שיער ניט צעשפּאַלטען אויף שטיקלעך. דער רוח האָט מיך געטראָגען קיין חאַבנע אויף שבת! וועה און ווינד, וואָס וועל איך טהון, אַ קלאָג, פאַרפינסטערט בין איך געוואָרען?!...

אַהין־אַהער, איך קום צו רב לייזערען, איך קום צו רב יאָסין, דערצעהל זיי דעם אומגליק, וואָס מיר האָט געשעהן: „קומט, זאָג איך, אידען בני רחמנים, קומט גיכער, האָט רחמנות, ס'איז אַ סומע געלט, זאָג איך, פרעמדס, ניט מיינס, ראַטעוועט מיך!"... און מיר קומען צו לויפען אַלע דריי צום גביר פון חאַבנע, געהט ער אונז אַקעגען מיט אַ מאָדנע שמייכעל און מאַכט צו מיינע צוויי שענע אידען בזה הלשון: „וואָס זאָגט איהר אויף דעם שלאַק? דער יונגערמאַן האָט זיך איינגערעדט אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז; ער זאָגט, אַז ער האָט מיר כמו ווי געגעבען געלט אַ גרויסע סומע אויף צו באַהאַלטען, און ווייזט אָן אויף אייך, אַז איהר זענט דערביי

געוועזען. וואָס זאָגט איהר אויף אזא מין אָנשיקעניש?"... מיינע ביידע עדות, די שענע אידען מיט די שענע בערד, שטעהען און קוקען אויפ'ן גביר, אויף מיר און איינס אויפ'ס אנדערע. „וואָס שווייגט איהר? — מאכט צו זיי דער גביר. — האָט איהר געהערט אזא מין בלבול?" — „גאָט ברוך־הוא זאָל שומר ומציל זיין!" — מאכען מיינע צוויי עדות, די שענע אידען מיט די שענע בערד, און קוקען זיך איבער איינס מיט דאָס אנדערע. „ער זאָגט, מאכט ווייטער צו זיי דער גביר, אז ס'איז געוועזען מי יודע וואָס פאר א סומע געלט, תרפ"ט אלפים, און אז איהר האָט אליין געזעהען, ווי ער האָט דאָס מיר איבערגעגעבען, איך זאָל דאָס באהאלטען ביי זיך ביז איבער שבת. ווי געפעלט דאָס אייך? איך האָב מורא, צי דער יונגערמאַן איז, חלילה, ניט געריהרט?"... — „ניט אנדערש, אז... ער איז, חלילה, געריהרט"... רופען זיך אָפּ מיינע ביידע עדות, קוקען אויפ'ן גביר און איינס אויפ'ס אנדערע און גלעטען זיך די שענע בערד. איך וויל עפּיס זאָגען, שרייען — קאָן איך ניט! עס האָט זיך מיר צוגעקלעפּט די צונג צום גומען, געשטעלט זיך עפּיס פּאַפּעריק אין האלז, ווי א ביין, פינסטער געוואָרען אין די אויגען... שטיל האָבען זיך מיינע צוויי שענע אידען, רב לייזער און רב יאָסי, ארויסגערוקט פון שטוב, עפּיס מאָדנע געקוקט אויפ'ן גביר און איינס אויפ'ס אנדערע. זייערע פּנימ'ער זענען געוועזען בלאַס, ווי די לבנה, נאָר זיי האָבען געשיינט, און די אויגען האָבען ביי זיי געלויכטען, ווי ביי מענטשען, וואָס גאָט ברוך־הוא האָט זיי צוגעשיקט אויף א פולער וואָך ניט קיין שלעכט געשעפטעל...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

הערט איהר? גאָט ווייסט, וואָס מיט מיר וואָלט געוועזען, ווען דער חאַבנער גביר זאָל ניט געוועזען צוגעהן צו מיר, ארויפלעגען מיר די האנט אויף די פּלייצעס, עפּענען די שאפע און א זאָג טהון צו מיר: „יונגערמאַן, עסט אייך ניט אָפּ דאָס הארץ. דאָ האָט

איהר אייער געלט. איך האָב אייך ניט מעהר נאָר געוואָלט ווייזען, וואָס איז חאַבנע און ווער זענען איהרע שענע אידען״...

פון דעמאָלט־אָן פאָהר איך ניט קיין חאַבנע, און אז איך פאָהר קיין חאַבנע, פיהר איך ניט מיט קיין געלט, און אז איך פיהר געלט, האַלט איך ניט שבת, און אז איך האַלט שבת... ווייס איך שוין, וואָס איך האָב צו טהון...

און דער געלער יונגערמאַן מיט די ווייסע ברעמען, אז ער האָט געענדיגט צו דערצעהלען די מעשה, האָט ער זיך אָפּגערוקט מיט׳ן בענקעל א ביסעל אויף א זייט און האָט גענומען אריינקוקען אונז איטליכען באַזונדער אין די אויגען אריין, צו זעהען, וואָס פאַר א רושם זיין מעשה האָט אויף אונז געמאַכט. מיר אַלע זענען גע־בליבען, ווי פארשטומט. עס איז איבערגעריסען געוואָרען אונזער שמועס, אָפּגעהאַקט געוואָרען, ווי מיט א האַק־מעסער. נאָר איינער פון אונז (איך געדענק ניט ווער; דאַכט מיר, אז איך) האָט זיך איינגעשטעלט און האָט א פרעג געטהאָן ביי׳ם געלען יונגענמאַן מיט די ווייסע ברעמען:

— אַקעגען וואָס, הייסט דאָס, האָט איהר אונז דערצעהלט די דאָזיגע מעשה?

— אַקעגען וואָס? — מאַכט ער ווי פארוואונדערט. — וואָס הייסט, אַקעגען וואָס? אַקעגען גאָרניט. ס׳איז גלאַט אזוי זיך א מעשה, אין דער וועלט אריין. איך האָב מיך גראָד איצט דער־מאָנט, האָב איך אייך דערצעהלט.

# ס׳אַ ליגען!

דיאַלאָג אין גאַליציע.

געשריבען אין יאָהר 1906.

# ס'אַ ליגען!

— איהר פאָהרט, דאַכט מיר, קיין קאָלאָמעא?

— פון וואַנען ווייסט איהר, אז קיין קאָלאָמעא?

— איך האָב געהערט, איהר האָט גערעדט מיט'ן קאָנדוקטאָר. איהר זענט טאַקי אַ קאָלאָמעאַר, צי איהר פאָהרט נאָר קיין קאָלאָמעא?

— טאַקי אַ קאָלאָמעאַר. וואָס איז דען?

— גאָרניט. גלאַט אַזוי, איך פרעג. עפּיס אַ היבשע שטאָדט קאָלאָמעא?

— וואָס איז שייך אַ היבשע שטאָדט? אַ שטאָדט, ווי אַלע שטעדט אין גאַליציע. אַ פיין שטעדטעל, זעהר אַ פיין שטעדטעל!...

— איך מיין, צי ס'איז פאַראַן ביי אייך עפּיס פיינע מענשען, נגידים?

— פאַראַן אַלערליי: פאַראַן נגידים, פאַראַן קבצנים. געוויינטליך, מעהר קבצנים ווי נגידים.

— דאָס אייגענע, וואָס ביי אונז. אויף איין נגיד — קיין עין־הרע, טויזענט קבצנים. ביי אייך אין קאָלאָמעא דאַרף זיין אַ נגיד פינקעלשטיין?

— פאַראַן אַ נגיד פינקעלשטיין. וואָס איז? איהר קענט איהם?

— קענען קען איך איהם ניט, נאָר איך האָב געהערט. הייסט ער ניט רב שעיה?

— רב שעיה. וואָס איז דען ?

— גאָרנישט. גלאַט אזוי, איך פרעג. ער איז טאַקי אזא גביר, ווי מע זאָגט, אָט דער רב שעיה ?

— איך ווייס ? זיין געלט האָב איך נישט געצעהלט. וואָס פרעגט איהר זיך אזוי נאָך ? איהר דאַרפט דאָס וויסען אקעגען קרעדיט ?

— ניין, גלאַט אזוי. ער האָט, זאָגט מען, א טאָכטער.

— ער האָט דריי טעכטער. אפשר מכּח א שידוך ? וויפיעל, האָט מען אייך געזאָגט, גיט ער נדן דער טאָכטער ?

— דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען נדן, פאַרשטעהט איהר מיך. מע שמועסט פון דער שטוב שמועסט מען : וואָס פאַר א שטוב איז ביי דעם רב שעיה פינקעלשטיין ? וואָס פאַר א הויז הייסט דאָס ?

— וואָס זאָל זיין פאַר א הויז ? א הויז, ווי אַלע הייזער. א אידישע שטוב, א פיינע שטוב, א חסידישע, זעהר א פיינע שטוב ! מע זאָגט אפילו, אז מכּח אידישקייט איז ביי איהם די לעצטע צייט... נאָר ס'א ליגען !

— וואָס איז א ליגען ?

— וואָס מע זאָל ניט זאָגען, איז א ליגען. קאַלאָמעא איז, דאַרפט איהר וויסען, א שטאָדט פון סאַמע ליגנערס.

— איז טאַקי מהאי טעמא כּדאי צו וויסען, וואָס זאָגט מען, למשל, אויף זיין שטוב ?

— מע זאָגט, אז ס'איז שוין נישט דאָס, וואָס אמאָל. למשל, אמאָל פלעגט מען דאָרטען פּסח האַלטען שמורה... ער אַליין פלעגט גאָר פאָהרען צוויי מאָל אין יאָהר צום רבי'ן. און היינט... היינט איז שוין ניט דאָס...

— אָט דאָס איז גאָר ?

— וואָס דען האָט איהר געוואָלט ? מע זאָל שוין אראָפּ־וואַרפען באָרד און פּאות און עסען חזיר בּפרהסיה ?

— איהר זאָגט „מע זאָגט“, האָב איך געמיינט, מי יודע וואָס מע זאָגט! דער עיקר איז דאָך, אויב דער מענטש אַליין איז אַ מענטש. דאָס הייסט, איך מיין, צי איז ער, אָט דער רב שעיה פינקעלשטיין, מיין איך, עפּיס אַ פיינער, אַ לייטישער מענטש? אָט דאָס מיין איך.

— וואָס איז שייך אַ לייטישער מענטש? אַ מענטש ווי אַלע מענטשען. אַ פיינער מענטש. למאי זאָל איך זאָגען? אַ גאַנץ פיינער מענטש! מע שמועסט אפילו ביי אונז, אַז ער איז אַ ביסעל... נאָר ס׳אַ ליגען!

— וואָס איז אַ ליגען?

— אַלסדינג, וואָס מע זאָגט אויף איהם, איז אַ ליגען; קאַלאָמעאַ איז אַזאַ שטאָדט, וואָס מע האָט ליעב רעדען איינס אויף דאָס אַנדערע; וויל איך ניט נאָכזאָגען, וואָרום דאָס הייסט שוין לשון־הרע.

— וויבאַלד אַז איהר ווייסט, אַז ס׳אַ ליגען, איז דאָך שוין אוים לשון־הרע.

— מע זאָגט, אַז ער איז... אַ ביסעל... אַ דרעהער.

— אַ דרעהער? יעדער איד איז אַ דרעהער. אַ איד דרעהט. איהר זענט דען נישט קיין דרעהער?

— אַ דרעהער צו אַ דרעהער איז נישט גלייך. אויף איהם זאָגט מען, פאַרשטעהט איהר מיך... נאָר ס׳אַ ליגען!

— וואָס זשע, אייגענטליך, זאָגט מען אויף איהם?

— איך זאָג דאָך אייך, אַז ס׳אַ ליגען!

— וויל איך וויסען דעם ליגען, וואָס מע זאָגט.

— מע זאָגט, אַז ער האָט שוין דריי מאָל געשטעלט זיך. נאָר ס׳אַ ליגען! איך וויים נאָר פון איין מאָל.

— אָט דאָס איז גאָר? וואו האָט איהר געזעהען, אַ סוחר זאָל זיך ניט שטעלען? אַ סוחר האַנדעלט אַזוי לאַנג, ביז ער פאַרהאַנדעלט זיך. אַ סוחר, אַז ער שטאַרבט־אוועק נישט גע־

שטעלטערהייט, איז א סימן, אז ער איז געשטאָרבען פאַר דער צייט. וואָס? ניט אזוי?

— אַלץ הייסט ביי אייך געשטעלט? אויף איהם זאָגט מען, אַז ער האָט זיך מיאוס אוועקגעשטעלט, אראָפּגעלאָזט די ממתקים און ארויסגעשטעלט דער וועלט א פייג. איהר פאַרשטעהט?

— נישט קיין נארישער מענטש, אפנים. נו, און אויסער דעם גאָרניט?

— וואָס נאָך האָט איהר געוואָלט? ער זאָל קוילען מענ־טשען? באַגעהן קרימינאַל? מע דערצעהלט אפילו ביי אונז אויף איהם יאָ עפּיס זעהר ניט קיין שענע מעשה... נאָר ס'א ליגען!

— דהיינו, וואָס פאַר א מעשה?

— א מעשה מיט א פּריץ... א נעכטיגער טאָג!

— וואָס פאַר א מעשה מיט א פּריץ?...

— עפּיס א פּריץ דאָרטען... קוויטלעך... ווייס איך וואָס קאַלאָמעע קאָן אויסטראַכטען? ס'א ליגען! איך ווייס, אז ס'א ליגען!

— אז איהר ווייסט, אז ס'א ליגען, וועט דאָך עס איהם ניט שאַדטען.

— ער האָט, זאָגט מען, געהאַנדעלט מיט א פּריץ, זעהר א רייכען פּריץ, געווען ביי'ם פּריץ א חשוב, א גרויסער חשוב. דערוויילי איז דער פּריץ געשטאָרבען, האָט ער צוגעשטעלט אויף איהם א פאָר קוויטלעך; איז געוואָרען א גוואַלד אין שטאָדט: פון וואַנען האָט זיך גענומען צו איהם קוויטלעך, אז דער פּריץ האָט זינט ער לעבט ניט אונטערגעשריבען קיין פּאַפּיער?... קאָ־לאָמעע, דאַרפט איהר וויסען, איז א שטאָדט, וואָס גיט אכטונג...

— נו?

— נו־נו! האָט ער געהאַט אויף זיך א פּעקעל...

— אָט דאָס איז גאָר? יעדער איד האָט א פּעקעל. איהר האָט אמאָל געזעהען א אידען אָהן א פּעקעל?

— דער האָט אָבער אויף זיך געהאַט, זאָגט מען, דריי פּעקלעך.

— דריי פּעקלעך? דהיינו, וואָס נאָך פאַר פּעקלעך האָט ער, זאָגט מען, געהאַט אויף זיך?

— מיט אַ מיהל האָט ער, זאָגט מען, געהאַט צו טהון... נאָר דאָס איז שוין געווים אַ ליגען!

— איז זי אָפּגעבערענט געוואָרען מן הסתם, האָט מען געזאָגט אויף איהם, אַז דאָס האָט ער אַליין געמאַכט „בורא מאורי האש", מחמת די מיהל איז שוין געווען איין אַלטע, האָט ער זי גוט סעקורירט, בכדי ער זאָל קאָנען שטעלען נאָכדעם אַ נייע?

— פון וואַנען ווייסט איהר, אַז ס'איז אַזוי געווען די מעשה?

— ווייסען וויים איך ניט, נאָר איך בין מיר משער, אַז אַזוי האָט געמוזט זיין די מעשה.

— אַזוי, הייסט דאָס, שמועסט מען ביי אונז אין קאַלאָמעאַ, נאָר ס'אַ ליגען. איך קאָן אייך געהן שווערען, אַז ס'אַ ליגען!

— עס אהרט מיך ניט, ס'זאָל זיין איין אמת. וואָס נאָך האָט ער געהאַט, זאָגט איהר, פאַר אַ פּעקעל אויף זיך?

— איך זאָג? די שטאָדט זאָגט. נאָר דאָס איז שוין גלאַט אַ פּריטשעפּע, אַ בלבול, אַ ריינער בלבול.

— אַ בלבול? פאַלשע מיניץ?

— נאָך ערגער.

— וואָס קאָן שוין זיין ערגער?

— אַ בזיון צו דערצעהלען וואָס קאַלאָמעאַ קאָן אויסטראַכטען! פּוסטע מענטשען... לעדיגגעהערס... און אפשר איז דאָס געווען איין אָנגעשטעלטע זאַך, מע זאָל קאָנען צאַפּען געלט? איהר ווייסט ניט? אַ קליין שטעדטעל, און אַ נגיד האָט שונאים...

— ער האָט געהאַט צו טהון אודאי מיט אַ דיענסט?...

— פון וואַנען ווייסט איהר? מע האָט אייך שוין דערצעהלט?

— דערצעהלט האָט מען מיר ניט, נאָר איך שטוים מיך שוין אָן. עס האָט איהם געקאָסט מסתמא א שענע פּאָר קרייצערס, אָט דער דאָזיגער בלבול?

— לאָמיר זיך ווינטשען דאָס ביידע פּארדיענען אַלע וואָך, איך בין אייך נישט קיין שונא, וואָס איהם האָט דאָס געקאָסט, חאָטש ער איז דרינען גאָט די נשמה שולדיג. א קליין שטעדטעל... א איד א נגיד... עס געהט איהם גוט... מע פּארגינט איהם ניט... פּשוט, מע פּארגינט איהם ניט!...

— מעגליך. האָט ער עפּים פּיינע קינדער, לייטישע? דריי טעכטער, האָט איהר, דאַכט זיך, געזאָגט?

— דריי. צוויי אויסגעגעבענע און איינע א מיידעל. פּיינע קינדער, זעהר פּיינע קינדער... אויף די עלטערע זאָגט מען אפילו, אז... נאָר ס'א ליגען!

— דהיינו, וואָס זאָגט מען אויף זיי?

— איך זאָג דאָך אייך, אז ס'א ליגען.

— איך ווייס, אז ס'איז א ליגען. איך וויל אָבער וויסען דעם ליגען.

— אז איהר וועט וועלען אויסהערען אַלע ליגענס, וואָס געהען ביי אונז אין קאַלאָמעא, וועט אייך ניט קלעקען קיין דריי טעג מיט דריי נעכט... אויף דער עלטערער זאָגט מען, אז זי געהט מיט די אייגענע האָר. קאָן איך אייך עדות זאָגען, אז ס'איז ליגען, וואָרום זי איז גאָר ניט אזוי געבילדעט, אז זי זאָל טראָגען אייגענע האָר. און אויף דער צווייטער טאָכטער האָט מען גלאַט אויסגעטראַכט, אז נאָך מיידעלווייז... נאָר וואָס קאַלאָמעא קאָן אויסטראַכטען! ס'א ליגען!

— כּדאי צו הערען, וואָס מע קאָן ביי אייך אין קאַלאָמעא אויסטראַכטען?

— איך זאָג דאָך אייך, אז קאַלאָמעא איז א שטאָדט פון סאַמע ליגנערס, און פון באַרעדערס, און פון לאַנגע צינגער. איהר ווייסט נישט? אין א קליין שטעדטעל, אז א מיידעל שפּאַציערט

איינע אַליין ביינאַכט איבער דער גאַס אין דער פינסטער מיט אַ יונגענמאַן, ווערט שוין אַ טאַרעראַם: וואָס האָט אַ מיידעל אַרומ־צוגעהן אין קאַלאָמעאַ ביינאַכט איינע אַליין מיט אַ פּראָוויזער?

— אָט דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָט איהר געוואָלט? זי זאָל מיט איהם אַנט־לויפען אין מיטען יום־כפור קיין טשערנאָוויץ, אַזוי ווי, מע זאָגט, די קלענערע האָט אָפּגעטהאָן אַ שפּיצעל?

— וואָס פאַר אַ שפּיצעל האָט דען אָפּגעטהאָן די קלענערע?

— נישט כדאי, בלעבען, גאָר נאָכדערצעהלען אַלע שטות'ע־רייען, וואָס געהען אַרום ביי אונז אין קאַלאָמעאַ. איך האָב פיינט נאָכדערצעהלען אַ ליגען!...

— איהר האָט שוין דערצעהלט אַזוי פיעל ליגענס, דער־צעהלט שוין דעם ליגען אויך.

— איך דערצעהל נישט מיינע ליגענס, רב איד, איך דערצעהל יענעמ'ס!... און איך פאַרשטעה גלאַט נים, וואָס פרעגט איהר זיך אַזוי שטאַרק נאָך אויף איטליכען באַזונדער, ווי אַ פּראָ־קוראָר? איהר זענט, דאַכט מיר, אַ איד, וואָס האָט ליעב נאָך אויסטאַפּען, אויספאָרשען, אַרויסציהען ביי יענעם דאָס דם־התמצית פון די ביינער, און אַליין האָט איהר מורא אַרויסלאָזען אַ וואָרט... האָט קיין פאַראיבעל נים, וואָס איך זאָג אייך דעם ריינעם אמת, איהר זענט, שיינט מיר, אַ רוסישער איד, און די רוסישע האָבען אין זיך אַ מיאוסע טבע: זיי האָבען ליעב אַריינקריכען יענעם מיט די שטיוועל אין האַרצען אריין... די רוסישע זענען, ווייזט אויס, נישט קיין קליינע באַרעדערס... איבעריגענס, איז שוין באַלד קאַלאָמעאַ... צייט זיך נעמען צו די זאַכען... ז־יי־יי־ט זשע מוחל!

# דריי אַלמנות

אַ ספור־המעשה פון איין אַלטען בחור אַ בעל־כעסן.

געשריבען אין יאָהר 1907.

# דְרַיי אַלְמָנוֹת

---

## א.

## אַלמנה נומער איינס

— איהר האָט אַ טעות, פריץ מיינער. נישט אַלע אַלטע מוידען זענען אומגליקליך, נישט אַלע אַלטע בחורים זענען עגאָאיסטען. אייך דאַכט זיך אוים, זיצענדיג אָט דאָ אין קאַבינעט מיט אַ ציגאַר אין מויל און מיט אַ ביכעל אין האַנט, אַז איהר ווייסט שוין אַלסדינג, אַז איהר האָט שוין אַריינגעדרונגען טיעף אין דער נשמה אַריין, און עס איז אייך שוין פאַרענטפערט אַלע קשיות. און ווער שמועסט, אַז גאָט האָט אייך געהאָלפען, איהר האָט נאָך געפונען דאָס ריכטיגע וואָרט „פסיכאָלאָגיע״ — פּס! ווער איז צו אייך גלייך? אַ קלייניגקייט פּסי־כאָ־לאָ־גיע!... ווייסט איהר, וואָס איז די טייטש פּסיכאָלאָגיע? פּסיכאָלאָגיע איז פּעטרישקע. עס זעהט אוים שען, האָט אַ גוטען ריח, און אַז מע שיט דאָס אַרויף אויף אַ געקעכטס, איז דאָס געשמאַק. געהט זשע אָבער קייט פּעטרישקע! איהר ווילט נישט? היינט וואָס דערצעהלט איהר מיר פּסיכאָלאָגיע? אַז איהר ווילט וויסען די אמת׳ע פּסיכאָלאָגיע, זעצט מען זיך אַוועק און מע הערט אוים מיט קאָפּ, וואָס מע דערצעהלט אייך, און ערשט נאָכדעם וועט איהר אַ ברירה האָבען אַרויסצוזאָגען אייער מיינונג, פון וואַנען עס נעמט זיך אומגליק און וואו ליגט עגאָאיזם. אָט בין איך איין אַלטער בחור, און איין אַלטער

בחור וועל איך שוין שטאַרבען. פאַר וואָס? אַ! זעהט איהר, ווייבאַלד איהר פרעגט פאַר וואָס און ווילט מיך אויסהערען, איז דאָס די אמת'ע פסיכאָלאָגיע! דער עיקר איז, איהר זאָלט מיך ניט איבערשלאָגען מיט קיין קשיות, ווי אַזוי און וואָס און ווען — איך האָב פיינט, אַז מע שלאָגט מיך איבער אין מיטען. אַ ביסעל, ווייסט איהר דאָך, בין איך אַ קאַפּריזנער פון תּמיד אָן, און די לעצטע צייט האָט זיך מיר נאָך צוגעוואָרפען נערווען אויך... נישט חלילה משוגע, שרעקט אייך ניט! משוגע — דאָס פּאַסט פאַר אייך; איהר האָט אַ ווייב. איך טאָר נישט. איך דאַרף זיין קלאָר. איך דאַרף זיין געזונט. דאָס וועט איהר אַליין אויך צו־געבען. מיט איינעם וואָרט, קיין קשיות זאָלט איהר מיך ניט פרעגען. אַז איך וועל אייך האָבען דערצעהלט די גאַנצע מעשה און אייך וועט עפּיס זיין קשה, נישט גלאַטיג, דעמאָלט וועט איהר צו מיר האָבען טענות. נו? שוין? אַלזאָ, זעצט איהר זיך נאָר אַוועק אָט דאָ אויף מיין אָרט, און איך וועל מיך באַזעצען מחילה אין אייער וויעגשטוהל. איך האָב אויך ליעב, אַז ס'איז ווייך און באַקוועם, און אַגב איז פאַר אייך בעסער אָט דאָ, איהר וועט ניט איינשלאָפען...

אַלזאָ, איך געה גלייך צו דער מעשה. איך האָב פיינט הקדמות, איבעריגע רעד. געהייסען האָט זי פאַיע, און גערופען האָט מען זי „די יונגע אַלמנה". פאַר וואָס? הויבט זיך אָן אַ מעשה, פאַר וואָס! וואָס פאַרשטעהט איהר ניט? מסתּמא, אַז מע האָט זי גערופען „די יונגע אַלמנה", איז דערפאַר, וואָס זי איז געוועזן אַ יונגע און איין אַלמנה. מאַהלט אייך, איך בין געוועזן יונגער פון איהר. אויף וויפיעל יונגער? וואָס מאַכט דאָס אייך אויס? איך זאָג אייך יונגער, איז יונגער. מיט איינעם וואָרט, עס האָבען זיך געפונען מענטשען, וואָס האָבען אַ צונג, און האָבען געזאָגט, באשר איך בין אַ בחור און זי אַ יונגע אַלמנה, איהר פאַרשטעהט?... אַנדערע האָבען מיר זאָגאַר אָפּגעגעבען מזל־טוב, געוואונטשען, ס'זאָל זיין מיט גליק. איהר מעגט מיר גלויבען, און טאָמער ווילט

איהר מיר ניט גלויבען, בין איך אויך ניט בדלות. איך דאַרף מיך פאַר אייך ניט אויסשטעלען. איך בין איהר געווען אַזאַ פּאַר, אַזוי ווי איהר זענט מיר אַ פּאַר. גאַרניט, גוטע פריינט, מע האָט זיך ליעב געהאַט. און וואָס איז דאָס חידוש? כ'בין נאָך געווען באַקאַנט מיט איהר מאַן. נישט נאָר באַקאַנט, נאָר באַפריינט. דאָס הייסט, איך זאָג אייך ניט, אַז מיר זענען געווען פריינט. איך זאָג, אַז מיר זענען געווען באַפריינט. ס'איז גאָר צוויי זאַכען: מע קאָן זיין באַפריינט און ניט זיין קיין פריינט, און, פאַרקעהרט, מע קאָן זיין די נאָהענטסטע פריינט און ניט זיין באַפריינט. אַזוי מיין איך. אייער מיינונג פרעג איך ניט! אַלזאָ, זענען מיר מיט איהר מאַן געווען גוט באַפריינט, געשפּיעלט אַ פּרעפערענס, אַמאָל אַ שאָך. מע זאָגט, אַז איך בין אַ באַריהמטער שאַכמאַטיסט. איך שטעל מיך ניט אויס פאַר אייך! עס קאָן זיין, אַז ס'איז דאָ גרע־סערע שפּיעלער פון מיר. איך זאָג אייך נאָר, וואָס יענער זאָגט... איז ער געווען, דער מאַן איהרער, אַ יונגערמאַן אַ געראָטענער, אַ מושלם, און דערצו טאַקי אַ קענער אויך, אַ שענער קענער. און דוקא איין אויטאָדידאַקט, פון זיך אַליין הייסט עס, אָהן גימנאַזיעס, אָהן אוניווערזיטעטען, אָהן דיפּלאָמען. נאָט אייך אַ האַרטען דרייער פאַר אַלע דיפּלאָמען. וואָס? איהר ווילט ניט? ווי איהר ווילט אייך. איך האָב פיינט איבערשפּאַרען יענעם! און איין עושר איז ער אויך געווען, אַ גרויסער עושר. חאָטש איך ווייס ניט, וועלכעס הייסט ביי אייך איין עושר? ביי אונז, אַ איד, אַז ער האָט זיך זיין שטוב מיט זיין בעל־הבתישקייט, מיט זיין פאַטעטאָנדעל אויף אַרויסצופאָהרען אין שטאָדט, און נאָך גוטע געשעפטען דערצו, הייסט ער איין עושר. מיר טראַסקען ניט! מיר קנאַקען ניט! מיר פליהען ניט אין הימעל אַריין! מיר געהען פּאַוואָלי. אַלזאָ, האָט ער געהאַט געשעפטען און האָט גוט געלעבט. עס איז געווען אַ חיות אָהין אַריינצוגעהן! ווען איהר זאָלט ניט קומען, זענט איהר אַ ווילקאָמענער גאַסט. נישט ווי ביי אַנדערע, וואָס דעם ערשטען מאָל, אַז איהר קומט, ווייסט מען ניט, וואו מע זאָל אייך

צוועקזועצען. דאָס אַנדערע מאָל — שוין אַ ביסעל קעלטער. דאָס דריטע מאָל נעמט מען אייך אויף אַזוי קאַלט, אַז איהר כאַפּט אַ פאַרקיהלונג... איהר האָט גישט וואָס צו שמייכלען: איך מיין דערמיט, חלילה, נישט קיין באַקאַנטע... זענט איהר אַריינגעקומען אַהין, האָט מען אייך ניט אַוועקגעלאָזט אָהן עסען און טרינקען, און באַגאַנגען האָט מען זיך מיט אייך, ווי מיט איין אייגענעם. וואָס דאַרפט איהר אַ סך? איהר זאָלט מיר הונדערט מאָל מוחל זיין — אַ קנעפּעל, אַז עס האָט זיך אָפּגעריסען ביי דער זשילעט, האָט דאָס געמוזט ווערען צוגענעהט אין דער מינוט! איהר לאַכט? ביי אייך איז דאָס אַ געלעכטער. אַ קנעפּעל? וואָס איז אַ קנעפּעל? אַ קנעפּעל, ליעבער פריינט, ביי אַ נאַש־בראַט, ביי אַ בחור, איז אַ גרויסע זאַך! אַ גאַנצע וועלט! איבער אַ קנעפּעל האָט זיך אַמאָל געטראָפען אַ מיאוס'ע מעשה: אַ בחור איז געקומען אָנ־קוקען אַ מיידעל, האָט מען איהם אָנגעוויזען מיט אַ געלעכטער, אַז עס פעהלט איהם אַ קנעפּעל, איז ער אַוועק אַהיים און האָט זיך געהאַנגען... נאָר איך שטעל מיך ניט אָפּ דערויף: איך האָב פיינט מישען איינס אינ'ם אַנדערען... און געלעבט האָבען זיי צווישען זיך, מאַן און ווייב, טאַקי נאָר ווי די טייבעלעך. אָפּגעגעבען זיך איינס דאָס אַנדערע כבוד אַ סך מעהר, ווי אַ סך היינטיגע גאָר־גאָר פון די געהויבענע. איך מיין דאָ, חלילה, נישט אָנצוגרייפען קיינעם. און טאָמער מיינט איהר אַנדערש, אַהרט מיך אויך נישט. איך געה מיר צו מיין דערצעהלונג.

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, אַז פיני, פּאַיע'ס מאַן, אַזוי האָט מען איהם גערופען, קומט צו פאָהרען אַהיים, לעגט זיך אַוועק אויף פינף טעג, און אויפ'ן זעכסטען — ניטאָ פיני! בע! מע! וואָס? ווי אַזוי? פרעגט נישט! אַ קאַרבונקעל האָט ער געהאַט אויפ'ן האַלז, האָט מען איהם באַדאַרפט שניידען און מע האָט איהם ניט געשניטען. פאַר וואָס? פאַר שבת! ס'איז דאָך פאַרהאַן עפּיס דאָקטוירים אויף דער וועלט! צוויי דאָקטוירים האָב איך איהם געבראַכט צו פיהרען, האָבען זיי זיך גענומען

אַמפּערען צווישען זיך: דער האָט געזאָגט שניידען, דער האָט געזאָגט ניט שניידען! דערווייל איז דער חולה אויסגעגאַנגען. וואָס זאָלט איהר קלערען? איהר מעגט אייך איבערנעמען מיט אייערע דאָקטוירים! איך זאָל אייך אויסרעכענען אַ צעטעל, וויפּיעל די לייט האָבען איבערגעפּעקעלט מענטשען אויף יענער וועלט, וואָלט איהר זיך געריסען בּיי די האָר! מיינע איין אייגענע שוועסטער האָבען זיי גע׳סמ׳ט! וואָס מיינט איהר גע׳סמ׳ט? גענומען און איינגעגעבען איהר סם? איך בּין דאָך ניט קיין משוגענער, איך זאָל אייך דערצעהלען אַזעלכע בּבא־מעשיות! גע׳סמ׳ט הייסט — נישט געגעבען דאָס, וואָס מע דאַרף. זיי זאָלען איהר געוועז געבען חינין צו דער צייט, וואָלט זי אפשר געלעבט... האָט קיין יסורים נישט, איך ווייס וואו איך האַלט. אַלזאָ, האָבען מיר גע׳פּטר׳ט מיין פריינט פיני. מילא, וואָס זאָל איך אייך בּאַשרייבען דעם בּראָך, וואָס דאָס איז געוועזען פאַר מיר? אַ בּרודער, אַ טאַטע בּאַדאַרף אַזוי נישט בּאַנג טהון! אַ ווערטעלע פיני? אַ שטיק לעבען האָט מען בּיי מיר אַוועקגענומען! הייננט דאָס רחמנות! דאָס אומגליק! דער צער פון דער אַלמנה! מיט אַ בּרעקעל קינד אויף די הענט, אַ ראָזעטשקע, אַ גאָלד! דאָס איינציגע שטיקעל טרייסט אונזערס! ווען ניט דאָס קינד, ווייס איך ניט, צי מיר וואָלטען דאָס איבּערגעטראָגען, נישט זי, נישט איך! איך בּין נישט קיין אידינע און נישט קיין מאַמע, איך זאָל מיך אַוועקזעצען ליבען אין טאָג אריין אַ קינד. נאָר אַז איך זאָג אייך, אַז דאָס קינד איז געוועזען אַ זעלטען קינד, מעגט איהר מיר שוין גלויבען אויף נאמנות! דאָס איז געוועזען אַ בּילד, איין אויסמיש פון צוויי בּילד־שענע מענטשען. איך ווייס ניט, ווער פון די צוויי איז געוועזען שענער: צי ער, צי זי? פיני איז געוועזען שען, פאַיע איז געוועזען רייצענד. אויגען האָט דאָס קינד גע׳ירשנ׳ט פונ׳ם פאָטער; פיני האָט געהאַט בּלויע אויגען. ליעב געהאַט האָבען מיר דאָס קינד בּיידע, נאָר איך ווייס ניט, ווער האָט דאָס ליעב געהאַט מעהר: זי, צי איך? איהר וועט זאָגען, ווי איז דאָס מעגליך — זי איז אַ

מוטער, איך בין א פּרעמדער? עס קעהר זיך גאָר נישט אָן. איהר דאַרפט אַריינקוקען א ביסעל טיעפער: מיין צוגעבונדען־זיין צו דער שטוב, דאָס רחמנות צו דער אַלמנה און דאָס הארץ צום אומ־שולדיג יתומה׳לע, די גערעטענקייט פון׳ם קינד און דאָס, וואָס אַליין בין איך עלענד ווי א בוים — דאָס אַלץ, אז איהר וועט נעמען צוזאַמען, וועט זיין אָט דאָס, וואָס איהר רופט אָן פּסיכאָלאָגיע. נישט קיין פּעטרישקע, נאָר די ריינע, די אמת׳ע פּסיכאָלאָגיע. און אפשר וועט איהר זאָגען, דערפאַר, ווייל איך האָב ליעב געהאַט די מאַמע? איך לייקען נישט אָפּ, איך האָב זי זעהר ליעב געהאַט. ווייסט א־יהר, ווי אזוי ליעב געהאַט? טאַקי אויסגעגאַנגען נאָך איהרע טריט און טאַקי א מיתה משונה איינגענומען! נאָר זי זאָל וויסען — דאָס לא! גאַנצע נעכט ניט שלאָפען, ליגען און טראַכטען, ווי אזוי זאָגט מען איהר? אויפשטעהן אין דער פריה, שוין פאַרטיג אויף צו געהן זאָגען איהר: „זייט וויסען, פאַיע, אזוי און אזוי; און ווייטער — ווי איהר פאַרשטעהט". געקומען צו געהן — נישטאָ קיין ווערטער! איהר וועט זאָגען, איך בין א טרוס? זאָגט, וואָס אהרט מיך, אז איהר וועט זאָגען? איהר זאָלט אָבער נעמען א ביסעל טיעפער באַטראַכטען די לאַגע: פיני איז געווען מיינער איין אמת׳ער פריינט, איך האָב איהם ליעב געהאַט מעהר ווי א ברודער. אי, די קשיא: פאַיע? איהר האָט דאָך נאָר־וואָס געזאָגט, אז איהר געהט אוים נאָך איהר? איז דער תירוץ: אדרבה, אָט ווייל איך האָב זי ליעב, ווייל איך געה־אוים נאָך איהר, ווייל איך בין נאָך איהר די כפּרה, קאָן איך נישט! נאָר איך האָב מורא, אז איהר וועט מיך נישט פאַרשטעהן. איך זאָל אייך זאָגען פּסיכאָלאָגיע, וואָלט איהר פאַרשטאַנען, און אז מע דערצעהלט אייך פון׳ם הארצען, דאָס וואָס איז אָהן קונצען, קומט דאָס אוים ווילד. נאָר וואָס קימערט דאָס מיך? דענקט אייך, ווי איהר ווילט! איך טהו מיר מיינס, איך דערצעהל ווייטער. דאָס קינד איז געוואַכסען. עס רעדט זיך אזוי „געוואַכסען". א קינד וואַכסט, א בוים וואַכסט, און א רעטאַך וואַכסט אויך. ס׳איז א חילוק פון וואַכסען ביז

וואַכסען. איידער מע דערלעבט צו זעהן אַ קינד זיצען, שטעהן, געהן, לויפען, רעדען! און אַז עס זיצט שוין, עס שטעהט שוין, עס געהט שוין, עס לויפט שוין, עס רעדט שוין, זענט איהר שוין פאַרטיג? עס וואָלט געפּאַסט פאַר מיר, איך זאָל מיך אוועקזעצען אויסרעכענען אייך, ווי אַ אידינע: פּאָקעלעך, מאָזעלעך, צייהנ־דעלעך און אַזוי ווייטער. איך בין ניט קיין אידינע און איך וועל אייך מיט נאַרישקייטען ניט פאַרנעמען, קיין חכמות פונ'ם קינד וועל איך אייך ניט געהן דערצעהלען. ס'איז געוואַכסען און ס'איז אויסגעוואַכסען און אויפגעבליהט — „ווי אַ צערטליכע רויז", וואָלט איך געזאָגט, ווען איך זאָל מיך וועלען אויסדריקען אינ'ם לשון פון אייערע ראָמאַניסטען, וואָס האָבען אַזאַ ידיעה אין דעם אויפבליהען פון אַ רויז, ווי אַ טערק אין רבנן־קדיש. גרויסע בריות אויף צו זיצען מיט די פיס צום פייער און באַשרייבען די נאַטור, מיט'ן גרינעם וואַלד, מיט'ן רוישענדיגען ים, מיט די זאַמדיגע בערג, מיט'ן פּאַראַיאָהריגען שניי, מיט די אָפּגעשלאָגענע הושענות, מיט די נעכטיגע טעג — אָנקוקען קאָן איך זיי ניט, אָט די באַשרייבאַכ־צען זייערע, וואָס שלאָגען צו דער גאַל! איך לייען זיי גאָר ניט! אַז איך נעם אַ בוך און דערזעה, אַז די זון האָט געשיינט, די לבנה האָט געשפּאַציערט, די לופט איז געווען דופטיג, די פויגעלעך האָבען געפּישטשעט, טהו איך אַ שליידער דאָס בוך אין דער ערד אריין! איהר לאַכט? איהר זאָגט, איך בין אַ משוגענער? בין איך אַ משוגענער! וואָס קאָן זיין מעהר?...

אַלזאָ, איז זי אויסגעוואַכסען, אָט די ראָזע, און דערצויגען געוואָרען מסתמא ווי עס געהער צו זיין, ווי עס פּאַסט אין אַזאַ אינטעליגענט הויז. אַ ביסעל האָט די מוטער אַליין אַכטונג גע־געבען אויף איהר בילדונג, אַ ביסעל האָב איך געגעבען השגחה, און נישט קיין ביסעל, נאָר אַ סך, מע קאָן זאָגען, כמעט די גאַנצע צייט האָב איך מיך אוועקגעגעבען צום קינד, דאָס קינד זאָל האָבען דעם בעסטען לעהרער, דאָס קינד זאָל ניט פאַרשפּעטיגען אין גימנאַזיע, דאָס קינד זאָל שפּיעלען פּיאַנאָ, דאָס קינד זאָל געהן

טאַנצען — אומעטום בין געווען איך, איך אַליין. ווער דען? די געשעפטען אויך! אַז ניט, וואָלט מען איהר צעטראָגען די ביינער! מע האָט זי אַזוי אויך גענוג צענומען, אונזערע אידעלעך!... איך וויים, איהר זענט ברוגז, אַז מע זאָגט „אונזערע אידעלעך". ווי קאָן מען אַנדערש זאָגען, אַז ס'איז פּאָרט אַזאַ פאָלק? איהר מעגט מיך אָנרופען „אַנטיסעמיט", און ווי איהר ווילט. איך געה מיר מיט מיין גאַנג: אַזוי לאַנג קרענקען די אַנטיסעמיטען, ווי לאַנג זיי הויבען ניט אָן צו וויסען, וואָס אַ איד איז!... אויף אַ אידען פרעגט מ י ך!... איך אַליין האָב מיט זיי געהאַנדעלט ווינציג. איהר וויים דאָך. איך האָב מיר מיינע הייזער מיט מיינע קלייטען, וואָס טראָגען מיר אריין אַ גרויסען איינקונפט, און אַ סוף. האָב איך אויך פון דעסטוועגען צו זינגען און צו זאָגען אַלע יאָהר, אַז עס קומט צו מאַכען קאָנטראַקטען, רעמאָנ־טירען די הייזער, צונויפנעמען דירה־געלט. מאָהלט אייך, די גויים זענען אויך ניט בעסער. אַזאַ יאָהר אויף זיי! אָבער פון אַ אידען האָט מען געקאָנט דערוואַרטען, ער זאָל שטעהן חאָטש אַ ביסעלע העכער; פּאָרט, ווי זאָגט איהר, אתּה בחרתּנו!... איהר מיינט, אַז איהר מיט אייער „אתּה בחרתּנו", וואָס איהר זינגט איהם איין, טהוט איהר איהם אַ גרויסע טובה? עס הויבט זיך גאָר נישט אָן! וואָס? איהר קאָנט דאָס נישט ליידען? איך לאָז מיך מיט אייך נישט אריין אין קיין דיסקוסיעס. איהר זאָגט אַזוי, לאָז זיין אַזוי. יעדער מעג זיך האָבען זיין מיינונג. יענעמ'ס מיינונג קימערט מיך נישט. איך וויים מיר מיינס.

אַלזאָ, וואו האַלטען מיר? ביי „אונזערע אידעלעך". ווי־באַלד מיין פיני איז געשטאָרבען און פּאַיע איז געבליבען איין אַלמנה, האָבען זיך מסתּמא געגעבען אַ לאָז צו איהר שענע מענטשען, בעלי־טובות, עצה־געבערס, און מע האָט אָנגעהויבען ביי איהר צע־נעמען דאָס חדר, געוואָלט אויסמאַכען איין אויהער, ווי עס געהער צו זיין. האָב איך זיך אונטערגעחאַפּט באַצייטענס: „קינדערלעך — אַזאָס!" און איך האָב גענומען אַקאָרשט אַלע געשעפטען צו זיך

אין די הענט אריין. זי האָט אפילו געוואָלט, איך זאָל צושטעהן ווי אַ שותף, האָב איך געזאָגט: לא! איך וועל מיינע הייזער ניט פאַרקויפען און דעם קאָפּ זיך ניט פאַרדרעהען. זאָגט זי: ס'איז ניט נויטיג די הייזער צו פאַרקויפען; איך קאָן אַזוי זיין אַ שותף. נו, וואָס, מיינט איהר, האָב איך דערויף געענטפערט? איך האָב געענטפערט, אַז דאָס אַנדערע מאָל זאָל מען מיר אַזעלכעס ניט פאָרלעגען, וואָרום איך ווער פאַר אַזעלכע זאַכען ברוגז. ער, עליו השלום, זאָג איך, האָט ניט פאַרדיענט, אַז איך זאָל אייך הייסען באַצאָהלען פאַר מיין טרחה, זאָג איך, און פאַר מיין צייט, זאָג איך, דאַרף איך קיין געלט נישט נעמען. איך האָב גענוג, זאָג איך, צייט, זאָג איך, וואָס איך שלאָג מיך, זאָג איך, קאָפּ אין וואַנט... אַזוי זאָג איך צו איהר, צו דער אַלמנה, און זי שווייגט. אַראָפּגעלאָזט די אויגען — און שאַ! אויב איהר זענט אַ מבין אויף אַ משאַד, באַדאַרפט איהר פאַרשטעהן, וואָס איך האָב מיט די ווערטער גע־מיינט... אַי, פאַר וואָס האָב איך איהר ניט געזאָגט גלייך? איהר זאָלט קיינמאָל נישט פרעגען, פאַר וואָס! מסתמא איז ניט אויס־געקומען. איך קאָן אייך נאָר פאַרזיכערען, אַז ס'איז געווען אַזוי גרינג, ווי צו פאַרזיכערען אָט דעם פאַפּיראָס. איין וואָרט ווען איך זאָג איהר — איז דאָס אַ שידוך. נאָר אַז איך האָב גענומען אויפ'ן קאָפּ: „סטייטש, פיני!... אַזעלכע גוטע פריינט, ווי מיר זענען געווען!"... איך וויים, וואָס איהר ווילט זאָגען. איהר ווילט זאָגען, אַז מסתמא האָט דאָס צווישען אונז ניט אַזוי מסוכן געברענט, ס'זאָל זיין אײ־אײ־אײ. האָט איהר אַ גרויסען טעות. אַז איך בין געווען נאָך איהר די כפרה — האָב איך אייך שוין געזאָגט, און אַז זי נאָך מיר — דאַרף איך אייך ניט דערצעהלען קיין מעשיות, וואָרום איהר וועט מיינען, אַז... נאָר וואָס געהט מיך אָן, וואָס איהר וועט מיינען? איהר הייסט בעסער דערווייל געבען טיי, וואָרום ס'איז מיר שוין טרוקען אין האַלז.

אַלזאָ, ליעבער פריינד מיינער, ביי וואָס האָבען מיר זיך אָפּ־געשטעלט, געדענקט איהר? ביי די געשעפטען. נו, געשעפטען!

איך וועל זיי האָבען צו געדענקען ווייל איך וועל לעבען. עקספּלאָ־
אַטירט אַליין איז ווינציג; אַרומגעשטעקט מיט פעדערען! פרייהט
זיך ניט! נישט מיך — זי! מיך שטעקט מען ניט אַרום מיט
פעדערען. ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל איך לאָז מיך ניט.
נאָר וואָס העלפט דאָ יאָ לאָזען זיך, ניט לאָזען זיך, אַז מע האָט צו
טהון מיט שווינדלערס, זשוליקעס, באַנדיטען, וואָס וועלען אייך
פאַרדרעהען דעם גרעסטען? זיי האָבען זיך געלעגט אין דער לענג
און אין דער ברייט, מע זאָל ביי אונז צונעמען דאָס ביסעל מינץ.
מאָהלט אייך, נישט אַזוי גיך נעמט מען צו ביי מיר געלט. זיי
האָבען זיך, מאָהלט אייך, געגנוג אָנגעמוטשעט, זיי האָבען ביי מיר,
אַ רוח אין זייער זיידענ'ס טאַטען, געשפּיגען מיט בלוט, ביז זיי
האָבען אויסגעמאָנטאַטשעט, אויסגעפּאַמפּעט ביי אונז — איהר
ווילט וויסען וויפיעל? וויפיעל זיי האָבען געקאָנט! אַ גליק,
וואָס איך האָב מיך באַצייטענס אַרומגעקוקט און האָב געזאָגט צו
מיין אַלמנה: געגנוג! עד כאן אומרים בשבת הגדול! אָפּגעּ־
שניטען, ווי וויט איך האָב געקאָנט, און ערשט ביי'ם אָפּשניידען,
האָט מען איהר אָפּגעשניטען דעם קאָפּ, אָבער אַזוי ווי עס געהער
צו זיין. אַי, ווי אַזוי האָב איך דערלאָזט, וועט איהר פרעגען?
איך וואָלט אַ בעלן זיין זעהען, ווי אַזוי וואָלט זיך אַזאַ חכם, ווי
איהר, אויסגעדרעהט פון אַזעלכע באַנדיטען! און אפשר וואָלט
איהר עס געמאַכט בעסער. עס קאָן זיין. איך וועל מיך ניט שפּאַרען.
דאָס איינציגע, וואָס מע קאָן אויף מיר זאָגען — איך בין נישט
קיין סוחר. אומגליקליך בין איך! אַבי ניט קיין באַנדיט! איהר
מיינט, אַז דאָס האָט מיך שוין גאָרנישט געקאָסט? נאָר איך דאַרף
מיך פאַר אייך ניט אויספּיינען. איך וויל אייך נאָר דערצעהלען,
ווי אַזוי עס האָט זיך ביי מיר געקייטעלט, ווי אַזוי אַלץ האָט גע־
טריבען דערצו, אַז די אַלמנה זאָל נישט פאַרבלייבען קיין אַלמנה,
און איך זאָל נישט פאַרבלייבען קיין אַלטער בחור. איין וואָרט,
נישט מעהר ווי איין איינציג וואָרט, וואָלט איך באַדאַרפט זאָגען —
און איך האָב עס ניט געזאָגט! פאַר וואָס איך האָב עס ניט

געזאָגט? הערסט דו! אָט דאָ שטעהען די אָכסען אונטער'ן באַרג! און אָט דאָ הויבט זיך אָן די אמת'ע פסיכאָלאָגיע! א נייע סדרה געהט אצינד פאר מיר. א סדרה, וואָס זי הייסט „ראָזע"!... איהר הערט נאָר צו מיט קאָפּ און פאַרלירט ניט קיין וואָרט, וואָרום דאָס איז ניט קיין אויסגעטראַכטער ראָמאַן, פאַרשטעהט איהר מיך. דאָס איז א געשיכטע א לעבעדיגע, א צאַפּעלדיגע, ארויסגעריסען גלייך פונ'ם האַרצען!...

איך ווייס ניט, עס ליגט עפּיס א כח אין יעדער מוטער, אַז זי זעהט, איהר קינד איז אַרויסגעוואַכסען פון די קורצע קליידלעך, אַזוי גלוסט זיך איהר שוין זעהען איהר טעכטערל פאַר'קנס'ט. א שטיק געזונט קומט איהר צו, אַז זי דערזעהט יונגעלייט דרעהען זיך אַרום איהר טאָכטער. יעדער בחור איז ביי איהר א חתן. אי, טאָמער איז דער בחור א גאָרנישט מיט א נישט, מיט א שאַרלאַטאַן, מיט א קאָרטענשפּיעלער, מיט א־דער־שוואַרצער־יאָהר־ווייסט־וואָס? דאָס געהט איהר נישט אָן! מאָהלט אייך, קיין פּוסטע בחורים מיט קיין שאַרלאַטאַנעס זענען צו אונז נישט געגאַנגען, וואָרום, ערשטענס, איז ראָזע געווען נישט פון די, וואָס קענען זיך מיט יעדען טענצער, וואָס קאָן זיך שעהן דרעהען, אויסבויגען די האַנט, ווי א בייגעל, שאַרען מיט'ן פיסעל און מאַכען א בואי־בשלום, א רעווערענסעל פון איין אמת'ען אָפיציער. דאָס האָט איהר אייך נומער איינס. און צווייטענס, וואו בין איך? איך וועל דערלאָזען, אַז א פּיפּער פון די פּייפערס זאָל זיך אָנריהרען, זאָל צוגעהן דריי טריט צו ראָזען?! איך וואָלט איהם, דאַכט מיר, פריהער אַלע ביינער איבערגעבראָכען! אש וואָלט איך פון איהם געמאַכט! איך בין אַמאָל געווען מיט איהר אויף א באַל, אויף א אידישען באַל, אין קלוב, צווישען לויטער אריסטאָקראַטען, אָט די, וואָס איהר רופט אָן בורזשואזיע... איז צוגעגאַנגען צו אונז איינער א „פיינער יונג", אויסגעבויגען דעם עלענבויגען האָט דאָס ווי א „קרענדעל", איינ־געבויגען דאָס קעפּעניו א ביסעל אויף א זייט, און א שאַר געטהאָן מיט'ן פיסעניו, און א שמייכעל פון סאַמע האָניג האָט זיך צעגאָסען

ביי איהם אויפ׳ן פּנים׳על, און מיט אַ קוויטשעניו פון אַ מיידעלישׁ קול׳כעל האָט ער אַ זאָג געטהאָן... דער רוח ווייסט, וואָס ער האָט אַ זאָג געטהאָן. צום טאַנצען האָט ער זי איינגעלאַדען. נו־נו, האָט ער געחאַפּט פון מיר אַ טאַנץ! ער וועט מיך האָבען צו געדענקען! מיר האָבען זיך עס נאָכדעם אָנגעלאַכט פונ׳ם שלים־מזל׳דיגען קאַוואַ־ליער! פון דעמאָלט אָן האָבען שוין אַלע קאַוואַליערען געוואוסט, אַז מע וויל זיך באַקענען מיט ראָזען, דאַרף מען פריהער אָנקומען צו מיר, דורכגעהן אַ שטיק עקזאַמען, און ערשט נאָכדעם נעמען דעם וועג. זיי האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען „צערבער“, אַ הונט, הייסט עס, וואָס ליגט ביי׳ם איינטריט פון גן־עדן. בין איך בדלות! ווייסט איהר, ווער ס׳איז דערפאַר געווען ברוגז? די מוטער! „איך טרייב, זאָגט זי, מענטשען פון שטוב“. „וואָסערע מענטשען, זאָג איך, ס׳איז הינט, זאָג איך, ניט קיין מענטשען!“ איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל, ביז ס׳איז געקומען צו אַ קאַטאַסטראָפע. וואָס מיינט איהר — מיר האָבען זיך צעקריגט? אַ חכם זענט איהר טאַקי, נאָר היינטיגס מאָל האָט איהר דוקא ניט געטראָפען! איידער טרעפען, הערט בעסער, וואָס מע דערצעהלט אייך.

אַלזאָ, איך קום איינמאָל צו געהן צו מיין אַלמנה, טרעף איך אַ גאַסט, עפּיס אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר צוואַנציג אָדער דרייסיג. פאַרהאַן אַזעלכע יונגעלייט, וואָס איהר וועט בשום אופן ניט טרעפען, וויפיעל זיי זענען אַלט. דער יונגערמאַן, למאי זאָל איך לייקענען, איז געווען אַ חנ׳עוודיגער יונגערמאַן, ווי עס גיט זיך אוים אַמאָל אַ מענטש מיט סימפּאַטיע, מיט אַ גוט פּנים, מיט גוטע אויגען — איהר קאָנט צו איהם נישט האָבען גאָרניט. געפעלען איז מיר דער בחור פונ׳ם ערשטען קוק — ווייסט איהר פאַר וואָס? דערפאַר, ווייל איך האָב פיינט זיסע מענטשעלעך מיט צוקערדיגע פּנימ׳לעך, מיט האָניגדיגע שמייכעלעך. אָנקוקען קאָן איך ניט אָט די נמאס׳־דיגע נפשות, וואָס קוקען אייך פריינטליך אין די צייהן אריין און באַמקען אייך נאָך איטליכס וואָרט, וואָס איהר זאָגט, און זענען מיט אייך מסכּים, אַז אים תּמוז שיט אַ שניי, און טאָמער ווילט איהר

האָבען, אַז פיש וואַכסען אויף אַ ווײַנשעלבוים, האָט איהר אויך בײַ זיי גע׳פּועל׳ט... איך, אַז איך באַגעגען מיך מיט אַזאַ מין נפש, ווילט זיך מיר זעהר אויסשמירען איהם מיט האָניג, און לאָזען די ביענען האָבען הנאה... ווי אַזוי האָט געהייסען דער יונגערמאַן, ווילט איהר וויסען? למאי נפקא־מינה? לאָמיר זאָגען, אַז ער האָט געהייסען שאַפּיראָ. איין עק! זענט איהר שוין צופריעדען? און געווען איז דאָס מענטשעל אַ בוכהאַלטער אין אַ בראָנפען־פאַבריק, און נישט נאָר אַ בוכהאַלטער, נאָר אַ גאַנצער בעל־הבית, און אַז איהר ווילט, האָט ער אין געשעפט געהאַט מעהר דעה פון׳ם בעל־הבית, און אַ בעל־הבית, וואָס האָט ניט קיין צוטרויען צו זיינע מענטשען, איז ניט ווערטה צו זיין אַ בעל־הבית... איהר מעגט אייך האָבען וועגען דעם איין אַנדער מיינונג — איך פרעג אייך ניט!

אַלזאָ, איך בעט אייך, מע שטעלט מיר פאָר אַ יונגענמאַן, וואָס הייסט שאַפּיראָ, און איז אַ בוכהאַלטער, און אַ בעל־הבית, און איין עהרליך מענטשעל, און אין שאָך שפּיעלט ער אויסגעצייכענט, דאָס הייסט, ער שפּיעלט ניט ערגער פון מיר, איהר מעגט אייך קלערען, אַז בעסער, איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך שטעל מיך פאַר אייך ניט אַרוים פאַר קיין שאַכשפּיעלער — היינט געהט זייט אַ נביא, אַז דאָ פאַרקייטעלט זיך אַ ראָמאַן, און נאָך וואָס פאַר אַ ראָמאַן! אַ געפעהרליכער ראָמאַן! איך זאָל זיין אַזאַ פערד און נישט אַרויסזעהען דאָס באַלד פונם ערשטען אָפּצוג? שטעלט אייך פאָר, אַז איך אַליין מיט מיינע הענט האָב אונטערגעלעגט האָלץ אויפ׳ן פייער, געלויבט דעם יונגענמאַן אין טאָג אַריין, געמאַכט פון איהם אַ גאַנצען צימעס! פאַרברענט זאָל ווערען דער שאָך און אָנצינדען זאָלען זיך אַלע שאַכשפּיעלער פון דער גאַנצער וועלט! איך האָב געשפּיעלט מיט איהם אין שאָך, און ער האָט געהאַט איין אַנדער זאַך אין דער מחשבה. איך האָב בײַ איהם גענומען אַ „קעניגין", און ער האָט בײַ מיר אַוועקגענומען ראָזען! איך האָב איהם געגעבען אַ „מאַט" אין צעהן גענג, און ער האָט מיר געגעבען

א „מאַט" אין דריי נענג, וואָרום צום פערטען גאַנג, דאָס הייסט, אַז ער איז געקומען צום פערטען מאָל, האָט מיך מיין אַלמנה אָפּגע־רופען אויף אַ זייט און מיט אַ מאָדנע פייערל אין די אויגען האָט זי מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה טובה, אַז עס האָט זיך אָנגענומען, און ס'איז אַ שידוך, און ראָזעטשקע איז אַ כּלה פאַר אָט דעם שאַפּיראָ, און זי איז אויפ'ן זיעבעטען הימעל, און מזל־טוב אייך און מיר און אונז ביידען!...

וואָס מיט מיר איז געוואָרען, אַז איך האָב דערהערט די דאָזיגע שענע בשורה, וויל איך אייך ניט דערצעהלען. איהר וועט זאָגען, אַז איך בין אַ גזלן, אַ מטורף, אַ משוגענער. זי, די אַלמנה הייסט עס, האָט אויך געזאָגט דאָס אייגענע. פריהער האָט זי געלאַכט, נאָכדעם האָט זי זיך צעשריען אויף מיר, און געענדיגט האָט זיך די געשיכטע מיט טרערען, מיט היסטעריקע, מיט אַלע גוטע זאַכען — איין אמת'ער קאָנפליקט! עס האָט, פאַרשטעהט איהר מיך, אויס־געזעצט דער בלאָטער און ס'איז פאָרגעקומען צווישען אונז אַ האַרטער געשפּרעך, מיר האָבען זיך ניט געשאַנעוועט איינס דאָס אַנדערע, און מיר האָבען אין איין האַלבע שעה אַרויסגעזאָגט ביידע אַזוי פיעל אמת, וויפיעל מיר האָבען נישט אַרויסגערעדט אין אַלע צוואַנציג יאָהר פון אונזער באַקאַנטשאַפט! איך האָב איהר גאַנץ אָפען דערקלערט, אַז זי איז מיין מלאך־המות, אַז זי האָט מיך געקוילעט אָהן אַ מעסער, אַז זי האָט צוגענומען ביי מיר מיין איינציגע טרייסט, אַרויסגעריסען מיין נשמה, ראָזען, און אוועק־געגעבען איין אַנדערען. דערויף האָט זי מיר געענטפערט, אַז אויב עמיצער פון אונז ביידען איז אַ מלאך־המות — בין איך דאָס, ניט קיין אַנדערער, און אַז אויב עמיצער פון אונז ביידען האָט אַרויס־געריסען ביי יענעם די נשמה — האָב איך דאָס געטהאָן מיט איהר נשמה, און נישט מיט אַ מאָל, נאָר פּאַוואָלינקע, אין פאַרלויף פון מעהר אַלס אכטצעהן יאָהר!... וואָס דאָס האָט באַדייט — דאַרף איך אייך נישט דערקלערען; דאָס פאַרשטעהט אפילו אַ נאַר אויך. און וואָס איך האָב איהר דערויף געזאָגט, בין איך אייך נישט מחויב

צו דערצעהלען. איך קאָן אייך נאָר זאָגען, אז איך האָב מיך באַגאַנגען מיט איהר נישט ווי א דזשענטעלמען, דאָס הייסט, איהר קאָנט דאָס אָנרופען גראָב, זעהר גראָב! איך האָב געחאַפּט דאָס היטעל און האָב געגעבען א האַק מיט דער טיר און ארויס־געלאָפען, ווי איין אמת'ער משוגענער, און האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט, אז מיין פוס זאָל איהר שוועל נישט אריבערטרעטען ווייל איך וועל לעבען!... נו, ווי מיינט איהר? איהר זענט דאָך עפּיס א שטיקעל חקרן. וואָס זאָגט עפּיס דערויף אייער פּסיכאָלאָגיע? וואָס האָב איך באַדאַרפט ווייטער טהון? לויפען טרינקען זיך? צי קויפען א רעוואָלווער? אָדער הענגען זיך ערגיץ אויף א באַרענ־בוים? אז איך האָב זיך ניט געטרונקען, ניט געשאָסען און ניט געהאַנגען — דאָס זעהט איהר, ברוך השם, ארויס אליין. און וואָס איז געוועזן ווייטער — דאָס קאָן איך באַשטעהן אָפּלעגען אויף איין אנדערש מאָל. דער גוטער יאָהר וועט אייך ניט נעמען, אז איהר וועט מיר א ביסעל אָפּוואַרטען. מע דאַרף געהן צו מיינע אלמנות. זיי וואַרטען אויף מיר מיט'ן עסען.

עד כאן אלמנה נומער איינס.

ב.

# אַלמנה נומער צוויי

— פאַר וואָס איך האָב אײַך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטען? — דערפאַר, וואָס איך האָב געוואָלט. איך, אַז איך דערצעהל עפּיס אַ זאַך, דערצעהל איך דעמאָלט, ווען מיר ווילט זיך, נישט ווען א י ה ר ווילט... און אַז איהר ווילט — דאָס זעהט מען; אויף אַ געשיכטע, און אַ שענע דערצו, איז יעדער אַ בעלן. וואָרום וואָס אהרט דאָס מיך, למשל, אַז איך זיץ מיר נאָכ'ן עסען אויף מײַן שטוהל אין מײַן צימער מיט אַ ציגאַר אין מײַן מויל, און איהר רייסט זיך אײַן דאָס געזונט, דערצעהלענדיג? אי, דעם דער־צעהלער קאָסט עס אפשר בלוט — וואָס געהט עס אײַך אָן? אַבי מע דערצעהלט אײַך אַ שענע מעשה! איך מײַן נישט דוקא אײַך, שרעקט אײַך ניט! איהר הערט נאָר מיט קאָפּ וואָס מע דער־צעהלט אײַך. און חאָטש דאָס, וואָס איך דערצעהל אײַך איצט, איז אַ גאַנץ באַזונדערע זאַך, וואָס קעהר זיך מיט מײַן פריהעריגער מעשה נישט אָן גאָרנישט, פון דעסטוועגען וואָלט איך וועלען, איהר זאָלט געדענקען, וואָס איך האָב אײַך דעמאָלט דערצעהלט, ווייל אַ שטיקעל שייכות האָט דאָס דאָך, און ניט קיין שטיקעל, נאָר אַ שטיק! און טאָמער האָט איהר עפּיס פאַרגעסען, וועל איך אײַך דערמאָנען. איך וועל אײַך אין דריי ווערטער איבער'חזר'ען די פריהעריגע געשיכטע און וועל אײַך געבען אַ קיצור־המעשה אויף איין פוס:

איך האָב געהאַט אַ חבר פּיני, האָט ער געהאַט אַ פרוי פּאַיע, האָבען זיי געהאַט אַ קינד ראָזע. מײַן חבר איז געשטאָרבען, און

פּאַיע איז געבליבען אַ יונגע אַלמנה. איך בין געווען ביי איהר אַ בן־בית, אַ פריינט, אַ סעקרעטאַר און אַ ברודער, און בין געווען נאָך איהר די כפּרה. נאָר זאָגען איהר האָב איך נישט געהאַט קיין מוטה. און אַזוי זענען אַוועק אַלע בעסטע יאָהרען. די טאָכטער איז אויסגעוואַקסען, די רויז האָט אויפגעבליהט, און איך האָב מיך פאַרלאָרען, אינגאַנצען פאַרלאָרען! האָט דער גוטער יאָהר אָנ־געטראָגען אַ בחור׳על, אַ בוכהאַלטער שאַפּירא, וואָס שפּיעלט ניט שלעכט אין שאָך, און די ראָזע האָט זיך אין איהם פאַרקאָכט. האָב איך אויסגעלאָזט מיין גאַנץ ביטער האַרץ צו דער מוטער, זיך צעקריעגט, געגעבען אַ זעץ מיט דער טיר און געשוואָרען, אַז מיין פוס זאָל דאָרט ניט זיין ווייל איך וועל לעבען! — נו, זענט איהר צופריעדען?

אַצינד פאַרשטעהט איך, אַז איהר זענט נייגיעריג צו וויסען נאָר איין זאַך: אויב איך האָב געהאַלטען וואָרט, אָדער ניט? נו, איהר זענט דאָך עפּיס, ווי אַזוי רופט איהר דאָס, אַ פּסיכאָלאָג? אדרבה, זאָגט איהר, צי האָב איך באַדאַרפט האַלטען וואָרט, צי ניין? איאָ, איהר שווייגט? ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל איהר ווייסט נישט!... אָט וואָס ס׳איז געווען:

די גאַנצע נאַכט האָב איך אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטאָדט, ווי אַ גוטער משוגענער, אויסגעמאָסטען אַ מאָל דריי אַלע גאַסען אין דער לענג און אין דער ברייט, געקומען אהיים שוין מיט׳ן טאָג גלייך, איבערגעקוקט אַלע מיינע פּאַפּיערען, אַ סך צעריסען, איך האָב פיינט אַלטע פּאַפּיערען, איינגעפּאַקט די זאַכען, אוועקגע־שריבען בריעף צו אַ פּאָר באַקאַנטע, קיין פריינט, קיין קרובים, ברוך השם, האָב איך ניט, עלענד ווי אַ בוים, איבערגעלאָזט אַ פאַר־אָרדנונג איבער מיינע הייזער און קלייטען, און אַז איך האָב אָט דאָס אַלץ אָפּגעטהאָן, האָב איך מיך אוועקגעזעצט אויף מיין בעטעל, דעם קאָפּ אין די הענט, און געטראַכט און געטראַכט, און געטראַכט און געטראַכט — ביז ס׳איז געוואָרען טאָג. האָב איך מיך גאַנץ שען איינגעוואַשען, אָנגעטהאָן זיך, און בין אוועק צו מיין אַלמנה,

אַנגעקלונגען אין דער טיר, אַרייַנגעקומען, געהייסען געבען קאַפּע, ביז מייַן אַלמנה וועט אויפשטעהן. מייַן אַלמנה איז אויפגעשטאַנען, מיך דערזעהען, איז זי אַ ווייַלע געבליבען שטעהן, די אויגען זענען בייַ איהר געוועזען ווי אונטערגעשוואָלען, דאָס פּנים בלאַס. אַפּנים, זי איז אויך ניט געשלאָפען די נאַכט?... דאָס ערשטע, וואָס איך האָב איהר געזאָגט, איז געוועזען די דאָזיגע דרייַ געצעהלטע ווערטער:

— וואָס טהוט ראָזע?

אין די ווערטער קומט אָן מסתּמא ראָזע אַליין. שען ווי דער טאָג, ליכטיג ווי די זון און גוט ווי גאָט אַליין. דערזעהען מיך, איז זי געוואָרען אַ ביסעל רויטליך, נאָכדעם איז זי צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אַ גלעט געטהאָן מיט'ן הענטעל איבער'ן קאָפּ, פּונ'ם שטערן אַרויף, ווי מע גלעט אַ קליין קינד, אַרייַנגעקוקט מיר אין די אויגען אַרייַן און האָט זיך צעלאַכט. ווי אַזוי, מיינט איהר, צעלאַכט? חלילה נישט אויף צו באַלעדיגען אייך, נאָר צו פאַר־גיפטען אייך אַזוי, אַז איהר זאָלט אויך אָנהויבען לאַכען, און אַלע זאָלען לאַכען, און די ווענט זאָלען לאַכען! יאָ, מייַן ליעבער פריינד־ לעבען, אָט אַזאַ מין כּח האָט זי אין זיך, אָט די ראָזע, נאָך עד היום! איך וועל פאַר איהר געלעכטער נאָך איצט אַוועקגעבען אַלץ, וואָס איך האָב. דער חסרון איז, וואָס איצט לאַכט זי שוין מעהר נישט; זי איז נעבאַך אויף צרות, אַז אָך און וועה איז מיר, עס לאַכט זיך ניט! נאָר איך האָב פּיינט, אַז מע חאַפּט איינם פאַר דאָס אַנדערע. איך האָב ליעב, אַז מע הויבט אָן אַ זאַך, זאָל מען געהן כּסדר. אַלזאָ, איך געה כּסדר.

דעם טעם פון חתונה מאַכען אַ טאָכטער ווייסט איהר? ניין? איהר ווייסט ניט? זאָלט איהר טאַקי ניט וויסען! איך האָב דעם טעם פאַרזוכט, און גוט פאַרזוכט, חאָטש אפילו אַ פרעמדע טאָכטער, נאָר פאַרזוכט האָב איך דאָס. איך וועל דאָס געדענקען לאַנג־לאַנג. וואָס האָב איך געזאָלט טהון, איך בעט אייך, אַז מייַן אַלמנה, פאַיע הייסט עס, איז אַזאַ מענטש, וואָס איז געוואוינט געוואָרען, מע זאָל איהר אַרייַנטראָגען אין שטוב אַרייַן פונ'ם גרייטען? און

ווער איז שולדיג אין דעם, ווען ניט איך אַליין? איך אַליין האָב זיי אויסגעלעהרענט, סאַי די מאַמע, סאַי די טאָכטער, אַז טאָמער דאַרף מען עפּיס אין שטוב, זאָל געזאָגט ווערען מיר — און עס זאָל זיך איבערקעהרען די וועלט, מוז דאָס צוגעשטעלט ווערען, און ניט שפּעטער ווי אין צוויי שעה! מע דאַרף געלט — איז צו מיר. דעם דאָקטער — צו מיר. אַ קעבין באַשטעלען — צו מיר. אַ לעהרער אויף טאַנצען — צו מיר. אַ מלבוש, אַ שוך, אַ שניידער, אַ קצב, אַ פעדער, אַ הושענה, אַ קליאַמקע — צו מיר, צו מיר און צו מיר! איהר מיינט, איך האָב זיי ניט געזאָגט: „וואָס וועט פון אייך ווערען? אַ האַנטשירקע, אַ שמאַטע וועט פון אייך ווערען!" אַזוי טענה איך צו זיי, און זיי לאַכען. אַלסדינג איז ביי זיי אַ געלעכטער! דאָס גאַנצע לעבען איז אַ געלעכטער. פאַרהאַן אַזעלכע מענטשען אויף דער וועלט. נישט קיין סך, נאָר ס'איז פאַרהאַן. און וועמען דאַרף עס טרעפען? — מיך! ווער דאַרף זיך ניאַנטשען מיט פרעמדע קינדער? — איך! ווער דאַרף אויסגעריסען ווערען פאַר פרעמדע צרות? — איך! ווער דאַרף טאַנצען אויף פרעמדע חתונות? — איך! ווער דאַרף וויינען אויף פרעמדע קברים? — איך! איהר וועט פרעגען: ווער הייסט מיר? וועל איך אייך דערויף ענטפערען אָט וואָס: ווער הייסט אייך לויפען אין פייער אַריין ראַטעווען אַ פרעמד קינד? ווער הייסט אייך שפּרינגען אין וואַסער אַריין, אַז יענער טרינקט זיך? ווער הייסט אייך קרימען זיך, אַז יענעם טהוט וועה? איהר וועט מיר זאָגען, אַז איהר לויפט ניט און שפּרינגט ניט און קרימט זיך ניט? זענט איהר אַ חיה! איך בין נישט קיין חיה; איך בין אַ מענטש. איך שטעל מיך ניט אַרויס פאַר איין אידעאַליסט; איך בין אַ פשוט'ער, אַ געוועהנליכער מענטש, און נאָך איין אַלטער בחור דערצו, חאָטש אייער פּסיכאָלאָגיע זאָגט, אַז איין אַלטער בחור איז איין עגאָאיסט. און אפשר איז דאָס גופא אויך אַ מין עגאָאיזם? וואָס? איהר האָט פיינט, זאָגט איהר, חקירה? פילאָזאָפיע? איך האָב עס אויך פיינט!

אלזאָ, דאַרף מען חתונה מאַכען מיין אַלמנה'ס טעכטערעל, ראָזען, און מע דאַרף זיך פאַרשטעלען פאַר אַ מחותּן. איהר האָט איין אַנדער ברירה? און איהר דאַרפט פאַרשטעהן, לויט איהר קענט מיך שוין אַ ביסעל מיט מיין קאַפּריז, ווי איך האָב דאָס ליעב! דאָס וואָרט „מחותּן" שלאָגט מיר צו דער גאַל! רופט מיך „מענטש", רופט מיך „לאָקיי", רופט מיך „משרת", רופט מיך „קנאַקניסעל" — אַבי ניט „מחותּן"! זי אָבער, מיין אַלמנה הייסט עס, איז דוקא צופריעדען פון'ם נייעם נאָמען, וואָס מע האָט זי געקרוינט: „מחותּנת'טע". אַז מע זאָגט איהר „מחותּנת'טע", ווערט זי ברייטער ווי לענגער. „אָט באַלד ווערט איהר אַ שוויע־גער!" — אַזוי זאָג איך צו איהר. קוועלט זי, ווי אַ באָקסער: „הלוואי, זאָגט זי, ווי דערלעב איך דאָס שוין!"... אַ שענע שוויע־גער! איהר זאָלט זי געזוען זעהען צו דער חתונה, אונטער דער טאָכטער'ס חופּה: אַ בילד! אַ פּאַרשוין! אַ יוגענד! איהר וואָלט אין לעבען נישט זאָגען, אַז ס'איז אַ טאָכטער מיט אַ מוטער, נאָר אַ שוועסטער מיט אַ שוועסטער! איך האָב מיך, הערט איהר, פאַרקוקט אויף איהר, שטעהענדיג מיט די קינדער אונטער דער חופּה, און האָב צו מיר אַליין געזאָגט:

— שוטה וואָס דו ביזט! עלענדער שטיין וואָס דו ביזט! אצינד איז פאַר דיר אַ מאָמענט... איין וואָרט ווען דו זאָגסט, איין קוק ווען דו טהוסט, ווערסט דו אויס עלענדער שטיין... בויעסט דיר דיין הויז... פלאַנצעסט דיר דיין וויינגאָרטען... טרעטעסט אריין אין דיין גן־עדן... לעבסט דיר דיין רוהיגען לעבען, צווישען אייגענע, ליעבע און געטרייע... שלאָג דיר ארויס פון קאָפּ ראָזען... ראָזע איז ניט פאַר דיר... ראָזע פּאַסט צו דיר, ווי אַ קינד... זיי ניט גענאַרט... קוק אויף דער מוטער! זאָג איהר דאָס וואָרט, דו ווילדע חיה וואָס דו ביזט!... איהר זאָלסט דו זאָגען, ניט קיינעם! וואָס ציהסט דו די נשמה? זעהסט דו דען ניט, ווי זי קוקט אויף דיר, מיט וועלכע אויגען?...

אָט אַזוי זאָג איך צו מיר אַליין און באַגעגען זיך מיט פּאַיע׳ס אויגען, און עס רייסט מיר אויס אַ שטיק האַרץ — פאַר רחמנות צו איהר... איהר הערט? רחמנות! שוין נישט מעהר, ווי רחמנות... פריהער, געדענק איך, איז געווען איין אַנדער געפיהל ביי מיר... איצט איז פאַרבליבען בלויז רחמנות... און וויבאַלד רחמנות, איז אויף מיר אפשר אויך אַ רחמנות? און אפשר נאָך אַ גרעסערער? און ווער איז איהר שולדיג? למאי האָט זי געשוויגען ביז אַהער? וואָס שווייגט זי איצט? וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז איך איהר מעג זאָגען, און זי מיר נישט?... בושה, וועט איהר זאָגען? מנהג העולם? די וועלט פיהרט זיך אַזוי? איך לאַך פון אייער וועלט! ביי מיר איז ניטאָ קיין אונטערשייד: „ער" זאָל זאָגען פריהער, „זי" זאָל זאָגען פריהער. מענטשען זענען מענטשען! אַז זי שווייגט, שווייג איך אויך! איהר ווילט דאָס אָנרופען עקשנות? אמביציע? משוגעת? רופט דאָס וואָס איהר ווילט! איך האָב דאָך אייך געזאָגט שוין, אַז מיר איז דאָס אַלץ איינס... נישט מעהר, איך רעד מיר אויס פאַר אייך דאָס האַרץ און מיט אייך צוזאַמען וויל איך אַנאַליזירען, אויסגעפינען, וואו איז דאָ דער וואָרעם? אפשר איז דאָס דערפאַר, וואָס מיר זענען מיט פּאַיען קיינמאָל נישט געווען פאַר זיך אַליין קיין צוויי מינוט? שטענדיג איז געווען אין מיטען אַ נפש, וואָס האָט פאַרנומען אינ־גאַנצען אונזער צייט, אונזערע געדאַנקען, אונזערע געפיהלען, אונ־זערע צרות און פאַרגעניגענס — אַלץ האָט געהערט צו יענעם, ניט צו אונז. פאַר זיך אַליין אַ מינוט אַ פרייע — דאָס, פּע! דער רוח זאָל דאָס וויסען! מירביידע זענען ווי באַשאַפען געוואָרען ספּעציעל נאָר פון יענעמ׳ס וועגען! פריהער איז געווען פּיני. נאָכדעם האָט גאָט געהאָלפען אַ ראָזעטשקע. איצט האָט אונז דער אויבערשטער צוגעשיקט אַ נייעם נחת: איין איידעמעל אויף קעסט! מאָהלט אייך, עס איז שוין געווען דאָס רעכטע איידעמעל! אַזעלכע איידעמס מעגען זיך ווינטשען אַלע אידען. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין ניט פון די מענטשען, וואָס ווערען אַזוי גיך

נתפעל און וואָס האָבען אַ טבע יענעם אָפּלויבען אין טאָג אַריין. איך וועל אייך נישט דערצעהלען קיין פּוסטע דבורים, פּזמונות, איבערטריבענע קאָמפּלימענטען וכדומה. איך וועל אייך נאָר זאָגען, אַז דאָס וואָרט „ענגעל" איז אַ באַלעדיגונג פאַר דעם דאָזיגען מענטשעל. גענוג פאַר אייך? אויב ס'איז דאָ אַ הימעל, אויב מלאָכים שוועבען דאָרט אַרום, און אויב די מלאָכים זענען ניט ערגער פון אָט דעם שאַפּיראָ, זאָג איך אייך, אַז ס'איז כדאי צו שטאַרבען און בעסער זיין מיט זיי, אַלס מיט אַלע איבעריגע צוויי־פיסיגע חיות, וואָס דרעהען זיך דאָ אַרום אונטער גאָט'ס הימעל און פאַרפּאַסקודיגען די ערד. איהר וועט זאָגען, איך בין אַ מיזאַנ־טראָפּ, אַ מענטשענפיינט? איהר זאָלט האָבען פון אַ מענטשען דאָס, וואָס מיר האָבען געהאַט, אייך זאָלען מענטשען טהון דאָס, וואָס מע האָט אונז געטהאָן, וואָלט איהר געווען ניט אַ מיזאַנ־טראָפּ, נאָר אַ גזלן. איהר וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ מעסער אין מיטען גאַס און איהר וואָלט געקוילעט מענטשען, אַזוי ווי שאָף!... וואָס איז ביי אייך פאַר אַ מאָדע לאָזען אַ מענטשען רעדען שטונדען־לאַנג און נישט פרעגען, צי וויל יענער אַ גלאָז וואַסער? הייסט געבען טיי!

אַלזאָ, וואו האַלטען מיר? ביי אונזער נחת, ביי אונזער איידעמעל שאַפּיראָ.

עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ער איז געווען דער גאַנצער פיהרער פון אַ נוראלניע, אַ בראָנפען־פאַבריק, און ניט נאָר דער גאַנצער פיהרער, נאָר דער גאַנצער בעל־הבית איבער'ן גאַנצען געשעפט. אַלץ איז געווען ביי איהם אין די הענט, אויף זיין נאָמען. דאָס צוטרויען, וואָס זיי האָבען געהאַט צו איהם, איז אין לשער, און ליעב געהאַט האָבען זיי איהם, ווי אַ קינד. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז אויף דער חתונה זענען זיינע בעלי־בתים, צוויי שותפים, גנבים (זיי זאָלען מיר מוחל זיין, זיי זענען שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט אין אמעריקע), געווען

די מחותּנים, געשענקט דעם חתן אַ קאַסטען מיט זילבער און האָבען זיך אויסגעשטעלט ברייט און מילד, ווי די אמת'ע פילאַנטראָפּען. און איך האָב טאַקי ליעב אַ פילאַנטראָפּ, און נאָך אַ בעל־הבית אַ פילאַנטראָפּ, אַז ער קומט מיר אויף אַ שמחה און שטעלט זיך אַרוּם מיט זיין פילאַנטראָפּיע, אַז אַלע זאָלען זעהען און זאָלען וויסען, אַז ער איז אַ בעל־הבית אַ פילאַנטראָפּ, וואָס ווייסט, ווי צו שעצען אַ „מענטשען"!... אַי, דער „מענטש" האָט איהם אפשר געמאַכט אַ פאַרמעגען? און ווען נישט דער „מענטש", וואָלט ער אפשר איצטער ניט געווען קיין בעל־הבית און קיין פילאַנטראָפּ?... אייער שמייכלען, וואָס איהר שמייכעלט, איז אומזיסט! מיין ליעבער פריינד, איך שטעל מיך ניט אַרוּם פאַר קיין סאָציאַליסט. נאָר אַ בעל־הבית אַ פילאַנטראָפּ האָב איך פיינט! וואָס קומט מיר דערפאַר? והראיה? אָט וועט איהר הערען, וואָס אַ בעל־הבית, אַ פילאַנטראָפּ קאָן. דאַכט זיך מיר, אַז גאָט העלפט, מע האָט אַ געשעפט, וואָס טראָגט־אַריין שענע עטליכע טויזענטער אַ יאָהר, און אַ מענטשען האָט מען אַזעלכען, וואָס מע קאָן זיך אויף איהם פאַרלאָזען, קאָן מען שלאָפען רוהיג אין דער הײם, און אפילו אוועקפאָהרען קיין אויסלאַנד און לעבען אַ גוטען טאָג? איז דאָך אָבער „אונזערע אידעלעך". איך ווייס, אַז איהר האָט פיינט, נאָר איך זאָג נאָך אַ מאָל „אונזערע אידעלעך". ס'איז זיי קאַרג די וועלט! אַ איד האָט ליעב געשעפטען, פליהען, דרעהען, קנאַקען, טראַסקען — מע זאָל זעהען! מע זאָל הערען! וואָס טויג אייך, מיין שאַפּיראָ'ס בעלי־בתּים האָבען זיך נישט באַנוגענט מיט דעם, וואָס זיי האָבען אַזאַ גאָלדען געשעפט אין אַזעלכע זיכערע הענט. זיי זענען אַריין אין וועלדער און אין פעלדער, אין „טאָרגעס" און אין טאַקסעס, אין ווייץ און אין קלייען, און אין הייזער האָט זיך זיי פאַרגלוסט אַריינקריכען, ס'איז געוואָרען אַ היץ אויף הייזער, הייזער האָבען געברענט און זיי האָבען געברענט, ביז זיי זענען פאַרברענט געוואָרען, אַריינגעשלעפּט אונזער שאַפּיראָן מיט וועכ־סעלעך, פאַרחאַפּט וויפיעל ס'איז געווען מזומנים און אַוועק קיין

אמעריקע, און ס'איז א סברה, אז זיי זענען דאָרטען, ווי מע זאָגט אויף דעם אמעריקאַנער לשון, „אָל־רייט", און איהם, שאַפּיראָן הייסט עס, האָבען זיי געלאָזט זיצען ביז'ן האַלז אין חובות, פאַר־באָדען און פאַר'חתמ'עט מיט וועכסלען פון אויבען ביז אראָפּ. ס'איז געווען אַ גרויסער סקאַנדאַל, און ס'איז דערגאַנגען דערצו, אז מע האָט גאָרנישט געוואָלט קוקען, צי איז ער אַ „מענטש", צי איז ער אַ בעל־הבית — ער מוז צאָהלען די וועכסלען, און אזוי ווי ער האָט ניט מיט וואָס, איז ער באַנקראָט, און אזוי ווי ער קאָן ניט באַווייזען, אז דער באַנקראָט האָט זיך צו זיי גענומען פון איין אומגליק, ווערט דאָס אָנגערופען ביי אונז, ווי איהר ווייסט, און אפשר ווייסט איהר ניט, „זלאָסטנע באַנקראָט", דאָס הייסט: איין אָנזעצער אַ פאַרך, און אַ פאַרך איין אָנזעצער זעצט מען איין אין טורמע, וואָרום אַ פאַרך האָט די וועלט פיינט! איהר קאָנט אייך זיין צעהן מאָל איין אָנזעצער, צעהן מאָל איבער'חזר'ען דעם פסוק, און אַבי איהר מאַכט דאָס אָפּ קיילעכיג, מיט'ן „כבקרת", ווי עס געהער צו זיין, שטעלט איהר אַרוים דער וועלט מחילה אַ פייג, און קויפט אַ הויז מיט אַ „מפטיר", און איהר ווערט אַ שענער מענטש, און איהר טהוט די גרעסטע שידוכים, און איהר זאָגט דעות אין שטאָדט, און איהר טרעט אויף קעפּ, און איהר שטופּט אייך צו די גרויסע, צו די למדן־ואו גדולים, וואָס פיהרען די גאַנצע שטאָדט ביי דער נאָז, און עס דאַכט זיך אייך, אז איהר זענט אַ גרויסער, און איהר שפּריצט, און איהר בלאָזט זיך, ווי איין אינדיק, און איהר דערקענט ניט קיין מענטשען, און איהר רעדט זיך איין, אז דער רוח חאַפּט אייך אָקאָרשט ניט אוועק!... האָט קיין פּאַראיבעל ניט, איהר פאַרשטעהט דאָך, אז ניט אייך מיין איך, די וואַנט מיין איך... וואָס נוצט אייך? מיין בחור, מיין שאַפּיראָ, האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגען דעם בזיון, און אגב האָט איהם וועה געטהאָן דאָס האַרץ אויף אָרעמע אַלמנות און יתומים (זיינע בעלי־בתים האָבען ניט געשאָנעוועט קיינעם, זיי האָבען גענומען וואו זיי האָבען געקאָנט) — ער האָט זיך גע'סמ'ט!...

איך דענק, אַז עס איז אייך ניט וויכטיג, ווי אַזוי און מיט וואָס ער האָט זיך גע׳סמ׳ט, און וואו האָט ער גענומען סם? און וואָס עפּיס סם? און וואָס האָט ער געשריבען פאַר אַ בריעף צו מיר? און וואָס האָט ער מיר געזאָגט? און ווי אַזוי האָט ער זיך געזעגענט מיט ראָזען? און מיט דער מוטער, און מיט מיר? — דאָס אַלץ איז ניט מעהר ווי סענטימענטען, וואָס די ראָמאַניסטען באַנוצען זיך מיט זיי, אום אויסצוקוועטשען בײ׳ם נאַרישען לעזער אַ טרער. איך וויל אייך נאָר זאָגען אין דריי ווערטער: נישט זיך האָט דער מענטש גע׳סמ׳ט — ער האָט גענומען און האָט אַוועק־גע׳סמ׳ט אונז אַלעמען! דער בראָך איז געווען אַזוי גרויס, דער שמערץ איז געווען אַזוי טיעף, דער וועהטיג איז געווען אַזוי גרויליך, אַז בײ אונז אַלע דריי האָט זיך ניט געפונען קיין איינציגע טרער! מיר זענען פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט, פאַרשטאָרבען געוואָרען; געפאַלען מיט׳ן פּנים צו דער ערד, און וואָלטען געוועזען די גליק־ליכסטע פון די גליקליכסטע, ווען איינער קומט און האַקט אונז אַראָפּ אַלעמען די קעפּ מיט איין מעסער!... הערט איהר, איהר מעגט אייך זאָגען וואָס איהר ווילט — אָנקוקען קאָן איך ניט אָט די אַלע, וואָס קומען אייך טרייסטען חלילה בײ איין אומגליק. זייערע צוגעגרייטע פלומרשט־טרויעריגע פּנים׳ער, וואָס אויף יעדען שטעהט אויפגעשריבען: „אַ דאַנק גאָט, וואָס ניט איך”... זייערע הילצערנע רעד, וואָס קלעפּען זיך ניט, זייערע פאַלשע שבחים, זייער אַוועקגעהן אומגעזעגענט מיט אַ מורקע אונטער דער נאָז... וואָס דאַרפט איהר מעהר? אפילו אָט דער איוב, וואָס ס׳איז אַ מנהג, אַז יעדער גראָבער יונג זאָל אין איהם אַריינקוקען, ווי אַ האָהן אין „בני־אָדם”, איז מיר נמאס! וואָס? אפּיקורסות, זאָגט איהר? דאָס הייסט בײ אייך אפּיקורסות? נו, און נעמען אונטערשטעלען אַ פיסעל איין אומשולדיגען מענטשען, הייסען איהם חתמ׳ענען ועבסלען און אַליין אַוועק מיט געלט קיין אַמעריקע, און דעם „מענטשען” לאָזען, ער זאָל נעמען און אַוועק׳סמ׳ען אי זיך אַליין, אי נאָך דריי אומשולדיגע נפשות — דאָס וועט בײ אייך הייסען

ווי אזוי? וואָס פאַר אַ נאָמען וועט איהר דעם געבען? נישט אַפּיקורסות? איאָ, ניין? און פון גאָט אַליין וועט איהר זאָגען, אַז ס'איז ניט קיין אומרעכט? וואָרום ווי טאָר מען רעדען אויף גאָט? טהוט אַלע זשע אַ קוק וואָס זאָגט דערויף איוב? אָט דער זעלבער הייליגער איוב, וואָס ס'איז אַ מנהג, איהר זאָלט אין איהם אַריינקוקען, ווי אַ האָהן אין „בני־אָדם"? איאָ, איהר שווייגט? איך שווייג אויך, וואָרום איהר קאָנט רעדען צעזעצטערהייט, וועט אייך קיינער ניט ענטפערען! איהר וועט איבערקייען נאָך אַ מאָל די שוין לאַנג איבערגעקייטע ווערטער: „ה' נתן וה' לקח" — און דערביי וועט איהר בלייבען... וואָס זאָגט איהר? פילאָזאָפירען הייסט קייען שטרוי? איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

אַלזאָ, איך קעהר מיך אום צוריק צו מיין אַלמנה... וואָס זאָג איך אַלמנה? צו מיינע צוויי אַלמנות! ראָזע אויך איין אַלמנה! חאַ־חאַ־חאַ! עס איז אַזוי טרויעריג, עס איז אַזאַ באַלעדיגונג פון דער נאַטור, אַז נאָר לאַכען דאַרף מען. ראָזע איין אַלמנה! איהר זאָלט זי געזעהן: אַ קינד פון פופצעהן יאָהר קאָן ניט אויסזעהען יונגער. ראָזע איין אַלמנה! איין אַלמנה אַליין איז נאָך גאָרניט! ראָזע — אַ מאַמע! אַ מוטער פון אַ קינד! אין אַ חדשים דריי נאָך שאַפּיראָ'ס טויט האָט זיך געלאָזט הערען אַ קול פון אַ באַשעפעניש, און די שטוב איז געוואָרען פול מיט דעם באַשעפענישעל. פייגעלע האָבען זיי דעם אַ נאָמען געגעבען — און אין שטוב האָט געוועלטיגט נאָר איין פייגעלע, און אַלץ איז געווען נאָר צוליעב דער איינער פייגעלע, און וואו איהר זענט געשטאַנען, און וואו איהר זענט געזעסען, און וואָס איהר האָט ניט געטהאָן, האָט איהר געקאָנט הערען נאָר פייגעלע און פייגעלע און ווידער פייגעלע! אויב מע זאָל וועלען זיין אַ מאמין און גלויבען אין „השגחה פרטית", ווי איהר רופט דאָס אָן, וואָלט איך געזאָגט אויף דער פייגעלע, אַז דאָס האָט גאָט באַלוינט אונז פאַר אונזערע גרויסע ליידען און האָט אונז געשיקט אַ טרייסט. איהר ווייסט אָבער, אַז איך בין אַ קנאַפּער מאמין און איך בין שטאַרק מסופּק

אין אייך אויך... וואָס? איהר ווילט מיר איינרעדען, אַז איהר גלויבט יאָ? — געזונטערהייט! איך האָב צו אייך גאָרנישט ניט; אַבי איהר אַליין זאָלט זיין איבערצייגט, אַז איהר זענט ניט קיין צבוע'ק, קיין היפּאָקריט. הערט איהר, אידען, האָב איך פיינט היפּאָקריטען, טאַקי נאָר ווי אַ איד האָט פיינט חזיר! זייט אייך פרום, ווי צעהן טויזענט רוחות, אַבי מיט איין אמת! טאָמער זשע זענט איהר גלאַט אַ גנב, אַ פאַרמאַסקירטער „וצדקתך", זענט איהר ניט פון מיינע לייט, און איך דאַרף אייך אויף תשעה־נייענציג כפּרות. אָט אַזאַ מענטשעל בין איך מיר!

הכלל, וואָסער אַ סדרה געהט היינט? — פייגעלע! פון דער ערשטער מינוט, וואָס די פייגעלע האָט זיך באַוויזען אויף דער וועלט, האָט אַלץ ווי אויפגעלעבט, אַלע און אַלעס האָבען געשמייכעלט און געפרעהט זיך. אַלע פּנים'ער האָבען געשיינט. אַלעמענ'ס אויגען האָבען אָנגעהויבען צו לייכטען און גלאַנצען. אינאיינעם מיט דעם קינד זענען מיר אַלע אויפ'ס ניי געבוירען געוואָרען. איך וועל אייך זאָגען אַ שענס: ראָזע, וואָס סע האָט זיך נישט באַוויזען אויף איהר פּנים קיין שמייכעל שוין אַזאַ צייט, האָט פּלוצים אָנגעהויבען ווידער צו לאַכען מיט איהר פריהעריגען מאָדנע געלעכטער, וואָס פאַרגיפטעט אייך און צווינגט אייך, אַז איהר זאָלט אויך לאַכען, חאָטש עס ווילט זיך אייך גאָר וויינען. אָט אַזאַ מין כח האָט באַוויזען די קליינע פייגעלע, אַז זי האָט אויפגעעפענט איהרע קליינע אויגעלעך און האָט גענומען דאָס ערשטע מאָל מיט אַ פונק פון פאַרשטאַנד באַטראַכטען אונז אַלע דריי. און ווער שמועסט, אַז אויף פייגעלע'ס ליפּעלעך האָט זיך באַוויזען דאָס ערשטע שמייכעלע, זענען ביידע אַלמנות שיער ניט משוגע געוואָרען פאַר ענטוזיאַזם און התפעלות. זיי האָבען מיך באַגעגענט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב מיך פאַר זיי דערשראָקען:

— גוואַלד, וואו זענט איהר געווען פריהער מיט איין מינוט?

אַזוי זענען אָנגעפאַלען אויף מיר ביידע אַלמנות.

— וואָס איז דען? וואָס האָט זיך געטראָפֿען? — פרעג איך אַ דערשראָקענער און באַקום פֿון זיי איין ענטפֿער:

— סטייטש, פֿייגעלע האָט אָט־ערשט מיט אַנדערהאַלבען מינוט פֿריהער אַ לאַך געטהאָן! דעם ערשטען לאַך!

— אָט דאָס איז גאָר? — זאָג איך גאַנץ קאַלט, און אינ־ווענינ דאָס האַרץ פֿרעהט זיך, געוועהנליך, ניט אַזוי אויף דעם, וואָס פֿייגעלע האָט אַ לאַך געטהאָן, ווי אויף דעם, וואָס מיינע צוויי אַלמנות זענען אַזוי ששון־ושמחה'דיג. נו, היינט קאָנט איהר שוין פֿאַרשטעהן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטהאָן ביי'ם ערשטען צייהנדעל! די ערשטע האָט דערפֿיהלט, נאַטירליך, די יונגערע אַלמנה, די מוטער. האָט זי צוגערופֿען די עלטערע אַלמנה, פֿאַיען הייסט עס, אוןביידע אַלמנות האָבען גענומען פּרובירען מיט אַ גלאָז, און אַז זיי האָבען דערהערט, אַז עס קלינגט אַ צייהנדעל, האָבען זיי געמאַכט אַזאַ גוואַלד, אַז איך בין אריין פֿון צווייטען צימער ניט טוידט, ניט לעבעדיג.

— וואָס איז דאָ?

— אַ צייהנדעל!

— עס ווייזט זיך אייך אוים! — זאָג איך צו זיי בכיון, עס זאָל זיי אַ ביסעל רייצען. און ביידע אַלמנות נעמען מיין פֿינגער און טאַפּען־אָן ביי פֿייגעלען אין הייסען מייל'כעל עפּים אַ שאַרף שפּיציקעל, וואָס קאָן זיין, ס'איז אַ צייהנדעל.

— נו? — פֿרעגען זיי מיך ביידע און וואַרטען, איך זאָל זיי שוין אָפּגעבען אַ גרוס פֿונ'ם צייהנדעל. איך מאַך זיך תּמ'ע־וואַטע. איך האָב ליעב זיי צו רייצען. פֿרעג איך זיי איבער:

— וואָס נו?

— אָבער איאָ, אַ צייהנדעל?

— אַ צייהנדעל, וואָס דען זאָל דאָס זיין?

און דאָס פֿאַרשטעהט איהר דאָך, אַז וויבאַלד אַ צייהנדעל, איז דאָך פֿייגעלע אַ חכמה, וואָס מע קריגט ניט די צווייטע אין

דער גאַנצער וועלט! און ווײַבאַלד אַז פֿייגעלע איז אַזאַ חכמה, קומט דאָך איהר, מע זאָל זי אַזוי לאַנג קושען, ביז דאָס קינד הויבט אָן צו וויינען, און איך רייס עס אַרוים בײַ זיי פֿון די הענט און שטיל דאָס אײַן, וואָרום בײַ קיינעם שווייגט ניט אַזוי דאָס קינד, ווי בײַ מיר, און מע קאָן זאָגען, אַז קיינעמ׳ס האָר האָט פֿייגעלע ניט אַזוי ליעב, ווי מיינע האָר, און קיינעמ׳ס נאָז ווערט ניט אַזוי געריסען פֿון איהרע ברעקלעך פֿינגערלעך, ווי מיין נאָז, און פֿיהלען אויף זיך די דאָזיגע ברעקלעך פֿינגערלעך איז אַ גן־עדן! עס גלוסט זיך אויסקושען טויזענט מאָל איטליכס גליעד פֿון די דאָזיגע קליינ־טשינקע, גלאַטינקע, ווייסינקע און ווייכינקע פֿינגערלעך! איהר קוקט אויף מיר און איהר טראַכט זיך: „אָט דער מענטש האָט אַ ווייבערשע נשמה; אַניט — וואָלט ער אַזוי ניט ליעב געהאַט קיין קינדער”... אָבער איאָ, איך האָב געטראָפען, וואָס איהר טראַכט? ס׳איז אַזוי די מעשה: וואָס פֿאַר אַ נשמה איך האָב — ווייס איך ניט, נאָר אַז איך האָב ליעב קינדער — דאָס איז אַ פֿאַקט! וועמען דען זאָל מען ליעב האָבען, אַז ניט קיין קליינע קינדער? אײַערע גרויסע, ווילט איהר, זאָל איך ליעב האָבען? אָט די גלאַטע מאָרדעס מיט די געפּאַקטע בײַכלעך, וואָס זייער גאַנץ לעבען איז אַ געשמאַקער מיטאָג מיט אַ גוטען ציגאַר מיט אַ פּרעפֿעראַנסעל? צי אָט יענע שענע מענטשען, ווילט איהר, זאָל איך ליעב האָבען, די וואָס קהל׳ען זיך און לעבען פֿון דער קהל׳שער שיסעל און שרייען און ליאַרעמען און פּויקען איבער דער גאַנצער וועלט, אַז זייער גאַנצער מיין איז טובת הכּלל?... אָדער איהר זענט אַ בעלן, איך זאָל ליעב האָבען אָט די יונגע צוציקעס, וואָס ווילען מתקן זיין די וועלט, רופֿען מיך „בורזשוק” און ווילען מיך צווינגען, איך זאָל פֿאַרקויפֿען מיינע הייזער און צעטיילען זיך מיט זיי לשם עקספּראָ־פּריאַציע? אָדער איהר וועט מיר אפשר הייסען, איך זאָל ליעב האָבען די גראָבע ווייבער, די פּרות־הבשן, וואָס זייער איינציגער אידעאַל איז פּרעסען, קליידער, בריליאַנטען, טהעאַטער און געפּעלצן פֿרעמדע מאַנסבילען? צי גאָר די אונטערגעשאָרענע אַלטע מוידען,

וואָס אַמאָל, אין מיינע יונגע יאָהרען, האָבען זיי געהייסען „גיהיר־ליסטקעס”, היינט הייסען זיי „עס־עסאָווקעס”, „עס־עראָווקעס”, „קאַדעטניצעס” וכדומה אַזעלכע שענע נעמען?... איהר זאָגט, ווייל איך בין איין אַלטער בחור, בין איך אַ בעל־פּעסן און אַ מיזאַנ־טראָפּ און מיר געפעלט ניט קיינער? זאָגט אייך — וואָס אַהרט מיך, וואָס איהר זאָגט? איך טהו מיר מיינס: איך דערצעהל. וואו זשע האַלט איך? ביי'ם קינד, ביי פּייגעלען, ווי מיר האָבען דאָס ליעב געהאַט. דאָס גאַנצע לעבען האָבען מיר אַוועקגעשענקט דעם קינד, מיר אַלע דריי, דערפאַר, ווייל דאָס קינד האָט אונז פאַרזיסט די ביטערקייט פונ'ם לעבען, צוגעגעבען אונז אַלעמען פרישע ענערגיע צו טראָגען דעם שווערען יאָך פון דער נאַרישער פאַר־דאָרבענער וועלט. און פאַר מיר עקסטרע איז אין דעם קינד געווען אַ גאַנצער סוד. איהר וועט דעם סוד לייכט פאַרשטעהן, אויב איהר וועט זיך דערמאַנען, וואָס איז געווען פאַר מיר ראָזע. וואָס מעהר דאָס קינד האָט געוואַכסען, אַלץ מעהר האָט געבליהט די האָפענונג ביי מיר אין הארצען, אַז מיין עלענד זאָל ענדליך פאַר־שווינדען און איך זאָל אַמאָל אויך וויסען פון אַ לעבען אויף דער וועלט... און ניט נאָר איך אַליין האָב זיך ארומגעטראָגען מיט דער מחשבה — די זעלבע האָפענונג האָט געלעבט אויך ביי פאַיען אין הארצען, און חאָטש מיר האָבען דערפון ניט גערעדט קיינמאָל, נאָר פאַר אונז אַלע דריי איז דאָס געווען קלאָר, ווי דער טאָג, אַז עס וועט מוזען אַמאָל אַזוי זיין... איהר וועט אפשר פרעגען: ווי אַזוי קאָנען זיך דאָס מענטשען פאַרשטעהן אומגערעדט? איז אַ סימן, אַז איהר קענט פּסיכאָלאָגיע, נאָר ניט קיין מענטשען... למשל, אָט וועל איך אייך מאָהלען אַ בילד, וועט איהר זעהען, ווי אַזוי מענטשען שמועסען זיך אויס כמעט אָהן ווערטער, פאַרשטעהען זיך אויפ'ן וואונק. אָט האָט איהר אייך אַ בילד:

אַ זומער־נאַכט. דער הימעל איז פאַרשמיסען מיט ווייסע מילך־פּאַכען. איך האָב געוואָלט זאָגען: די שטערען בלישטשען, פינקלען, שעמערירען. האָב איך מיך דערמאַנט, אַז אַזוי שטעהט

ערגיץ געשריבען אין אַ ביכעל, ווייל איך ניט איבערקייען יענעמ'ס ווערטער. איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך האָב פיינט זייערע באַשרייבענישען פון דער נאַטור, וואָס זענען אַזוי עהנליך אויף דער נאַטור, ווי איך בין עהנליך אויף אַ טערקישען פּאַשאַ. הכּלל, ס'איז געווען אַ זומער־נאַכט, איינע פון די זעלטענע וואַרעמע, ליוטערע, פּרעכטיגע נעכט, וואָס דער טריקענסטער מענטש אין דער וועלט ווערט פול מיט פּאָעזיע און עס בענקט זיך איהם ערגיץ אַהין, ווייט, ער ווייסט אַליין ניט וואוהין. עס האַפּט איהם אַרום פון אַלע זייטען אַ מאָדנער שטראָם פון רוח־הקודש, און ער זינקט אין אַ הייליגע שטילע רוהיגקייט, און ער פאַרקוקט זיך אין דער טיעפער בלויער יאַרמעלקע, וואָס מיר רופען דאָס הימעל, און ער פיהלט, אַז דער הימעל סוד'עט זיך עפּיס מיט דער ערד, פיהרען אַ שטילען שמועס צווישען זיך, אַ שמועס פון אייביגקייט, פון אומ־ענדליכקייט און פון דעם, וואָס מענטשען רופען גאָטהייט...

נו? וואָס וועט איהר זאָגען אויף מיין באַשרייבען די נאַטור? ניט געפעלען? בין איך אויסגעשטעלט! האָט צייט, איהר זענט נאָך ניט פאַרטיג. איך האָב אייך פאַרגעסען דערצעהלען פון די זשוקעס — מאָדנע, שווערע, ברוין־פאַרביגע זשוקעס, וואָס טראָגען זיך אין דער פינסטער, צעלאָזט די פליגעל, זשומען און הודען און טהוען זיך אַלע מאָל אַ זעץ אָן וואַנט אָדער אָן פענסטער, און טהוען אַ פאַל אַנידער אויף דער ערד מיט האַלב־צעלאָזטע פּאָלעס און ווערען אַנשוויגען. איהר זאָלט גאָר נישט האָבען קיין יסורים — זיי וועלען אַ ביסעל אַרומפּויזען אויף דער ערד, זיך אויפהויבען, צעלאָזען די פּאָלעס און וועלען זיך ווידער דרעהען אַרום דער שיין פון דעם ליכט מיט אַ זשומען און מיט אַ הודען, און ווידער געבען זיך אַ זעץ אין פענסטער אריין און אַ פאַל אַנידער אויף דער ערד... מיר זיצען אויפ'ן גאַניק, וואָס געהט אין גאָרטען אריין, אַלע פיער: איך, און פּאַיע, און ראָזע, און פייגעלע. פייגעלע איז שוין אַ גרויסע; פיער יאָהר ווערט איהר ראש־חודש אלול, און רעדען רעדט זי ווי אַיין אַלטער. זי רעדט און פרעגט קשיות. טוויזענטער

קשיות! פאַר וואָס איז הימעל — הימעל, און ערד — ערד? ווען איז טאָג און ווען איז נאַכט? פאַר וואָס איז ביינאַכט נאַכט און בייטאָג טאָג? פאַר וואָס רופט די מאַמע די באַבעניו „מאַמע", און די באַבעניו רופט די מאַמע ניט „מאַמע", נאָר „ראָזע"? פאַר וואָס בין איך איהר א דיאַדיא — א דיאַדיא און ניט קיין פּאַפּאַ?... פאַר וואָס קוקט דער דיאַדיא אויף דער באַבעניו, און די באַבעניו קוקט אויף דער מאַמע, און פאַר וואָס איז די מאַמע אַזוי רויט געוואָרען?... איהר פאַרשטעהט דאָך שוין, אַז דאָס רופט אַרויס ביי אונז אַלע דריי א געלעכטער. פרעגט פייגעלע, וואָס לאַכט מען, ווערט דער געלעכטער נאָך גרעסער, און ענדיגען ענדיגט ער זיך מיט דעם, וואָס מיר קוקען זיך איבער אַלע דריי, און אַלע דריי פאַרשטעהען מיר זיך גאַנץ גוט, וואָס דער קוק באַדייט. מע דאַרף שוין ניט קיין ווערטער. ווערטער זענען איבעריג. ווערטער זענען באַשאַפען געוואָרען נאָר פאַר פּלאַפּלערס, ווייבער און אַדוואָקאַטען. אָדער, ווי ביסמאַרק האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: ווערטער זענען אונז געגעבען געוואָרען אום צו פאַרמאַסקירען אונזערע געדאַנקען. אָט באַגעהען זיך דאָך חיות און עופות און אַלע איבעריגע באַשעפעניש אָהן ווערטער! אָט וואַקסט דער בוים, אָט בליהט די בלום, אָט שפּראָצט א גרעזעל, האַלט זיך צו צו דער ערד, קושט זיך מיט'ן שטראַהל פון דער זון — וואו איז זייער שפּראַך? אויגען, מיין ליעבער פריינד, אויגען ביי מענטשען זענען א גרויסע זאַך! וואָס א מענטשענ'ס אויגען קאָנען אייך אַמאָל זאָגען אין איין מינוט, וועט אייך דאָס מויל ניט אויסרעדען אין קיין טאָג! אונזער איבערקוקען זיך אין יענער נאַכט מיט מיינע צוויי אַלמנות איז געווען א בלעטעל, א קאַפּיטעל פון אונזער אַלעמענ'ס לעבענס־געשיכטע, א גאַנצע פּאָעמע, אויב איהר ווילט, א ליעד, א טרויעריג ליעד פון דריי פאַרלאָרענע לעבענס, פון דריי פאַרקריפּעלטע נשמות, וואָס פאַרשיידענע פאַרפּלאָנטענישען האָבען ניט דערלאָזט, זיי זאָלען טרינקען פון דעם קוואַל, וואָס הייסט גליק, זיי זאָלען גע־ניסען פון דעם פּאָנטאַן, וואָס הייסט ליעבע... איך האָב מיך אַרויס־

געחאַפּט פאַר אייך מיט דעם וואָרט „ליעבע" אומגעהרען. גלויבט מיר, אַז עס עקעלט מיך! ווייסט איהר, פאַר וואָס? דערפאַר, ווייל אייערע שרייבערס באַנוצען שוין צו אָפט דאָס דאָזיגע הייליגע וואָרט און מאַכען פון דעם שוין צו אַ וואָכעדיגען מאכל. דאָס וואָרט „ליעבע", אַז מע רעדט דאָס אַרויס אויף דער שפּראַך פון אייערע שרייבערס, איז אַ חלול־השם. דאָס וואָרט „ליעבע" דאַרף אַרויסגעגאָסען ווערען, ווי עס גיסט זיך אויס אַ תּפלה צו גאָט, אָדער עס דאַרף זיך אויסגיסען אין אַ ליעד אָהן ווערטער, אין אַ געזאַנג פון עכטער פּאָעזיע, עס מעג זיך זיין אָהן ריימען: לויפען־קויפען, חאַפּען־טאַפּען, יאָגען־שלאָגען, גראָזען־בלאָזען, וכדומה אַזעלכע גראַמען פון אייערע פּאָעטען, וואָס אַז איך לייען זיי אַמאָל, מאָהלט זיך מיר אויס, אַז איך שלינג אַרבעס און פאַרבייס מיט פּאַפּיער... דער משל מעג אייך ניט געפעלען, נאָר דרעהען מיט דער נאָז באַדאַרפט איהר ניט. איך ענדיג אייך שוין די געשיכטע מיט מיין אַלמנה נומער צוויי און איך מאַך דאָס בקיצור, וואָרום איך האָב פיינט, אַז מע געהניצט... זאָגט נאָר, איהר האָט אַמאָל פאַרזוכט דעם טעם, עס זאָל אייך רייסען אַ צאָהן, וואָס איהר מוזט איהם אַרויסציהען, נאָר איהר לעגט דאָס אָפּ אויף מאָרגען, פון מאָרגען אויף איבערמאָרגען, ביז איהר נעמט אייך אָן מיט האַרץ און געהט צום דאָקטאָר; איהר קומט־צו צו דער טיר, איהר לייענט־איבער אויף זיין בלעטעל: „דענטיסט אַזעלכער און אַזעלכער, נעמט־צו פון 8 ביז 1 און פון 1 ביז 8..." חאַפּט איהר אַ קוק אויפ'ן זייגער און אַ זאָג צו זיך אַליין:

— פון 8 ביז 1 און פון 1 ביז 8? הייגט וואָס האָב איך קיין צייט ניט?...

און איהר קעהרט זיך אום צוריק אַהיים און איהר רייסט זיך אויף די ציינער... אָט דאָס אייגענע איז געווען מיט מיר און מיט ראָזען. אַרויסגעגאַנגען בין איך פון דער היים אַלע אין דער פריה מיט אַ באַשטימטען געדאַנק, אַז היינט מוז דאָס געשעהן גאָר אָהן אַ שום תּירוץ! פריהער וועל איך איבעררעדען מיט מיין אַלמנה

נומער איינס, מיט דער מוטער הייסט עס, אזוי און אזוי... וועט זי ווערען רויטליך, אראפּלאָזען די אויגען און אַ זאָג טהון: „ביי מיר האָט איהר גע'פועל'ט, רעדט איבער מיט ראָזען"... וועל איך אוועקגעהן פון דער אלמנה נומער איינס צו דער אלמנה נומער צוויי און וועל איהר זאָגען: „הער נאָר אויס, ראָזע, ס'איז אזוי און אזוי..." און איך חאַפּ דאָס היטעל און קום צו געהן צו מיינע צוויי אלמנות, לויפט מיר אקעגען פיינעלע, וואַרפט זיך מיר אויף די הענט, חאַפּט מיך ארום ביי'ם האלז, קושט מיך אין די ברילען און בעט זיך ביי מיר, אז „היינטיגען טאָג, נאָר היינטיגען טאָג, זאָל איך זאָגען דער מאַמעניו און דער באָבעניו, מיך וועט מען פאָלגען, זי זאָל זיין פריי, ניט לערנען, ניט שפּיעלען, ניט טאַנצען, נאָר געהן מיט'ן דיאַדיאַ אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, מע האָט געבראַכט, זאָגט מען, צו פיהרען אזעלכע מאַלפּעס, אזעלכע מאַלפּעס, וואָס מע קאָן פּלאַצען פאַר געלעכטער!"... נו, אדרבה, זייט אַ בריה און נעמט ניט דאָס קינד, און געהט ניט מיט דעם אין זאָאָלאָגישען גאָרטען אָנקוקען די נייע מאַלפּעס, וואָס מע קאָן פּלאַצען פאַר געלעכטער?...

— וואָס וועט זיין פונ'ם קינד? — וואָרטשעט די אלמנה נומער איינס.

— ער מאַכט אַ תּל פונ'ם קינד! — האַלט זי אונטער די אלמנה נומער צוויי. און דער דיאַדיאַ הערט זיי, די ביידע אלמנות, ווי דעם פאַראַיאָהריגען שניי, נעמט דאָס קינד און געהט מיט דעם אין גאָרטען זיך באַקענען מיט די נייע מאַלפּעס, וואָס מע קאָן פּלאַצען פאַר געלעכטער — און אָט אזוי, ווי איך דערצעהל אייך, אלע מאָל אַ נייער תּירוץ. עס געהט־אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג, אַ וואָך און אַ וואָך, אַ יאָהר און אַ יאָהר, דאָס קינד וואַקסט, הויבט־אָן פאַרשטעהן אזעלכע זאַכען, וואָס מע קאָן פון זיי ניט רעדען, און עס בלייבט ביי אונז אלע דריי דער הסכּם, אלץ אָהן ווערטער, אז לאָז דאָס קינד אונטערוואַכסען שוין. אז פיינעלע זאָל אויס־וואַכסען, ווערען אַ מענטש און אויסקלויבען זיך איהר באַשערטען, דעמאָלט ווערען אונז אויפגעבונדען די הענט, דעמאָלט רעפאָרמירען

מיר אונזער לעבען, פיהרען־אויף א נייע שטוב. און מע בויט פלאנען, יעדער ביי זיך אין הארצען, ווי אזוי מע וועט לעבען אלע צוזאמען: דאס יונגע פאר — פייגעלע מיט איהר באשערטען, דאס אלטע פאר — איך מיט ראזען, און די אלמנה די באבע (פאיע) וועט געוועלטיגען איבער אונז אלעמען — דאס וועט זיין א לעבען! די גאנצע זאך איז נאר: ווי דערלעבט מען שוין? ווי דערלעבט מען שוין, אז פייגעלע זאל אויסוואכסען, ווערען א מענטש און אויסקלויבען זיך איהר באשערטען? נאר אז מע לעבט, דערלעבט מען זיך. אזוי, דאכט זיך, זאגט דאס שפריכווארט? איך האב פיינט שאבלאנע שפריכווערטער. איהר האט זיי ליעב? זעהר שען. איך פארגין אייך. אלזא, אז מע לעבט, דערלעבט מען זיך! פייגעלע איז אויסגעוואכסען, געווארען א מענטש און האט אויסגעקלויבען זיך איהר באשערטען — און אט דא ליגט דער הונט באגראבען! אט דא ערשט הויבט זיך אן די רעכטע פסיכאלאגיע, ווי איהר רופט דאס אן! איהר ווייסט? דאס, וואס איהר קוקט אויפ'ן זייגער, איז איבעריג. איך וועל אייך סאי ווי סאי היינט מעהר ניט דערצעהלען. איך דארף געהן; מיינע אלמנות וועלען נישט וויסען וואס איבערצוטראכטען. איך קאן באשטעהן, אז אויב איהר האט חשק אויסצוהערען די געשיכטע פון מיין „אלמנה נומער דריי", זאלט איהר זיך מטריח זיין צו מיר אהיים. אניט — ווי איהר ווילט אייך! פאר די פאלעס וועל איך אייך ניט שלעפען. איהר וועט אליין קומען... אדיע!

**עד כאן אלמנה נומער צוויי.**

## ג.

# אלמנה נומער דריי

— גוט, וואָס איהר זענט געקומען צו מיר אין אזא שעה, וואָס איך בין גראָד אין דער היים. דאָס הייסט, אין דער היים בין איך שטענדיג, נאָר פאַר מיר, ניט פאַר יענעם. יעדער מענטש האָט זיך זיינע געוואוינהייטען. למשל, איך בין געוואוינט, אז איך עס, זאָל מיר זיצען אקעגען די קאַץ. אָהן דער קאַץ וועל איך ניט עסען. קיץ־קיץ־קיץ! וואָס זאָגט איהר אויף דער קאַץ? קלוג — א חכמה! זי וועט אייך אליין ניט נעמען — עס מעג ליגען גאָלד! איהר זענט א מבין אויף איהר פעל? וואָס? איהר האָט פיינט א קאַץ? איין איינבילדונג פונ'ם חדר! מע ווייסט די מעשיות! איהר דאַרפט זיך ניט פאַרענטפערען! ווי אזוי טרינקט איהר טיי? מיט מילך? צי אזוי? איך טרינק מיט מילך... א קאָטאַ! טפּרוס! אין דער ערד אריין!... קיין זאַך האָט זי אזוי ניט ליעב, ווי מילך. פוטער וועט שטעהן, וועט זי ניט טשעפּען, און דערזעהט זי מילך, מוז זי טהון א לעק...

איהר ווייסט דאָך, אז איך האַלט ניט פון הקדמות, נאָר דאָ מוז איך אייך זאָגען א הקדמה: איך האָב פיינט, אז מע שמייכעלט. לאַכען קאָנט איהר וויפיעל איהר ווילט, נאָר ניט שמייכלען. גע־דענקט איהר זשע אלסדינג, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט? טאָמער האָט איהר פאַרגעסען — זאָגט, שעמט זיך ניט; גרעסערע פון אונז, מאַכט זיך, פאַרגעסען אויך אמאָל. איך וועל אייך מוזען, האָב איך מורא, איבער'חזר'ען אין קורצען נאָך א מאָל און געבען אייך איין אויסצוג, א קיצור המעשה:

איך האָב געהאַט אַ חבר פּיני, האָט ער געהאַט אַ פרוי פּאַיע, האָבען זיי געהאַט אַ קינד ראָזע. איז מיין חבר פּיני געשטאָרבען, און פּאַיע איז געבליבען איין אַלמנה. און איך בין ביי איהר געווען אַ בן־בית. און זי איז מיר געווען צום הארצען, און איך איהר אויך. נאָר רעדען האָבען מיר דערפון ניט גערעדט. געהאַלטען אין זיך. און אַזוי זענען אַוועק די בעסטע יאָהרען. דערווייל איז איהר טעכטערל, ראָזע, אויסגעוואַקסען, און איך בין געווען נאָך איהר די כפרה. האָט זיך אונטערגעחאַפּט אַ בחור'על שאַפּירא, אַ גוטער בוכהאַלטער און אַ שענער שאַכשפּיעלער, און די ראָזע האָט זיך אין איהם פאַרברענט. האָב איך זיך צעקריעגט מיט דער מוטער און בין אַוועק מיט דעם געדאַנק, אַז ווייל איך וועל לעבען זאָל מיין פוס דאָרט ניט זיין! און איך האָב דאָס וואָרט נ י ש ט אויסגעהאַלטען און בין באַלד אויפ'ן צווייטען טאָג געקומען און בין געוואָרען דער זעלבער היימישער, וואָס פריהער, און האָב מיך פאַר־שטעלט פאַר אַ מחותן און האָב געפּראַוועט אַ חתונה צווישען דער ראָזע מיט דעם שאַפּירא, וואָס איז געווען דער גאַנצער בעל־הבית איבער זיינע פּרינציפּאַלענ'ס געשעפטען, גע'חתמ'עט פאַר זיי וועכס־לען, און זיי האָבען זיך פאַרדרעהט און זענען אַוועק קיין אַמעריקע און איהם האָבען זיי געלאָזט מיט די חובות. האָט ער זיך גענומען דאָס לעבען — און ראָזע איז געבליבען איין אַלמנה. האָט איהר, אַלזאָ, צוויי אַלמנות. און פּונקט אַזוי ווי איהר מוטער פּאַיע, די אַלמנה נומער איינס, איז געבליבען נאָך מיין חבר פּיני'ס טוידט מיט אַ קליין קינד ראָזעטשקע, אַזוי איז איהר טאָכטער ראָזע, די אַלמנה נומער צוויי, געבליבען נאָך שאַפּירא'ס טוידט מיט אַ קליין קינד פּייגעלע, וועלכע איז געבאָרען געוואָרען אין דריי חדשים ארום נאָך שאַפּירא'ס טוידט, — און מיר אַלע דריי האָבען די פייגעלע ליעב געהאַט דאָס חיות מיט'ן לעבען, און מיר אַלע דריי, איך און פּאַיע און ראָזע, האָבען זיך אינגאַנצען איבערגעגעבען צום דאָזיגען קינד, ניט צייט געהאַט צו קלערען וועגען זיך און וועגען מיין ראָמאַן מיט דער אַלמנה נומער צוויי, מיט ראָזען, וועלכער

האָט זיך דערוויילע פאַרצויגען ביז פייגעלע וועט אונטערוואַקסען און ווערען אַ מענטש. און אַז פייגעלע איז אונטערגעוואַקסען און געוואָרען אַ מענטש... איך וועל אייך בעטען, אַז איך דערצעהל אייך עפּיס, זאָלט איהר ניט קוקען אין קיין בוך אריין, ס'איז אַ מיאוס'ע טבע, און בעסער האָרכען וואָס מע דערצעהלט אייך, וואָרום דאָ פאַנגט זיך אָן אַ נייע געשיכטע.

וואָס איהר ווילט, קאָנט איהר אויף מיר זאָגען, נאָר קיין פאַנאַטיקער, קיין עקשן בין איך קיינמאָל ניט געוועזן. איך בין תמיד געגאַנגען גלייך מיט דער צייט. איך בין קיינמאָל ניט אָפּ־געשטאַנען, צוריקגעצויגען, ווי אַנדערע, וואָס באַקלאָגען זיך אויפ'ן נייעם דור מיט זייערע נייע אידעען.

אָנקוקען קאָן איך ניט אָט די אַלטע חכמים מיט זייער אייביגער פּרעטענזיע: סטייטש, למאי זאָל דאָס איי וועלען לעהרנען אַ הוהן? ווער איז עלטער — דאָס איי, צי די הוהן?... בהמות וואָס איהר זענט! אדרבה, ווייל דאָס איי איז יונגער, איז דאָס בילכער! איז דאָס פעהיגער! איז דאָס קליגער! אודאי דאַרפען מיר, דער עלטערער דור, זיך גוט צוהערען, וואָס זיי, די יונגערע גענעראַציאָן, האָבען אונז צו זאָגען, וואָרום זיי זענען יונג, זיי זענען פריש, זיי לערנען, זיי פאָרשען, זיי זוכען, זיי געפינען, זיי טהוען־אויף. וואָס דען? אזוי ווי איהר, פאַרשימעלטע חכמים, וואָס איהר האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף די אַלטע ספרים און ביכער און ווילט זיך ניט ריהרען פונ'ם אָרט?... אין כּעס בין איך נאָר אויף זיי, אויף די יונגע, אויף די נייע, וואָס זיי לייקענען אונז אָפּ שוין גאָר אינ־גאַנצען, זענען אונז מבטל, מאַכען אונז צו קלייניגעלט, זאָגען אויף אונז, אַז מיר זענען ניט נאָר בהמות אָדער פערד — מיר זענען קיין פערד אויך ניט, מיר זענען גאָרניט! מיר עקזיסטירען ניט! מיר זענען נישטאָ! נישטאָ, און אַ סוף!... שטעלט אייך פאָר, עס קומען־אריין צו אונז, צו מיינע צוויי אַלמנות מיין איך, און ניט צו מיינע אַלמנות, נאָר צו אונזער פייגעלע, צום אייניקעל, דריי

יונגע צוציקעס; צי סטודענטלעך, צי ניט קיין סטודענטלעך — דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט דעם טאַטען זייערען! שוואַרצע העמדלעך טראָגען זיי, שערען שערען זיי זיך ניט, ווער זיי זענען — זאָגען זיי ניט, שאַרפע צינגלעך האָבען זיי, און קאַרל מאַרקס איז זייער גאָט — ניט משה רבינו, נאָר גאָט, גאָט אַליין! מילא, גאָט — לאָז זיין גאָט, דאָס לעבען וועל איך מיר דערפאַר נישט נעמען! ובפרט, אַז איך אַליין בין אויך ניט ווייט פונ׳ם סאָציאַליסטישען אידעאַל, איך אַליין ווייס אויך, וואָס קאַפּיטאַל באַדייט, וואָס איז פּראָלעטאַריאַט, עקאָנאָמישער קאַמף, וכדומה אַזעלכע זאַכען, און אויב איהר ווילט וויסען, בין איך אַליין אויך... פרעהט זיך ניט, נישט קיין בונדיסט, חלילה, נאָר קיין הינקעדיגער שניידער אודאי נישט!

אַלזאָ, קומען זיי אַריין צו אונז אַלע טאָג, אָט די דריי פאַר־שווינדלעך, וואָס איך זאָג אייך; איינער הייסט פינקעל, דער אַנדערער — באָמשטיין, דער דריטער גרוזעוויטש. און געהן געהט מען צו אונז, ווי צו זיך אהיים, וואָרום מיינע צוויי אַלמנות, די באָבע און די מאַמע, האָבען אַ טבע, אַז עס קומט־אַריין צו זיי אַ מענטש, ווייסען זיי ניט, וואו איהם אוועקצוזעצען, וואָלטען איהם אוועקגעגעבען די נשמה, ובפרט נאָך אַזעלכע דריי אַנטיקען, וואָס איינער פון זיי איז געווים אַ קאַנדידאַט פאַר פייגעלען. דאָס הייסט, קאַנדידאַטען זענען זיי אַלע דריי, נאָר קיין דריי חתנים קאָן זי דאָך ניט האָבען, עס מוז דאָך זיין איינער — הײנט געה טרעף, ווער דער איינער איז, אַז רעדען רעדט מען נישט דערפון, חיות ניט זיכער! און פרעגען פרעגט מען אויך ניט — ביי וועמען וועט מען פרעגען? ביי דער מוטער? וואָס איז ביי זיי די מוטער? אַ יונגע פרוי מיט אַ שען פּנים, און אַ סוף! ביי דער באָבע? וואָס איז פאַר זיי די באָבע? די באָבע איז פאַר זיי נישט מעהר, ווי אַ ווירטהין, וואָס דאַרף זעהן, עס זאָל זיין עסען און טרינקען, אַז זיי קומען צו געהן, און נישט נאָר עסען און טרינקען, נאָר פרעסען און זויפען... נו, און פון מיר שמועסט מען נישט, וואָרום וואָס בין איך ביי זיי?

נאָך אַ שטוהל בײ׳ם טיש, און װײטער גאָרניט. זײ זאָלען דאָס אױסרעדען צו מיר אַ װאָרט! סײדען דאָס זאַלץ־מעסטעל בײ׳ם טיש, די צוקער־פּושקע, אַ שװעבעלע אמאָל, אי דאָס — אָהן אַ ביטע, אָהן אַ „פּאָזשאַלױסטאַ״, נאָר אַ מאַך מיט דער האַנט איבער׳ן זשילעט, װי מע רעדט מיט אַ שטומען, אָדער אַ טראָג־אונטער צו אײך די ליפּען בשעת איהר פאַררױכערט אַ ציגאַר — און װײטער נישט אַ װאָרט! אמאָל מאַכט זיך, זײ קומען און טרעפען מיך אַלײן, זעצט מען זיך אַװעק אַלע דרײ און מע שמועסט, אָדער מע צעלעגט זיך מיט די פיס אױף די סאָפעס און מע שפּײט. זײ זאָלען דאָס אױסרעדען צו מיר אַ װאָרט, חאָטש אַזױ, פון אײדעלקײט װעגען. גאָרניט! גלײך װי איך בין ניטאָ! נו, און דאָס דאַרפט איהר װיסען, אַז איך צו זײ װעל אַװדאי נישט אָנהױבען צו רעדען פריהער, איך װעל מיך ניט אונטערלעגען, װי אַנדערע, מיט צװאַנציג טױזענט חניפה׳לעך און זיסע רעדעלעך און צוקערדיגע שמײכעלעך. עס איז נאָך נישט געבױרען געװאָרען יענער מענטש אױף דער װעלט, פאַר װעלכען איך זאָל אָנבױגען מײן קאָפּ, נישט מחמת איך בין אַ גדלן... און לאָמיר זאָגען — יאָ אַ גדלן, רופט דאָס אָן, װי אַזױ איהר װילט, אײער מײנונג קאָנט איהר האַלטען בײ זיך! נאָר איך האָב פײנט, אַז מע רעדט פון זיך. איך דערצעהל אײך פון די דרײ קלאָפּערס, װאָס פאַר מינים חיות דאָס זענען. אַז איך האָב מיך אײנמאָל אַרױסגעחאַפּט און אַ פרעג געטהאָן בײ זײ, װער פון זײ אַלע דרײ שפּיעלט אין שאָך, — האָט איהר באַדאַרפט אָנקוקען פּנימ׳ער! האָט איהר באַדאַרפט הערען אַ געלעכטער! דאַכט זיך מיר, װאָס קאָן דאָ זײן פאַר אײן אומגליק, אַז מען איז טאַקי אַ סאָציאַליסט, און מע שפּיעלט פון דעסטװעגען אַ שאָך אױך? קאַרל מאַרקס, נישקשה, װעט קײן פּאַראיבעל ניט האָבען! שמועסט אָבער מיט זײ — נײן! זײ אַלײן אָהרט מיך ניט. זײ האָב איך אין דער ערד! ברענען ברענט מיך אױף איהר, אױף אונזער פײגעלען, למאי לאַכט זי מיט זײ? פאַר װאָס זאָל בײ איהר זײן אַלסדינג, װאָס זײ זאָגען, קודש־קדשים, הײליג, גלײך װי גאָט אַלײן

האָט דאָס געזאָגט אויפ׳ן באַרג סיני? וואָס איז דאָס געוואָרען פאַר אַ מין עבודה זרה ביי די היינטיגע יונגעלייט, אַ מין פאַנאַטיזם, אַ מין נייע חסידות — קאַרל מאַרקס איז דער רבי און מיר זענען זיינע חסידים? און אויסער קאַרל מאַרקס איז איין עק, אַ סוף, אויס וועלט? וואו איז קאַנט, וואו איז שפּינאָזאַ, וואו איז שאָפּענ־הויער, וואו זענען שעקספּיר, היינע, געטהע, שילער, ספּענסער און נאָך הונדערטער גרויסע מענטשען, וואָס האָבען אויך אַמאָל, כלעבען, געזאָגט אַ קלוג וואָרט? נישט אַזוי קלוג, ווי קאַרל מאַרקס, אָבער קיין גאָר גרויסע נאַרישקייטען האָבען זיי דאָך אויך ניט געזאָגט! איך בין, דאַרף איך אייך זאָגען, פון די, וואָס לאָזען זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע און האָבען פיינט, אַז יענער פאַררייסט די נאָז, און דערפאַר האָב איך ליעב צו טהון אַמאָל יענעם אויף צו־להכעיס. דו זאָגסט אַזוי, זאָג איך אַזוי. דו זאָגסט גאָר אַזוי, זאָג איך דווקא אַזוי — און טהו מיר עפּיס! איך האָב דערהערט איינמאָל פון זיי אַ שמועס, אַז גראַף טאָלסטאָי איז גאָרנישט. איך בין ניט פון גראַף טאָלסטאָי׳ס חסידים, איך זאָל איהם פאַרגעטערען מיט זיין פילאָזאָפיע און מיט זיין נייער תורה פון יעזוס כריסטוס, וואָס ער מאַכט פון איהם דאָס, וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען; נאָר אַלס קינסטלער שטעהט ביי מיר טאָלסטאָי ניט נידעריגער פון שעקספּיר. אַי, טאָמער זענט איהר מיט מיר ניט מסכּים, עס איך מיר ניט אָפּ דאָס האַרץ. איהר ווייסט דאָך שוין מיין טבע... ברענג איך דאָך צו טראָגען אויף צו־להכעיס טאָלסטאָי׳ס אַ בוך און געב דאָס פייגעלען, זי זאָל האָבען וואָס צו לייענען. האָט איהר באַדאַרפט זעהען, מיט וואָס פאַר אַ גרימאַסע מיין פייגעלע האָט געגעבען אַ שטויס־אַוועק דעם גראַף טאָלסטאָי! וואָס איז? ניט פינקעל, ניט באַמשטיין, ניט גרוזעוויטש האַלטען פון טאָלסטאָי.

בין איך שוין מסתּמא אַרויס פון די כּלים (אַז מע דאַרף, קאָן איך זיין אַ שייגעץ אויך!) און האָב זיי געמאַכט אַלע דריי מיט דער בלאָטע גלייך! איך האָב זיי געזאָגט, אַז קאַרל מאַרקס איז אַ מעאָריע, און אַ טעאָריע בייט זיך: היינט אַזאַ טעאָריע, מאָרגען

אזא מעאַריע; און גראַף טאָלסטאָי איז אַ גרויסער קינסטלער — און קונסט בלייבט אייביג.

נו־נו! האָט איהר באַדאַרפט זעהען, ווי מענטשען האָבען זיך עס אַ ביסעל צעפלאַקערט! דעם סאַדעגורער צדיק ווען איהר זאָלט זאַטשעפּען, וואָלטען זיינע חסידים ניט באַדאַרפט אזוי פייערען אויף אייך!...

וואָס טויג אייך, ווען עס מישען זיך ניט אַריין מיינע צוויי אַלמנות, וואָלט געקאָנט אַרויס צווישען אונז אַ מיאוס'ער סקאַנדאַל! איך האָב אָבער אַרויסגעזעהן נאָכדעם, אַז איך בין געווען אַ נאַר, וואָרום סוף־כל־סוף האָב איך דאָך געמוזט ז י י איבערבעטען. ווייסט איהר, פאַר וואָס? ווייל פייגעלע האָט אזוי געוואָלט! און אַז פייגעלע וויל אזוי, דאַרף זיין אזוי, און לאָז זי מיר זאָגען היינטיגען טאָג, למשל, אַז זי וויל, איך זאָל די שטוב איבערטראָגען אויף איין אַנדער אָרט, איז עפּיס אַ תירוץ?

נישט נאָר באַצויבערט האָט מיך אָט דאָס מיידעל, נאָר גאַנץ איינפאַך פאַרקנעכטעט, מיין אייגענעם ווילען האָט זי געטוידט און האָט געמאַכט מיך פאַר אַ שקלאַף, פאַר איין אויטאָמאַט... נישט נאָר מיך — אונז אַלעמען האָט זי פאַרדרעהט דעם קאָפּ מיט דעם שענעם שידוך, וואָס זי האָט געטהאָן — גרוזעוויטש איז געווען איהר באַשערטער, אַ כעמיקער פון דריטען קורס, אַ בחור'על — קיין מעשה ניט, דאָס הייסט, ניט קיין אַי־אַי־אַי — גאָרנישט! פאַרהאַן אַ סך ערגערע! ער איז געווען, ערשטענס, „אַ טאַטענ'ס אַ קינד". דאָס איז אַ גרויסע זאַך. איהר מעגט אייך זאָגען וואָס איהר ווילט, דאָס שפּיעלט אַ ראָלע. האַפּט אייך נישט, איך זאָג נישט קיין יחוס. איך זאָג נאָר, אַז דער שורש האָט אויך אַ שטיקעל ווערטה; זייט איהר פון אַ גראָבען שורש, מעגט איהר זיין גע־בילדעט, ווי גאָט אַליין, בלייבט איהר אַלץ אַ גראָבער יונג. פון די איבעריגע מעלות זיינע רעד איך נישט. די חברה, מוז מען זאָגען דעם אמת, כל זמן זיי האַלטען זיך אין דער מראה, זענען זיי עהרליך און פיין און נאָבעל; קוים אָבער חאַפּען זיי זיך אַרויס אויף דער

וועלט פאַר זיך און ווערן „געוועזענע" — זאָל איך גאָט היטן. טויזענט מאָל ערגער פון אַ געוועהנליכען בשר־ודם. וואָרום אַ געוועהנליכער בשר־ודם, אַז ער וועט אייך אָפּדרעהען דעם קאָפּ, וועט ער זיך באַהאַלטען, און אַ „געוועזענער", אַז ער וועט אייך באַשווינדלען, וועט ער אייך אויפווייזען על־פּי חקירה, אַז אַ שווינדלער זענט איהר, ניט ער... נאָר למאי זאָלען מיר פאַרלירען צייט אויף פּוסטע פילאָזאָפיע? אונזער פייגעלע איז געוואָרען מאַדאַם גרוזעוויטש צו זיעבעצעהן יאָהר, און איך וועל אייך ניט דולען מיט קיין לאַנגע ספּורים, וואָס פאַר אַ חתונה דאָס איז געווען, וועך האָט די חתונה געפּראַוועט, וועמען האָט דאָס געקאָסט געלט, און וואָס פאַר אַ גדולה עס איז געווען ביי די אַלמנות אין שטוב. די מוטער ראָזע האָט דערלעבט פיהרען צו דער חופּה איהר טרייסט, די באָבע פּאַיע האָט דערלעבט אַ נחת — חתונה געמאַכט איין אייניקעל. און איך, טפּש? וואָס איז מיט מיר געווען די שמחה אַזוי גרוים? די מיזינקע אויסגעגעבען?... מאָהלט אייך, די שמחה האָט לאַנג געדויערט — פון אסתּר־תּענית ביז פּורים! מע האָט אונזער גרוזעוויטשען אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דער חופּה געבעטען אין חדר אריין גאָר פאַר אַ קלייניגקייט: מע האָט געפונען אַ גאַנצען אוצר פון באָמבעס און פון דינאַמיט, און אַזוי ווי דער בחור איז געווען אַ כעמיקער, און אַ באַריהמטער כעמיקער ד'ערצו, איז געפאַלען אויף איהם דער חשד, און אגב האָט מען געפונען אַ פּאָר בריוולעך פון איהם, און וואָס טויג אייך גרויס, מע האָט איהם צוגענומען און אוועקגעפיהרט...

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר אַ שטיקעל אַרבייט, אַ לויפעניש, אַ דרעהעניש, אַ שמירעניש, אַ דולעניש — נעכטיגע מעג! חאַפּט מען זיך אריין, און נאָך פאַר אַזאַ מיאוס'ער מעשה — איז זייט געזונט און שרייבט בריוולעך! היינט צוזעהן דעם צער פון דעם יונגען צווייגעלע, משטיינס געזאָגט, פון זיעבעצעהן יאָהר! און די יסורים פון דער מוטער ראָזע! און פון דער באָבע פּאַיע! אַ גאָט'ס שטראָף, איין אויסגאָס האָט זיך גענומען אויף דער שטוב!

היינט דארפט איהר וויסען, אז די געשעפטען זענען אויך נישט פויגעלדיג, אין קעשענע האָט אָנגעהויבען טאָגען, איך האָב אָנ־געהויבען פּלוטעווען, מאַכען שווינדעל, פאַרזעצט מיינע הייזער, אונטערגעשמאָלצען די קאַסע; אויסגעגאַנגען דאָס געלט אויך, האָב איך פאַרקויפט א פּאָר קלייטלעך פון מיינע מאַיאָנטקעס... איך דערצעהל אייך ניט קיין חריפות פון זיך און שטעל מיך פאַר אייך ניט אויס! איך וויל אייך נאָר איבערגעבען א כאַראַקטע־ריסטיק פון מיינע אלמנות, זיי זאָלען זיך דאָס אינטערעסירען אויף אָט אזוי פיעל, פון וואַנען מע לעבט, פון וואָס מע לעבט און מיט וואָס וועט מען לעבען וויטער? גאָרנישט, ס'איז ניט זייער עסק! איך דארף זאָרגען פאַר אלץ. איך דארף טראָגען אלץ אויפ'ן קאָפּ. איך דארף קריכען אין דער ערד אריין! ווער הייסט מיר? איך וויים, ווער עס הייסט מיר? עס הייסט זיך אליין! איך וואָלט וועלען זעהען אייך אויף מיין אָרט אין אזא מין לאַגע צווישען מענטשען, וואָס איהר ווייסט ניט, ווער פון זיי איז מעהר בריליאַנט! איהר קאָנט אויף זיי קיינמאָל ניט האָבען קיין פאַראיבעל, קיינמאָל ניט טראָגען קיין שנאה, קיין פאַרדראָס; און טאָמער מאַכט זיך אמאָל יאָ עפּיס, עס פאַרקלויבט זיך א רוח אין האַרצען און איהר געהט אוועק אהיים איין אָנגעשטויסענער, — איז געגוג, איהר זאָלט קומען צו געהן און באַגעגענען זיך מיט זייער בליק, הערען פון זיי דאָס ערשטע וואָרט, — געהט אלץ אוועק מיט'ן ווינט און מיט'ן רויך, און איהר פאַרגעסט אין איין אויגענבליק, צי איהר האָט וועגן עפּיס געהאַט קעגען זיי, און איהר זענט גרייט פאַר זיי צו קריכען אין דער ערד אריין. אָט אזעלכע מינים באַשעפּענישען זענען דאָס. נו, געהט טהוט עפּיס! און ווער שמועסט, אָט די פייגעלע? דאָס איז גאָר איין אָנשיקעניש פון זיין ליעבען נאָמען! עס איז געגוג, זי זאָל געבען איין קוק אויף אייך מיט איהרע שענע, טיעפע קורצזיכטיגע אויגען — זאָלט איהר שוין איינגעמען א מיתה משונה! האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך זאָג עס ניט אייך, איך זאָג עס מיר אליין, וואָרום זי האָט מיך גאָר משוגע געמאַכט

מיט איהר התונה האָבען פאַר אַט דעם גרוזעוויטשען, מישא האָט ער געהייסען, — און ס'איז געוואָרען פול די שטוב מיט מישא! קיינער דאַרף ניט עסען, קיינער דאַרף ניט שלאָפען, קיינער דאַרף ניט לעבען. וואָס איז? מישא! מע האָט צוגענומען מישאַן! מע האָט איינגעזעצט מישאַן! מע וועט משפט'ען מישאַן! מע דאַרף ראַטעווען מישאַן! קאַלטע פּריפּאַרקעס — מע לאָזט ניט צו! נישט מיך, נישט זי, נישט קיינעם! איך האָב געזעהען, אַז דאָ שמעקט מיט „המצא מנוחה", אַז די גרינגסטע שטראָף, אויב ער וועט זיין אַ מוצלח, קאָן איהם אַריינפליהען אין די אייביגע קאַטאָרגע, אַז ניט, איז הענגען!... איך זעה, אייך איז ניט גוט דאָ צו זיצען, זעצט זיך אַוועק אַט דאָ, צום פענסטער; און אפשר האָב איך מיך אייך אַ ביסעל צוגעגעסען, איז אָהן איין אומגליק. איך טראָג איבער מעהר פון אייך. אייך איז גאָרניט; איהר וועט זיך אויסהערען די מעשה (איך ענדיג זי אייך שוין) און וועט זיך געהן אַהיים, און ביי מיר איז דאָס אַ באַמבע אויף אייביג!

וואו זשע האַלטען מיר? ביי הענגען... וואהרשיינליך, האָט איהר ניט איין מאָל געלעזען אויף די בלעטער, אַז היינט האָט מען געהאַנגען דאָרט און דאָרט צוויי מענטשען, נעכטען האָט מען געהאַנגען דאָרט און דאָרט דריי מענטשען (הענגען מענטשען און קוילען היהנער איז היינט געוואָרען אַלץ איין נייעס). און איהר בשעת־מעשה וואָס טהוט? אָדער איהר זיצט און וויעגט זיך און רויכערט זיך אַ געשמאַקען האַוואַנער ציגאַר, אָדער איהר טרינקט גאָר בעת־מעשה אַ גוטע גלאָז קאַווע מיט פרישע זעמעלעך מיט פוטער. אי, דאָרטען הענגט אַ מענטש, עס וואַרפט זיך און עס צאַפּעלט זיך אין די לעצטע סעקונדען פון זיין אַגאָניע אייערער אַ באַקאַנטער, איין אייגענער, אַ היימישער, וואָס איהר האָט איהם ניט לאַנג געזעהען פול מיט לעבען, אַזוי ווי איהר אַצינד? אי, דאָרטען ליגט נאָך אַ וואַרעמער גוף, וואָס תּלינים האָבען מיט גוואַלד אַרויסגעריסען פון איהם די נשמה? אי, דאָרטען מוטשעט זיך אַ מענטש, ער וואָלט וועלען וואָס גיכער שטאַרבען, נאָר עס

שטאַרבט זיך ניט, וואָרום דער תלין האָט ניט גוט אויפגעצויגען דעם שטריק, אָדער ער האָט זיך גאָר אָפּגעריסען און אַראָפּגעפאַלען; צווישען טוידט און לעבען, און ער בעט זיך נעבאַך ביי די הינ־ריכטער מיט אַ קוק פון זיינע האַלב־אָפּגעשטאָרבענע אויגען, מע זאָל איהם טהון זיין רעכט וואָס גיכער?... וואָס? איהר קאָנט ניט ליידען, אַז מע רעדט דערפון? איהר זענט אַ מפונק? איך בין אַזאַ מפונק, ווי איהר. און שטעלט אייך פאָר, אַז איך בין אַליין געקראָכען אומעטום, געוואוסט די מינוט, די רגע, וואָס מע וועט איהם היגריכטען, און געלייענט נאָכדעם אין די צייטונגען די באַשרייבונג, ווי אַזוי איינער פון די דריי (געהאַנגען האָט מען זיי אַלע דריי) האָט זיך לאַנג געראַנגעלט מיט'ן טוידט, מחמת ער איז געווען אַ שווערער (דאָס איז געווען באָמשטיין), האָט מען איהם צוויי מאָל געמוזט הענגען... אַזוי האָט מען געשריבען נאָכדעם אין די צייטונגען, און מיר האָבען עס געלייענט, דאָס הייסט, ניט מיר אַלע, געלייענט האָבען דאָס נאָר איך און ראָזע: פון דער באַבע מיט'ן איניקעל האָבען מיר די בלעטער באַהאַלטען — און אַזוי האָט זיך די שטוב באַרייכט מיט נאָך אַ יונגער אַלמנה, אַלמנה נומער דריי!... און אַ טרויער האָט זיך געלעגט אויף דער שטוב, אַ שטילער, אַ טוידטער טרויער, אַזאַ טרויער, וואָס עס עקזיסטירט ניט פאַר איהם ניט קיין פאַרב, ניט קיין ווערטער; אַזאַ טרויער, וואָס באַשרייבען איהם טאָר מען ניט, וואָרום באַשרייבען איהם הייסט פראָפאַנירען; אַזאַ טרויער, וואָס ווען אַ שרייבער פון אייערע שרייבערס ריהרט זיך צו צו דעם, וואָלט איך איהם איבער־געבראָכען די פינגער!... אַזאַ טרויער, וואָס מע דאַרף ניט, מע קאָן ניט און מע טאָר ניט פון איהם רעדען... אַלץ לעבט נאָר אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין די עראינערונגען. דריי אַלמנות — דריי לעבענס. נישט קיין גאַנצע לעבענס, נאָר האַלבע לעבענס, און נישט קיין האַלבע אויך, נאָר שטיקלעך לעבענס, אָנפאַנגען פון לעבען. איטליכס פון די דריי לעבענס האָט זיך אָנגעהויבען אַזוי גוט, אַזוי פּאָעטיש, אַ שיין געטהאָן אויף אַ מינוט — און פאַר־

שוואונדען!... פון מיר רעד איך נישט. איך בין נישטאָ. דאָס הייסט, געהן געה איך אהין אַלע טאָג, זיץ־אויס מיט זיי גאַנצע נעכט, רעדען פון אמאָליגע גליקליכע טעג, דערמאַנען זאכען מיט מעשיות מיט געשיכטען פון מיין טייערען פריינט פיני, פון דעם גוטען עהרליכען שאַפּירא, פונ׳ם העלד מישא גרוזעוויטש, וואָס די צייטונגען האָבען נאָכדעם אויף איהם געשריבען, אז אין זיין פאַך, בעמיע, איז ער געוועזען אַ זשעני... און אוועקגעהן געה איך אוועק פון דאָרט אַלע מאָל מיט אַ צעוועהטיגט האַרץ, מיט אַ פאַרדראָס, און איך פרעג מיך אַליין: פאַר וואָס האָב איך פאַרשפּיעלט מיין לעבען אזוי נאַריש? וואו הויבט זיך אָן מיין ערשטער פעהלער און ווען וועט זיין דער לעצטער? אַז ליעב האָב איך זיי אַלע דריי, און טייער זענען זיי מיר אַלע דריי, און יעדע פון די דריי האָט געקאָנט זיין מיינע, און אפשר נאָך איצט אויך... און איטליכער פון די דריי בין איך אי ליעב, אי איבעריג, אי נויטיג, אי אָנגעוואָרפען. און לאָם איך איין טאָג ניט קומען, טהוט זיך חושך, און לאָם איך זיצען איין איבעריגע האַלבע שעה, זענען זיי מיך משלח, פשוט הייסען מיר נעמען דעם וועג. טהוען נישט פון דאַנען אהין, זיי זאָלען מיך ניט פרעגען. לאָם איך זיי עפּיס פירהאַלטען, זאָגען זיי, אַז איך האָב ליעב אומעטום זיך אריינמישען, — ווער איך אין כעס און לויף־אוועק און פאַרשלים מיך מיט דער קאָפּ און זאָג אָן דער דיענסט, אַז טאָמער וועט מען צו מיר קלינגען, זאָל זי זאָגען, אַז איך בין ניטאָ, אַז איך בין אוועקגעפאָהרען, און נעם מיך צו מיין טאַגעבוך. איך פיהר אַ טאַגעבוך שוין זעכס־און־דרייסיג יאָהר, איין אינטערעסאַנטעס בוך; איהר קאָנט שוין זיכער זיין! פאַר מיר אַליין פיהר איך דאָס בוך, נישט פאַר קיינעם. אַזוי לאַנג קרענקט די ליטעראַטור אייערע, ווי לאַנג זי איז ווערטה צו האָבען אַזאַ בוך, ווי מיין טאַגעבוך! אייך, קאָן זיין, וועל איך דאָס אמאָל ווייזען, קיין אַנדערען — פאַר קיין געלט נישט... און וואָס טויג אייך, עס געהט ניט אוועק קיין האַלבע שעה, קלאַפּט מען מיר אָן אין טיר. „ווער איז עס?" — „דאָס מיידעל פון די אַלמנות איז

נעקומען אייך רופען צום מיטאָג. וואָס זאָל מען איהר זאָגען?" — „זאָגט, אז איך קום באַלד צו געהן".

נו? וואָס וועט איהר עפּיס איצטער זאָגען, מיין ליעבער פריץ? וואָס הערט זיך עפּיס מיט אייער פּסיכאָלאָגיע?... איהר חאַפּט זיך געהן? קומט, איך געה אויך מיט אייך. איך דאַרף זיין ביי מיינע דריי אַלמנות. איין מאָמענט נאָר, איך וועל אָנ־זאָגען, מע זאָל דאָ געבען דער קאַץ עסען, וואָרום איך קאָן מיך דאָרט פאַרזיצען ביז טאָג אויך אמאָל. מיר שפּיעלען אין „יעראַלאַש", אמאָל אין פּרעפּעראַנס. אין געלט שפּיעלען מיר. און איהר זאָלט זעהען, ווי יעדער וויל געווינען! און אז מע מאַכט אַ שלעכטען גאַנג, לעגט מען נישט קיין כבוד, ניט זיי אויף מיר, נישט איך אויף זיי. ביי מיר, אז עמיצער מאַכט אַ שלעכטען גאַנג אין קאָרטען, בין איך קאַפּאַבעל יענעם דורס זיין, צערייסען! וואָס באַדייט, למשל, אייער שמייכעל? איך וויים, גלויבט מיר, וואָס איהר טראַכט אצינד. איך קען אייך דורך און דורך, און לאַך פון אייער באַבע! איהר טראַכט אצינד אויף מיר: „איין אַלטער בחור, אַ בעל־בעסן"...

**עד כאן אלע דריי אלמנות.**

# פון דער ריוויערא

— וואָס איז אַזעלכעס „ריוויערא״ — זאָלט איהר מיך ניט פרעגען. אַזוי ווי איך האָב פון דעם קיינמאָל ניט געוואוסט, אַזוי זאָלט איהר דערפון ניט וויסען. און הלואי וואָלט איך אויך דערפון ניט געוואוסט. קורץ, איהר ווילט וויסען, וואָס הייסט „ריוויערא״? וועל איך אייך זאָגען אין דריי ווערטער: „זשיד, דאַוואַי הראָשי!״ ריוויערא — דאָס איז אַזאַ מין ערטעל אין איטאַליע, וואָס דאָקטוירים האָבען אויסגעטראַכט צו פרעסען געלט ביי׳ם עולם. דער הימעל איז דאָרטען שטענדיג לויטער. דער אייגענער הימעל, וואָס ביי אונז. די זון אויך די אייגענע. נאָר דער ים דעקוטשעט — סכנות! ער וואַרפט זיך, ער רוישט, דולט אַ ספּאָדיק — און איהר האַלט אין איין צאָהלען געלט. פאַר וואָס געלט? פאַר גאָרנישט. אָט דערפאַר אָ, וואָס דו ביזט אַ בהמה און האָסט זיך געלאָזט איינרעדען „ריוויערא״ — צאָהל געלט. און איהר צאָהלט. וואָרום, אדרבה, זייט אַ בריה און צאָהלט ניט! איהר מיינט, מע קריגט זיך מיט אייך? זידלעריי? בזיונות? חלילה! דוקא מיט גוטען. קושענדיג נעמט מען צו ביי אייך די נשמה. איין מעלה האָט זי יאָ, די דאָזיגע „ריוויערא״ — דעם אמת קאָן מען ניט אָפּלייקענען — ס׳איז דאָרט ווארעם. און אַז ס׳איז ווארעם, זאָגט מען, הוסט זיך ווינציגער. און ווארעם איז דאָרט שטענדיג, אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר. סאַי זומער, סאַי ווינטער. איהר מיינט, וואָס איז דער שכל? אַ

פּראָסטער שכל: די זון וואַרעמט, איז וואַרעם. בכן, איז וואָס? אַז מע הייצט גוט אויס, איז בײַ אונז אויך ניט קאַלט. זאָגען זיי אָבער — „לופט". אמת, די לופט איז ניט קיין שלעכטע לופט. סע שמעקט ניט שלעכט. ווי מיט בשמים. ניט די לופט שמעקט, די מאַראַנצען שמעקען. עס וואַכסען דאָרט מאַראַנצען. ווייס איך ניט, צי מע דאַרף פאָהרען צוליעב דעם אַזש אַהין. לופט איז, דאַכט זיך, פאַרהאַן אומעטום. און מאַראַנצען קאָן מען קױפען בײַ אונז אויך. זאָגען אָבער די דאָקטוירים, אַז לופט צו לופט איז ניט גלייך. די לופט, זאָגען זיי, וואָס שמעקט מיט בשמים, היילט. אַזוי זאָגען זיי, די דאָקטוירים הייסט עס. נאָר מאַלע וואָס דאָק־טוירים זאָגען! למאי זיי זאָגען, אַז דער ים, וואָס אויף דער „ריוויערא", ציהט אַרויס אַלע שלאַפקייטען? איך וועל אייך ניט זאָגען, אפשר ציהט ער בײַ עמיצען אַרויס שלאַפקייטען. בײַ מיר ווייס איך, אַז ער האָט אַרויסגעצויגען וואו איך האָב געהאַט ערגיץ אַ גראָשען, אָט דער דאָזיגער ים! און ניט אַזוי דער ים, ווי די דאָקטוירים. מיר האָט גאָט צוגעשיקט אויף דער „ריוויערא" אַ דאָקטער, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? — נו־נו! דאָס הייסט, אַזוי איז ער אפילו אַ גאַנץ ליעבליכער מענטש, דוקא אַ איד, און נאָך וואָסער אַ איד! רעדט אידיש, ווי איך מיט אייך, און אַזוי זיס, אַזוי קונעלדיג, שטרודעלדיג, צימעסדיג — גאָר אַ מחיה. נאָר געלט קאָן עס צאַפּען, אוי צאַפּט דאָס! מאָהלט אייך, וואָס בײַ מיר וועט מען שוין אָנצאַפּען! געטראָפען דעם אָרט! איך האָב מיך מיישב געווען, הערט איהר, און האָב מיך געלאָזט פיהרען ביז דער לעצטער מינוט. איך האָב באַלד אַרויסגעזעהען, מיט וועמען איך האָב צו טהון. נאָר איך האָב מיך געמאַכט ניט־וויסענדיג. ווילסט צאַפּען — צאַפּ. תּחילת הערט ער מיך אויס, פרעגט מיך אויס, טאַפּט מיך אויס מיט העמערלעך און מיט קלעפּערלעך, מיט טרייבלעך און מיט רעהרלעך, און הייסט מיר קומען מאָרגען. פרעג איך איהם: „האָט קיין פאַראיבעל ניט, הערר דאָקטער, איך ווייס ניט די היגע מנהגים; וואָס קומט אייך פאַר'ן וויזיט?"

קוקט ער אויף מיר דורך די ברילען, האלט די הענט אין די קעשענעס און מאכט צו מיר: „דאס וועט זיין שפעטער". טראכט איך מיר: „געפּועל'ט. ווילסט שפעטער, איז שפעטער"... איך קום צו געהן מארגען — ווידער א מאל דאס אייגענע: אויסגעהערט, אויסגעפרעגט, אויסגעטאפּט און אויסגעקלאפּט — הייסט ער מיר קומען איבערמארגען, וועט ער מיר אריינשפּריצען. פרעג איך איהם: „האט קיין פאראיבעל ניט, הערר דאקטער, וואס קומט אייך?" זאגט ער: „שפעטער". שפעטער, איז שפעטער. קום איך צו געהן איבערמארגען, שפּריצט ער מיר אריין און הייסט מיר קומען מארגען, וועט ער מיר מאכען מאסאזש. קום איך צו געהן מארגען, ער זאל מיר מאכען מאסאזש, מאכט ער מיר מאסאזש, דאס הייסט, ער רייבט מיר איין דאס נעכטיגע אריינשפּריצעכטס, אזוי דארף מען פארשטעהן, און הייסט מיר קומען מארגען, וועט ער מיר ווידער א מאל אריינשפּריצען. פרעג איך איהם: „וואס קומט אייך?" זאגט ער: „שפעטער". שפעטער, איז שפעטער. אלע מאל די אייגענע חכמה, א טאג איבער א טאג: איין טאג אריינ־געשפּריצט, דעם אנדערען טאג איינגעריבען דאס אריינשפּריצעכטס. איז מיר באלד ניט געפעלען דער שווינדעל. ממה־נפשך, ווילסט דו מיך שמייסען מיט צוויי ריטער — שמייס. צו וואס דארפסט דו נאך ציהען? וואו שטעהט דאס, אז אויף אריינשפּריצען דארף מען א באזונדערען טאג און אויף איינרייבען דאס אריינשפּריצעכטס ווידער א באזונדערען טאג? דאכט זיך מיר, אז ס'איז גלייכער ביידע זאכען אינאיינעם. דער שכל איז דאך מתחייב: אט האב איך דיר אריינגעשפּריצט, אט האב איך דיר עס איינגעריבען. אלא וואס דען? צערעמאניע? דארפען מיר לערנען דעם פּשט, אז דו ווילסט צאפּען? צאפּ! אי, אפשר צאפּט זיך גאר נישט? טאמער איז נישטא פון וואנען? דו קענסט מיך? דו ווייסט מיך? ביזט געוועזען ביי מיר אין קעשענע? האסט געצעהלט מיין געלט?...

כך הוה. ס'איז אוועקגעגאנגען א חודש, שיקט ער מיר אריין דורך דער פּאסט א רעכענונג. איז מיר פינסטער געווארען אין די

אויגען. פאר יעדען ארײנשפּריצעכטס הייסט ער זיך באצאָהלען צעהן פראנקען — דאָרט צאפּט מען געלט אויף די פּראנקען — און פאר יעדען אײנרייבען דאָס ארײנשפּריצעכטס — פינף פראנ־קען. נישקשה פון א רעכענונג! פון אזא מין קוראציע קאָן מען מאַקי געהן אין גאָלד! האָב איך מיך מיישב געװען — װאָס טהוט מען? זיך דינגען מיט איהם? דאָס װעל איך צייט האָבען שפּעטער. אז מאָנען מאָנט ער ניט, דער חכם, הײנט צו װאָס זאָל איך מיך האפּען? געה איך צו איהם, װי איך בין געגאנגען, א מאָג איבער א טאָג, און ער שפּריצט. איך געה, און ער שפּריצט. און אָט אזוי איז אװעק דער װינטער. אָקאָרשט װי מע זעהט ניט, איז פּורים. צייט קלערען מכּח פאָהרען אהיים. ובפרט, אז אין געזונט, דאנק גאָט, פיהל איך מיך אויך נישקשה'דיג, גאנץ נישקשה'דיג. מע קאָן זאָגען — למאי זאָל איך לייקענען? — הלואי װײטער ניט ערגער; בעסער האָט קײן שיעור ניט. דארף מען, הייסט עס, אפּנים, זיך אָפּגעזעגענען מיט'ן קלוגען דאָקטער און פאָהרען אהיים! קום איך צו געהן צום דאָקטער: „אזוי און אזוי, הערר דאָקטער, איך פאָהר אהיים". זאָגט ער: „געזונטערהייט". זאָג איך: „נו? און מכּח דער רעכענונג? מע דארף דאָך צעצאָהלען זיך מיט אייך אויך, צי ניין?"... קוקט ער אויף מיר דורך די ברילען, האַלט די הענט אין די קעשענעס און מאַכט צו מיר: „נו?" ה'י אײנער רעדט: אין װעמען איז דען די מניעה? רוף איך מיך אָן צו איהם: „האָט קײן פּראיבעל ניט, הערר דאָקטער. אײדער מיר װעלען זיך מיט אייך צערעכענען, װאָלט איך אייך דערצעהלען פריהער א מעשה, אויב איהר האָט צייט"... מאַכט ער צו מיר: „קײן צייט האָב איך ניט, נאָר אויב נישט קײן לאנגע, דערצעהלט". זעץ איך מיך אװעק און דערצעהל איהם די מעשה:

„װי איהר זעהט מיך, זאָג איך, בין איך א איד, דאנק גאָט, אזוי זיך. און קינדער, דאנק גאָט, האָב איך אויך, פינף זאָלען געזונט זײן. פינף זיהן. זענען פיער פון זיי דוקא װאױלע קינדער, געראָטענע, נאָר אײנער, ניט פאר אייך געדאכט, — א דער רוח

ווייסט וואס. נישט געוואלט לערנען — א נישט א לעק. א שלעכט
קינד. גע׳הרג׳עט, גע׳ממית׳ט, געוואלט ארויסשלאגען דעם עקשן —
איז ניט מיט גוטען, ניט מיט בייזען. א שלעכט קינד. וואס טהוט
מען? זאגט צו מיר מיינע: „מאך איהם פאר א בעל־מלאכה“.
„א בעל־מלאכה? משוגע מיינע שונאים!“ „וואס זשע! אז דו
וועסט איהם דער׳הרג׳ענען, וועט זיין בעסער?“ אהין־אהער, איך
זעה — זי איז גערעכט. געה איך און געב איהם אפ צו א בעל־
מלאכה, צום בעסטען שניידער, און באדינג מיך מיט איהם אויף
דריי יאהר פאר דריי הונדערטער: „נאט אייך איהם, דעם תכשיט,
און מאכט מיר איהם פאר א בעל־מלאכה“... און כ׳האב מיך צע־
שריבען, מיט׳ן דאזיגען שניידער, בפירוש, אז אין א משך פון דריי
יאהר דארף ער איהם מאכען פאר א פארטיגען בעל־מלאכה, און
איך דארף איהם איינצאהלען דערפאר דריי הונדערטער. אוועק־
געגאנגען דאס ערשטע יאהר — מיין שניידער איז געקומען, אפ־
גענומען דעם ערשטען הונדערטער, זיך צעשריבען. פיין. אוועק־
געגאנגען דאס אנדערע יאהר — מיין שניידער איז געקומען, אפ־
גענומען דעם אנדערען הונדערטער, זיך צעשריבען. פיין. אוועק־
געגאנגען דאס דריטע יאהר — מיין שניידער איז ניטא. איך ווארט
א וואך. איך ווארט צוויי — ניטא. וואס איז די מעשה? געה
איך אוועק צו מיין שניידער: „רב חיים, פאר וואס זענט איהר
נישט געקומען, זאג איך, נאכ׳ן דריטען הונדערטער?“ מאכט ער
צו מיר: „עס קומט מיר ניט“. „וואס איז דער שכל?“ „דער
שכל, זאגט ער, איז א פראסטער שכל. אונזער שניידעריי, זאגט
ער, באשטעהט פון דריי פונקטען: א שניידער, זאגט ער, דארף
קאנען, ע ר ש ט ע נ ס, די מלאכה. צ ו ו י י ט ע נ ס, דארף
ער, זאגט ער, קאנען ארונטערנעמען אמאל א שטיקעל יתור, אז
עס בלייבט איבער. ווילט איהר דאס, זאגט ער, אנרופען גנבה,
רופט דאס אן, ווי איהר ווילט. און, ד ר י ט ע נ ס, זאגט ער,
דארף א שניידער קאנען אויסטרינקען, נעמען, הייסט עס, אמאל
אונטער א יום־טוב, א ביסעל בראנפען. איז אויף צוויי פונקטען

אייער זוהן, זאָגט ער, א פּארטיגער בעל־מלאכה. דאָס הייסט, ער איז נישקשה פון א גנב, און מיט א ביסעל בראָנפען וועט ער זיך, זאָגט ער, אויסגלייכען מיט אלע שכּורים. נאָר א בעל־מלאכה — דאָס, זאָגט ער, וועט ער ניט זיין ווייל ער וועט לעבען. הײנט פאר וואָס קומט מיר א הונדערטער?"...

אויסגעהערט די מעשה, מאכט צו מיר דער דאָקטער: „אקעגען וואָס זשע, הייסט עס, איז דאָס געקומען צו רעד?" „אקעגען דעם, זאָג איך, וואָס אייער מלאכה, זאָג איך, דאָקטאָריע הייסט עס, באשטעהט, ווי יעדע מלאכה, פון דריי פּונקטען: מע דארף זיין, ערשטענס, א גוטער דאָקטער. צווייטענס, דארף מען זיין א מענטש מיט יושר. און, דריטענס, זאָג איך, דארף א דאָקטער קאָנען מאכען געלט. וועלכער פּונקט פון די ערשטע צוויי פּונקטען עס וועגט ביי אייך אריבער — דאָס, זאָג איך, וויים איך ניט. נאָר וואָס פאר א דאָקטער איהר זענט, זאָג איך, אויף חשבונות מאכען — אויף מיר אזא יאָהר. און איצטער, זאָג איך, אייער סחורה, מיין געלט — לאָמיר זיך דינגען"...

פארשטעהט זיך, אזוי פיעל מכּות אונזערע שונאים, וויפיעל איך האָב אָפּגעריסען ביי איהם מעהר פון צוויי דריטעל. נאָר, גלויבט מיר, ס'איז דאָס אויך ניט ווערטה, וואָרום איך זאָל גלאַט זיצען אין דער היים און גאָרנישט טהון, און ס'זאָל מיר זיין באַשערט, וואָלט איך סאַי ווי סאַי געזונט געוואָרען — הײנט וואָס איז מיר די „ריוויערא"?

# גיטעל פורישקעוויטש

א מעשה, ווי אזוי א אידינע איין אלמנה, וואס הייסט גיטעל און האנדעלט מיט וויסאצקי׳ס טיי, האט נאך דריי יאהר שווערע ארבייט אין דער דריטער דומע סוף־כל־סוף ארויסגעראטעוועט איהר בן־יחיד פון דיענסט, אוועקגעגעבען א גאנצע פריסטטסטוויע פאר־סור, און דעריבער באקומען אין שטאדט דעם נאמען פורישקעוויטש.

דערצעהלט אין איין אטעם טאקי פון איהר אליין.

געשריבען אין יאָהר 1911.

# גיטעל פורישקעוויטש

— זעהט נאָר, ווי מע האָט זיך עס צונויפגעקליבען, ווי אויף א בייז וואונדער! צעגעהט אייך, אידען, ווי זאלץ אין וואסער. מע וועט נישט באווייזען קיין קאָמעדיעס און מע וועט נישט דער־צעהלען קיין בבא־מעשיות, אויפ'ן הימעל א יאריד. מע האָט מיר געזאָגט, אז דאָ איז פאראן עפּיס איינער א שלום־לייכעם, וואָס שרייבט. אָט דאָס זענט איהר אליין טאקי אָט דער שלום־לייכעם, וואָס שרייבט? שרייבט זשע טאקי, די האנט זאָל אייך גאָר נישט וועה טהון שרייבענדיג. די גאנצע שטאָדט זאָלט איהר באשרייבען, פון אויבען ביז אראָפּ. נישקשה, זיי האָבען עס כשר פארדיענט. און דערהויפּט — די נגידים, די מיוחסים פון גאָט, וואָס האָבען זיך איינגערעדט, אז די גאנצע וועלט איז באשאפען געוואָרען פון זייערטוועגען. מיר דארפען הארעווען און פארשווארצט ווערען, און זיי וועלען זיך אויסקויפען פאר געלט פון אלע צרות און פון אלע גזירות, און נאָך מאכען חוזק פון א אידינע איין אלמנה, וואָס לעבט פון וויסאָצקי'ס טיי. איך שטעל־צו וויסאָצקי'ס טיי שטעל איך צו אין אלע בעל־הבתישע הייזער אויף אויסצאָהלען, און דערפון ציה איך מיר מיין שטיקעל ברויט מיט מיין קינד, איין שטיקעל בן־יחיד, וואָס מע האָט דאָס געוואָלט ביי מיר אוועקנעמען פאר פרעמדע זינד. איהר מעגט דאָס הארכען, וואָס עס קאָן זיך פאר־לויפען אויף דער וועלט. מיר דאכט, אז זינט די וועלט איז א וועלט, האָט זיך נאָך נישט געטראָפען, אז מע זאָל צונעמען איין־

און־איינציגען בן־יחיד, א קאַרמאַק אויף די עלטערע יאָהרען, ביי א מאַמע איין אַלמנה, וואָס פריהער גאָט און דערנאָך וויסאָצקי קאָן זי זיך באַריהמען, אז זי לעבט אויף דער וועלט. אלץ הייסט געלעבט. גוט געשטאָרבען הייסט אויך געלעבט. וואָרום וואָס האָט מען פונ׳ם פּונט טיי, משטיינס געזאָגט, ביי היינטיגע קאָנ־קורענציעס, אז וואו ערגיץ א איד איין אָרעמאַן, טראָגט ער ארום איבער די הייזער טיי צו פאַרקויפען. דאַרף מען זיך שמייסען. אז יענער וואַרפט־אַראָפּ צעהן, וואַרף איך אַראָפּ פופצעהן, און אז יענער וואַרפט פופצעהן, וואַרף איך צוואַנציג. ביז וואַנעט איז דער שיעור צו וואַרפען? איך בין דאָך נישט וויסאָצקי! ביטער ווי דער טוידט, וואָס זאָלט איהר קלערען? דער גאַנצער אַרויס־קוק מיינער איז מיין קאַרמאַק אויף דער עלטער, מיין משה. איך פאַרמאָג איין שטיקעל בן־יחיד, פון מיין מאַן א ירושה, משטיינס געזאָגט. אפילו זעהר א וואויל קינד, איך קאָן מיך נישט באַקלאָגען. א געזונטער, א שענער, א גלאַטער, מיט אַלע מעלות, נאָר לערנען האָט ער נישט געוואָלט. ווי אַזוי, מיינט איהר, נישט געוואָלט? חאַטש האַק איהם, חאַטש בראַק איהם. וואָס וועט זיין, זאָג איך, דער תּכלית, משה, אז לערנען נישט, שרייבען נישט, דאַווענען אויך נישט, — קומט דיר אוים צו זיין נאָר א הינטשלעגער! ענטפערט די וואַנט? בין איך געגאַנגען און האָב איהם אַוועק־געגעבען פאַר א בעל־מלאכה, צו א שניידער, און אָפּגערעדט מיט׳ן שניידער בפירוש, אז ער זאָל איהם לעהרנען שניידעריי. איז אַזוי ווי איהר קוקט־אָן א נאָדעל־פאָדעם, אַזוי האָט ער אָנגעקוקט ביי איהם א נאָדעל־פאָדעם. טאָג ווי נאַכט אַרומגעטראָגען זיך מיט׳ן קינד, אָדער געהאָלפען דער שניידערין שיילען קאַרטאָפלים, אָדער אַרויסגעטראָגען די פּאָמוניצע. אָנוואַרעמען דאָס פּרעסעל — דאָס איז שוין געווען א זכיה. בין איך געגאַנגען און האָב איהם אָפּ־גענומען פונ׳ם שניידער און אַוועקגעגעבען צו א שוסטער. האָב איך אָנגעטראָפען אויף א רוצח, א גזלן, וואָס טאָמער עפּיס נישט אַזוי, קאָן ער אייך וואַרפען א האַמער אין קאָפּ און צעשלאָגען דעם

מוח. בין איך געגאנגען און האָב איהם צוגענומען פונ׳ם שוסטער און אָפּגעגעבען איהם צו איין איינבינדער א שלים־מזל, וואָס זיצט אָהן פּרנסה, קוקט נישט אָן קיין שטיקעל ארבייט אין די אויגען. האָב איך איהם אָפּגענומען פונ׳ם איינבינדער דעם שלים־מזל און אָפּגעגעבען איהם צו א זייגערמאכער, נאָך א גרעסערען שלים־מזל, וואָס נישט ער פּאַרריכט זייגערס, נאָר ער מאכט זיי קאַלי. אזוי זאָגען אַלע אין שטאָדט. וואָס זשע דאַרף איך, אז ער זאָל מיר מאכען מיין זוהן פּאַר א קאַליקע? האָב איך איהם אָפּגענומען פונ׳ם זייגערמאכער און האָב איהם אָפּגעגעבען צו א שמוקלער, ער זאָל איהם לעהרנען דרעהען, שמוקלעריי הייסט עס, און איך האָב מיך מיט איהם צעשריבען, מיט׳ן שמוקלער הייסט עס, אויף צוויי יאָהר, דאָס הייסט, צוויי יאָהר דאַרף ער איהם דרעהען אומזיסט, און אויפ׳ן דריטען יאָהר, אז ער וועט שוין קאָנען גוט דרעהען, וועט ער שוין עפּיס פאַרדיענען אויך. און גאָט האָט מיר געהאָלפען, איך האָב אָנגעטראָפען אויף א רעכטען בעל־מלאכה, וואָס האָט אפילו ליעב דעם טרונק, דערפאַר האָט ער אָבער אויסגעלעהרענט מיין זוהן דרעהען אין א סך ווינציגער, ווי איך רעד מיט אייך. די ארבייט האָט איהם פאַליובעט, און מיין משה איז אין איין האַלב יאָהר געוואָרען א פאַלנע שמוקלער. נאָר וואָס קומט מיר ארויס, אז ער דאַרף איהם דרעהען אומזיסט צוויי יאָהר דורכ־אנאנד? צעשריבען זיך — איז פאַרפאַלען. גאָט האָט מיר גע־האָלפען, די צוויי יאָהר זענען אויך איבערגעלאָפען. מאָהלט אייך, עס רעדט זיך אזוי: איבערגעלאָפען! אז איך האָב איבערגעלעבט די צייט, בין איך גלאָט איין אייזערנע; און אז איך בין שוין איבערגעקומען, זענט איהר שוין פאַרטיג? דאַרף מען ערשט געהן קריגען איהם ערגיץ א שטעלע, אָדער זוכען ארבייט, שמוקלעריי — וואו זשע האָט איהר ארבייט? א שכור האָט פאַרלוירען, א ניכ־טערער האָט געפונען? און דאָ בין איך איין מענטש אליין, מיט׳ן פונט טיי איבער די הייזער, און די קאָנקורענציע איז גרויס, און איין אָנזעץ האָב איך אויך געהאַט. א איד א בעל־הבית האָט אָנ־

גענומען בײ מיר דרײ מיט א האלב פונט טײ אויף אויסצאהלען און האט אין אײן נאכט עוקר געװען, אװעק, זאגט מען, קײן אמעריקע — א חלירע װאלט איך זיך אויף איהם גיכער געריכט! איך האב דעמאלט געמײנט, אז די גאנצע װעלט איז אויף מיר געפאלען. א קלײניגקײט — דרײ מיט א האלב פונט טײ אויף צװײ רובעל מיט צװאנציג? און מע מוז עס האלטען אין זיך, װארום טאמער װערט געװאהר װיסאצקי, אז איך האב אײן אײנ־באל, קאן עס מיר זײן א סגולה צו קרעדיט. װאס זשע טהוט גאט? זאגט ער: „גיטעל, דו װײנסט? װארט־אויס, דו װעסט ערשט װײנען. אט געהט אויף דיר א פריזיװ"... װאס פריזיװ? װער פריזיװ? אײן שטיקעל בן־יחיד בײ א מאמע אײן אלמנה, װאס פריהער גאט און דערנאך װיסאצקי — װאו איז דאס געהערט געװארען אין דער װעלט? װאו איז גאט? װאו איז סאװעסט? נאר געה שרײ חי וקיים! אז ס'איז באשערט צרות, באדארף מײן משה שטעהן אקוראט אין אײן יאהר מיט אונזער נגיד'ס דרײ אײניקלעך, פון דרײ טעכטער, דרײ מכות זאל זיך זײ זעצען יעדען באזונדער אויף אזא אײן ארט — זײ זאלען נישט קאנען ניט שטעהן, ניט געהן, ניט ליגען, ניט זיצען. מע האט מיר אבער געזאגט: „גיטעל, זעהט נאר, אײער משה זאל נישט זײן א קרבן פאר אונזער נגיד'ס אײניקלעך". חא־חא, װאס הײסט? מײנער איז א בן־יחיד, אײן־און־אײנציגער קארמאק בײ אײן ארעמער אלמנה, װאס פריהער גאט און דערנאך װיסאצקי, און יענער איז א נגיד, א גביר, אײן אדיר, א מיליאנטשיק — סײדען ס'איז חלילה נישטא קײן גאט אויף דער װעלט! נאר דער כח פון געלט — מע האט גענומען אדײנפיהרען אײנציגװײז דעם נגיד'ס אײניקלעך, פריהער אײנעם — „נע גאדים". דערנאך דעם אנדערען — „נע גאדים". איז מיר געװארען גוט, װאס זאלט איהר קלערען? װאוזם טאמער חלילה זאגט מען דעם דריטען אויך „נע גאדים" — איז דעמאלט אז אך און װעה צו מײן משה'ן! און, װי אויף צו־להכעיס, איז, צו מײנע גרױסע צרות, מײן משה, קײן

עין־הרע, דוקא א יונג מיט ביינער, אָהן א ברעקעל חסרון. מע קאָן זאָגען, א גבר. דאָס הייסט, דעם נגיד'ס אייניקלעך זענען אויך נישט קראַנק צו געהן דיענען, נאָר זיי בראַקעוועט דער דאָקטער. דערזעהט ער א נגיד'ס א קינד — איז „נע גאָדים", און טהו איהם עפּים! ווען איך שווייגען? בין איך אַוועק באַצייטענס צום פּרינצעדאַטעל און זאָג צו איהם אזוי: „אדוני פּריץ, דעם נגיד'ס צוויי שטיקלעך סחורה האָט מען שוין אַרויסגעבראַקעוועט; טאָמער חלילה בראַקעוועט מען ווייטער, קאָן עס דערגעהן צו מיין משה'ן, און מיין משה איז ביי מיר, זאָג איך, איין־און־איינציגער קאָרמאַק אויף דער עלטער"... ווערט ער מלא רציחה און הייסט, מע זאָל מיך אַרויסוואַרפען פון דער פּריסוטססטווע. און כך הוה. איידער מע האָט נאָך אַריינגעפיהרט דאָס דריטע שטיקעל סחורה פונ'ם נגיד, האָט דער דאָקטער שוין געזאָגט „נע גאָדים", און מע האָט שוין אַריינגעפיהרט מיין משה'ן, און מע האָט איהם שוין אָפּגעגעבען, און ער האָט שוין אָפּגעשוואָרען, און מע האָט איהם שוין געזאָגט נאַ־ליעוואָ־נאַ־פּראַוואָ, א שלאַק האָט מיך געטראָפען, אין חאַרקעווער גובערניע, און א גוטען טאָג מיט דער קאַפּאָטע — ווען איך שווייגען? בין איך אַוועק צום פּרינצעדאַטעל און האָב איהם אָפּגעשפּיעלט א פריהמאָרגען: נגיד'ישע קינדער ווערסט דו בראַקעווען, און איין שטיקעל בן־יחיד פון א מאַמע איין אַלמנה, וואָס פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי — וואו איז סאָוועסט? וואו איז גאָט? הייסט ער דאָך מסתמא, מע זאָל אַרויסוואַרפען די זשידאָווקע. איז אָבער די זשידאָווקע נישט פויל אויף דער פּען און פאָהרט־אַוועק אין דער גובערניע אַריין גלייך צום גובערנאַטער, און א פאַל צו די פּיס: אדוני פּריץ, אזוי און אזוי: דריי אייניקלעך דעם נגיד'ס האָט מען פאַרבראַקעוועט, און מיין משה'ן, איין שטיקעל בן־יחיד ביי איין אָרעמער אַלמנה, וואָס פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי, אויף די עלטערע יאָהרען א קאָרמאַק — וואו איז גאָט? וואו איז סאָוועסט? הערט ער מיך אויס, דער גובערנאַטער, און זאָגט מיר, איך זאָל עס איהם דערלאַנגען אויף פּאַפּיער.

זאָג איך: אדוני פריץ! וואָס דאַרפסט דו פּאַפּיערען? אָט הערסט דו פון מיר קלאָרע דבורים; נעם, שיק, דערפרעג זיך, וועסט דו זעהן, אַז אַלץ, וואָס איך זאָג דיר, איז תורת אמת. זאָגט ער צו מיר נאָך אַ מאָל: „אויף פּאַפּיער, אויף פּאַפּיער". זאָג איך איהם: פּריצ'וניו! איך בין נישט קיין אידינע פון פּאַפּיערען און מיט מסירות פאַרנעם איך זיך נישט; איך דערצעהל דיר נאָר, וואָס מיר טהוט וועה. נגידים בראַקעוועט מען, און אָרעמע בני־יחידים נעמט מען צו — וואו איז גאָט? וואו איז סאָוועסט? זאָגט ער: „גוואַלד, וואָס וויל פון מיר די אידינע?" זאָג איך: זי וויל, מע זאָל דערגעהן דעם אמת און איהר אומקעהרען דעם קאָרמאַק, ווייטער גאָרנישט. הימעל און ערד האָבען געשוואָרען, אַז דער אמת מוז אַרויף, ווי בוימעהל אויפ'ן וואַסער. ווערט ער שוין אין כעס, דער גובערנאַטער, און הייסט אַרויסוואַרפען די זשידאָווקע. פּוילט זיך נישט די זשידאָווקע און פאַרקויפט־אויס וואָס זי האָט, און לאָזט זיך אַוועק זוכען דעם אמת גלייך קיין פּייטערבאַרג. אין פּייטערבאַרג איז פאַרהאַן אַ מיניסטער וואָיעניק דיעל מיט אַ מיניסטער וונוטרעניך דיעל מיט אַ סינאַד. און אַז מע וועט דאַרפען צום קייסער, וועל איך נישט טרעפען? מיט'ן אמת קאָן איך קומען אפילו פאַר גאָט. און כך הוה. געקומען קיין פּייטערבאַרג, האָט זיך אָנגעהויבען אַ חתונה מיט אַ פּראַוואָ־זשיטעלסטווע, מיט אַ טרייבעניש. זאָג איך, אַז פאַר אַרויסטרייבען האָב איך קיין מורא נישט; מורא האָב איך נאָר פאַר גאָט, זאָג איך, און פאַר'ן קייסער, און ווייטער פאַר קיינעם נישט, וואָרום איך געה, זאָג איך, פאַר'ן אמת. און דערווייל עסען דאַרף מען אויך, מע קאָן די נשמה ניט אויסשפּייען. וואָס טהוט מען? צו קיין נדבות בין איך נישט געוועהנט געוואָרען. בין איך געפאַלען אויף איין עצה. פּייטערבאַרג איז דאָך נישט קיין דאָרף, פאַרהאַן, ברוך־השם, אידען אומעטום, און וויסאָצקי'ס טיי קען מען אין פּייטער־באַרג אויך, אפשר נאָך מעהר ווי אומעטום. אַלע טשינאָווניקעס טרינקען וויסאָצקי'ס טיי. און אַזוי ווי איך האָב צו טהון מיט

פריסוטסטוועס און מיט טשינאָווניקעס, האָב איך אָנגעהויבען זיי אריינטראָגען וויסאָצקי׳ס טיי אין שטוב אריין, געבען אויף אויס־צאָהלען — און פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי, איך האָב מיר פארדיענט נישט נאָר מיין ביטער אויסקומעניש, איך האָב שוין געהאט צו שיקען מיין משה׳ן אין פאָלק אריין אויך, אמאָל א קערבעל, אמאָל צוויי. איין זאך איז נאָר געווען ביטער: פראוואָ־זשיטעלסטווע! ווען איך האָב א פראוואָזשיטעלסטווע אין פייטער־בארג, וואָלט איך גאָר געווען א קייסעריני. נאָר אזוי ווי איך האָב געהאט צרות, נישט קיין פראוואָזשיטעלסטווע, איז טאקי געווען ביטער, ווי דער טוידט. עס האָט שוין געהאלטען דערביי, מע זאָל מיך ארויסשיקען פון פייטערבארג, טאקי פאָ עטאפו, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. האָט מיר דער אויבערשטער צוגעשיקט איינע א מאדאם, וואָס שרייבט אויף די בלעטער, זאָל איהר גאָט געבען לאנגע יאָהר, רבונו של עולם. עפּיס טאקי נאָר א מלאך, נישט קיין מענטש. א חוץ וואָס זי האָט מיך אויסגעלייזט פון אלע צרות, האָט זי מיך נאָך באקענט מיט פארגאמענטען. מסתמא האָט איהר געהערט פון איהם? אין דער דומע איז ער געווען פון די, וואָס רע־דען. א מענטש אָהן א גאל, און א פארשוין — ער זאָל נאָר האָבען א ליבטיגען גן־עדן. וואָס דער האָט זיך אוועקגעלעגט פאר מיר! מיר געגעבען א בריעף און נאָך א בריעף, אלץ צו אזעלכע מענטשען, וואָס מע דארף האָבען א זכיה איידער מע טרעט גאָר צו צו זיי. האָבען זיי מיך אויסגעהערט און אָפגעשיקט איינער צום אנדערען, דער אנדערער צום דריטען, אלע מאָל העכער און העכער, ביז אין דער דומע אריין. און איך האָב אָנגעהויבען געהן אין דער דומע אריין כמעט אלע טאָג, און אמאָל — צוויי מאָל א טאָג, אויסגעהערט אלסדינג, וואָס מע רעדט אין דער דומע. און רעדען רעדען דאָרטען אלע, נאָר שענער פון אלע — אָט דער פארגאמענט. ער, אז ער פלעגט זיך אוועקשטעלען רעדען, זאָג איך אייך, אז א וואנט קאָן עס נעמען, א שטיין קאָן צעגאָסען ווערען. א קלייניגקייט פאר־גאמענט! דערפאר האָט ער געהאט שונאים אין דער דומע, וואָס

זאָל איך אייך זאָגען? און שטיגוטערעס! און שרייערס! ווי די הינט — אזוי פלעגען זיי איהם באַפאַלען און מאַכען אַזעלכע סקאַנדאַלען, אז איך פלעג קוים איינזיצען פון אויבען (מיין אָרט איז געווען אין דער דומע תּמיד פון אויבען). אז איך דערמאַן מיך אָן דעם פאַרגאַמענטען, שטעלען זיך מיר טרערען אין די אויגען. וואָס ווייסט איהר, וואָס פאַר א דימענט, וואָס פאַר א באַרליאַנט דאָס איז געווען! אז מע שמועסט א מלאך — איז דאָך נישט שייך צו זאָגען. אַלע געשעפטען און אַלע געסט פלעגט ער אוועק־ווארפען און מיך אויסהערען און אויספרעגען, וואָס שרייבט מיר מיין משה. וואָס זאָל ער מיר שרייבען? מיין משה שרייבט מיר, אז עס געהט איהם, דאַנק גאָט, אין דער סלוזשבע גאָר ניט שלעכט. נאַטשאַלסטווע איז פון איהם זעהר צופריעדען, נאָר ער האָט צרות פון דעם פידפעבעל. דער גוי טהוט איהם צום טוידט, ער זאָל איהם לייהען געלט. שווערט איהם משה, אז ער האָט נישט. גלויבט ער איהם נישט. ער זאָגט, אז אַלע אידען האָבען געלט, האָבען זאָל ער קדחת מיט פּרעה׳ס מכּות. נאַט אייך א פידפעבעל! לאַכט ער, פאַרגאַמענט הייסט עס. ער פלעגט ליעב האָבען צו לאַכען און טרייבען קאַטאָוועס. איך קום איינמאָל צו געהן צו איהם, בעט ער מיך זיצען און פרעגט מיך, ווי זיין שטיינער איז, ווי געהט עס מיר אין פּיטערבאַרג? זאָג איך איהם: „אויף אַלע משומדים געזאָגט געוואָרען”. צעלאַכט ער זיך און פאַלט שיער נישט אראָפּ פונ׳ם בענקעל: „איהר ווייסט, זאָגט ער, אפּנים, נאָך נישט, אז איך אַליין בין אויך א משומד?” „אַזעלכע משומדים, ווי איהר, זאָג איך, מעגען זיין א סך. און וויפיעל ס׳איז דאָ, זאָג איך, משומדים אויף דער וועלט, מעגען זיי שוין אַלע, זאָג איך, זיין די כּפּרה פאַר אייער מינדסטען נאָגעל!” לאַכט ער נאָך מעהר. געהט ריכט זיך, אז אַזאַ מענטש וועט נעמען און וועט געבען א שטאַרב־אוועק! און אַזוי פּלוצים! וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיין ליעבער פריינט? מע טאָר עס נישט אַרויסרעדען, נאָר מיר דאַכט, אז ווען מיין מאַן עליו השלום איז געלעגען אויף דער ערד,

האָב איך אַזוי פיעל טרערען נישט פאַרגאָסען, ווי יענעם טאָג, וואָס מע האָט מיר געזאָגט, אַז פאַרגאַמענט איז געשטאָרבען. איין אייגענער טאַטע דאַרף אַזוי נישט באַנג טהון. איך קאָן אייך זאָגען, אַז זינט דער פאַרגאַמענט איז אוועקגעשטאָרבען, איז מיר נמאס ומאוס געוואָרען אָט דאָס פייטערבאַרג מיט דער דומע מיט דער גאַנצער וועלט. ווען פאַרגאַמענט זאָל זיין, וואָלט גאָר אַנדערש געוועזן. נוסעלאָוויטש און פרידמאַן זענען אויך זעהר וואוילע מענטשען, למאי זאָל איך זאָגען? נאָר נוסעלאָוויטש און פרידמאַן זענען נישט פאַרגאַמענט. איך קום צו געהן צו נוסעלאָוויטשען אָדער צו פרידמאַנען מיט אַ געוויין, זאָגען זיי מיר, אַז זיי קאָנען מיר גאָרנישט העלפען, זיי קאָנען נישט געהן קעגען זאַקאָן. זאָג איך: וואו איז דאָ אַזאַ זאַקאָן, אַז אַ נגיד, אַ גביר, איין אדיר, אַ מיליאָנטשיק — זאָל מען זיינע דריי ממזרים אַרויסבראַקעווען איינס נאָך דאָס אַנדערע, און פאַר זיי זאָל דיענען איין־און־איינציגער בן־יחיד, אַ קאָרמאַק פון איין אָרעמער אַלמנה, וואָס פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי? אדרבה, זאָג איך, ווייזט מיר, זאָג איך, אָט דעם זאַקאָן! אַ דומע, זאָג איך, מיט קיין עין־הרע אַזוי פיעל מענטשען, און אַלע, זאָג איך, רעדען, און אַלע שרייען, זאָג איך, און אַלע זידלען זיך, — פאַר וואָס, זאָג איך, זאָל זיך נישט געפינען חאָטש איינער, זאָג איך, וואָס זאָל זיך אָננעמען פאַר איין אָרעמער אַלמנה, זאָג איך, וואָס פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי? איאָ, איהר שטומט? מע באַדאַרף, זאָג איך, האָבען צו אייך אַ פּורישקעוויטש, איין אייגענעם, אַ אידישען פּורישקעוויטש, וואָלט ער געלעהרענט, זאָג איך, מיט זיי בלק! שוין באַלד דריי יאָהר, זאָג איך, אַז איך בין אין פייטערבאַרג און דרעה מיך אַרום דער דומע, האָט דען עמיצער, זאָג איך, געפּרובט אפילו אַ מויל עפענען וועגען אַזאַ רציחה, מע זאָל צונעמען ביי איין אָרעמער מאַמע, וואָס פריהער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי, איהר איין־און־איינציג שטיקעל אָנשפּאַרעניש, איהר קאָרמאַק אויף דער עלטער? סך־הכל האָט זיך געטראָפען נאָר איין מאָל דורך דער גאַנצער צייט, וואָס איינער, עפּיס

אַ בעסאַראַבער פּריץ, איז אַרויס מיט אַ רעדעניש וועגען וואָיעווסקי פּאַווינאַסט. דערהערט „וואָיעווסקי פּאַווינאַסט", האָב איך מיך שוין דערפרעהט. אָ, האָב איך מיר געקלערט, דאַנקען גאָט! קוים מיט צרות אַרויף אויפ'ן אמת. שוין לאַנג צייט געווען. וואָס זשע? אַז זיי רעדען אַזעלכע פּוסטע זאַכען, וואָס סע שלאָגט צו דער גאַל! דאָס האָט אודאי אָנגעאַרבייט, טראַכט איך מיר, מיין גוואַלדעווען מיט מיין דערשלאָגען זיך צו די מיניסטאָרען, מיניסטער וואָיעניך דיעל און מיניסטער ווגוטרעניך דיעל. צום סוף, וואָס לאָזט זיך אויס? אַ נעכטיגער טאָג! הערט איין איינפאַל: „מע באַדאַרף, זאָגט ער, איינפיהרען אויף אידען אַ באַזונדער וואָיעווסקי פּאַווי־נאַסט, דורך געלט". איהר הערט? „אידען, זאָגט ער, זאָלען זיך מעגען אויסקויפען פאַר געלט. ווילסט נישט דיענען, גיב געלט"... הייסט דאָך עס, וויבאַלד אַזוי, אַ ישועה ווייעדער אַ מאָל פאַר די נגידים, אַ חלירע זאָל אויף זיי קומען? און דיענען ווערען, הייסט דאָס, טאַקי ווייעדער אַ מאָל קבצנים, און בני־יחידים דערצו? וואו איז גאָט? וואו איז סאָוועסט? כּך הוה. דער אויבערשטער האָט געטהאָן אַ נס, עס איז געוואָרען אין דער דומע אַזאַ טומעל מיט אַזאַ געפּילדער, אַז מע האָט געקאָנט מיינען, מענטשען זענען נאָר משוגע געוואָרען. מעהר פון אַלע האָט געאַרבייט, געוויינטליך, פּורישקעוויטש. אָט דער רשע מרושע, ימח שמו זאָל ער ווערען, האָט געוואָלט אויפווייזען מיט ראיות און מיט עדות, אַז אידען דיענען נישט. לחלוטין נישט. נישטאָ איין איד, זאָגט ער, אין דער סלוזשבע. דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט אַריבערטראָגען. עס האָט מיך געגעבען אַ בראָט ביי'ם האַרצען און אַ טראָג־אויף: סטייטש, מיין איין־און־איינציגער קאָרמאַק דיענט שוין העכער דריי יאָהר און האָט שוין גאָר אַ נאַגראַדע, קומט צו געהן אַ האָהן אַ פּורישקעוויטש און זאָגט פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר אַלע מיניסטאָרען אַזעלכע ווערטער! זאָל איך שווייגען? רוף איך מיך אָן פון אויבען, פון דער גאַלעריי הייסט עס, און דוקא הויך אויף דער גאַנצער דומע:

— א משה ? ! . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס איז געווען, ווילט איהר וויסען ? גאָרנישט. מע האָט מיך משלח געווען מיט כבוד פון דער דומע ארויס און נאָך אָפּ־געפיהרט אין טשאסט און געוואָלט ארויסשיקען מיט'ן עטאפּ, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. האָב איך זיי געזאָגט, זאָג איך, אז פאר ארויסשיקען האָב איך קיין מורא נישט. איך האָב מורא נאָר פאר גאָט און פאר'ן קייסער, ווייטער פאר קיינעם נישט. וואָרום איך געה פאר'ן אמת. איך האָב א חלק אין דער דומע, האָב איך זיי געזאָגט, גלייך מיט אייך. איהר, זאָג איך, רעדט וועגען וואָ־יענסקי פּאָווינאָסט נאָר מיט דער צונג, זאָג איך, און מיין זוהן, זאָג איך, דיענט טאַקי דעם קייסער, האָטש ער איז א בן־יחיד. הכלל, זיי האָבען זיך פון מיר נישט געגאַרט. זייער גליק, וואָס איך בין נישט פארבליבען איבער פסח אין פּייטערבאָרג, בעת עס האָט זיך אָנגעהויבען אין דער דומע דאָס קאָכעניש מיט'ן בלוט, אז אידען נוצען בלוט אויף פסח. איך וואָלט זיי באוויזען, ווער סע פארגיסט בלוט: מיר, צי זיי ? איז אָבער, אויף זייער טרפה'־נער הצלחה, בין איך אויף פסח אוועקגעפאָהרען אהיים, וואָרום מע האָט מיר געגעבען צו וויסען פונ'ם מיניסטער וואָיעניך דיעל, אז מיין משה'ן האָט מען פון פּאָלק אומגעקעהרט אהיים, און עס איז א סברה, אז דער פּרינצעדאטעל מיט'ן דאָקטער מיט דער גאַנצער פּריסוטסטוויע וועלען האָבען א וויסטען סוף. זיי זענען אַלע פּאָד־סוד. וואָרום ס'איז געווען א רעוויזיע און עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ס'איז ביי זיי געווען א פאבריקע פון ווייסע בילעטען; אידען און כריסטען — ווער עס האָט געהאַט גאָט אין הארצען און א קערבעל אין קעשענע — דער איז „נע גאָדים", און אָרעמע לייט נעבאַך, בני־יחידים, איין־און־איינציגע, האָבען באַ־דאַרפט געהן דיענען. איצט איז שוין איין עק, אוים מיוחסים! עס האָבען זיך אויסגעלאָזט ביי אונז די פריהעריגע גליקען מיט'ן

הפקרות. אלע װעלען שױן בײ אונז זײן גלײך. נו, פרעג איך אײך, איהר זענט דאָך א מענטש, װאָס איהר שרײבט, — אדרבה, זאָגט שױן איהר אלײן, קומט מיר נישט, מע זאָל פון מיר לאַכען, חוזק מאַכען, אז װאו צװײ זאָל איך זײן א דריטע ? מילא, איהר װילט לאַכען, לאַכט צעזעצטערהײט ; פאַר װאָס קומט מיר נאָך דער נאָמען פורישקעװיטש, זײן זאָל ער פאַר מיר די כפרה ? „גיטעל פורישקעװיטש" רופען זײ מיך — זײ זאָלען חאָטש זאָגען „להבדיל" ! א שטאָדט פון סאַמע לצים, פוסטע קעפּ, לעדיגגעהערס. נו, האָבען זײ נישט פאַרדיענט, מע זאָל זײ באַשרײבען פון קלײן ביז גרױס און פון קאָפּ ביז פיס ? באַשרײבט זײ טאַקי, פאַני שלום-לײכעם. באַשרײבט זײ אזױ, אז די גאַנצע װעלט זאָל פון זײ װיסען. באַ-שרײבט זײ אזױ, אז ס'זאָל נישט בלײבען פון זײ אײנער נישט קײן באַשריבענער !

# דאָקטוירים

דיאַלאָג.

געשריבען אין יאָהר 1912.

# דאָקטוירים

— ווייסט איהר ניט, פעטער, וואו זיצט דאָ ערגיץ דער דאָקטער פיינפינקעלקרויט?

— האַ? ווי אַזוי האָט איהר איהם אָנגערופען? פיינ־פינפיינ...

— פיינפינקעלקרויט.

— פיינפינקעלקרויט? אַזוי זשע רעדט. פיינפינקעלקרויט... עפּיס אַ קענטליכער נאָמען... וואָס זשע, איהר דאַרפט טאַקי דוקא צו־נ־איהם, נעפּרעמענע? צי ס'איז נישקשה איין אַנדער דאָקטער אויך? פאַרהאַן ביי אונז, קיין עין־הרע, גענוג די דאָזיגע סחורה. אָט דאָ אַקעגען זיצט אויך אַ דאָקטער, צוויי דאָקטוירים; איינער איין אמת'ער דאָקטער, און דער אַנדערער אַ צייהן־דאָקטער. און טאַקי באַלד די דריטע שטוב, אָט דאָרט, זיצט אויך אַ דאָקטער, אַ גאַנץ פיינער דאָקטער, אפילו נאָך גאָר אַ יונגעטשקער דאָקטער, נישט לאַנג פון דער פאַבריקע, נאָר נישקשה, ער האָט שוין אַ היבשע פּראַקטיקע. עס האָבען ביי אונז אַלע דאָקטוירים שען פּראַקטיקע, וואָרום דער עולם, פאַרשטעהט איהר מיך, קיין עין־הרע, קרענקט... ווי אַזוי, האָט איהר געזאָגט, רופט מען איהם, דעם דאָקטער אייערען? פינפיינפינ...

— פיינפינקעלקרויט. איך דאַרף צו איהם האָבען ניט מכּח זיך...

— נאָר צוליעב אייער ווייב? טאָ געהט גלייך אהין — זעהט איהר? דאָרט זיצט א ווייבערשער דאָקטער. דאָס הייסט, א דאָקטער איין אקושאָר. מע זאָגט, א בריה א דאָקטער, און נאָר אויף די חולאת׳ען... אז מע שמועסט א ספעציאַליסט, איז דאָך ניט שייך! ס׳איז שוין היינט אזוי איינגעפיהרט אומעטום, אז אויף יעדער ספעציאַלנאָסט איז א באזונדערער דאָקטער: אויף בייכער א דאָקטער, אויף לונג־און־לעבערס א דאָקטער, אויף אויגען א דאָקטער, אויף נערוועז א דאָקטער, אויף קינדער א דאָקטער... היינט דאָס היילען, וואָס מע היילט אצינד, איז אויך נישט דאָס, וואָס אמאָל. אמאָל האָט מען געוואוסט רפואות, רעצעפטען, פילען, פּראָשקעס, ביטערע קרייטער; היינט איז געוואָרען א מאָדע מאשינעס מיט רייבעניש, מיט מאַסאַזש, מיט בעדער, פשוט׳ע בעדער — די דאָקטוירים אליין זענען היינט געוואָרען בעדערס, און ס׳איז גאָר א סברה, אז היינט איז עס דאָס בעסטע געשעפט... אויף וואָס פאר א ספעציאַלנאָסט איז ער, דער דאָקטער, וואָס איהר פרעגט זיך נאָך אויף איהם? וואָס איז ער? א איד?

— א איד. וואָס דען? א גוי? איהר הערט דאָך נאָכ׳ן נאָמען... פיינפינקעלקרויט...

— פיינפינקעלקרויט, האָט איהר געזאָגט? נו־יאָ, פאַר־שטעהט זיך, א איד. ווײַבאַלד אז פיינפינקעלקרויט, איז א איד. ביי אונז זענען אלע צום מיינסטען אידישע דאָקטוירים. חאָטש אפילו א איד, אייגענטליך, האָט ליעב א גויישען דאָקטער; א איד האָט ליעב א גויישען אדוואָקאַט, א גויישע קלייט און א גויישען לעהרער... א איד איז די כפרה נאָך א גוי... איז ווי אזוי, האָט איהר געזאָגט, רופט מען איהם, דעם דאָקטער אייערען? פייפער?

— ניט פייפער, נאָר פיינפינקעלקרויט... איך דאַרף צו איהם האָבען מכּח עפּיס אנדערש...

— אהאַ! מכּח׳ן פּריזיוו מסתּמא? איין עצה האַלטען? איך פאַרשטעה שוין!... וואָס? ניין?... צי אפשר גאָר מכּח א שידוך? איאָ, איך האָב געטראָפען? הערסט דו! וואָס דען?

אַז ניט היילען זיך, און ניט קיין ווייב, און ניט קיין פּריזיווו, איז מסתמא אַ שידוך... אויב אַזוי, דאַרפט איהר אייער... ווי אַזוי הייסט ער דאָרט... אויף טישטשע כפרות. איך וועל אייך אָנ־ווייזען אַ סך אַ בעסערען דאָקטער. עס ווענדט זיך, ביי וואָס יענער האַלט? וויפיעל גיט מען?... וואָרום, געוויינטליך, וואָס מעהר פּראַקטיקע, אַלץ מעהר גדן. און אפילו גאָר אָהן פּראַקטיקע, וועט איהר אויך דאַרפען באַצאָהלען, וואָרום היינטיגע צייטען אַ ליאַדע סטודענטעל, אַבי ער איז נאָר אין אוניווערסיטעט, וועט איהר איהם שוין ווינציגער ווי פּאַר פינף־זעכּס טויזענט קאַרבען נישט קויפען. היינט בפרט אַ פּאַרטיגער דאָקטער, ער מעג זיין אַ שמאַטע שבשמאַטע! איהר זאָגט מיר אַקוראַט, וואָס מיינט יענער?

— ניין, וויים איך וואָס — ניט דאָס!... איהר האָט גאָר איינגאַנצען אַ טעות...

— למאי זאָלט איהר וועלען איבערשפּאַרען? איהר הערט וואָס א י ך זאָג אייך. אויב יענער קאָן גוט באַצאָהלען, איז דאָס פּאַר איהם אָנגעמאָסטען. דאָס איז שוין איין מאָל אַ דאָקטער. אַ פּראָפעסער! ער איז אויף אַלסדינג: אויף בייכער, און אויף נערווען, און אויף צייהן, און אויף קינדער, און אויף אָפּעראַציעס, און ווייבער האַלטען פון איהם גאָר איין עולם ומלואו, וואָרום ער איז טאַקי זעהר אַ פיינער יונגאַטש, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ הויכער, אַ „מאַושטשינע"! און דערצו איז ער נאָך אַ ציוניסט אויך, און אַ פּיסק האָט ער — איש־להבה! אַז מע שמועסט אַ צאַצקע אַ דאָקטער, איז דאָך ניט שייך!

— ניין! איך זאָג דאָך אייך, אַז איך דאַרף גאָר...

— האַ? אַזוי זשע רעדט! וואָס זשע דערצעהלט איהר מעשיות? איהר זעהט אָן דאָרט אַ וויים מויערל?

— נו? איז דאָרט זיצט פיינפינקעלקרויט?

— דאָרט זיצט ניט פיינפינקעלקרויט, דאָרט זיצט מאיר טאַלאָטשינאָוו'ס. אַ איד אַ גביר. געווען אַמאָל אַ קבצן הגדול

הגבור והנורא; אצינד, חוץ זיין שאדען, אויף אונז ביידען געזאגט געוואָרען. האט ער א טעכטערל, איז זי מיאוס ווי דער טויזט. נאָר אז גאט העלפט, ס'איז דאָ מיט וואָס, פארשמירט מען דאָס פנים מיט א צעהן־פופצעהן טויזענט קארבען און מע פארגינט זיך איהר אראפּברענגען א חתן א דאָקטער אזש פון סאמע קיעוו. דאָס הייסט, געענדיגט האט ער אין קיעוו, אליין איז ער גאָר איין אומא־נער פון אומאן...

— אקעגען וואָס דערצעהלט איהר עס מיר?

— אקעגען דעם, וואָס איהר פרעגט זיך נאָך אויף...

— אויפ'ן דאָקטער פיינפינקעלקרויט? דאָס פרעג איך ניט, ווייל איך דארף א שידוך טהון מיט א דאָקטער, נאָר ווייל דער דאָקטער פיינפינקעלקרויט איז...

— האט איהר דאָך באלד געקאָנט זאָגען! און איך האָב געמיינט, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען א שידוך! הערט זשע אויס, אז ס'איז יאָ אזוי, גיט אהער דאָס אויהער... האָב איך א ספּע־ציאַליסט — נאָר־וואָס פון דער נאָדעל ארויס... ניט לאנג גע־עפענט א קאבינעט... ער האט געחאפּט עטליכע טויזענט קארבען ירושה, האט ער זיך מיישב געוועזן און האט דאָס גאנצע געלט אריינגעבראָכט אין א מאשין, אליין געפאָהרען קיין אויסלאנד נאָך דער מאשין. קיין פּראקטיקע דערווייל האט ער נאָך ניט, נאָר איך זאָל שוין האָבען אזא דאגה מיט וואו נעמט מען אויף שבת, ווי איך האָב א דאגה מיט זיין פּראקטיקע! זאָרגט זיך ניט, ער וועט האָבען די בעסטע פּראקטיקע, אָט וועט איהר זעהן, וואָרום די דאָקטוירים, וואָס אויף ד י ד א ז י ג ע שלאָפקייטען, האָבען אלע די שענסטע פּראקטיקע! ספּעציאליסטען!... זעה־נאָר, וואָס חאפּט איהר זיך אזוי? וואָס אנטלויפט איהר? שטעהט א ווײַלע! איך האָב אייך נאָך ניט געקאָנטשעט. איך האָב נאָך א פּאָר דאָקטוירים...

— אָבער, אין גאָטעס ווילען! לאָזט מיך צו־רוה מיט אייערע דאָקטוירים! וואָס האט איהר זיך אָנגעקלעפּט? איך דארף ניט

קיין דאָקטער, איך דאַרף ניט קיין פּריזיוו, איך דאַרף ניט קיין שידוך, איך דאַרף ניט קיין ספּעציאַליסט — איך בין ניט מעהר ווי אַ פּריקאַזטשיק. איך דאַרף האָבען צום דאָקטער פיינפינקעלקרויט גאָר מכּח עפּים אַנדערש: סע קומט אונז פון איהם פאַר'ן גאַנצען ווינטער פאַר האַלץ...

— פאַר האָלץ?!... אַלע בייזע ווייסטע חלומות! געזעהען אַ ביסעל! דערטאַפּט אַ ווילד־פרעמדען אידען און דרעהט איהם אַ ספּאָדיק: פיינפינקעלקרויט! אפשר האָט יענער קיין צייט ניט? אפשר לויפט גאָר יענער זוכען, וואו פאַרדיענט מען אַ קערבעל — ס'איז ערב שבת? איך האָב אָבער באַלד דערקענט, הערט איהר, אַז איהר דאַרפט זיין אַ איד פון האָלץ, גאָט זאָל מיך אַזוי באַגליקען אויף דער עלטער! אָט די הילצערנע אידען — טפו!...

# מיסטער גרין
# האָט אַ דזשאָב

דערצעהלט פון איהם אליין, און איבערגעגעבען מיט זיין לשון.

געשריבען אין יאָהר 1915.

# מיסטער גרין האָט אַ דזשאָב

— האַו דו יו דו, מיסטער שלום־עליכם! איך ווייס ניט, אויב איהר קענט מיך?... איך קעהר מיך אָן מיט אייך שטיקלעך אייגענע, שני־שבשלישים... דאָס הייסט, ניט מיט אייך, נאָר מיט אייער טביה דעם מילכיגען און מיט זיין קרוב מנחם־מענדעל פון יעהופּעץ... אהאַ! איאָ, ס'איז אייך אינטערעסאַנט? איהר האָט זיך אַזש אָפּגעשטעלט? — שטעהט זשע טאַקי אַ ווײַלעטשקע אָט דאָ מיט מיר אויפ'ן סיידוואָק, וועלען מיר אַ ביסעל שמועסען פון דעם אַמעריטשקע, וואָס פאַר אַ גאָלדענע מדינה דאָס איז. און ניט אַזוי פון אַמעריקע, ווי פון איהרע ביזנעס, ווי מע ווערט אויסגעריסען אין עושר און אין כבוד, ביז גאָט שיקט צו דער רעכטען דזשאָב, און אַז גאָט העלפט, אַז מע שלאָגט זיך ארויף אויף דעם רעכטען דזשאָב, איז דאָ אַ האָפענונג, מע זאָל מיט דער צייט זיך ארויפאַרבייטען, ווערען גוט־אָפּ, אויסוואַכסען אַ דזשייקאָב שיף, אַ נייטען שטראַוס, אָדער חאָטש אַ הערריי פישעל — מיט איינעם וואָרט: זיין אָללרייט... איך קאָן אויף זיך נאָך לעת־עתה ניט זאָגען, אַז איך בין אָללרייט, נאָר אַ דזשאָב, געלויבט דער אויבערשטער, האָב איך שוין, און דער גאַנצער אַנטיק פונ'ם דאָזיגען דזשאָב איז, וואָס איך בין עס אַליין דערגאַנגען, אַליין מיט מיין אייגענעם שכל... נאָר איך זעה, אַז איהר ווילט וויסען, איהר געהט אויס — ווער איז דער פּאַרשוין, וואָס רעדט צו אייך? אַז איך וועל אייך זאָגען, אַז דאָס רעדט מיסטער גרין, וועט איהר זיך

טראכטען: גרין? געל? בלוי? — ס׳איז אזוי גוט ווי גאָר־נישט... דאָ היים איך גרין, דאָרט האָב איך געהייסען גרינבערג. פון וואַנען? פון אדעס? — פון אדעס... פון יעהופּעץ? — פון יעהופּעץ... פון כתרילעווקע, פון טעפּליק, שפּאָלע, אומאַן, באַר־דיטשעוו — בקיצור, פון יענע מקומות... און געהאַנדעלט האָט מען, ווי אַלע אידען האַנדלען. גערדרעהט, געמעקלערט, ביז ס׳איז געקומען דאָס גוטע שטיקעל צייט און מען איז ארויסגעטריבען געוואָרען און מען איז מגולגל געוואָרען אהערצוצו, אין קאָלומבוס׳עס מדינה. און מע האָט אזוי לאַנג געגעסען, ביז מע האָט אויפגעגעסען פון זיך דאָס לעצטע שטיקעל העמד, האָט מען אָנגעהויבען פּאַר־שווארצט ווערען גאָר אויף איין אַנדער אופן און מע האָט געטהאָן כל עבודת־פּרך — ס׳איז נישט געגאַנגען! ביז ס׳איז געקומען ראש־חודש אלול. און אז ס׳איז געקומען ראש־חודש אלול, האָב איך דערזעהן אין די פּייפּערס, ווי מע אַדווערטייזט חזנים, שוהלען, מנינים. אין די סטאָרס, האָב איך דערזעהן, שטעלט מען ארויס סידורים, מחזורים, שופרות, טליתים, און דער עולם, האָב איך דערזעהן, הויבט־אָן צו־שמייכלען זיך צום רבונו־של־עולם, חנפה׳נען גאָט צוליעב ביזנעס — האָב איך מיך מיישב געווען און זאָג צו זיך אליין: „מיסטער גרין! ביז וואַנען ועסט דו זיין א גרינער? טהו אויך א לעק פונ׳ם ראש־חודש אלול און פון די עשרת ימי־תשובה!“... נאָר ס׳איז גרינג צו זאָגען טהון א לעק, אז סע לעקט זיך... צו וואָס קאָן איך מיך נעמען? זיך שטעלען פאר א חזן? — בין איך קיינמאָל ניט געווען קיין שוסטער... פאר א שוחט? — מיין טאַטע איז קיינמאָל ניט געווען קיין בעל־עגלה... קיין רעוורענד וועל איך דאָך אודאי ניט זיין, וואָרום איך קען עברי און פארשטעה פירוש־המלות... סיידען א בוטשער אויף סטריקטלי כשר? — האָב איך אין דער היים נישט געהאַנדעלט מיט גנבה׳שע פערד... פאַרטיעפט, ווי אייער טביה זאָגט, אין די דאָזיגע מחשבות און געדאַנקען, בין איך אריין אין א מקום קדוש... ראש־חודש אלול, דער עולם דאווענט, מע זאָגט „לדוד אורי“... מע האָט אָפּגע־

דאַוּוענט, רופט זיך אָן איינער: „און ווער וועט אונז געבען אַ בלאָז?“ רוף איך מיך אָן: „אַ בלאָז? לאָזט מיך“... וועט איהר פרעגען, ווי קומט צו מיר אַ בלאָז? איז די מעשה אַזוי. קיין בעל־תוקע בין איך אין דער היים טאַקי ניט געווען. מיין טאַטע אויך ניט. מיין טאַטענ׳ס טאַטע אויך ניט. נאָר יונגלעך שקצים, אַז ס׳איז געקומען ראש־חודש אלול און מע האָט דערטאַפּט אַ שופר, האָט מען מעשה ספּאָרט געבלאָזען און געבלאָזען אַזוי לאַנג, ביז דער שמש האָט אונז אָפּגעגאָסען מיט וואַסער און אַרויסגעטריבען פון שוהל. — בקיצור, איך קען די מלאכה, און ווי זאָגט איהר: אַז מע שמועסט, אַז ער יכול׳ט, איז דאָך ניט שייך... וואָס טויג אייך, איך האָב געגעבען אַ נעם דעם שופר אין האַנט און האָב זיי געגעבען אַ בלאָז „תקיעה־שברים־תרועה“, און אויסגעלאָזט האָב איך זיי מיט אַ „תקיעה גדולה“ בלא גוזמא פון דאַנען ביז ברוקלין־ברידזש! דערהערט אַזאַ בלאָז, רופען זיי זיך אָן צו מיר: „פון וואַנען איז אַ יונגערמאַן?“ זאָג איך: „וואָס איז די נפקא־מינה?“ זאָגען זיי: „טאָמער וואָלט איהר זיך באַשטעלט ביי אונז פאַר אַ בלאָזער אויף ימים נוראים? אונזער בעל־תוקע איז געשטאָרבען“. „איך זאָל קאָנען, זאָג איך, מאַכען דערפון אַ לעבען, איז מהכתיתי“... „מאַכען אַ לעבען פון בלאָזען אַליין, זאָגען זיי, איז שווערליך. סיידען איהר זאָלט דערצו נאָך עפּיס טהון“... „דהיינו, זאָג איך, וואָס נאָך זאָל איך טהון? זיין דערצו אַ דרייווער? אַ גאַבעטשמען, אָדער אַ סטריט־קלינער?“ זאָגען זיי: „וויבאַלד איהר זענט אַ בלאָזער, אַ בעל־תוקע הייסט עס, קאָן מען פון אייך אַזעלכע גראָבע אַרבייט ניט פאַרלאַנגען. דאָס איינציגע, זאָגען זיי, וואָס מיר קאָנען אייך געבען, איז נאָר אַ טשענס, איהר זאָלט קאָנען, זאָגען זיי, בלאָזען נאָך אין אַ שוהל“... איז דאָס מיר אַריין אין נאָז אַריין און איך טראַכט מיר: אַז איך האָב אַ טשענס צו בלאָזען נאָך אין אַ שוהל, קאָן איך דאָך האָבען אַ טשענס צו בלאָזען נאָך אין צוויי שוהלען. און פאַר וואָס ניט אין דריי שוהלען?... און איך בין אַוועק דאַונטאַון פון איין שוהל

**אין דער אַנדערער, פון איין מנין אינ'ם אַנדערען, אומעטום געמאַכט**
פּראָבעס, באַוויזען מיין קונסט אין תקיעה־שברים־תרועה, געהאַט
דעם גרעסטען סוקסעס, וואָרום איך, אז איך בלאָז, לויפט מען זיך
צונויף פון אַלע שוהלען. מיך האָבען געהערט בלאָזען דזשאָדזשעס,
קאָנגרעסמענס, אַסעמבלימענס, און אַלע האָבען געזאָגט: וואָנדער־
פול! איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז דעם ערשטען יאָהר האָב איך
געהאַט נאָר איין שוהל מיט צוויי מנינים. דאָס צווייטע יאָהר —
דריי שוהלען מיט פינף מנינים. היינטיגס יאָהר שניידט זיך מיר,
אַז דער אויבערשטער וועט וועלען, ביז אַ דאָזען מנינים, און איך
וועל קאָנען מאַכען אַ שענע פּאָר טאָלער. אַי, ווי אַזוי קאָן איין
מענטש אַטענדען צו אַזוי פיעל ביזנעס? — דאָס זאָלט איהר ניט
פרעגען; ס'איז אַמעריקע, און אין דעם לאַנד העלפט מען זיך
שוין אויס. אין איין אָרט איז ביי מיר די תקיעות פריהער, אינ'ם
אַנדערען אָרט אַ ביסעל שפּעטער, אינ'ם דריטען נאָך שפּעטער.
איך טריי מיין בעסט, אַז דאָס פּובליקום זאָל זיין סאַטיספייט,
ביקאָז אַז טאָמער לאָז איך דורך די צייט, פאַרליר איך דאָך מיין
דזשאַב מיט מיין רעפּוטיישאָן. איהר וואונדערט זיך, מיסטער
שלום־עליכם, וואָס איך יוז מעהר איינגעלשע ווערטער ווי אידי־
שע? — דאָס איז איבער די קינדער. זיי זענען שוין ביי מיר
אמת'ע אַמעריקאַנער און ווילען שוין ניט רעדען קיין וואָרט אידיש!
איהר זאָלט אָנקוקען מיינע באָיעס, וועט איהר אין לעבען נישט
זאָגען, אַז דאָס זענען אידישע קינדער. און מיך אַליין, אַז איהר
וועט באַגעגענען נאָך ימים נוראים, וועט איהר מיך אויך ניט דער־
קענען. ביי מיר, אַז עס קומט אַ קורצע צייט פאַר ראש־חודש אלול,
וואַרף איך אַראָפּ מיין סוט, פאַרלאָז מיר אַ באָרד, באַקום אַ
„היימיש" אויסזעהן, און ווי נאָר עס געהען אַוועק די ימים נוראים,
נעם איך אַ שייוו, טהו אָן מיין העט און ווער מיר צוריק אַ דזשענ־
טעלמען — וואָס טהוט מען ניט אין אַמעריקע צוליעב ביזנעס?...
איך זעה אין אייך, מיסטער, איהר האָט חשק מיך צו באַשרייבען
אין פּייפּער, איהר האָט שוין אַרויסגענומען דאָס ביכעלע אפילו, —

נעוועראמיין, געזונטערהייט! איכ׳ל אייך נאָך זאָגען אַ דאנק. וואָרום פאר מיר וועט דאָס זיין איין אדווערטייזמענט... פאר־קעהרט, איכ׳ל אייך נאָך בעטען, איהר זאָלט ארויסשטעלען מיין אדרעס: מיסטער גרין, טשעררי סטריט, ניו יאָרק סיטי, פּליעז... איך האָפּ, מיר׳ן זיך נאָך אמאָל באגעגענען אפּטאון. דערווייל זייט מיר גוד באַי!

# אַ מעשה מיט אַ גרינהאָרן

מיסטער באַראַבאַן, ביזנעס־בראָקער, דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט אנגעלעהרענט אַ גרינהאָרן, וואָס האָט געהייראַט צוליעב ביזנעס. איבערדערצעהלט מיט זיין לשון.

געשריבען אין יאָהר 1916.

# אַ מעשה מיט אַ גרינהאָרן

— איהר זאָגט: אמעריקע איז א לאַנד פון ביזנעס — געוואָרמיינד. עס דאַרף אַזוי צו זיין. נאָר אַפּטעראַל געהן הייראַ־טען און פאַרקויפען זיך צוליעב ביזנעס — דאָס איז שוין, עקסקיוז מי, אַ חזיר'יי. איך פרעדיג ניט קיין מאָראַל, נאָר איך זאָג אייך, ס'אַ פעקט, אַז נייען און נייענציג פּראָצענט גרינהאָרנס הייראַטען ביי אונז צוליעב ביזנעס — פאַרדריסט דאָס מיך, און אַז איך דערטאַפּ אַזאַ גרינהאָרן, וועט ער שוין פון מיר טרוקען נישט אַרויס. ליוו איט טו מי, וועל איך אייך דערצעהלען אַ שענס!

זיץ איך מיר איינמאָל אין מיין אָפּיס און מייל די פּאָסט, קומט אַריין צו מיר אַ גרינהאָרן, נאָך גאָר אַ באָי. און מיט איהם אַ ווייבעלע — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? — בלוט און מילך. שען ווי דער טאָג און פריש ווי איין עפּעלע, נאָר־וואָס פונ'ם בוים. אַריינגעקומען, רופט ער זיך אָן צו מיר: „האו דו יו דו! זענט איהר דאָס מיסטער באַראַבאַן דער ביזנעס־בראָקער?" „סידאָן! וואָס'ט איהר זאָגען גוטס?" עפענט ער מיר אויף זיין האַרץ און דערצעהלט מיר אַ גאַנצע געשיכטע, סאָ ענד סאָ, אַזוי ווי ער איז אַ באָי ערשט צעהן יאָהר אין לאַנד, אַ ניי־פּענטס־מייקער ביי טרייד, און אין איהם האָט זיך פאַרליעבט אָט דאָס ווייבעלע, געוועזן אַ מיידעל איין אַרבייטאָרין, וואָס פאַרמאָגט טויזענט דאָלער אין קעש, האָט ער מיט איהר חתונה געהאַט און זוכט אַ ביזנעס, זיי זאָלען קאָנען מאַכען אַ לעבען און פאַרשפּאָרען אַרבייטען אין שאָפּ, וואָרום

ער האָט, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ רעמאַטיז, ביי איהם בלייב עס, און אַזוי ווייטער. קוק איך אויף׳ן ווייבעלע און זאָג צו איהם: „אין וואָס פאַר אַ ביזנעס וואָלט איהר געגאַנגען?" ענטפערט ער מיר: „ער וואָלט געעפענט אַ סטיישיאָנערי". און ער גיט מיר צו פאַרשטעהן, אַז אין אַ סטיישיאָנערי וואָלט „זי" איהם אויך געקאָנט קומען צו הילף. איהר פאַרשטעהט אַ גרינהאָרן? ניט גענוג ער האָט דערטאַפּט אַ פּרי, איין אתרוג׳על אויף צו מאַכען שהחיינו, און ניט גענוג זי ברענגט איהם טויזענט דאָלער אין קעש, איז ער נאָך אַ בעלן, זי זאָל איהם ארבייטען און ער וועט זיך זיצען מיט זיינע חברים, שפּיעלען אין פּינאַקעל און אַזוי ווייטער — איך קען מיינע לייט! טראַכט איך מיר: אַ מכה וועסט דו ביי מיר האָבען אַ סטיישיאָנערי! איך קאָן באַשטעהן, דו זאָלסט ביי מיר ליגען, ווי אַ הונט, אין אַ לאָנדרי. וועסט ביי מיר ווערען אַ לאָנדרי־מען! וואָס איז מיר עפּיס איינגעפאַלען אַ לאָנדרי? ווייל איך האָב גראַד געהאַט אויף דער האַנט אַ לאָנדרי צו פאַרקויפען. און איך רוף מיך אָן צו מיין גרינהאָרן: „צו וואָס טויג דיר, זאָג איך, זיך באַדערען מיט אַ סטיישיאָנערי־סטאָר אַכצעהן שטונדען אין מעת־לעת, אַרויסקוקען, טאָמער וועט דורכלויפען אַ סקוהל־באָי און האַפּען קענדי פאַר אַ פּעני און אַזוי ווייטער? אַמעהר, ליוו איט טו מי — איכ׳ל דיר געבען אַ שענערע ביזנעס, אַ לאָנדרי אין די בראָנקס, וועסט דו ארבייטען רעגעלע שטונדען און לעבען, ווי אַ קייסער! און איך נעם אַ פּענסיל און טהו איהם אַ רעכען־אויס, אַז נאָך אַלע עקספּענסעס — רענט און שווירטאַיירענער און פעמילי־איירענער און דעליוועריבאָי און לאָנדריביל און אַזוי ווייטער, בלייבט איהם איבער ריינע עטליכע און דרייסיג דאָלער אַ וואָך — דאַרף מען בעסער? „וואָס וועט דאָס קאָסטען?" זאָג איך: „טויזענט דאָלער איז דאָס אַ באַרגיין, נאָר ליוו איט טו מי — איכ׳ל עס אייך מאַכען פאַר אַכט הונדערט. איהר׳ט, זאָג איך, דאַרפען נאָר אָפּצאָהלען די פאָר דאָלער, פאַרבינדען די אויגען, נעמען די שליסעל — און איהר זענט אָללרייט. דערווייל, זאָג איך,

נעהט געזונט און קומט צו מיר אין דריי טעג אַרום, ווייל איצט האָב איך קיין צייט ניט — און גוד־באַי!"

און אליין בין איך אוועק צו מיין לאַנדרימען און געב איהם אַפּ מזל־טוב: גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ העכט, אַ גרינהאָרן, און אז ער האָט איצט אַ טשענס, אויב ער איז אַ מענטש, פּטור צו ווערען פון דער לאַנדרי אין גלייכען געלט, זאָל ער וויסען וואָס ער האָט צו טהון, און אזוי ווייטער... האָט דער גנב פאַרשטאַנען, וואָס איך מיין, און זאָגט צו מיר: „ברענגט איהם נאָר, דעם העכט, וועט שוין זיין אָללרייט"... אין דריי טאָג אַרום — מיין גרינהאָרן איז דאָ, געבראַכט אַ דעפּאָזיט, אַוועקגעשטעלט זיך מיט'ן ווייבעלע אויף אַ וואָך טרייען, ווי דער שטייגער איז, און מיין לאַנדרימען האָט שוין מסתמא געזעהען, אז די וואָך פון טרייען זאָל זיין אָללרייט, און נאָך מיט אַ שמיצעל אויף יענער זייט אָלל־רייט — און מע האָט געסעטעלט די ביזנעס. דער גרינהאָרן האָט אָפּגעצעהלט די פּאָר דאָלער, דער לאַנדרימען האָט איהם איבער־געגעבען די ביכער מיט די שליסעל, איך האָב אָפּגענומען מיין רח"ש דוקא פון ביידע צדדים, און אזוי ווייטער — מיסטער באַראַבאַן ביזנעס־בראָקער ווייסט וואָס ער האָט צו טהון — און, ווי זאָגט איהר, פיניטא לאַ קאָמעדיאַ. איאַ? אזוי זאָגט א י ה ר. ביי מיר הויבט זיך די קאָמעדיע ערשט אָן. וואָרום אז ס'איז אַלסדינג שוין געווען פאַרטיג אַרום און אַרום, האָט זיך ערשט צעברענט אין מיר אַ פייער אויף דעם גרינהאָרן, פאַר וואָס קומט איהם, דעם ממזר, איין אָפּגעשיילט אייעלע גלייך אין מויל אַריין, אזאַ ווייבעלע, טויזענט דאָלער אין קעש און אַ פאַרטיגע ביזנעס אָהן קאָפּוועהטיג? מע דאַרף ביי איהם די לאַנדרי אָפּהאַנדלען פאַר האַלב געלט אין אוועקגעבען זי צוריק צום פריהערינען לאַנדרימען. ווי אזוי? דערויף בין איך דאָך מיסטער באַראַבאַן ביזנעס־בראָקער, ביי מיר

איז נישטאָ אַ זאַך, וואָס איך זאָל ניט קאָנען דורכפיהרען! בין איך אוועק אַקוראַט אַקעגען דער לאַנדרי אויפ׳ן קאָרנער פון דער צווייטער סטריט און האָב אָפּגעדונגען ביי׳ם איידזשענט אַ רומקע, אַריינגעפּידעלט איהם אַ צעהן־דאָלער־ביל אין אויפּגאָב און האָב אויסגעהאָנגען אַ סיין אויף דער ווינדע:

„אַ ט ד אָ ע פ ע נ ט ז י ך אַ ל אַ נ ד ר י".

אודאי געהט ניט אוועק קיין טאָג צייט — מיין גרינהאָרן איז דאָ מיט אַ צעיושעטען קאָפּ: סטייטש! ער איז אַ געקוילעטער! „וואַס איז די טראָבעל?" דערצעהלט ער מיר פונ׳ם אומגליק, עפּיס אַ שוואַרץ יאָהר האָט אָפּגעדונגען אַקוראַט אַקעגען איהם אַ סטאָר און עפענט אַ לאָנדרי! „וואָס זשע ווילסט דו, גרינהאָרן?" וויל ער, איך זאָל איהם געפינען אַ קונה אויף דער לאָנדרי, וועט ער מיך באַדאַנקען אויפ׳ן שענסטען אָרט און וועט אייביג גאָט בעטען פאַר מיר, און אַזוי ווייטער. באַרוהיג איך איהם און זאָג איהם, אַז ניט אַזוי גרינג געפינט מען אַ קונה. נאָר ער זאָל זיך פאַרלאָזען אויף מיר, איכ׳ל טרייען מיין בעסט. דערוויילע זאָל ער געהן אַהיים און קומען אין דריי טעג אַרום, מחמת איך בין פאַרוואָרפען מיט ביזנעס, און אַזוי ווייטער — און גוד באַי!

און אַליין האָב איך געשיקט רופען מיין אַלטען לאַנדרימען און דערצעהל איהם סאָ ענד סאָ: אַצינד האָסט דו אַ טשענס אוועקצו׳קניה׳ן צוריק ביי׳ם גרינהאָרן דיין לאַנדרי פאַר האַלב געלט. זאָגט ער: „ווי אַזוי וועט איהר עס מאַכען?" זאָג איך: „וואָס געהט׳ס אייך אָן? ליוו איט טו מי — דערויף בין איך דאָך עפּיס מיסטער באַראַבאַן ביזנעס־בראָקער". זאָגט ער: „אָלל־רייט". זאָג איך: „וועל איך האָבען דערפאַר מיין קאָמישען?" זאָגט ער: „אָלרייט". זאָג איך: „איך מוז האָבען דערפאַר אַ הונדערטער". זאָגט ער: „אָלרייט". און אַזוי ווייטער. דער־

ווייל זענען איבערגעלאָפען די דריי טעג — מיין גרינהאָרן איז דאָ מיט׳ן ווייבעלע. דאָס ווייבעלע האָט זיך א ביסעל אויסגעבלייכט, נאָר זי איז נאָך אלץ שען, ווי די זון. „וואָס הערט זיך?" „וואָס זאָל זיך הערען, זאָג איך, איהר דאַרפט, זאָג איך, דאַנקען גאָט, איך האָב קוים־קוים געפונען א בעלן אויף אייער לאָנדרי. נאָר וואָס דען? איהר׳ט מוזען, זאָג איך, פאַרלירען געלט". „וויפיעל?" „פרעגט ניט, זאָג איך, וויפיעל איהר פאַרלירט, פרעגט וויפיעל איהר געווינט. וואָרום וויפיעל, זאָג איך, איהר זאָלט ניט נעמען, איז דאָס ווי געפונען. איהר שפּיעלט זיך, זאָג איך, מיט אַמעריקאַנער קאָנקורענטען? זיי קאָנען אייך, זאָג איך, אריינטרייבען אין אַזעלכע עקספּענסעס, אז איהר זאָלט דאַרפען, זאָג איך, אויפהאַפּען זיך אין מיטען ביינאַכט און אַנטלויפען אין איין העמד!"... וואָס טויג אייך, איך האָב אויף זיי אָנגעוואָרפען אַזא שרעק, אז זיי האָבען אָפּגענומען האַלב וויפיעל זיי האָבען אריינגעלעגט און האָבען נאָך אָפּגעצאָהלט מיר רח"ש אויך, וואָרום איך בין דאָך ניט מחויב זיך באַדערען אומזיסט, און — אויס לאָנדרי!... נאָר האָט צייט, איהר זענט נאָך ניט פאַרטיג. אויב איהר האַלט קאָפּ, דאַרפט איהר געדענקען, אז איך האָב געהאַט אריינגעצימבעלט צעהן דאָלער איין אויפגאָב דעם איידזשענט פאַר א סטאָר און אויסגעהאַנגען א סיין אויף א לאָנדרי. פרעגט זיך א קשיא: למאי זאָל איך לאָזען צעהן דאָלער גלאַט אויפ׳ן ווינט, מיר ניט, דיר ניט? ביי מיסטער באַראַבאַן ביזנעס־בראָקער איז דען גנבה׳ש געלט, צי וואָס? איז איין מאָל אַוועק. צווייטענס, ברענט מיך נאָך אַלץ אויף דעם גרינהאָרן און עס פּאָרקעט מיך: דער ממזר האָט נאָך עטליכע הונדערט דאָלער אין פּאַקעט און א ווייבעלע ביי דער זייט — גיין־גאָלד! פאַר וואָס קומט דאָס איהם? מיסטער באַראַבאַן, דער גרעסטער ביזנעס־בראָקער פון דער איסט־סייד, באַדאַרף האָבען א ווייב, עקסקיוז מי, א פּאַרזעהעניש און נאָך א קסאַנטיפּע דערצו, און דער גרינהאָרן — דאַרף איהם גאָט צושיקען אַזא צאַצקע, יו נאָו, א מזוזה׳לע — אויסקרענקען זאָל ער

עס! פויל איך זיך ניט און שרייב איהם אוועק א פּאָסטעלקארד,
ער זאָל קומען צו מיר אויף איין אַפּאָינטמענט אין דער און דער
שעה, איך האָב צו איהם א ביזנעס. לאָזט ער זיך ניט בעטען און
קומט צו געהן אין דער אָפּגעשטעלטער צייט, און דוקא מיט איהר,
מיט'ן ווייבעלע. באַזעץ איך זיי, מיינע ליעבע געסט, און דער־
צעהל זיי א מעשה, סאָ ענד סאָ: „איהר קענט ניט די אמעריקאנער
בלאָפּערס! איהר זאָלט וויסען, וואָס פאר א טריק דער גנב, דער
אַלטער לאָנדרימען, האָט אייך אָפּגעטהאָן — אַזש די האָר שטעלען
זיך קאפּויר!"... „דהיינו?" „דהיינו, זאָג איך, דאָס האָט ער,
זאָג איך, אָפּגעדונגען די סטאָר אקעגען אייך און האָט אויסגעהאָנגען
א סיין אויף א לאָנדרי, בכדי, זאָג איך, איהר זאָלט זיך דערשרעקען
און איהם אָפּטרעטען פאר האַלב געלט צוריק זיין לאָנדרי". דער־
הערט אַזאַ מעשה, האָט זיך דאָס פּאָר־פאָלק גענומען איבערקוקען,
געוואָרען אָנגעצונדען, און איבערהויפּט דאָס ווייבעלע. די אויגען
האָבען איהר געברענט, ווי צוויי קויהל פייער. „ס'איז א יושר,
זאָג איך, איהר זאָלט זיך מיט איהם אָפּרעכענען, מיט'ן גנב, ער
זאָל אייך האָבען צו געדענקען!" „מיט וואָס קאָנען מיר זיך מיט
איהם רעכענען?" „ליוו איט טו מי, זאָג איך, איכ'ל איהם שוין
צו־רעכט מאַכען, דעם פויגעל, אז ער וועט ביי מיר, זאָג איך, קיין
תחית־המתים ניט אויפשטעהן, און אייך, זאָג איך, וועט דערפון
ארויסקומען א טובה; איהר'ט, זאָג איך, האָבען א ביזנעס נאָך
בעסער, ווי פריהער!" קוקען זיי אויף מיר, ווי די טייבעלעך, ווי
איינער רעדט: פון אייער מויל אין גאָט'ס אויהערען, און לאַנג
לעבען זאָלט איהר, און אַזוי ווייטער! און איך נעם און לעג זיי
פאָר א פּלאַן: דאַרפען זיי קויפען פרעמדע ביזנעס און צאָהלען
יענעם פאר דער פירמע אין טאָג אריין? אמעהר, געה איך שוין
צום אייגענעם לענדלאָרד און דינג זיי אָפּ די סטאָרקע, וואָס דער
גנב האָט געוואָלט דינגען, און איך פיקס זיי איין פאר אַזעלכע
דריי־פיער הונדערט דאָלער א לאָנדרי אקוראט אקעגען זיין לאָנדרי
און שטעל זיך אוועק מיט איהם קאָנקורירען, וויפיעל ער נעמט, נעם

איך ביליגער, און איך מאַך איהם אין דריי וואָכען צייט צו מופּען — זאָל מיין נאָמען ניט הייסען באַראַבאַן! וואָס טויג אייך, איך האָב זיי אַזוי צעשרויפּט, אַז דער גרינהאָרן איז מיר שיער ניט אַרויפּ־געפּאַלען קושען, און דאָס שענע ווייבעלע זיינס האָט זיך צערויטעלט און איז געוואָרען נאָך שענער, ווי געווען. און דעם זעלבען טאָג נאָך האָב איך גערעגט פון זייערטוועגען די סטאָרקע, און ס'איז גיך פאַרטיג געוואָרען ביי מיר אַ נייע לאַנדרי מיט אַ סיין און מיט טישען און מיט האַק און פּאַק, און מיין פּאַר פּאָלק האָט זיך גע־נומען צו דער אַרבייט, און ס'איז אַוועק צווישען זיי און צווישען אַלטען לאַנדרימען אַ פלאַמפּייעריגע קאָנקורענציע. מע האָט זיך געשמיסען מיט די פּרייזען, ווי ווייט מע האָט געקאָנט. האָט יענער געשטעלט פיער און צוואַנציג סענט אַ דאָזען פּלעט, האָבען זיי געשטעלט אַכצעהן, און נאָך צוגעגעבען אַ „ספּרעד" אומזיסט. האָט יענער אַרונטערגעלאָזט אויף אַכט סענט העמדער, האָבען זיי אַראָפּגעשמיסען אויף אַ פּעני און אַ האַלב קאַללערס, האָט יענער שוין געמוזט אַראָפּשמייסען אויף אַ פּעני, און אַזוי ווייטער. דער שפּיץ איז — מע האָט זיך אַזוי לאַנג געשמיסען, ביז דער גרינהאָרן האָט זיך אָפּגעשאָקעלט פון די פּאָר דאָלער און געבליבען אָהן אַ פּעני, נישט געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען רענט. האָט ער צוגעמאַכט די לאַנדרי, אַרוים בשן ועין, ווי שטעהט אין פּסוק: ב ש ק אַ פּ ע י ב ו א, ב ש ק אַ פּ ע י צ א. און איצט רוהט ער זיך ביי מיר אָפּ אין לודלאָוו־סטריט־דזשייל — דאָס האָב איך אויסגעזוכט פאַר זיין ווייבעלע אַ לאָיער, וואָס מאָנט ביי איהם פון איהרטוועגען דריי זאַכען: 1) איהר געלט, די טויזענט דאָלער נדן; 2) אַ גט; און 3) ביז זי וועט אַמאָל באַקומען פון איהם דעם גט, זאָל ער זי סופּאָרטען לויט די געזעצען פון לאַנד — אַ רוח אין זיין טאַטענ'ס טאַטען אריין, דעם גרינהאָרן!...

# די פאַרענגלישטע ווערטער אין די לעצטע צוויי מאָנאַלאָגען.

---

אדוועדטייזמענט — רעקלאַמע. אַטענדען צו ביזנעס — טהון געשעפטען. איידזשענט — אַגענט. איך טריי מיין בעסט — איך טהו אַלץ וואָס מעגליך. איסט־סייד — מזרח ניו־יארק (דאָס אידישע געטאָ). איינפיקסען — איינ־ריכטען. אַל־ראַיט — זעהר וואויל. אַפּאָינטמענט — אַ באַגעגעניש. אַפּטאַון — דער הויכער טייל פון ניו־אַרק. אַפּטעראַל — נאָך אַלעמען.

באַדערען — דולען אַ קאָפּ. באָיעס — יונגלעך. באַרגיין — אַ מציאה. בוטשער — קצב. ביזנעס — געשעפט. ביזנעס־בראָקער — מעקלער. ביקאָז — וואָרום. בלאָפערס — ליגנערס. ברוקלין־ברידזש — די בריק, וואָס פאַראייניגט ברוקלין מיט ניו־יאָרק. בראָנקס — אַ געגענד אין ניו־יאָרק.

גאַבעמשמען — מיסט־מאַן. גוד באַי — אַ גוטען טאָג. גוט־אָפּ — פאַר־מעגליך. געסעטעלט די ביזנעס — אָפּגעמאַכט דאָס געשעפט. גרינהאָרן — אַ פרעמדער, אַ ניט־געניטער אין אַמעריקאַנער לעבען.

דאָונטאַון — דער נידעריגער טייל פון ניו־יאָרק. דאָזען — אַ טוץ. דזשאָב — באַשעפטיגונג. דזשאַדזשעס — ריכטער. דעליווערי־באַי — שיק־יונגעל. דעפּאָזיט — אַדערויף. דרייווער — פערד־שמייסער.

האַודו־יו־דו — וואָס מאַכט איהר? העט — הוט.

וואַט איז די טראַבעל — וואָס איז געשעהען? וואַנדערפול — וואונ־דערבאַר. ווינדע — פענסטער.

טרייד — אַרבייט. טרייען — פּרובען. טריק — אַ שפּיצעל. טשענס — אַ שאַנס, אַ מעגליכקייט.

יו נאָו — פאַרשטעהט איהר מיך. יוז — באַנוצען.

לאַנדרי — וועשעריי. לאַנדרי־ביל — וועשעריי־הוצאות. לאַנדרימען — וועשער. לודלאָו־סטריט־דזשייל — אַ געפענגעניש אין ניו־יאָרק אויף לודלאָו־גאַס. ליוו איט טו מי — לאָזט דאָס איבער צו מיר.

מופען — זיך איבערקלייבען. מייל די פּאָסט — שיק אַרויס בריעף.

ני־פענטס־מייקער — הויזן־שניידער. נעווערמיין — עס מאכט ניט אויס. נעם איך א שייוו — גאָל־אפּ די באָרד.

סאָ ענד סאָ — אזוי און אזוי. סאַטיספּייט — צופריעדען. סום — רעקעל. סופּאָרטען — אויסהאַלטען. סטאָר — קלייט. סטיישיאָנערי — א קלייט פון שרייב־געצייג. סטריט — גאס. סטריט־קלינער — גאסענקעהרער. סטריקטלי — שטרענג. סידאָן — זיצט. סיין — שילד. סיידוואָק — טראָטואר. ספּאָרט — וואוילער יונג. ספּרעד — ליילאך. סקוהל־באָי — חדר־יונגעל.

עקסקיוז מי — האָט קיין פאראיבעל ניט. עקספּענסעס — הוצאות.

פּאָסטעלקאָרד — פּאָסט־קאַרטע. פּאָקעט — קעשענע. פּינאָקעל — אזא קאָרטענשפּיעל. פּייפּערס — גאזעטען. פּליעז — זייט אזוי גוט. פּלעט — וויים־גרעט. פּעמיליאיירענער — פאמיליענוועש־פּרעסער. פּעני — א גראשען. פּענסיל — בלייפען. פּעקט — פּאַקט.

קאָללערס — קאָלנערס. קאָמישען — מעקלעריי־געלט. קאָנגרעסמענס, אסעמבלימענס — פּאַרלאַמענט־דעפּוטאטען. קאָרנער פון סטריט — גאס־ווינקעל. קענדי — צוקערקעס. קעש — מזומן.

רומקע — חדר'על. רעגעלע — געוואוינליכע. רעווערענד — רב. רענט — דירה־געלט. רענטען — דינגען א דירה. רעפּוטיישאָן — רעפּוטאציע.

שאָפּ — פאבריק. שווירטאיירענער — העמדער־פּרעסער.

# אינהאלט

# צו די לעזער

איך בין א רייזענדער. כמעט עלף חדשים אין יאהר בין איך אין וועג. צום מיינסטען — אין באהן, און מעהרסטענטיילס — דריטע קלאס, און, ווי געוועהנליך, — איבער אידישע שטעדט און שטעדטלעך; ווארום דארט, וואו אידען טארען ניט וואוינען, האב איך נישט וואס צו טהון.

וועה־וועה, וואס מע זעהט זיך אן אונטערוועגנס! א שאד, וואס איך בין ניט קיין שרייבער. דאס הייסט, אז מע וויל צוריס, מיט וואס בין איך ניט קיין שרייבער? וואס איז אזעלכעס, אייגענטליך, א שרייבער? יעדער מענטש קאן זיין א שרייבער. ובפרט נאך — אויף אידיש. „זשארגאן" — אויך מיר איין עסק! מע נעמט א פען און מע שרייבט.

נאר אז מע וויל דאס אייגענע טאקי ווידער צוריק, טאר נישט איעדער זיך חאפען צו שרייבעריי. איטליכער באדארף זיך האלטען ביי זיינעם. פרנסה איז פרנסה. אט אזוי איז מיין מיינונג. ס'איז נישטא וואס צו טהון, איז דאס אויך איין ארבייט.

מיר, אלס רייזענדער, קומט־אויס אונטערוועגנס אפטמאל אויסזיצען גאנצע טעג, נישט צו טהון קיין האנט אין קאלט וואסער, האטש נעם שלאג זיך קאפ אן וואנט. בין איך געפאלען אויף א

גלייכע זאך. איך האב מיר אומיסטנע געקויפט א ריינעם בוך מיט א בלײשטיפט, און אלסדינג, וואס איך זעה זיך אן, און אלסדינג, וואס איך הער זיך אן אין וועג, נעם איך און טראג דאס אריין צו מיר אין בוך אריין. און אט אזוי, ווי איהר זעהט, האט זיך צונויפ־געקליבען ביי מיר, קיין עין־הרע, א היבש ביסעל מאטעריאל. עס וועט זיין געגנוג אפשר אויף א יאהר צו לייענען. האב איך מיך מיישב געווען: וואס טהוט מען דערמיט? ארויסווארפען? — איין עבירה פאר גאט. פאר וואס זאל איך עס ניט ארויסגעבען אין א בוך, אדער אפדרוקען אין א בלאט? איך זאל האבען די ברכות, וואס מע דרוקט א סך ערגערע זאכען.

און איך האב מיך אוועקגעזעצט און האב צעלעגט די סחורה אויף מוסטערען, דעם „בראק" ארויסגעשמיסען, איבערגעלאזט נאר דאס בעסטע, פרימא שבפרימא, איינגעטיילט אויף באזונדערע גע־שיכטען, געשיכטע נומער איינס, געשיכטע נומער צוויי, און אזוי וויטער. יעדער געשיכטע האב איך געגעבען איין אנדערען נאמען, פיינטשיק, ווי עס געהער צו זיין, — מעשה סוחר. איך וויים ניט, צי וועל איך אינ'ם געשעפט פארדיענען, צי איך וועל ברעכען רוק און לענד. הלואי איך זאל חאטש ארויס מיט מיין קרן...

די קשיא: צוליעב וואס האב איך באדארפט דעם גאנצען מסחר? — פרעגט מיך בחרם, איך וויים אליין ניט. עס קאן זיין, ס'איז פון מיר א נארישקייט, נאר אפגעטהאן — איז פארפאלען. מיט איין זאך האב איך מיך באוואהרענט: מיט די קריטיקער. איך האב מיין געשעפטס־נאמען באהאלטען. א מכה וועלען זיי טרעפען, ווי אזוי איך הייס. לאזען זיי קריטיקירען, לאזען זיי לאכען, לאזען זיי זיך דראפען אויף די גלייכע ווענט — איך הער זיי, ווי המן דעם גראגער. איך בין ניט קיין מחבר, קיין מלמד, קיין בטלן, — איך בין א איד א סוחר!

**א קאמי־וואיאזשער.**

נעשיכטע נומער איינס

# קאָנקורענטען

געשריבען אין יאָהר 1909.

### געשיכטע נומער איינס

# קאָנקורענטען

תמיד, סאַמע אין דער רעכטער בהלה, ווען אידען שטופּען זיך, דער אַריין, דער אַרויס, און מע שלאָגט זיך אין וואַגאָן פאַר די ערטער, ווי, להבדיל, אין שוהל פאַר הקפות — פּונקט דעמאָלט זענען זיי דאָ. זיי ביידע: ער און זי.

ער — אַ שוואַרצער, אַ גראָבער, אַ צעבורשעטער, מיט אַ בעלמע אויף איין אויג. זי — אַ רויטע, אַ דאַרע און אַ געשטופּעלטע. ביידע אָפּגעריסען, אָפּגעשליסען, ביידע מיט געלאַטעטע שיך און ביידע מיט איינע און די זעלבע סחורה: ער אַ קויש, זי אַ קויש; ער מיט געפלאָכטענע קוילעטשלעך, האַרטע אייער, פּלעשלעך מיט זעלצערוואַסער און מאַראַנצען, זי אויך מיט די זעלבע געפלאָכטענע קוילעטשלעך, האַרטע אייער, פּלעשלעך זעלצערוואַסער און מאַראַנצען.

אַמאָל מאַכט זיך, אַז ער האָט אין קויש סקאָרמוטשען מיט רויטע וויינשעל, שוואַרצע קאַרשען אָדער גרינע עסיגזויערע וויינ־טרויבען. דעמאָלט קומט זי אויך מיט די זעלבע רויטע וויינשעל, שוואַרצע קאַרשען אָדער גרינע עסיגזויערע וויינטרויבען.

און ביידע קומען זיי תמיד אין איין צייט, שטופּען זיך דורך אין איין טיר פון וואַגאָן און רעדען ביידע אויף איין לשון, נאָר מיט א באַזונדערער אויסשפּראַך. ער — א ביסעל יאַדישליווע, אַהן א רי״ש, ווייך, צעגאַנגען, ווי אָהן א צונג. און זי — שעפּעליאַווע, דוקא א פּיל מויל מיט צונג.

אפשר מיינט איהר, אַז זיי שמייסען זיך מיט די מקחים, קאָנ־קורירען, וואַרפען דעם מאַרק? חלילה. דער פּרייז איז ביי זיי איין פּרייז. זייער גאַנצע קאָנקורענץ באַשטעהט נאָר אין דעם, **ווער פון זיי רופט אַרויס מעהר רחמנות.** ביידע בעטען זיך ביי אייך, איהר זאָלט רחמנות האָבען אויף זייערע פינף קינדער יתומים (ביי איהם פינף קינדער יתומים, ביי איהר פינף קינדער יתומים). ביידע קוקען זיי אייך אין די אויגען אַריין, שטופּען אייך זייער סחורה גלייך אין פּנים אַריין און רעדען איבער אייך אַזוי לאַנג, אַז — צי איהר דאַרפט, צי איהר דאַרפט ניט — איהר מוזט עפּיס קויפען.

נישט מעהר, וואָס פון זייער רעדען מיט זייער וויינען מיט זייער בעטען זיך ווערט איהר א ביסעל פאַרטומעלט. איהר ווייסט ניט, ביי וועמען איהר זאָלט קויפען: ביי איהם, צי ביי איהר? פאַלט איהר מסתמא אויף איין עצה און ווילט געבען צו לייזען ביידען, לאָזען זיי אייך ניט:

— קויפט איהר, רב איד, דאַרפט איהר קויפען ביי איינעם. אויף צוויי חתונות טאַנצט מען ניט!

ווילט איהר זיין א בעל־יושר, קויפט איין מאָל ביי איהם, דאָס אַנדערע מאָל ביי איהר. ווערט איהר אויסגעזידעלט אויף אַלע זייטען:

— רב איד! מיט וואָס בין איך אייך עפּיס היינט ניט גע־פעלען אין שלייער?

אָדער אַזוי:

— רב איד! ערשט יענע וואָך האָט איהר ביי מיר געקויפט און האָט זיך, דאַכט מיר, ניט גע׳סמ׳ט און ניט דערוואָרגען אויך?...

פאלט איהר אריין אין „מאַראַל" און הויבט זיי אָן זאָגען מוסר, אז יענער האָט אויך א נשמה, יענער דאַרף אויך לעבען, ווי דער דייטש זאָגט: „לעבען און לעבען לאססען". באקומט איהר דערויף א תשובה, נישט אויף דייטש, נאָר דוקא אויף פּראָסט אידיש, אפילו א ביסעלע פארשטעלט, נאָר גאַנץ פארשטענדליך:

— פעטער! מיט איין דאָס אויף צוויי ירידים פאָהרט מען ניט!...

יאָ, אָט אזוי איז עס, ליעבער פריינט! יוצא זיין פאר א וועלט זאָלט איהר קיינמאָל ניט וועלען — עס וועט אייך ניט געראָטען, און ווערען א רודף־שלום'ניק זאָלט איהר זיך קיינמאָל ניט פּרובען — עס וועט אייך אויספאלען באָקאָם. איך וויים עס פון מיין אייגענער פּראַקטיק. איך וואָלט אייך דערצעהלט וועגען דעם א שענע גע־שיכטע, ווי אזוי איך בין אמאָל געווען א נאר, איך האָב מיך אריינ־געלעגט צווישען א פּאָרפאָלק, געוואָלט מאכען א שלום, און דער שפּיץ איז געווען — איך האָב געחאפּט אָפּגעשניטענע יאָהרען פון מיין אייגען ווייב. איך האָב אָבער מורא מישען איין געשיכטע אין דער אנדערער, איך זאָל ניט אוועק אָן א זייט, חאָטש אפילו אין געשעפט טרעפט זיך אָפטמאָל, אז מע לעגט־פאר איינעם איין אַרטיקעל און רעדען רעדט מען גאָר האָצעקלאָץ, אויפ'ן הימעל א יריד... הכלל, מיר קעהרען זיך אום צו אונזער געשיכטע.

איינמאָל, געווען איז דאָס אָסיענצייט, אין א רעגענדיגען טאָג. דער הימעל איז געווען וויינענדיג, די ערד — וויסט און פינסטער, און די סטאַנציע פול־און־פיל מיט מענטשען. פאססאזשירען אריין, פאססאזשירען ארויס. אלע לויפען, אלע שטופּען זיך. און אידען, געוועהנליך, מעהר פון אלעמען. מע יאָגט זיך, מע קריכט איינס איבער דאָס אנדערע, מיט טשעמאָדאַנעס, פּעקלעך און בעטגעוואַנט. א געשריי, א ליאַרעם, א געפּילדער! און סאמע אין דער רעכטער הושטשע — ער און זי. ביידע אָנגעלאָדען מיט עסענוואַרג, ווי תמיד. ביידע שטופּען זיך אין איין טיר אריין, ווי תמיד. פּלוצים... וואָס האָט זיך געטראָפען? ביידע קוישען ליגען אויף דער ערד.

די קוילעטשלעך מיט די אייער מיט די פלעשלעך זעלצערוואסער מיט די מאראנצען וואלגערען זיך אין דער בלאָטע, און א מישמאש פון געשרייען, קוויטשערייען, טרערען און קללות גיסט זיך צונויף אינאיינעם מיט׳ן געלעכטער פון די קאָנדוקטאָרען און מיט׳ן רעש און מיט׳ן טומעל פון די פאסאזשירען. עס קלינגט און עס פייפט. נאָך א מינוט — און מיר פאָהרען.

אין וואגאָן איז א גערעדעריי. אחינו־בני־ישראל שמועסען זיך דורך, לופטערען די שפראך. און דוקא אלע מיט א מאָל, ווי די ווייבער אין שוהל, אָדער ווי די גענז אויפ׳ן יריד. עס איז שווער צו חאפען דעם תוך, דעם אינהאלט. סיידען באזונדערע פראזען.

— א גערעדט אויף געפלאָכטענע קוילעטשלעך.

— א פאָגראָם אויף אייער.

— וואָס האָט ער געהאט צו די מאראנצען?

— וואָס פרעגט איהר? — עשו!

— וויפיעל שאצט איהר דעם היזק?

— א מצוה, לאָזען זיי ניט קריכען, ניט איינעסען זיך אין די ביינער אריין!

— וואָס זאָלען זיי נעבאך טהון? א איד זוכט פרנסה.

— חא־חא־חא! — רופט זיך אָן א גערייכטע באסאָווע שטימע. — אידישע פרנסות!

— אידישע פרנסות? — לאָזט זיך הערען א יונג קול׳כעל מיט א קוויטש. — איהר האָט שענערע פרנסות? גיט זיי אהער.

— יונגערמאַן! ניט צו אייך רעדט מען! — דונערט די באסאָווע שטימע.

— ניט צו מיר רעדט איהר? איך רעד אָבער צו אייך — איהר האָט שענערע פרנסות? איאָ, איהר שווייגט? וואָס שווייגט איהר?

— וואָס וויל פון מיר אָט דער יונגערמאן?

— וואָס זאָל איך וועלען? איהר זאָגט: אידישע פרנסות — זאָג איך: אדרבה, איהר האָט שענערע? גיט זיי אהער.

— געפעלט אייך אַ ביסעל אַ פּריטשעפּע ? !
— שאַט, אידען ! זאָל זיין שטיל, אָט איז זי דאָ.
— ווער ?
— זי אַליין, דאָס ווייבעל פון די אָנבייסענס.
— וואו איז זי, די יפהפיה, וואו ?
— אָט איז זי, אָ !

אַ געשטופּעלטע, אַ רויטע, מיט געשוואָלענע אויגען פון געוויין, שטופּט זי זיך דורך מיט'ן לעדיגען קויש צווישען עולם, זוכט אַ פּלאַץ, זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד, אויפ'ן איבערגעקעהרטען קויש, באַהאַלט די פאַרשוואָלענע אויגען אינ'ם צעריסענעם שאַל און וויינט זיך שטילערהייט.

אַ מאָדנע שטילשווייגען ווערט מיט אַ מאָל אין וואַגאָן. אויס־געגאַנגען רעד. אַפּגענומען לשון. נאָר איינער חאַפּט זיך אויף און רופט זיך אָן צום עולם מיט אַ געדיכטער באַסאָווער שטימע :
— אידען ! וואָס שווייגט איהר ?
— וואָס זאָלען מיר שרייען ?
— מע דאַרף איהר עפּיס מאַכען.

אַ שענע מעשה ! ווייסט איהר, ווער דער איינער איז ? דוקא אָט יענער, וואָס האָט נאָר־וואָס געלאַכט „חאַ ־ חאַ ־ חאַ, אידישע פּרנסות". אַ מאָדנער נפש מיט אַ מאָדנע היטעל אויפ'ן קאָפּ. אַ מין קאַשקעט מיט אַ גלייכען גלאַנצענדיגען דאַשעק. און דערצו טראָגט ער נאָך בלויע ברילען, אַזוי, אַז קיין אויגען זעהט מען נים. נישטאָ קיין אויגען. נאָר אַ נאָז, אַ פליישיגע, פעטע, בולבעוואַטע נאָז.

נישט לאַנג געטראַכט, חאַפּט ער אַראָפּ דעם קאַשקעט פון קאָפּ, וואַרפט־אַריין דער ערשטער אַ פּאָר זילבערנע מטבעות, און געהט פון איינעם צום אַנדערען און דונערט מיט דער באַסאָווער שטימע :
— גיט, אידישע קינדער, וויפיעל איהר קאָנט. אחד המרבה ואחד הממעיט — מאַכט רש"י : „דראָוואַננאָמו קאָניו ווזובי ניע סמאָטריאַט".

דער עולם האָט זיך אַ נעם געטהאָן צו די קעשענעס, אויפ־געעפענט די בייטעלעך, און עס האָבען אָנגעהויבען קלינגען מטבעות, אַלערליי מטבעות, זילבערנע און קופּערנע. צווישען עולם זיצט אויך איינער אַ קריסט, אַ קאַצאַפּ מיט גרויסע שטיוועל און מיט אַ זיל־בערנער קייט איבער'ן האַלז; האָט ער, געהניצענדיג, זיך איבער־גע'צלמ'ט און אויך אַריינגעוואָרפען אַ מטבע. נאָר איין פּאַסאַזשיר האָט זיך אָפּגעזאָגט, ניט געוואָלט געבען גאָרנישט. און דוקא אָט יענער, וואָס האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון אידישע פּרנסות. אַ יונגערמאַן אַ אינטעליגענט מיט פּוכקע בעקלעך, אַ געל שפּיצעביג בערדעל, און מיט אַ גאָלדענעם פּענסנע. איינער פון די יונגעלייט, וואָס האָבען רייכע טאַטע־מאַמע, רייכע שוועהר־און־שוויעגער, און אַליין זענען זיי אויך אָנגעשטאָפּט, און פאָהרען דריטע קלאַס, ווייל זיי זשאַלעווען געלט.

— יונגערמאַן, גיט עפּיס אין היטעל אַריין! — זאָגט צו איהם דער נפש מיט די בלויע ברילען און מיט דער בולבעוואַטער נאָז.

— איך געב ניט. — זאָגט דער יונגערמאַן דער אינטעליגענט.

— פאַר וואָס?

— אָט אַזוי. ס'איז ביי מיר אַ פּרינציפּ.

— דאָס האָב איך געוואוסט פריהער.

— פון וואַנען?

— מע זעהט נאָך די באַקען, ווי די צייהנער קנאַקען — מאַכט רש"י: „ווידנאָ פּאַנאַ פּאָ חאָליאַווע"...

דער יונגערמאַן דער אינטעליגענט ווערט אָנגעצונדען, פאַר־לירט אַזש דאָס פּענסנע און פאַלט־אָן אויף דער בולבעוואַטער נאָז מיט אַ קוויטש:

— איהר זענט אַ איגנאַראַנט, אַ גראָבער יונג, איין עם־האָרץ, און אַ נאַחאַל, איין עזות־פּנים דערצו!

— דאַנקען גאָט! אבי ניט קיין דבר אחר ביד חזקה שתים.

אזוי ענטפערט איהם די בּולבּעוואַטע נאָז מיט דער באַסאָוועָר־ שטימע דוקא אין גוטען מוט און געהט צו דער וויינענדיגער א־דינע מיט די געשוואָלענע אויגען:

— מוהמעניו! טאָמער וואָלט געווען גענוג צו וויינען? איהר מאַכט אייך נאָר קאַלי אייערע שענע אויגען. גיט אהער ביידע זשמעניעס, לאָמיך אייך אויסשיטען דאָס ביסעל קליינגעלט.

א מאָדנע ווייבעל! איך האָב געמיינט, אז דערזעהן אזוי פיעל געלט, וועט זי מסתמא צעגעהן און צעגאָסען ווערען פון ווינשע־וואַניעס. עס הויבּט זיך גאָר ניט אָן. אַנשטאָט ווינשעוואַניעס, האָבּען זיך אַ גאָס געטהאָן פון איהר מויל קללות. עס האָט זיך ביי איהר געעפענט אַ פאָנטאַן, אַ קוואַל פון קללות:

— אײנגאַנצען ער — ברעכען זאָל ער האלז און נאַקען, ביין און לייב אויפ׳ן גלייכען וועג, ליעבער גאָט! אַלסדינג נעמט זיך פון איהם — נעמען זאָל איהם די ערד, זיסער פאָטער! ער זאָל גאָר ניט דערלעבען קומען אהיים, קומען זאָל אויף איהם אַ מיתה־ מהומה, אַ חלירע, אַ שרפה, אַ מגפה, איין אויסחאַפעניש! איין אויפלויפעניש! איין איינדאַרעניש! אַ צונויפשרימפעניש!...

רבונו של עולם! פון וואַנען נעמען זיך ביי אַ מענטשען אזוי פיעל קללות? אַ גליק, וואָס דער נפש מיט די בלויע ברילען האָקט איהר איבּער אין מיטען:

— גענוג אייך שוין צו בענטשען, ווייבעל! זאָגט בעסער, וואָס האָבען געהאַט צו אייך די קאָנדוקטאָרעס?

דאָס ווייבעל הויבּט־אויף אויף איהם די געשוואָלענע אויגען:

— איבער איהם, דער שלאַק זאָל איהם טרעפען! ער האָט מורא געהאַט, טאָמער חאַפּ איך אויס אַלע קונים, געהט ער און שטופּט זיך אין וואַגאָן, געה איך און פאַרחאַפּ פריהער, געהט ער און האַלט מיר צו דעם קויש פון הינטען, געה איך און מאַך אַ גוואַלד, געהט דער זשענדאַר און טהוט אַ וואונק צו די קאָנדוק־ טאָרעס, געהען די קאָנדוקטאָרעס און שיטען אונז אויס ביידע קוישען אין דער בלאָטע, צעשאָטען זאָלען ווערען די ביינער זיינע

אזוי ווי זאמד, ליעבער גאָט! איהר מעגט מיר גלויבען, איך זאָל אזוי רעדען מיט ווענען מיר איז ליעב, אז זינט איך האַנדעל מיט דער דאָזיגער סחורה און פאָהר אויף דער ליניע, האָט מיך נאָך קיינער ניט אָנגעריהרט, איהר זאָלט זאָגען, אויף א האָר אפילו! איהר מיינט, מחמת וואָס? מחמת גוטסקייט? אזוי פיעל מכות זאָל זיך איהם זעצען, וויפיעל קוילעטשלעך מיט וויפיעל אייער עס ווערט צעטיילט אויף דער סטאַנציע! אַלעמען, פון׳ם קלענסטען ביז׳ן גרעסטען, מוז מען פארשטופען דעם האַלז. קומט דער טאָג, הויבט זיך אָן איין אויסטיילעניש: דעם א קרענק, דעם קדחת, דעם א מכה. דער סטארשי קאָנדוקטאָר נעמט זיך אַליין זיין חלק אָנ־בייסען, וואָס ער וויל, און די איבעריגע קאָנדוקטאָרעס טיילט מען אוים, ווענען א קוילעטשעל, ווענען איין איי און ווענען א מאראַנץ. וואָס דאַרפט איהר מעהר? אפילו דער גוי, וואָס הייצט די אויוועגס, א חלירע איהם אין פנים, מיינט איהר, איז ניט קיין בעלן אויף אָנבייסען? אזא מכה איהם! ער שרעקט מיך, אז טאָמער ניט, וועט ער מיך מסר׳ען צום זשענדאַר. ער ווייסט ניט, א קרענק איהם אין די ביינער, אז דער זשענדאַר אַליין איז אויך איין אונטער־געשמירטער. דעם זשענדאַר איז מען מטמא אַלע וואָך, אז עס קומט זונטאָג, מיט א פאָרציע מאראַנצען. אי דאָס — קלויבט ער אוים די גרעסטע, די שענסטע, די בעסטע מאראַנצען...

— מוהמעניו! — שלאָגט איהר איבער דער וואָס מיט די בלויע ברילען. — ווערליג איך פארשטעה נאָך אייערע געשעפטען, דאַרפט איהר געהן אין גאָלד.

— וואָס רעדט איהר? — חאפט זיך ארוים דאָס ווייבעל, גלייך ווי זי פארענטפערט זיך. — קוים־קוים וואָס מע קומט אוים מיט׳ן קרן. און אמאָל מאכט זיך, אז מע דערלענט די הויט. מע ווערט בדיל־הדל.

— צו וואָס־זשע טויג אייך דער מסחר?

— וואָס־זשע, זאָל איך געהן גנב׳ענען, אז איך האָב פינף קינדער, פינף חלירעס איהם אין בויך, און אַליין בין איך קראַנק,

קרענקען זאָל ער אין הקדש, ליעבער גאָט, פון היינט אָן חאָטש ביז איבעראיאָהר ראש־חודש אלול, ווי ער האָט געמאַכט א תל, באַ־גראָבען דאָס געשעפט, באַגראָבען זאָל איך איהם! אזא געשעפט, אזא זיס געשעפט, אזא גוט געשעפט!

— א גוט געשעפט?

— א גאָלדען געשעפט, פּרנסה בשפע. ווי זאָגט איהר, מיט טעלער און מיט לעפעל.

— אָט נאָר־וואָס האָט איהר געזאָגט, מוהמעניו, אז מע ווערט בדיל־הדל.

— וואָס־זשע, מע פּאַרדיענט, אז מע צעטיילט העכער האַלב אומזיסט דעם קאָנדוקטאָר און דעם סטאַרשי קאָנדוקטאָר און אַלע זונטאָג דעם זשענדאַר? וואָס איז ביי מיר — א קרעניצע? א ברונען? צי גנב'יש געלט?

דער נפש מיט די בלויע ברילען און מיט דער בולבעוואַטער נאָז הויבט שוין אָן ארויס פון די כלים:

— מוהמעניו, איהר מאַכט מיט מיר זומער און ווינטער!...

— איך מאַך? די צרות מיינע מאַכען, מאַכען זאָל איך איהם א טוידט, ווי ער האָט מיך אוועקגעקוילעט, געקוילעט זאָל ער ווערען פון גאָט, אז געווען איז ער סך־הכּל א שניידער, א לאַטוטניק, גע־שטשאָבעט מיט דער נאָדעל און ווי עס איז פּאַרדיענט, ווי זאָגט איהר, וואַסער אויף קאַשע. האָט ער זיך אָבער מתקנא געווען אין מיר, דערזעהען, די אויגען זאָלען איהם ארויס, אז איך עס ברויט, עסען זאָלען איהם ווערים, און האָלט־אויס מיט'ן דאָזיגען קויש, קיין עין־הרע, פינף קינדער יתומים, זאָלען איהם אין די אויגען, שטיינער איהם אין הארצען, געהט ער, ארויסגעהן זאָל איהם די פּאַרע, און קויפט זיך אויך א קויש, קויפען זאָל איך איהם תכריכים, ליעבער גאָט! פרעג איך איהם: וואָס איז דאָס? זאָגט ער: א קויש. וואָס ווילסט דו טהון, זאָג איך, מיט'ן קויש? זאָגט ער: דאָס אייגענע, וואָס דו. זאָג איך: וואָס הייסט? זאָגט ער: אָט דאָס הייסט... איך האָב, זאָגט ער, אויך פינף קינדער, וואָס דאַרפען

עסען... דו וועסט זיי, זאָגט ער, מיט ברויט ניט האָדעווען... האָט איהר עפּיס צו איהם ? און אָט אזוי, ווי איהר זעהט, שלעפּט ער זיך מיר נאָך מיט'ן קויש און שלעפּט אוועק ביי מיר אַלע קונים, שלעפּען זאָל מען איהם די צייהן פון מויל, און רייסט ארויס פון מיר דעם לעצטען ביסען, רייסען זאָל מען פון איהם שטיקער, זיסער פּאָטער, הארציגער, געטרייער !

פאלט דער נפש מיט די בלויע ברילען אויף א גלייכע זאַך, וואָס מיר אַלע זענען, אייגענטליך, דערויף געפאַלען:

— וואָס־זשע דארפט איהר זיך טאָפּטשען ביידע אויף איין אָרט ?

דאָס ווייבעל שטעלט־אוועק אויף איהם די געשוואָלענע אויגען:

— וואָס־זשע דען זאָלען מיר טהון ?

— זוכט אייך אויס איין אַנדער פּלאַץ. די ליניע איז גרויס.

— נו, און ער ?

— ווער ?

— דער מאַן מיינער.

— וואָסער מאַן ?

— מיין צווייטער מאַן.

— וואָסער צווייטער מאַן ?

דעם ווייבעל'ס רויט געשטופּעלט פּנים ווערט נאָך רויטער.

— וואָס הייסט — וואָסער צווייטער מאַן ? דאָס איז ער דאָך טאַקי, דער שלים־מזל, מיין צווייטער מאַן, אז אָך און וועה איז מיר !

אַלע האָפּען מיר זיך אויף פון די ערטער:

— ער, אָט דער קאָנקורענט אייערער, איז אייער צווייטער מאַן ?

— וואָס דען האָט איהר געמיינט ? מיין ערשטער מאַן ? עהע" הע ! ווען מיין ערשטער מאַן, עליו־השלום, זאָל מיר איצטער לעבען !...

אזוי ציהט אוים דאָס ווייבעל מיט אַ ניגון און וויל אונז אָנ־הויבען דערצעהלען, אפּנים, ו ו ע ר איהר ערשטער מאַן איז געווען און ו ו אָ ס ער איז געווען. ווער הערט זי? אַלע רעדען, אַלע ווערטלען זיך, אַלע חכמ'ען זיך, און מע לאַכט, און מע לאַכט, און מע לאַכט!

טאָמער ווייסט איהר, וואָס איז דיער געלענדער?...

ע נ ד ע  נ ע ש י כ ט ע  נ ו מ ע ר  א י י נ ס.

געשיכטע נומער צוויי

# דער גליקליכסטער אין קאָדני

געשריבען אין יאָהר 1909.

געשיכטע נומער צוויי

# דער גליקליכסטער אין קאדני

די בעסטע צייט פאהרען אין באהן איז — ווייסט איהר ווען? אסיענצייט, ארום נאך־סוכות.

ס'איז ניט היים און ניט קאלט, און איהר קוקט ניט אן דעם פארוויינטען הימעל מיט דער קלאגעדיגער פאר'חושכ'טער ערד. טראפענס רעגען שמייסען אין די פענסטער, קויקלען זיך אראפ אויפ'ן פארשוויצטען גלאז, אזוי ווי טרערען, און איהר זיצט זיך, ווי א פריץ, אין וואגאן דריטער קלאס מיט נאך א סך אזעלכע מיוחסים, ווי איהר, און חאפט א קוק אין דרויסען ארויס, און איהר דערזעהט פון דערווייטענס א וועגעלע שלעפט זיך, טיאפקעט אין דער בלאטע. אויפ'ן וועגעלע זיצט, איינגעבויגען אין דרייען, א גאט'ס באשעפעניש, מיט א זאק איבערגעדעקט, און לאזט־אויס זיין ביטער הארץ צום פערדעל נעבאך, אויך א גאט'ס באשעפעניש, — און איהר דאנקט גאט, וואס איהר זענט אונטער א דאך, צווישען מענטשען. איך ווייס ניט, ווי אזוי איהר — איך האב ליעב פאהרען אין באהן אסיענצייט, ארום נאך־סוכות.

דאס ערשטע איז ביי מיר — איין ארט. האב איך פארחאפט איין ארט, און ווער שמועסט נאך אין דער רעכטער האנט, נעבען פענסטער, — בין איך מיר א קיסר. ארויסגענומען דעם פאר־

טאבאק, הויבט מען אָן צו פּארדרויכערען א פּאפּיראָס נאָך א פּאפּי־ראָס און ארומקוקען זיך, ווער פאָהרט אין וואגאָן און מיט וועמען קאָן מען רעדען א פּאָר ווערטער וועגען געשעפט? פּאסאזשירען, דאכט זיך, ניט צו פארזינדיגען, אָנגעפּאקט, ווי הערינג אין א פאס. בערד, נעזער, היטלען, בייכער, געשטאַלטען פון מענטשען. און מענטשען? — ניט איינער. נאָר שאַ, אַט זיצט עפּיס אין א ווינקעלע איינער אליין א מאָדנער פּארשוין, א פּארשוין ניט ווי אלע. ביי מיר איז א שארף אויג. נישט קיין געוועהנליכען מענטשען וועל איך אייך באמערקען צווישען הונדערט.

דאָס הייסט, אויפ׳ן קוק איז דאָס אפילו א גאנץ געוועהנליך מענטשעל, א אידעל פון די אידלעך, וואָס מע מעסט זיי אויפ׳ן מעסטעל, אָדער דאָס, וואָס ווערט אָנגערופען ביי אונז: „א איד פון א גאנץ יאָהר". נאָר אָנגעטהאָן איז ער עפּיס מאָדנע: א קאפּאָטע ניט קיין קאפּאָטע, א חאלאט ניט קיין חאלאט. אויפ׳ן קאָפּ — א היטעל ניט קיין היטעל, א יארמעלקע ניט קיין יארמעלקע. אין די הענט — א שירעם ניט קיין שירעם, א בעזעם ניט קיין בעזעם. א מאָדנע אָנטהון.

נאָר ניט דאָס אָנטהון איז דער עיקר, ווי דאָס אידעל אליין מיט זיין ריהרעוודיגקייט, מיט זיין ארומקוקען זיך אויף אלע זייטען און מיט זיין ניט קאָנען איינזיצען אויף איין אָרט, און דערהויפּט — מיט זיין שיינענדיג, פרייליך, לעבעדיג פּנים און גליקליך אויסזעהען.

נישט אנדערש, ווי דער מענטש האָט אָדער אויסגענומען א הויפּט־טרעפער, אָדער חתונה געמאכט א טאָכטער אין א מזל׳דיגער שעה, אָדער אריינגעגעבען א זוהן אין גימנאזיע. אלע מינוט חאפּט ער זיך אויף, טהוט א קוק אין פענסטער און א זאָג צו זיך אליין: „א סטאנציע? נאָך ניט?" — און זעצט זיך אוועק צוריק, אלע מאָל נעהענטער צו מיר, א שיינענדיגער, א פרייליכער, א גליקליכער.

בטבע, דארפט איהר וויסען, בין איך א מענטש, וואָס האָב פיינט, ווי אנדערע, קריכען צו יענעם אין הארצען אריין, אויס־טאפּען, אויספרעגען, ווער און וואָס און ווען. איך געה מיר מיט

דעם גאַנג, אַז אַ מענטש, וואָס האָט עפּיס, וועט ער עס אַליין אַרויסגעבען.

כּך הוה. נאָך דער צווייטער סטאַנציע האָט זיך מיין ריה־רעוודיג אידעל צוגערוקט צו מיר נאָך אַ ביסעל נעהענטער, דאָס הייסט, טאַקי גאַנץ נאָהענט, אַזוי, אַז זיין מויל איז אויסגעקומען אַקוראַט אַקעגען מיין נאָז.

— וואוהין פאָהרט אַ איד?

איך האָב אָבער פאַרשטאַנען פון זיין פרעגען מיך און פון זיין אַרומקוקען זיך און פון זיין קראַצען זיך אונטער'ן היטעל, אַז איהם געהט ניט אָן אַזוי, וואוהין איך פאָהר, ווי עס ווילט זיך איהם אַרויסדערצעהלען, וואוהין ער פאָהרט. און איך האָב איהם געטהאָן צוליעב, דאָס הייסט, איך האָב איהם דערויף ניט געענטפערט גאָרנישט, נאָר אַ פרעג געטהאָן: „און איהר וואוהין?" — און ס'איז אַוועק אַ גאַנג:

— איך וואוהין? קיין קאָדני. געהערט אַמאָל קאָדני? בין איך אַ דאָרטיגער בין איך. ניט ווייט פון דאַנען. די דריטע סטאַנציע. דאָס הייסט, פון דאַנען האָבען מיר נאָך אַזוי גרויס ווי דריי סטאַנציעס. און פון דאָרטען קיין קאָדני באַדאַרף מען נאָך צופאָהרען מיט דער אַקס אַ שעה אָנדערטהאַלבען. דאָס הייסט, סע רעדט זיך נאָר אַזוי: אָנדערטהאַלבען. אין אמת'ען איז דאָס טאַקי גאַנצע צוויי שעה, אייזערנע צוויי שעה, נאָך מיט אַ סמיטשיק. אי דאָס, מיט אַ תּנאַי — אויב ס'איז אַ גוטער וועג און מע פאָהרט מיט אַ פאַעטאָן. איך האָב באַשטעלט, דורך אַ דעפּעש. איך האָב געקלאָפּט, הייסט דאָס, אַ דעפּעש, מע זאָל מיר אַרויסשיקען אַ פאַעטאָן אויף דער סטאַנציע. צוליעב מיר, מיינט איהר? שרעקט אייך ניט. איך קאָן באַשטעהן זיך איבערחאַפּען זאַלבאַזעכסט מיט אַ פּראָסטען בעל־עגלה, אָדער אַז ניט, נעמט מען דעם שירעם אין איין האַנט און דאָס פּעקעל אין דער אַנדערער האַנט און מען איז עולה־רגל גלייך אין שטאָדט אַריין גאַנץ פיין צו־פוס. סע טראָגט ניט, פאַרשטעהט איהר מיך, אויף קיין פאַעטאָנעס. ווערליג די

נאָלדענע געשעפטען, מעג מען נאָר אײנגאַנצען זיצען אין דער היים. הא? וואָס זאָגט איהר?

דאָ איז מײן פּאַרשוין מפסיק, טהוט אַ זיפץ און הױבט־אָן רעדען שטיל, גלײך צו מיר אין אויהער אַרײן, קוקט זיך פריהער אַרום אין אַלע זײטען, אויב קײנער הערט איהם ניט אונטער.

— איך פאָהר ניט אַלײן. איך פאָהר מיט אַ פּראָפעסאָר פאָהר איך... ווי קום איך צו אַ פּראָפעסאָר? איז אַזוי די מעשה: פון קאַשעוואַרעווקע האָט איהר געהערט? אַ שטעדטעל אַזעלכעס פאַרהאַן, הײסט דאָס מיט'ן נאָמען קאַשעוואַרעווקע. וואױנט דאָרטען אַ איד אַ גביר, אײן אויפגעקומענער גביר, אפשר האָט איהר געהערט פון איהם, באָראָדענקאָ הײסט ער, איציקעל באָראָ־דענקאָ. געפעלט אײך דער נאָמען? איאָ, אַ גױישער נאָמען? נאָר וואָס קומט אַרויס? אַ גױישער נאָמען, אַ אידישער נאָמען — דערוויל האָט ע ר דאָס געלט. און אַ סך געלט. גאָר אַ סך. ס'איז אַ סברה, אַז בײ אונז אין קאָדני שאַצט מען איהם כמעט אין אַ האַלבען מיליאָן. און אפשר, אַז איהר וועט מיך שטאַרק בעטען, האָט איהר בײ מיר גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל פאַרמאָגען דעם גאַנצען מיליאָן. דאָס הײסט, וועדליג ער איז, איך בעט איבער אײער כבוד, אַ דבר־אַחר, וואָלט ער געמעגט פאַרמאָגען צװײ. אָט האָט איהר אַ ראיה: חאָטש איך זעה אײך דעם ערשטען מאָל, נאָר פאַרשטעהן פאַרשטעה איך, אַז איהר פאָהרט־אוים אַ וועלט, אודאי מעהר פון מיר. זאָגט מיר דעם אמת: איהר האָט עפּיס אַ סך מאָל געהערט דעם נאָמען באָראָדענקאָ, ער זאָל זיך אויסשטעלען מיט עפּיס אַ אידישער זאַך, אַ גרויסער נדבה, צי וואָס? בײ אונז אין קאָדני האָבען מיר נאָך לעת־עתּה דערפון עפּיס ניט געהאָרכט. נאָר אויך די אײגענע מעשה, גאָט'ס סטראַפּטשע בין איך ניט און אויף יענעמ'ס קעשענע איז יעדער אַ וותרן. איך רעד ניט פון נדבות און צדקה; איך רעד פון מ ע נ ט ש ל י כ ק י י ט רעד איך. נאָט האָט דיר געהאָלפען, דו ביזט אַזוי רײך, אַז דו קאָנסט זיך פאַרגינען אויסשרײבען אַ פּראָפעסאָר, — וואָס וועט דיך אַהרען,

אַז יענער וועט אויך גענִיסען דורך דיר דעם זכות? מע בעט ניט בײַ דיר קיין געלט, מע בעט בײַ דיר אַ גוט וואָרט — וואָס חאַפּט דיך אַוועק דער רוח? וועט איהר האָרכען אַ שענס.

דאַרף זיך טרעפֿען אַ מעשה, אַז מע ווערט געוואָהר בײַ אונז אין קאָדני (בײַ אונז אין קאָדני ווייסט מען אַלץ), אַז בײַ דעם קאַשעוואַרעווקער גביר, בײַ אָט דעם איציקעל באָראָדענקאָ, וואָס איך דערצעהל אײַך, ווערט קראַנק, ניט דאָ געדאַכט, אַ טאָכטער. וואָס איז איהר קראַנקשאַפֿט, מיינט איהר? אַ נעכטיגער טאָג, אַ פֿאַרליעבעניש. זי האָט זיך פֿאַרליעבט אין אַ גוי, האָט זיך דער גוי אָפּגעזאָגט, האָט זי אײַנגענומען סם (בײַ אונז אין קאָדני ווייסט מען אַלץ). ערשט נעכטען איז דאָס געווען. איז מען אַוועקגעלאָפֿען און מע האָט אַראָפּגעבראַכט אַ פּראָפֿעסאָר, דעם גרעסטען פּראָפֿעסאָר. בײַ אַזאַ גביר שפּיעלט עפּיס אַ ראָליע? פֿאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק: אַזוי ווי דער פּראָפֿעסאָר וועט דאָך דאַרט ניט בלײַבען זיצען; היינט־מאָרגען פֿאָהרט ער דאָך צוריק; און פֿאָהרען פֿאָהרט ער דאָך סאַי־ווי־סאַי דורך אונזער סטאַנציע, דאָס הייסט, פֿאַרבײַ קאָדני, — וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן, ער זאָל זיך צוריקוועגס אַראָפּחאַפּען מפּאָיעזד לפּאָיעזד צו אונז, צו מיר הייסט דאָס? עס ליגט בײַ מיר אַ קינד, ניט פֿאַר אײַך געדאַכט. דהיינו, וואָס מיינט איהר, איז איהם? איך ווייס אַליין ניט וואָס, עפּיס איז איהם אינוועניג. דאָס הייסט, הוסטען, דאַנקען גאָט, הוסט ער ניט. און ווייטער, ער זאָל פֿיהלען עפּיס אַ וועהטיג אין האַרצען — איז אויך ניט. נאָר וואָס זשע דען? קיין טראָפּען בלוט, און שוואַך, שוואַך, ווי אַ פֿליעג. דערפֿון, וואָס ער עסט ניט. גאָרנישט ניט. ווי אַזוי, מיינט איהר, גאָרנישט ניט? אָבער לחלוטין גאָרנישט. מילך אַמאָל טרינקט ער אויס אַ גלאָז. איז דאָס — מיט גוואַלד. מע דאַרף איהם אײַנבעטען דאַרף מען איהם. אויסוויינען. און ווייטער איז ניט קיין לעפֿעל יויך און ניט קיין ביסען ברויט. פֿון פֿלייש שמועסט מען ניט. פֿלייש קאָן ער גאָר נישט זעהען. פֿאַרוואַרפֿט מיט'ן קאָפּ. דאָס איז פֿון זינט ער האָט

געבלוט. זומער האָט ער, ניט היינט געדאַכט, געבלוט. איין מאָל, גאָר שטאַרק. איצט, דאַנקען גאָט, שוין מעהר ניט. הלואי ווייטער. גאָר אָפּגעשוואַכט איז ער — איהר קאָנט אייך גאָר נישט משער זיין. קוים־קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס. אַ קליינינגקייט — אַ מענטש פיבערט, גליהט ווי אויף פּאָקען גליהט ער! פון נאָך שבועות. נייען־און־דרייסיג מיט אַ האַלבען, אָדער נייען־און־דרייסיג אָ הן אַ האַלבען. גאָר נישטאָ קיין שום מיטעל דערצו. געוועזן שוין מיט איהם ביי'ם דאָקטאָר ניט איין מאָל. נאָר וואָס ווייסען אונזערע דאָקטוירים? אַ סך עסען, זאָגען זיי, אַ סך לופט. וואו זשע? אַז פון עסען וויל ער גאָר ניט הערען. און לופט? פון וואַנען זאָל זיך נעמען ביי אונז לופט? אין קאָדני — לופט! חאַ־חאַ! אַ וואויל שטעדטעל קאָדני. אַ אידיש שטעדטעל. פאַרהאַן ביי אונז, קיין עין־הרע, אַ ביסעל אידען, פאַרהאַן ביי אונז אַ בית־מדרש, פאַרהאַן אַ שוהל, פאַרהאַן אַ רב, פאַרהאַן אַלסדינג. נאָר פון צוויי זאַכען האָט אונז גאָט אויסגעהיט: פון לופט און פון פרנסה. מילא, פרנסה איז אָפּגערעדט. פרנסה האָבען מיר, ברוך השם, איינס פון דאָס אַנדערע... און לופט? אַז מיר ווילען לופט, געהען מיר אין „הויף" אַריין. אין „הויף", זעהט איהר, איז שוין דוקא דאָ לופט. אַמאָל, אַז קאָדני האָט געהערט צו די פּוילישע פּריצים, האָט מען ניט געטאָרט אַריינשמעקען אין „הויף" אַריין. די פּריצים האָבען ניט צוגעלאָזט. ניט אַזוי די פּריצים, ווי די פּריצישע הינט. נאָר זינט קאָדניר „הויף" איז אַריינגעפאַלען אין אידישע הענט, איז געוואָרען אוים הינט, און דער „הויף" איז געוואָרען גאָר איין אַנדער „הויף". אַ מחיה אַריינצוגעהן אין „הויף" אַריין. טאַקי פּריצים, פּאָמעשטשיקעס, נאָר אידישע פּאָמעש־טשיקעס. רעדען אידיש, ווי איך מיט אייך. און האַלטען פון אידישקייט, און האָבען ליעב אַ אידען. אַז מע שמועסט אידען, איז דאָך ניט שייך! דאָס הייסט, איך וועל אייך ניט זאָגען, אַז זיי זאָלען זיין אַזעלכע גרויסע צדיקים. ברוך השם, אין שוהל אַריין צו אונז דאַווענען חאַפּען זיי זיך ניט אַזוי שטאַרק, און, להבדיל, צו

אונז אין באָד אריין — אודאי ניט. און זיי זאָלען מורא האָבען מחלל־שבת זיין — זעהט מען עפּיס אויך ניט. און פאַר א היהנדעל, זאָגט מען, אין פוטער, שרעקען זיי זיך אויך ניט שטאַרק איבער. נו, און שערען דאָס בערדעל, און געהן אָהן א היטעל, און נאָך אזעלכע זאַכען — פון דעם שמועסט מען ניט. דאָס איז שוין היינט אומעטום א וואָכעדיגער גאַנג. פאַרהאַן שוין ביי אונז, דאַנקען גאָט, אין קאָדני אויך אזעלכע בחורים׳לעך, וואָס ס׳איז זיי שווער דאָס היטעל אויפ׳ן קאָפּ... פּראַוודע, קאָדני האָט אויף אונזערע פּאָמעשטשיקעס ניט וואָס צו קלאָגען זיך. אונזערע אידישע פּריצים זענען פאַר׳ן שטעדטעל געגוג יוצא. פאַרקעהרט, פיינען זיך אוים, ווי ווייט מעגליך. קומט אָסיען, שיקען זיי אריין א הונדערט זעקלעך קאַרטאָפּלעס פאַר אָרעמעלייט. ווינטער — שטרוי אויף צו הייצען. ערב פּסח — מעות־חטים. ניט לאַנג האָבען זיי געשענקט ציגעל אויף א שוהל. וואָס איז שייך? אלס־דינג פיין און שען און לייטיש, ווי עס געהער צו זיין. נאַר אָט דאָס היהנדעל אין פוטער זאָל נאָך ניט זיין, אוי, אָט דאָס היהנדעלע!... מיינט ניט! איך וויל זיי חלילה דערמיט נישט בארעדען. וואָס האָב איך צו זיי? אדרבה! זיי וועלען אייך פאַר מיר ניט אוועק־געבען קיין זאַק באָרשט. רב אַלטער (מע רופט מיך אַלטער רופט מען מיך) איז ביי זיי דאָס אויבערשטע פון שטויסעל. אז מע דאַרף האָבען עפּיס אין שטאָדט אריין מכח א נויטיגער זאַך, א נייעם לוח, צום ביישפּיעל, אויף ראש־השנה, מצות אויף פּסח, אויף סוכּות הושענות, וכּדומה אזעלכע זאַכען, וואָס זענען שייך צו אידישקייט, — שיקט מען רופען רב אַלטערען. און מיין ווייב אין קלייטעל (מיין ווייב האַלט א קלייטעל האַלט זי) געבען זיי צו לייזען שען געלט. פאַר זאַלץ און פאַר פעפער און פאַר שוועבעלעך און פאַר אַלסדינג. דאָס האָט איהר אייך די פּאָמעשטשיקעס. און זייערע קינדער די סטודענטלעך — די זענען פאַר מיין זוהן גאָר די כּפּרה. קומט דער זומער און זיי פאָהרען זיך צונויף פון פּיטער־בורג, לערנען זיי מיט איהם וואָס איהר ווילט. זיצען אוועק מיט

איהם טעגוויז איבער די ביכלעך. און ביי מיינעם א ביכעל, דארפט איהר וויסען, איז דאָס חיות מיט דער נשמה! טייערער פונ׳ם טאטען מיט דער מאמען. איך האָב מורא צו זאָגען, נאָר מיינען מיין איך, אז דאָס ביכעל — דאָס איז טאקי זיין מלאך־המות. פון דעם ביכעל האָט זיך גענומען דאָס גאנצע אומגליק... זי דרינגט מיר אפילו, אז ס׳איז ביי איהם פונ׳ם פריזיוו. וואָס פריזיוו? ווען פריזיוו? דעם פריזיוו האָט ער שוין לאנג פארגעסען. נאָר מילא, ווי אזוי די מעשה איז שוין דאָרטען, צי ביכעל, צי פריזיוו — דערווייל ליגט ביי מיר א קינד, נישט פאר קיין אידען גערדאכט, און צאנקט, צאנקט נעבאך, געהט־אויס, ווי א ליכט. איין גאָט זאָל זיך אויף איהם דערבארעמען...

א מינוט האָט זיך אויף מיין אידעל׳ס שיינענדיג פנים אָנ־גערוקט ווי א חמארעלע. אָבער נישט מעהר, ווי איין מינוט. גיך האָט געגעבען א קוק־ארוים די זון, פארטריבען די חמארע, און דאָס פנים האָט ביי איהם ווידער אָנגעהויבען שיינען, די אויגען לייכטען און דאָס מויל שמייכלען. און אָט דערצעהלט ער ווייטער:

— הכלל, וואו זשע האלטען מיר? יאָ. האָב איך מיך מיישב געווען, איך וועל געבען א לויף קיין קאשעווארעווקע, צו איציקעל באָראָדענקאָ, צום גביר הייסט דאָס. געוויינטליך, האָב איך מיך נישט געלאָזט אין וועג ארייין גלאט אזוי, ווי זאָגט איהר, מיט לעדיגע הענט. איך האָב מיטגענומען א בריעף האָב איך מיט־גענומען. פון אונזער רב (דער קאָדניר רב האָט א נאָמען). א שענעם בריעף: „היות אזוי ווי גאָט האָט אייך געהאָלפען, איהר זענט אימשטאנד אראָפּברענגען צו זיך אין שטוב אריין א פראָ־פעסאָר, אז איהר דארפט, און אזוי ווי ביי אונזער אלטערען ליגט, ניט פאר אייך גערדאכט, א זוהן אויפ׳ן טוידטען־בעט, אפשר וועט זיך דערוועקען אין אייער הארץ א פונק פון רחמנות און איהר וועט אראָפּנידערען פון אייער געצעלט און אריינגעהן אין דער „פאָלאָ־זשעניע" און וועט פועל׳ען ביי׳ם פראָפעסאָר, אז צוריקוועגס, ער פאָהרט דאָך סאַי־ווי־סאַי פארביי קאָדני, זאָל ער זיך אראָפּחאפּען

צו אונז מפּאָיעזד לפּאָיעזד אויף איין פּערטעל שעה נאָר, אַ קוק טהון אויפ׳ן קראַנקען. ובשכר זה...״ נו, און אַזוי ווייטער. אַ שענער בריעף.

פלוצים דערהערט זיך אַ פייף, און מיר בלייבען שטעהן. מיין אידעל טהוט זיך אַ חאַפּ־אויף:

— אַהאַ! אַ סטאַנציע? אָט טהו איך אַ שפּרונג אין פּערווע קלאַס נאָר אויף איין מינוט. איך וועל נאָר געבען אַ קוק צו מיין פּראָפעסאָר, קום איך באַלד אַריין, וועל איך אייך „קינטשען״ די מעשה.

אריינגעקומען איז מיין אידעל צוריק מיט נאָך אַ מעהר שיינענדיג פּנים, ווי פריהער. איך זאָל וויסען, אַז מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, וואָלט איך געזאָגט: ע ס ה אָ ט ג ע ר ו ה ט א ו י ף א י ה ם ד י ש כ י נ ה. אָנגעבויגען זיך צו מיר אויפ׳ן אויהער, מאַכט ער צו מיר שטיל, ווי ער וואָלט מורא האָבען עמיצען אויפוועקען:

— ער שלאָפט, דער פּראָפעסאָר מיינער. גאָט זאָל העלפען, ער זאָל זיך חאַטש גוט אויסשלאָפען, אַזוי אַז ער ועט קומען, זאָל ער קומען מיט אַ לויטערען קאָפּ... הקיצור, וואו זשע האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט? אין קאַשעוואַרעווקע.

קום איך, הייסט עס, צו פאָהרען קיין קאַשעוואַרעווקע און לאָז מיך גלייך אין שטוב אריין, קלינג־אָן ביי דער טיר איינס און צוויי און דריי, שפּרינגט־אַרויס אַ נפש מיט אַ פּאָר פּיסקעס און מיט אַ נעגאָלטער מאָרדע און באַלעקט זיך, ווי אַ קאַץ, און מאַכט צו מיר בלשון פּאָניע: „שטאָ נאַדאָ?״ זאָג איך צו איהם דוקא אויף אידיש: „מסתמא איז „נאַדאָ״; ס׳זאָל נישט זיין „נאַדאָ״, וואָלט איך מיך נישט געהעצקעט אַהער אַזש פון קאָדני״...

הערט ער מיך אויס, קייעט און באַלעקט זיך און דרעהט מיט׳ן קאָפּ: „מע קאָן נישט איצטער צוטרעטען צו אונזערע, וואָרום דער פּראָפעסאָר זיצט״. זאָג איך: „אדרבה, ווייל דער פּראָפעסאָר זיצט. איך בין, זאָג איך, טאַקי צוליעב׳ן פּראָפעסאָר אַהער גע־

קומען". זאָגט ער צו מיר: „וואָס פאַר געשעפטען האָט איהר מיט א פּראָפעסאָר?" זאָל איך איהם גענן דערצעהלען מעשיות! נעם איך און דערלאַנג איהם דעם רב'ס בריעף: „גוט איז דיר, זאָג איך, צו שמועסען, אז דו שטעהסט פון יענער זייט, און אויף מיר, זאָג איך, געהט א רעגען. נא דיר, זאָג איך, אָט דעם דאָקו־מענט, און געב דאָס איבער, זיי מוחל, דעם בעל־הבית, זאָג איך, גלייך איהם אין די הענט אריין". און אליין בלייב איך שטעהן אין דרויסען, פון יענער זייט טיר, און וואַרט ביז מע וועט מיך שיקען רופען. איך וואַרט א האַלבע שעה. איך וואַרט א שעה. איך וואַרט צוויי. דער רעגען גיסט, א מבול, און מע רופט מיך עפּיס ניט. הויבט דאָס מיך שוין אָן צו פאַרדריסען. ניט אזוי פאַר זיך, ווי פאַר אונזער רב. דאָס שרייבט דאָך ניט קיין יונגעלע, דאָס שרייבט דאָך עפּיס א רב! (דער קאָדניר רב האָט א נאָמען). געה איך און טהו א ציה דאָס גלעקעל נאָך א מאָל און נאָך א מאָל. אז סע שפּרינגט ניט אַרויס דער אייגענער נפש מיט די רויטע פּיסקעס, מיט א גוואַלד און מיט א רציחה: „איין עזות, זאָגט ער, פון א אידען — קלינגען!" „איין עזות לאָזען א אידען, זאָג איך, שטעהן צוויי שעה אין דרויסען אויפ'ן רעגען!" און טהו מיך א לאָז צו דער טיר און וויל אריין אינוועניג — ווער? וואָס? פאַרהאַקט די טיר, און רוף מיך קנאַקניסעל! וואָס זשע טהוט מען ווייטער? עפּיס טאַקי זעהר ניט פריילעך. פאָהרען צוריק מיט גאָרנישט איז עפּיס זעהר ניט שען. ערשטענס, א בזיון פאַר זיך אליין. איך בין דאָך עפּיס א שטיקעל בעל־הבית ביי אונז אין קאָדני, חלילה ניט קיין שלעפּער... און אגב רייסט מיר דאָס האַרץ: מיין קינד נעבאָך...

איז דאָך אָבער פאַרהאָן, ווי זאָגט איהר, א גרויסער גאָט אויף דער וועלט. איך טהו א קוק — עס פאָהרט־צו א קאַרעטע מיט פיער פערד, און גלייך צו דער טיר. איך טהו מיך א נעם צום קוטשער: וואָס איז פאַר א קאַרעטע און וועמענ'ס איז פערד? ווער איך געוואָהר, אז דאָס איז טאַקי דעם גביר'ס קאַרעטע מיט'ן

גביר׳ס פערד. פונ׳ם פּראָפעסאָר׳ס וועגן. דאָס וועט מען איהם נעמען, דעם פּראָפעסאָר הייסט עס, און מע וועט איהם אָפּפיהרען צו דער באַהן. אויב אַזוי, טראַכט איך מיר, איז דאָך שוין טאַקי ווידער גוט. אויסגעצייכענט גוט! און איידער איך קוק מיך ארום, עפּענט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך טאַקי ער אַליין, דער פּראָפעסאָר הייסט עס. אַ קליינינטשקער, איין אַלטיטשקער, מיט אַ פּנים — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? אַ מלאך, אַ מלאך פונ׳ם הימעל! נאָך איהם געהט נאָך דער גביר, איציקעל באַראָדענקאָ הייסט עס, דוקא אָהן אַ היטעל. און גאָר הינטען געהט דער נפש מיט די רויטע פּיסקעס, טראָגט־נאָך דעם פּראָפעסאָר׳ס טשעמאָ־דאַנטשיקעל. איהר זאָלט אָנקוקען אַ גביר פון אפשר העכער אַ מיליאָן, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאר די רעד, — טראָגט ער אַ פּידזשאַק פון געוויינטליכען געוואַנט, „דיאַגאָנאַל", ווי מע טראָגט ביי אונז אין קאַדני, האַלט די הענט אין די קעשענעס, און קוקען קוקט ער אָן אַ זייט, אַ ביסעל קאָסאָקע. איך שטעה און באַטראַכט: רבונו של עולם! אָט דאָס האָט מיליאָנען? נאָר געה טענה זיך אויס מיט גאָט!... דערזעהען מיך שטעהן, נעמט ער מיך דורך מיט די קאָסאָקע אויגען און רופט זיך אָן צו מיר: „וואָס דאַרפט איהר?" געה איך צו און מאַך צו איהם: „אַזוי און אַזוי, זאָג איך, דאָס האָב איך אייך געבראַכט, זאָג איך, דעם בריעף פון אונזער רב האָב איך אייך געבראַכט"... מאַכט ער צו מיר: „פון וואָסער רב?" איהר הערט? ער ווייסט שוין גאָר ניט, פון וואָסער רב?! „פון קאַדניר רב, זאָג איך. איך בין אַ דאָרטיגער בין איך, איך בין אומיסטנע געקומען, זאָג איך, פון קאַדני צום פּראָפעסאָר, זיי זאָלען זיך מטריח זיין, זאָג איך, קיין קאַדני מפּאַיעזד לפּאַיעזד אויף אַ פערטעל שעה צו מיין קינד, זאָג איך, ביי מיר איז אַ קינד, זאָג איך, ניט פאַר אייך געדאַכט, טוידט־קראַנק"... אָט אַזוי, מיט די ווערטער, זאָג איך צו איהם. איך בין אייך נישט מגזם אויף אַ האָר אפילו. וואָס האָב איך גערעכענט? איך האָב גערעכענט: אַ מענטשען האָט געטראָפען איין אומגליק,

ס'האָט זיך בײַ איהם געֿ'סמ'ט, ניט דאָ געדאַכט, אַ טאָכטער, אפשר װעט זיך בײַ איהם צעבּרעכען דאָס הארץ, ער װעט רחמנות האָבען אויף אײן אָרעמען טאַטען? צום סוף: װער — װאָס? נישט געענטפערט מיר קײן חצי דבור, נאָר אַ קוק געטהאָן מיט די קאַסאָקע אויגען אויף דעם נפש מיט די רױטע פּיסקעס, װי אײנער רעדט: „טאַמער װאָלסט דו אָפּגערוימט פון'ם װעג אָט דאָס אידעל?" און מײַן פּראָפּעסאָר איז דערװײַל אַרײַן מיט'ן טשעמאָדאַנטשיקעל אין קאַרעטע אַרײַן. נאָך אײַן מינוט — איז אויס פּראָפּעסאָר! װאָס טהוט מען דעמאָלט? דערזעהען, אַז דאָס שפּיעל איז פאַר'ן טײַװעל, האָב איך מיך מיישב געװען: יעבור עלי מה, װאָס ס'װעט זײַן װעט זײַן, מע דאַרף ראַטעװען אַ קינד! און נעם מיך אָן מיט הארץ און — פּוץ גלײַך אונטער די פערד!... מילא, װאָס זאָל איך אײַך זאָגען, אַז ס'איז מיר געװען גוט צו ליגען אונטער די פערד? — װײס איך נישט. איך געדענק ניט אפילו, װיפיעל צײַט איך בין געלעגען, און צי בין איך גאָר אײַנגעאָנצען געלעגען? עס קאָן זײַן, איך בין גאָר ניט געלעגען. איך װײס נאָר, אַז עס האָט ניט געדויערט אפילו אזוי פיעל, װיפיעל איך דערצעהל אײַך, איז דער אַלטיטשקער, דער פּראָפּעסאָר הײסט עס, שוין געשטאַנען נעבען מיר: „שטאָ טאַקאָיע?" און „גאָלובטשיק!" — איך זאָל איהם אַרויסדערצעהלען אַלסדינג, אַרויסזאָגען װאָס איז מײַן באַגעהר, איך זאָל גאָר ניט קײן מורא האָבען. און דער גביר שטעהט בײַ דער זײַט און קוקט מיך אָן מיט די קאַסאָקע אויגען, און איך רעד! איהר דאַרפט װיסען, אַז קײן גרויסער בעל־דברן אויף רוסיש בין איך ניט, נאָר דאָס מאָל האָט מיר גאָט עפּיס אַרײַנגעגעבען אזא כח און עס האָט זיך גערעדט! איך האָב איהם אויסדערצעהלט אַלס־דינג, װאָס ס'איז בײַ מיר אויף דער נשמה. איך האָב איהם געזאָגט: אזוי און אזוי, הער פּראָפּעסאָר, אפשר איז דאָס אַ באַ־שערטע זאַך, אַז איהר זאָלט זײַן דער שליח מיר אומקעהרען מײַן קינד, מײַן אײנאױנאײנציגען זוהן, װאָס איז געבליבען בײַ מיר פון זעכס, דעם צו לענגערע יאָהר. און אויב, זאָג איך, עס מוז קאָסטען

געלט, פארמאג איך מיין אייגענס א גאנצען כף־הא׳ער, א פינפאונ־צוואנציגער הייסט עס, חלילה נישט מיינער, זאג איך, ווי קומט צו מיר אזוי פיעל געלט? דאס איז מיין ווייב׳ס פינפאונצוואנציגער, זאג איך, ליגט אנגעגרייט צו פאהרען אין שטאדט אריין נאך סחורה. בין איך מפקיר, זאג איך, דעם פינפאונצוואנציגער, חאפט דער גוטער יאהר מיין ווייב׳ס קלייטעל, אבי ראטעווען א קינד!... אזוי זאג איך און געה און צעשפיליע די קאפאטע און וויל ארויסבאקומען מיין פינפאונצוואנציגער. נעמט דער אלטיטשקער, דער פראפעסאר הייסט עס, לעגט־ארויף אויף מיר די האנט: „ניטשעווא!” און הייסט מיר קריכען אין קארעטע — איך זאל אזוי דערלעבען טרעפען מיין זוהן א געזונטען, ווי איך זאג אייך נישט קיין ליגען! נו, פרעג איך אייך, זאל ער נישט זיין די כפרה, איציקעל באראדענקא מיין איך, פאר׳ן פראפעסאר׳ס מינדסטען נאגעל? ער האט דאך מיך שיער געקוילעט אהן א מעסער האט ער דאך מיך! גוט, דער אויבערשטער האט אזוי געפיהרט, ס׳איז מיר אפגעראטען. און וואס וואלט געווען, למשל, ווען חלילה פארקעהרט?... הא? וואס זאגט איהר?...

אין וואגאן ווערט א שטיקעל סומאטאכע, און מיין אידעל טהוט זיך א ווארף צום קאנדוקטאר:

— קאדני?

— קאדני.

— זייט געזונט און פאהרט געזונט און זאגט נישט קיינעם, מיט וועמען איך פאהר. איך וויל ניט, מע זאל וויסען ביי אונז אין קאדני, אז איך בין געקומען מיט א פראפעסאר. מע וועט זיך צונויפלויפען!...

אזוי מאכט צו מיר דאס אידעל בסוד־סודות און קוועטשט מיר די האנט — און מעהר זעה איך איהם נישט.

ערשט אין א פאר מינוט ארום, ווען מיר האלטען שוין ביי פאהרען ווייטער, דערזעה איך דורכ׳ן פענסטער טרייסעלט זיך א הינקענדיגער טאראנטאס מיט א פאר אפגעבארעטע פארזארגטע

גרויע פערדלעך. אין טאראנטאס זיצט א קלייניטשקער, איין אלטיטשקער, מיט ברילען, מיט יונגע רויטע בעקלעך און מיט א גרוי בערדעל. אקעגען איהם, אין פאעטאן, זיצט מיין אידעל אן א זייט, העננט ווי אויף א פאדעם, קוקט דעם אלטיטשקען גלייך אין די אויגען אריין און העצקעט זיך, און דאס פנים ביי איהם שיינט, און די אויגען — אט־אט שפרינגען זיי ארויס.

א שאד, וואס איך בין ניט קיין פאטאגראף און פיהר ניט מיט זיך קיין אפאראט. עס וואלט געווען א יושר ארויסצוחאפען פונ׳ם אידעל א פארטרעט. לאז די וועלט זעהען, וואס הייסט א גליק־ליכער מענטש — דער גליקליכסטער מענטש אין קאדני.

ענדע געשיכטע נומער צוויי.

געשיכטע נומער דריי

# סטאַנציע באַראַנאָוויטש

געשריבען אין יאָהר 1909.

### געשיכטע נומער דריי

# סטאַנציע באַראַנאָוויטש

דאָס מאָל זענען מיר געווען נישט מעהר ווי אַ פּאָר מנינים אידען און מיר זענען געזעסען אין וואַגאָן דריטער קלאַס, מע קאָן זאָגען, בהרחבה. דאָס הייסט, געזעסען זענען, אייגענטליך, נאָר די, וועלכע האָבען באַצייטענס פאַרכאַפּט ערטער. די איבעריגע זענען געשטאַנען אָנגעלעהנט אויף די צווישענווענטלעך און האָבען גענומען, פון דעסטוועגען, איין אָנטייל אין'ם שמועס גלייך מיט די, וואָס זענען געזעסען. און דער שמועס איז געווען זעהר אַ לעבעדיגער שמועס. אַלע האָבען גערעדט. אַלע אינאיינעם. ווי געוועהנליך. ס'איז געווען אין דער פריה. דער עולם האָט זיך אויסגעשלאָפען, אָפּגעדאַווענט, ווי עס איז איבערגעביסען, גוט אָנגערויכערט זיך מיט פּאַפּיראָסען און מען איז געווען אויפגעלעגט, זעהר אויפגעלעגט, אויף צו רעדען. פון וואָס? פון וואָס איהר ווילט. איטליכען האָט זיך געוואָלט דערצעהלען עפּיס אַ פרישס, אַ צאַפּעלדיגס, אַזעלכעס, וואָס זאָל צוציהען, אַלע זאָלען האָרכען. עס האָט זיך אָבער גיט איינגעגעבען קיינעם אויפצוהאַלטען דעם עולם אויף איין זאַך. אַלע מינוט איז מען אַריבערגעלאָפען פון איין ענין אויפ'ן אַנדערען. אָט רעדט מען, דאַכט זיך, פונ'ם „אוראָזשאַי", אַ גערעט אויף ווייץ און אויף האָבער, און אָט איז מען אַריבער (אַ סמיכות

הפרשה!) אויף מלחמה. נישט געהאַלטען זיך ביי דער מלחמה קיין פינף מינוט, טהוט מען אַ שפּרונג־אַריבער גלייך צו דער רעוואָלוציע. פון דער רעוואָלוציע גיט מען זיך אַ וואָרף אין דער קאָנסטיטוציע, און פון קאָנסטיטוציע פאַלט מען שוין במילא אריין אין די פּאָגראָמען, מיט די רציחות, רדיפות און נייע גזירות אויף אידען, מיט'ן טרייבעניש פון די דערפער, מיט'ן לויפעניש קיין אַמעריקע, מיט די איבעריגע צרות און שלעק־פורעניות, וואָס מע הערט זיך אָן אין היינטיגע שענע צייטען: אָנזעצען, עקספּראָפּריאַציעס, וואָיענע פּאָלאָזשעניע, תליות, הונגער, חלירע, פּורישקעוויטש, אַזעוו...

„אַ־ז־ע־וו!"

איינער האָט ארויסגעלאָזט דאָס דאָזיגע וואָרט, איינער האָט דערמאַנט דעם דאָזיגען נאָמען — און דער גאַנצער וואַגאָן איז געוואָרען אויפגעקאָכט: אַזעוו, און נאָך אַ מאָל אַזעוו, און אָבער אַ מאָל אַזעוו, און טאַקי ווידער אַ מאָל אַזעוו.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, איהר זענט, וואָס אהרט אייך, אַלע בהמות. סע טהוט זיך אַ ביסעל — אַזשעוו! פּחע! אַ גאַנצער טאַרעראַם — אַזשעוו! וואָס איז אַזעלכעס אַזשעוו? אַ ניקס, אַ יונגאַטש, אַ פּאַרך, אַ מסור, אַ נול, אַ גאָרנישט שבגאָרנישט. איהר זאָלט מיך בעטען, וואָלט איך אייך דערצעהלט אַ מעשה פון אַ מסור, טאַקי פון אונזערען אַ קאַמינקער, וואָלט איהר, וואָס אהרט אייך, אַליין געזאָגט, אַז אַזשעוו איז אַ הונט אַקעגען איהם!

אָט מיט אַזאַ שפּראַך איז ארויס איינער פון די פּאַסאַזשירען, וואָס האָבען נישט געהאַט קיין אָרט אין וואַגאָן און געהאַנגען איבער אונז אויף די צווישענוועגטלעך. איך דרעה־אויס דעם קאָפּ און הויב־אויף די אויגען, דערזעה איך אַ געפּאַקטען פאַרשוין אין אַ זיידענעם שבת'דיגען קאַשקעט, מיט אַ רויטען קלייענדיגען פּנים, מיט שמייכלענדיגע אויגען און אָהן צייהן פון פאָרענט. דאָס הייסט, סאַמע די פעדערשטע צייהן פעהלען איהם, און מחמת דעריבער,

אפנים, רעדט ער ארוים א זיי"ן און א סמ"ך און א צד"י א ביסעל פייפענדיג, און טאקי דערפאר קומט־אוים ביי איהם ניט „אזעוו", נאר „אזשעוו".

מיר איז אט דער פארשוין באלד געפעלען געווארען. מיר איז געפעלען זיין ברייטקייט, מיט זיין שפראך, מיט זיין האלטען אונז אלעמען פאר בהמות. איך האב ליעב, איך בין מקנא אזא אידען.

באקומען אומגעריכט פון א קאמינקער אידען איין אטעסטאט פון בהמות, איז דער גאנצער עולם געבליבען די ערשטע מינוט ווי געפלעפט, גלייך ווי עמיצער וואלט זיי אפגעגאסען מיט א שעפעל קאלט וואסער. מען איז אבער גיך געקומען צו זיך, א ביסעל זיך איבערגעקוקט איינס מיט דאס אנדערע און א זאג געטהאן צום קאמינקער אידען:

—איהר ווילט, מיר זאלען אייך בעטען, בעטען מיר אייך, מהכתיתי; דערצעהלט אונז, וועלען מיר הארכען, וואס האט זיך אזעלכעס געטראפען ביי אייך אין קאמינקע? נאר למאי שטעהט איהר? פאר וואס זיצט איהר ניט? נישטא, זאגט איהר, וואו? אידען! טהוט זיך א ביסעל א רוק־צונויף! מאכט איין ארט! זייט זשע מוחל!

און דער עולם, וואס איז אזוי אויך געזעסען געגוג צונויפ־גערוקט, טהוט זיך נאך א ביסעל א רוק־צונויף און מאכט איין ארט פאר'ן קאמינקער אידען. און דער קאמינקער איד זעצט זיך אוועק גאנץ ברייטליך (ווי א סנדקא אויף א ברית, בשעת דער שמש טהוט א געשריי: „קוואטער" און מע טראגט אריין דאס קינד) — און ער פארדוקט דעם קאשקעט ארויף, פארקאטשעט די ארבעל און הויבט־אן מיט זיין ברייטער שפראך בזו הלשון:

— הערט זשע צו, מיינע ליעבע אידען. אט דאס, וואס איך וויל אייך דערצעהלען, איז, זאלט איהר וויסען, נישט קיין פזמון, וואס מע לייענט אין א ביכעל פון די ביכלעך, און נישט קיין בבא־מעשה פון טויזענט און איין נאכט. דאס איז א געשיכטע, פאר־שטעהט איהר מיך, וואס האט זיך פארלאפען, וואס אהרט אייך,

טאקי ביי אונז אין קאמינקע. מיין טאטע, עליו השלום, האט דאס מיר אליין דערצעהלט, אז ער האט דאס געהארכט פון זיין טאטען דערצעהלען וויפיעל מאל. ס'איז א סברה, אז די גאנצע מעשה איז געווען באשריבען ביי אונז ערגיץ אין איין אלטען פנקס, וואס איז שוין לאנג פארברענט געווארען. איהר מעגט אייך לאכען, גאר איך זאג אייך, אז ס'איז איין עבירה, וואס דער פנקס איז פאר־ברענט געווארען. דארטען איז געווען, זאגט מען, באשריבען זעהר שענע מעשיות, א סך שענערע פון די, וואס דרוקען זיך אין די היינטיגע מעשה־ביכלעך און גאזעטען.

בקיצור המעשה — דאס איז געווען בימי ניקאלאי הראשון, אין די צייטען פון גנאט. וואס שמייכעלט איהר? איהר ווייסט דען, וואס גנאט הייסט? גנאט הייסט — מע פלעגט גנאטעווען, טרייבען „קאליסטראי". וואס איז אזעלכעס „קאליסטראי"? ווייסט איהר וויעדער ניט? דארף מען אייך, הייסט עס, קלאר מאכען. שטעלט אייך פאר — פון ביידע זייטען שטעהען אויסגעשטעלט סאלדאטען מיט אייזערנע ריטער, און איהר שפאציערט זיך דורך, וואס אהרט אייך, א מאל עטליכע און צוואנציג הין און צוריק, איך בעט איבער אייער כבוד, א נאקעטער, ווי די מאמע האט אייך געהאט, און מע טהוט אייך דאס, וואס דער רבי האט אייך געטהאן אין חדר דערפאר, וואס איהר האט ניט געוואלט לערנען... ווייסט איהר שוין דעם טעם פון „טרייבען קאליסטראי"? אצינד קאנט איהר הארכען ווייטער.

ויהי היום — טרעפט זיך א מעשה. עס קומט אן פונ'ם גובערנאטאר — וואסילטשיקאוו איז דעמאלט געווען גובערנא־טאר, — מע זאל גנאטעווען איינעם א אידען מיט'ן נאמען קיווקע. ווער איז געווען אט דער קיווקע, און וואס האט ער אזעלכעס פאר־זינדיגט — קאן איך אייך אקוראט ניט זאגען. א סברה, אז בטבע איז ער געווען א איד א שענקער, עפיס גאר ניט אזא־נ־אנזיכטיג מענטשעל, און נאך איין אלטער בחור, א פארזעסענער דערצו. באדארף איהם גאט ארייגגעבען א זין, און ער צערעדט זיך איינ־

מאָל מיט די גויים אין שענק, זונטאָג איז דאָס געווען, ווען
גאָט־זאַכען. „נאַש באָג, וואַש באָג" — אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט,
מע האָט אַראָפּגעבראַכט דעם סטאַראָסטע מיט'ן פּריסטאַוו און מע
האָט געמאַכט, וואָס אהרט אייך, אַ פּראָטאָקאָל. נעם זשע, דו
שענקער איינער, שטעל־אַוועק איין עמער בראָנפען, וועט ווערען
אויס פּראָטאָקאָל! זאָגט ער: „ניין! קיווקע נעמט ניט זיין
וואָרט צוריק". ער איז נאָך איין עקשן אייך צו די צרות. וואָס
האָט ער געמיינט? ער האָט געמיינט, מע וועט איהם מן הסתם
אָפּשטראָפען מיט אַ דרייערעל, און אַ גוטען טאָג. ווער וועט זיך
נעהן ריכטען אויף אַזאַ משפּט, אַז פאַר אַזאַ נאַריש וואָרט זאָל מען
טרייבען אַ מענטשען „קאָליסטראָי"? בקיצור המעשה, מע האָט
אויפגעחאַפּט דעם בחיר און מע האָט איהם, וואָס אהרט אייך, איינ־
געזעצט אין חד־גדיא אַריין, ביז מע וועט איהם אָפּצעהלען מחילה
פינף־און־צוואַנציג שמיץ מיט'ן גאַנצען פּאַראַד, אַזוי ווי גאָט האָט
געבאָטען.

מילא, פאַרשטעהט איהר דאָך מסתמא, וואָס ס'האָט זיך אָפּ־
געטהאָן ביי אונז אין קאַמינקע, אַז מע האָט דערהערט אַזאַ מעשה.
און ווען דאַרף זיך טרעפען אַזאַ־נ־אומגליק? דוקא ביינאַכט, און
דוקא אַקעגען שבת. אַזוי, אַז מען איז אויפגעשטאַנען אין דער
פריה און געקומען אין שוהל — אַ ויצעקו: „מע האָט איינגעזעצט
קיווקען!"... „מע האָט איהם גע'משפּט גנאָט!"... „גנאָט?"...
„פאַר וואָס? פאַר ווען?"... „פאַר אַ נאַרישקייט, פאַר אַ וואָרט"...
„אַ בלבול"... „וואָסער בלבול? אַ איד האָט אַ לאַנגע צונג!"...
„אַכצעהן מאָל אַ לאַנגע צונג, אָבער גנאָט? סטייטש גנאָט!...
וואָס הייסט, מע וועט גנאָטעווען אַ אידען? אונזערען, אַ
קאַמינקער?!"...

אָט אַזוי האָט דאָס געקאָכט, ווי אין אַ קעסעל, דעם גאַנצען
שבת, ביז שבת־צו־נאַכטס. שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה, איז מען
אַריינגעפאַלען מיט אַ גוואַלד צו מיין זיידען (רב ניסעל שאַפּיראָ
האָט מען איהם גערופען): „סטייטש, רב ניסעל, וואָס שווייגט

איהר ? ווי קאָנט איהר דאָס דערלאָזען אזא זאך, מע זאָל שמייסען א אידען, אונזערען, א קאמינקער ? !״...

וועט איהר דאך מסתמא פרעגען, וואָס איז מען דאָס געלאָפען גראָד צו מיין זיידען ? בּאדארף איך אייך זאָגען, אז מיין זיידע (זאָל האָבּען א ליכטיגען גן־עדן) איז געווען — נישט ווייל איך וויל מיך דאָ פאר אייך בּאריהמען — דער גרעסטער, דער שענסטער, דער רייכסטער, דער פאָרנעמסטער בעל־הבית אין שטאָדט, און חשוב בּיי נאטשאלסטווע, און טאקי א גרויסער קאָפּמענטש דערצו. אויסגעהערט דעם גוואלד, האָט ער זיך פאוואָלינקע דורכגעשפּאַ־ציערט עטליכע מאָל הין און צוריק איבּער'ן שטוב (אזא טבע האָט ער געהאט: אז ער פלעגט עפּיס טראכטען — דערצעהלט דער טאטע, עליו השלום, — האָט ער ליעב געהאט ארומשפּאציערען עטליכע מאָל הין און צוריק). נאָכדעם האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און א זאָג געטהאָן: „קינדער! געהט'ס אהיים. איהר זאָלט נאָר קיין יסורים ניט האָבּען. עס וועט, אם ירצה השם, זיין רעכט; אין קאמינקע האָבּען מיר נאָך, דאנקען גאָט, בּיז אהער ניט געהאט קיין געשמיסענעם, און מיר וועלען, מיט גאָט'ס הילף, ווייטער אויך ניט האָבּען״...

אָט מיט די ווערטער האָט זיי מיין זיידע, עליו השלום, געזאָגט. און אין שטאָדט האָט מען געוואוסט, אז רב ניסעל שאפּיראָ זאָגט, איז געזאָגט. איבּערפרעגען בּיי איהם: ווי אזוי און וואָס און ווען ? — דאָס האָט ער פיינט געהאט. א איד א נגיד, פארשטעהט איהר מיך, און א תקיף בּיי נאטשאלסטווע, און א קאָפּמענטש דער־צו — פאר אזא מענטשען האָט מען דרך־ארץ. און וואָס זאָלט איהר קלערען ? — אזוי ווי דער זיידע האָט געזאָגט, אזוי איז געווען. וואָס זשע איז געווען ? וועט איהר האָרכען ווייטער.

דערזעהען, אז דער עולם אין וואגאָן איז שוין גענוג געשפּאנט און מע וויל האָרכען, וואָס וועט זיין ווייטער, האָט זיך דער קאמינ־קער איד אָפּגעשטעלט, ארויסגענומען פון קעשענע א גרויסען פּאָר־טאבּאק און פּאוואָלינקע צונויפגעדרעהט א פּאפּיראָס. עטליכע מיט

אַ מאָל האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן איהם געבען פייער. אַזאַ חשוב איז געוואָרען אָט דער איד אין וואַגאָן. נאָכדעם, ווי ער האָט פאַר־דרייכערט און פאַרציינגען זיך מיט'ן פּאַפּיראָס, האָט ער זיך גענומען צו דער געשיכטע מיט מעהר פרישקייט.

— אַצינד וועט איהר האָרכען, וואָס אַ איד אַ חכם טהוט אויף. איך מיין טאַקי דעם זיידען מיינעם, זכר צדיק לברכה. ער איז זיך מיישב און טהוט־אָפּ אַ קליינינקייט. דהיינו: ער רעדט־אָפּ מיט נאַטשאַלסטווע, אַז דער פאַר'משפט'ער, קיווקע הייסט עס, זאָל אויף אַ מינוטקעלע נעמען, וואָס אהרט אייך, און געבען אַ שטאַרב־אַוועק, טאַקי אין טורמע זיצענדיג... וואָס קוקט איהר מיך אָן? איהר פאַרשטעהט ניט? צי איהר האָט מורא, מע האָט איהם חלילה גע'סמ'ט? שרעקט אייך ניט. ביי אונז סמ'ט מען ניט. וואָס זשע דען? מע האָט דאָס אָפּגעאַרבייט אַ סך שענער. מע האָט אָפּגעמאַכט אַזוי, אַז דער פאַר'משפט'ער זאָל זיך לעגען שלאָפען געזונט און שטאַרק, און אַז ער וועט אויפשטעהן אין דער פריה, זאָל ער אויפשטעהן אַ געשטאָרבענער... האָט איהר שוין צעקייעט? צי מע דאַרף אייך טאַקי אַריינלעגען אַ פינגער אין מויל אַריין, איהר זאָלט איהם אָפּבייסען?...

כך הוה. איינמאָל אין דער פריה קומט צו געהן אַ שליח פון דער טורמע מיט אַ פּאַפּיער צו מיין זיידען: באשר בכן, אַזוי ווי ס'איז געשטאָרבען היינטיגע נאַכט אין טורמע אַ איד מיט'ן נאָמען קיווקע, און אַזוי ווי מיין זיידע איז ראש וראשון און גבאי אין חברה קדישא, על כן זאָל מען זעהען, הייסט עס, מע זאָל דעם גע־שטאָרבענעם צונעמען, ברענגען איהם, הייסט עס, צו קבר־ישראל... וואָס זאָגט איהר אויף דאָס שטיקעל אַרבייט? איאַ גוט? האָט זשע צייט. פרעהט זיך ניט. ניט אַזוי גיך טהוט זיך עס, ווי סע רעדט זיך. פאַרגעסט נאָר נישט, אַז דאָס איז נישט עפּיס גלאַט אַזוי אַ איד איז געשטאָרבען. דאָ איז דאָך אַריינגעמישט עפּיס סאָלדאַטסקע קנעפּ... גובערנאַטאָר... גנאָט... אַ ווערטעלע?!... ראשית חכמה, האָט מען באַדאַרפט זעהען, מע זאָל איהם ניט פאַל־

מעסען. דערצו האָט מען באַדאַרפֿט אָנקומען, געוועהנליך, צום דאָקטער, אַז דער דאָקטער זאָל, הייסט עס, אַרויסגעבען אַ פּאַפּיער כּתוב וחתום, אַז ער האָט בודק געווען דעם נפטר תּיכּף ומיד נאָכ'ן טוידט און ער געפינט, אַז דער נפטר איז נפטר געוואָרען פֿון הארצ־קלאַפּעניש, אַזאַ מין אַפּאָפּלעקציע, ניט דאָ געדאַכט... אויך מיט דער איבעריגער נאַטשאַלסטווע האָט מען אָפּגעשמועסט, אַלע זאָלען זיך געבען אַ שרייב־אונטער אויפ'ן דאָזיגען פּאַפּיער — און פֿאַרטיג. אוים קיווקע. געשטאָרבען קיווקע.

מילא, וואָס דאָס האָט אָפּגעקאָסט דער שטאָדט — מעגט איהר זיך אַלע דאָ אין וואַגאָן ווינטשען פֿאַרדיענען יעדען חודש. טאָמער האָט איהר מורא, שטעה איך צו צו אייך פֿאַר אַ שותּף. און אַלץ ווער? דער זיידע, עליו השלום. אויף מיין זיידען האָט מען זיך געקאָנט פֿאַרלאָזען. ער האָט דאָס אָפּגעאַרבייט, פֿאַרשטעהט איהר מיך, שכל'דיג און קונציג און קיילעכיג און גלאַט, אַרום און אַרום. און טאַקי באותו היום, אַרום פֿאַרנאַכט, זענען געקומען די שמשים פֿון חברה קדישא מיט דער מטה און מע האָט איהם גאַנץ פֿיין גע־נומען, דעם שענעם בר־מינן, און מע האָט איהם אוועקגעטראָגען פֿון דער טורמע מחילה אויפ'ן היילינגען אָרט מיט גרויס כּבוד, דאָס הייסט, אַ פּאָר סאָלדאַטען זענען נאָכגעגאַנגען נאָך דער מטה, און הינטען — די גאַנצע שטאָדט. וואָס טויג אייך, אָט דער קיווקע האָט זיך אויף אַזאַ לויה אודאי קיינמאָל נישט געריכט. און אַז מען איז געקומען צום טויער פֿון היילינגען אָרט, האָט מען די סאָלדאַטען געגעבען, וואָס אַהרט אייך, צו שענע טרונק בראָנפֿען, און דעם בר־מינן האָט מען אַריינגעטראָגען אין הויף אַריין, און דאָרט איז שוין געשטאַנען צוגעגרייט שמעון דער בעל־עגלה (איך רוף אייך איהם אָן ביי'ם נאָמען, ווי מיין טאַטע, עליו השלום, האָט מיר דערצעהלט) מיט פֿיער גוטע ברענענדיגע סוסים, און נאָך איידער דער האָהן האָט אַ קרעה געטהאָן, איז שוין אונזער בר־מינן געווען, וואָס אַהרט אייך, העט־ווייט אויף יענער זייט דאָגאַטקע, און איז אוועק אין

אַ גוטער שעה אַ מזל׳דיגער גלייך קיין ראַדיוויל, און פון דאָרטען — איבער דער גרעניץ, טיו־טיו, קיין בראָד.

דאָס פאַרשטעהט איהר שוין אַליין מסתמא, אַז ביז שמעון דער בעל־עגלה איז ניט געקומען צוריק פון ראַדיוויל, איז די שטאָדט ניט געשלאָפען. אָהן קעפ איז מען אַרומגעגאַנגען. און ועל כולם — דער זיידע, עליו השלום. וואָרום אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער האַפט מען איהם ביי דער גרעניץ, דעם שענעם בר־מינן, קיווקען הייסט עס, און מע ברענגט איהם צו פיהרען אַ לעבעדיגען, אַ געזונטען, דעמאָלט געהט דאָך אוועק אַ גאַנצע שטאָדט סך־הכל סיביר... דערפאַר אָבער, אַז גאָט האָט געהאָלפען, שמעון דער בעל־עגלה איז געקומען בשלום צוריק פון ראַדיוויל מיט זיינע ברענענדיגע סוסים און האָט געבראַכט צו פיהרען פון קיווקען אַ בריוועל, געשריבען מיט זיין אייגענער האַנט: „בקשתי להודיע אַז איך בין אין בראָד״, — איז געוואָרען אין שטעדטעל ששון ושמחה! מע האָט געמאַכט אַ סעודה, טאַקי ביי מיין זיידען אין שטוב, און מע האָט געשיקט רופען דעם סמאָטריטעל פון דער טורמע, מיט׳ן פריסטאַוו, מיט׳ן דאָקטער, מיט דער איבעריגער נאַטשאַלסטווע, און מע האָט געהוליעט, כלי־זמר האָבען געשפּיעלט, און מע האָט זיך אַזוי אָנגע׳שכור׳ט, אַז דער סמאָטריטעל פון דער טורמע האָט זיך, וואָס אַהרט אייך, שטאַרק געקושט מיט מיין זיידען און מיט דער גאַנצער משפחה אפשר צעהן מאָל, און דער פריסטאַוו האָט געטאַנצט, אַרום פאַרטאָג שוין, מחילה, אָהן תחתונים, ביי׳ם זיידען אויפ׳ן דאַך. אַ קליינינגקייט — פדיון שבויים! אויסגעלייזט אַ אידען פון שמיץ! איז דאָך גוט? איאָ? האָט זשע ציים, מייגע ליעבע אידען, — אָט דאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע חתונה. אויב איהר ווילט האָרכען ווייטער, וועל איך אייך בעטען איין ווײַלע מיר צו־וואַרטען. אָט דאָ אויף דער סטאַנציע מוז איך אַראָפּקריכען אויף אַ מינוטקעלע, אַ שמועס טהון מיט׳ן נאַטשאַלניק סטאַנציע, ער זאָל מיר זאָגען אַקוראַט, וויפיעל האָבען מיר נאָך קיין באַראַנאָוויטש. דאָס הייסט, פאָהרען פאָהר איך

ווייטער, נאָר אין באַראַנאָוויטש מוז איך אָפּשטייגען און חאַפּען איין אַנדער פּאָיעזד...

העלפט נישט. מע מוז וואַרטען. דער קאַמינקער פּאַרשוין געהט רעדען מיט'ן „נאַטשאַלניק סטאַנציע" מכּח באַראַנאָוויטש, און דער עולם דערווייל טהוט זיך אַ שמועס־איבער וועגען דעם קאַמינקער אידען מיט דער קאַמינקער געשיכטע:

— געפעלט אייך דאָס אידעל?

— אַ וואויל אידעל.

— אַ יאָדערדיגס.

— האָט אין זיך רעד.

— די צונג נישט פּיקען.

— און די מַעשה?

— אַ שענע מעשה.

— נאָר אַ קורצע.

אגב, געפינען זיך אַזעלכע, וואָס זאָגען, אַז בײַ זיי האָט זיך אויך געטראָפען אַזאַ געשיכטע. דאָס הייסט, ניט דוקא פּונקט אַזאַ געשיכטע, נאָר כּמו עפּיס ווי אויף דעם אופן. און מחמת איטליכען ווילט זיך זעהר דערצעהלען זיין געשיכטע, ווערט אין וואַגאָן אַ שטיקעל יריד. ביז עס קומט־אַריין דער קאַמינקער איד. און אַז עס קומט־אַריין דער קאַמינקער איד, ווערט שטיל, און אַלע שפּאַרען זיך צונויף, ווי אַ וואַנט, און מע האָרכט די קאַמינקער געשיכטע מיט קאָפּ און מיט מח.

— וואו זשע האַלטען מיר? האָבען מיר שוין גע'פּטר'ט, ברוך השם, אַ אידען, וואָס הייסט קיווקע. איאַ? אַזוי מיינט איהר? האָט איהר אַ טעות, מיינע ליעבע אידען. עס געהט־אַוועק אַ האַלב יאָהר אָדער אַ יאָהר, איך ווייס אייך ניט זאָגען אַקוראַט, איז זיך מיישב אַ איד, וואָס הייסט קיווקע, און שיקט־אַריין, וואָס אַהרט אייך, אַ בריוועל, טאַקי אויף מיין זיידענ'ס נאָמען: „ראשית,

שרייבט ער, בקשתי להודיע, אַז איך בין, ברוך השם, געזונט, געב גאָט דאָס נעמליכע פון אייך צו הערען. והשנית, שרייבט ער, בין איך געבליבען אָהן אַ גראָשען ביי דער נשמה און אָהן שום טהועכץ אין אַ פרעמד אָרט, צווישען דייטשען. זיי פאַרשטעהען ניט מ י י ן שפראַך, און איך פאַרשטעה ניט ז י י ע ר לשון. און וואו צו פאַרדיענען איז ניטאָ, חאָטש לעג זיך און שטאַרב. על כן, שרייבט ער, בקשתי לשלוח..." איהר פאַרשטעהט אַ חכם? מע זאָל איהם שיקען, הייסט עס, געלט! האָט מען זיך מן הסתם גוט אויסגעלאַכט, צעריסען, וואָס אהרט אייך, דאָס בריוועל, אויף צעהן חלקים און פאַרגעסען די מעשה. געהט ניט אוועק קיין דריי וואָכען, קומט־אָן ווידער אַ בריוועל, ווידער פונ'ם בר־מינן, פון קיווקען הייסט עס, און ווידער אויפ'ן זיידענ'ס נאָמען, און ווידער „בקשתי להודיע", און ווידער אַ מאָל „בקשתי לשלוח", נאָר דער דאָזיגער „בקשתי לשלוח" — מיט גאַנצע טענות: „סטייטש, שרייבט ער, וואָס האָט מען געהאַט צו איהם? נעחיי־בי וואָלט מען איהם, זאָגט ער, שוין בעסער אָפּגעשמיסען. די שמיץ וואָלטען זיך, זאָגט ער, שוין לאַנג פאַרהיילט, און ער וואָלט זיך געבליבען ביי זיין פרנסה, ווי פריהער, ניט ארומגעהן, זאָגט ער, צווישען די דייטשען שלינג־און־שלאַנג און געשוואָלען ווערען פאַר הונגער"...

באַקומען אַזאַ מין בריוועל, האָט דער זיידע, עליו השלום, געשיקט רופען צו זיך די שטאָדט: „וואָס טהוט מען? אַ איד שטאַרבט פון הונגער. מע מוז איהם עפּיס שיקען"... און אַז רב ניסעל שאַפּיראָ זאָגט, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין... האָט מען זיך גאַנץ פיין צונויפגעלעגט (מעהר פון אַלעמען האָט געגעבען דער זיידע אַליין, וואָס פאַרשטעהט איהר דאָ ניט?) און מע האָט איהם, וואָס אהרט אייך, ארויסגעשיקט אַ ביסעל געלט — און ווידער פאַרגעסען, אַז ס'איז געווען אַמאָל אַ איד, וואָס האָט געהייסען קיווקע.

קיווקע אָבער האָט נ י ט פאַרגעסען, פאַרשטעהט איהר מיך, אַז ס'איז דאָ אַ שטאָדט, וואָס הייסט קאַמינקע. עס געהט אוועק

ווייטער א האלב יאָהר, אָדער א יאָהר, איך וועל אייך ניט זאָגען אקוראט, קומט ניט אָן, מיינט איהר, פון איהם ווייטער א בריוועל? און ווייטער אויף'ן ויידענ'ס נאָמען, און ווייטער „בקשתי להודיע", און ווייטער א מאָל „בקשתי לשלוח", שוין דאנקען גאָט מיט א מזל-טוב. „באשר בכן, — שרייבט ער אין בריוועל, — אזוי ווי ער איז ניט לאנג א חתן געוואָרען, נעמט זעהר א וואוילע כלה, א טאטענ'ס א קינד און פון א שענער משפחה, על כן „בקשתי לשלוח", זאָל מען איהם, הייסט עס, צושיקען צוויי הונדערט רייניש, וואָס ער האָט צוגעזאָגט איינלעגען נדן. אניט, זאָגט ער, איז דער שידוך קיין שידוך ניט"... וואָס זאָגט איהר אויף דעם אומגליק? קיווקע וועט חלילה בלייבען אָהן א כלה! וואָס טויג אייך, מע האָט זיך מיט'ן בריוועל ארומגעטראָגען איבער קאמינקע, ווי מיט עפּים רעכטס, און דער עולם האָט געלאכט, זיך ממש געהאלטען ביי די זייטען. חוכא וטלולא איז געווען אין שטאָדט: „מזל-טוב אונז"... „קיווקע איז א חתן געוואָרען"... „געהערט? צוויי הונדערט רייניש נדן"... „א טאטענ'ס א קינד"... „חא-חא-חא"...

דער חא-חא-חא האָט אָבער לאנג נישט געדויערט, וואָרום אין א פּאָר וואָכען ארום קומט-אָן, וואָס אהרט אייך, א בריוועל, ווייטער פון איהם, און ווייטער צום זיידען, שוין אָהן א „בקשתי להודיע", נאָר מיט א „בקשתי לשלוח" אליין. „עס וואונדערט איהם, שרייבט ער, וואָס מע האָט איהם נאָך ניט ארויסגעשיקט די צוויי הונדערט רייניש, וואָס ער האָט צוגעזאָגט איינלעגען. טאָמער שיקט מען איהם ניט ארויס, זאָגט ער, באלד די צוויי הונדערט רייניש, ווערט ער אויס חתן, און פּאר בזיון בלייבט איהם איבער, זאָגט ער, נאָר איין זאך: אָדער דערטרינקען זיך אין טייך, אָדער קומען צו פאָהרען מיט'ן בייטשעל אהיים, קיין קאמינקע"...

די דאָזיגע לעצטע ווערטער זענען אריין דעם עולם, וואָס אהרט אייך, אין נאָז אריין, און מע האָט אויפגעהערט צו לאכען, און דעם זעלבען אויפדערנאכט איז געווען ביי'ם זיידען איין אסיפה פון

די פאַרנעמסטע בעלי־בתים אין שטאָדט, און ס'איז געבליבען, אַז עטליכע שענע אידען, און דער זיידע בתוכם, זאָלען נעמען די פעטשיילעס און מחילה לאָזען זיך איבער דער שטאָדט און צונויפ־מאַכען פון קיווקע'ס וועגען נדן. א ברירה האָט מען געהאַט? האָט קיין יסורים ניט. מע האָט איהם נאָך געמוזט אָנשרייבען אַ מזל־טוב אויך און צו־ווינטשעווען דעם חתן, ס'זאָל זיין אין אַ מזל'דיגער שעה, ער זאָל זיך מיט איהר עלטערען אין עושר און אין כבוד און דערלעבען קינדס־קינדער, ווי געוויינטליך. וואָס האָט מען געקע־ כענט? ער וועט חתונה האָבען, וועט דאָס איהם פאַרדרעהען דעם קאָפּ, וועט ער במילא פאַרגעסען, אַז ס'איז דאָ אַ קאַמינקע אויף דער וועלט. צום סוף — ווער? וואָס? אדרבה. ס'איז ניט אוועקגעגאַנגען קיין האַלב יאָהר, אָדער אַ יאָהר — איך וועל אייך ניט זאָגען אַקוראַט, — קומט ניט אָן, מיינט איהר, פון איהם ווידער אַ מאָל אַ בריוועל? וואָס איז ווייטער? „באשר בכן, אזוי ווי ער האָט חתונה געהאַט, שרייבט ער, און האָט דוקא געטראָפען, גאָט האָט איהם צוגעשיקט, זאָג ער, אַ ווייבעל אויף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרען. גאָר וואָס דען? מיט אַלע מעלות, זאָגט ער, קאָן ניט זיין. האָט זי אַ טאַטען — מעג ער זיין די כפרה. אַ לינגער, אַ דרעהער, אַ שווינדלער, איין אמת'ער באַנדיט. ער האָט אויסגענארט, שרייבט ער, ביי איהם די צוויי הונדערט רייניש און האָט איהם אַרויסגעטריבען מיט'ן ווייב אויף דער גאַס. על כן, שרייבט ער, „בקשתי לשלוח" — זאָל מען איהם, הייסט עס, אַרויס־שיקען תיכף ומיד אַנדערע צוויי הונדערט רייניש. אַניט, זאָגט ער, קומט איהם אויס אָדער נעמען אַריינוואַרפען זיך אַ לעבעדיגער אין טייך־אַריין, אָדער קומען צו פאָהרען צוריק אַהיים מיט'ן ווייבשעל"...

דאָס האָט שוין דער שטאָדט פאַרדראָסען טאַקי ניט אויף קאַטאָוועס. צוויי מאָל נדן? — דאָס איז דאָך שוין עפּיס טאַקי מעשה פאַרך! און ס'איז געבליבען, מע זאָל איהם אויף זיין בריעף נישט ענטפערען גאַרנישט. איז זיך מיישב קיווקע און וואַרט־אָפּ אַ וואָך צוויי אָדער דריי און שיקט־אַריין, וואָס אַהרט אייך, ווידער

א בריעף, און אלץ אויף מיין זיידענ'ס נאָמען: „אזוי און אזוי, וואָס טראַכט מען זיך? פאַר וואָס שיקט מען איהם ניט ארויס די צוויי הונדערט רייניש? ער וועט אָפּוואַרטען, שרייבט ער, נישט מעהר ווי אַנדערטהאַלבען וואָכען, און אז מע שיקט איהם ניט ארויס, זאָגט ער, דאָס געלט, האָט איהם קאַמינקע פאַר א גאַסט, אם ירצה השם, גאָר אין גיכען". און לאָזט נאָך אויס דעם בריעף מיט א „ונאמר אָמן". א שייגעץ קאָן!

ווי, פאַרשטעהט איהר, האָט דאָס געברענט און געבראָטען איטליכען באַזונדער? נאָר וואָס האָט מען געקאָנט טהון? ווידער א מאָל איין אסיפה ביי'ם זיידען אין שטוב, און ווידער א מאָל שענע בעלי־בתים מיט א פּעטשיילע איבער דער שטאָדט. דער עולם האָט זיך אפילו, וואָס אהרט אייך, שטאַרק געקנייטשט, קיין חשק געהאַט צו געבען געלט צוליעב אזא כל־בו'ניק. נאָר ס'איז עפּיס א תירוץ — אז רב ניסעל שאַפּיראָ זאָגט געבען, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין. נאָר א תנאי האָט יעדער אויסגענומען, אז דאָס גיט ער צום לעצטען מאָל. דער זיידע אליין האָט אויך גאָר אַנדערש ניט גערעכענט, אז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל. און אזוי האָט מען איהם טאַקי אָנגעשריבען, קיווקען הייסט דאָס, בפירוש מיט'ן הארבען וואָרט, אז דאָס שיקט מען איהם ד אָ ס ל ע צ ט ע מ אָ ל, און אז מעהר זאָל ער פון קיין געלט גאָר ניט דערוועגען מזכיר זיין אפילו. אודאי האָט ער זיך שטאַרק איבערגעשראָקען, דער גנב, ווי מיינט איהר? איינמאָל אונטער א יום־טוב קומט ניט אָן פונ'ם תנא (צום זיידען, געוויינטליך) ווידער א מאָל א בריוועל? וואָס איז היינט? „באשר בכן, — שרייבט ער, — אזוי ווי ער איז זיך צונויפגעקומען אין בראָד מיט איינעם א דייטש, זעהר א לייטישען מענטשען און איין עהרליכען, און האָט געשלאָסען, זאָגט ער, מיט איהם שותפות, א פאַיאַנס־געשעפט, און דאָס געשעפט איז, זאָגט ער, זעהר א גוט געשעפט און א ראַיעל געשעפט, מע קאָן, זאָגט ער, דערפון האָבען זעהר שען פרנסה, — על כן בקשתי לשלוח, זאָל מען איהם, הייסט עס, צושיקען, למען השם, פיער הונדערט מיט

פופציג רייניש. און טאַקי באַלד, מע זאָל ניט „מעדליוועןי״, זאָגט ער, מיט'ן געלט. וואָרום דער שותּף, שרייבט ער, וויל ניט וואַרטען. ער האָט, זאָגט ער, אַנדערע שותּפים, צעהן פאַר איינעם, און טאָמער חלילה נעמט ער ניט דאָס געשעפט, בלייבט ער אָהן אַ געשעפט, און וויבאַלד ער בלייבט אָהן אַ געשעפט, קומט איהם אויס, זאָגט ער, נאָר אַריינוואַרפען זיך אין טייך אַריין, אָדער קומען צוריק אַהיים מיט'ן בייטשעל״ — דער אַלטער נוסח! און לאָזען לאָזט ער אויס מיט איין אָנצוהערעניש, אַז באַם מע שיקט איהם ניט אַרויס ביז אין צוויי וואָכען צייט די פיער הונדערט מיט פופציג רייניש, וועט זיי קאָסטען טייערער, וואָרום זיי וועלען איהם דאַרפען אומקעהרען פאַר הוצאות פון בראָד קיין קאַמינקע און צוריק פון קאַמינקע קיין בראָד — אַ כּל־בו'ניק קאָן!

באַדאַרף מען אייך נאָך דערצעהלען, וואָס פאַר אַ פאַרשטעהרטען יום־טוב די שטאָדט האָט געהאַט? און איבערהויפּט — דער זיידע מיינער! ער, עליו השלום, האָט נעבאַך געהאַט, וואָס אַהרט אייך, דעם גרעסטען חלק! וואָרום אַז ס'איז געקומען נאָך יום־טוב צו דער אסיפה, האָט דער עולם אָנגעהויבען אונטערמורמלען און טענה'ן: „געננג! ביז וואַנעט איז דער שיעור צו צאַפּען געלט? אַלסדינגנ דאַרף דאָך זיין מיט אַ מאָס. קרעפּלעך עסען קאָן אויך נמאס ווערען. אייער קיווקע וועט אונז מאַכען פאַר קבצנים!״...

אַזוי טענה'ט די שטאָדט. ענטפערט דער זיידע: „וואָס עפּיס מ י י ן קיווקע?״ זאָגען זיי: „וועמענ'ס דען? וועמענ'ס אויפטהו איז דאָס געווען, אַז דער ממזר זאָל פּלוצים באַקומען אַפּאָפּלעקציע אין טורמע?״...

פון די ווערטער האָט מיין זיידע אַרויסגעזעהען (געווען אַ איד אַ חכם), אַז ס'איז דברים בטלים, קיין געלט וועט מעהר די שטאָדט ניט געבען. האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן צו נאַטשאַלסטווע — נאַטשאַלסטווע ליגט דאָך אויך אין קוואַס גלייך מיט אַלע, — טאָמער וועלען זיי געבען חאָטש עפּיס צושטייער? — ווער? וואָס? אַ נעכטיגער טאָג! אַ גוי איז ניט קיין איד. אַ גוי נעמט זיך ניט

צום הארצען. און, וואס אהרט אייך, ער האט נעבאך געמוזט, במחילת כבודו, דער זיידע הייסט עס, צעגארטלען זיך און אוועק־שיקען זיינע אייגענע עטליכע גילדען צום דאזיגען רוצח, ימח שמו. און א בריעף האט ער איהם אוועקגעשריבען, א רעכטען בריעף (מיין זיידע, עליו השלום, אז ער האט געוואלט, האט ער געקאנט!). אינ'ם דאזיגען בריעף האט ער איהם, וואס אהרט אייך, נוט אויס־געשייגעצט, וויפיעל ס'איז אין איהם אריין. ער האט איהם אנ־גערופען כל־בו'ניק, און הולטאי, און עם־הארץ, און פושע־ישראל, און בלוטצאפער, און פיאווקע, און רשע מרושע, און מומר להכעים, און וואס איהר ווילט. און אנגעזאגט האט ער איהם איין מאל פאר אלע מאל, אז מעהר זאל ער זיך גאר ניט דערוועגען שרייבען קיין בריוולעך און ניט מזכיר זיין אפילו פון קיין געלט. און האט איהם דערמאנט, אז ס'איז דא א גאט אויף דער וועלט, וואס זעהט אלסדינג און וויסט אלסדינג און צאהלט בכפל־כפלים. און אויסגעלאזט האט ער דעם בריעף (פארט א אידיש הארץ!) מיט תחנונים, מיט א געבעט הייסט עס, ער זאל רחמנות האבען אויף זיינע אלטע יאהרען און זאל ניט אומגליקליך מאכען א שטאדט מיט אידען, ובזכות זה וועט איהם דער אויבערשטער העלפען, ער וועט דארט מצליח זיין וואו ער וועט זיך קעהרען און ווענדען. אט אזא מין בריעף האט איהם דער זיידע, עליו השלום, אוועקגעשריבען און אונטערגע־חתמ'עט האט ער זיך מיט'ן גאנצען נאמען בפירוש: „ניסעל שאפירא" — און דאס איז געווען פון איהם, ער זאל מיר מוחל זיין, די גרעסטע נארישקייט, ווי איהר וועט באלד הארכען, וואס אהרט אייך, פון דער געשיכטע ווייטער.

דא האט דער קאמינקער איד ווידער א מאל זיך אפגעשטעלט, ארויסגענומען דעם פארטאבאק, פאוואלינקע פארדרעהט א פאפי־ראס, פאררויכערט און שטארק פארצויגען זיך, איין מאל און צוויי מאל און דריי מאל, נאר גישט געקוקט דערויף, וואס דער עולם איז נייגיעריג, געהט־אוים מיט אלע כחות, מע וויל שוין וויסען דעם

שפּיץ. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ ביסעל אָנגעדויכערט און אויסגעהוסט, האָט ער גוט אויסגעשנייצט די נאָז, פאַרקאַטשעט איבעראַנייעס די אַרבעל און אָנגעהויבען מיט'ן זעלבען טאָן, וואָס פריהער:

— איהר קעהרט אודאי מיינען, מיינע ליעבע אידען, אַז דער בּלב שבּכּלבים האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקען פאַר מיין זיידענ'ס בריעף? עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. עס געהט ניט אַוועק קיין האַלב יאָהר, אָדער אַ יאָהר — קומט אָן, וואָס אַהרט אייך, פון דעם משומד אַזאַ מין מכתב: „ראשית בקשתי להודיע, אַז מיין שותף דער דייטש, קומען זאָל אויף איהם אַ בייזער חלום, האָט מיך באַשווינדעלט, באַנומען פון קאָפּ ביז די פיס און אַרויסגעוואָרפען פון געשעפט. האָב איך אפילו געוואָלט אײנגעבען אויף איהם, פאַרפיהרען אַ פּראָצעס, האָב איך אָבער געזעהען, אַז ס'איז אַ נעכטיגער טאָג. אָנהויבען זיך לאָדען מיט אַ דייטש — דאַרף מען זיך געזעגנען מיט'ן לעבען. זיי זענען אַזעלכע ממזרים, אַז מע טאָר ניט שטעהן אין זייערע דלית אמות! בין איך געגאַנגען און האָב בעסער אָפּגעדונגען אַ געוועלב, טאַקי נעבען זיין געוועלב, אַ טיר נעבען אַ טיר, און איך עפען אַ ניי געשעפט, אויך פון פּאַיאַנס, און מיט גאָט'ס הילף, איך וועל דעם דייטש באַגראָבען, ער וועט ביי מיר עסען די ערד! נישטמעהר — איין זאַך, וואָס מע דאַרף האָבען דערצו פּאָדעם, צום ווינציגסטען — טויזענט רייניש. על כּן בקשתי לשלוח"... אַזוי שרייבט ער, קיווקע הייסט עס, און לאָזט־אויס דעם בריעף מיט די ווערטער: „און באַם איהר שיקט מיר ניט אַרויס אין אַכט טאָג אַרום די טויזענט רייניש, שיק איך אָפּ, זאָגט ער, אייער לעצטען בריעף, וואָס איז גע'חתמ'עט מיט אייער אייגענער האַנט: „ניסעל שאַפּיראָ", גלייך אין דער גובערניע אַריין, און דערצעהל זיי אויס די גאַנצע מעשה פון אל"ף ביז תי"ו: ווי אַזוי איך האָב באַקומען אין טורמע די אַפּאָפּלעקציע, ווי אַזוי איך בין נאָכדעם אויפ'ן הייליגען אָרט אויפגעשטאַנען תחית־המתים, ווי אַזוי שמעון דער בעל־עגלה האָט מיך געבּראַכט בּשלום קיין בּראָד, און ווי אַזוי איהר האָט מיר אַרויסגעשיקט עטליכע מאָל לאַ־יחרץ־געלט.

אַלסדינג וועל איך זיי, זאָגט ער, אויסדערצעהלען, לאָזען זיי וויסען, אַז מיר האָבען אַ גרויסען גאָט און קיווקע איז ניט געשטאָרבען"...

געפעלט אייך, אַשטייגער, אַזאַ מין ברוך־הבא? ! ווי נאָר דער זיידע, עליו השלום, האָט איבערגעלייענט דעם דאָזיגען זיסען בריעף, אַזוי איז איהם באַלד געוואָרען שלעכט, וואָס אהרט אייך, אויף צו חלש'ען. עס האָט איהם אָפּגענומען, ניט פאַר מיר געדאַכט... אידען, מיר שטעהען? וואו זענען מיר?

— סטאַנציע באַראַנאָוויטש... סטאַנציע באַראַנאָוויטש...

אַזוי רופען־אויס די קאָנדוקטאָרען, לויפענדיג איינס נאָך דאָס אַנדערע פאַרביי די פענסטער פון אונזער וואַגאָן.

דערהערט דעם נאָמען „באַראַנאָוויטש", שפּרינגט־אויף אונזער קאַמינקער איד פון אָרט, טהוט זיך אַ חאַפּ צו זיין פּעקעל, עפּיס אַ מין זאַק, אָנגעשטופּט גאָט ווייסט מיט וואָס, שלעפּט איהם מיט אַלע כּחות און לאָזט זיך צו דער טיר. איין מינוט — און ער איז שוין מיטביידע פיס אויף דער פּלאַטפאָרמע, שוויצט און שטופּט זיך מיט'ן זאַק צווישען עולם, טהוט אַ קוק אריין יעדען איינציגען אין פּנים אריין:

— באַראַנאָוויטש?

— באַראַנאָוויטש.

עס האַפּט דעם אָנבליק, ווי ביי קידוש־לבנה:

— שלום עליכם?

— עליכם שלום!

אַ סך פון אונזער וואַגאָן (און איך אויך בתוכם) לויפען איהם נאָך פון הינטען און האַפּען איהם ביי די פּאָלעס:

— פעטער! ס'איז בלאָטע! מיר וועלען אייך ניט אָפּלאָזען. איהר מוזט אונז זאָגען — וואָס איז געוועזען דער סוף פון דער געשיכטע?

— וואָסער סוף? ס'איז ערשט איין אָנהויב! לאָזט מיך אָפּ! וואָס ווילט איהר? איך זאָל פאַרשפּעטיגען איבער אייך

דעם פּאָיעזד? מאָדנע אידען! איהר הערט דאָך: באַראַנאָוויטש! סטאַנציע באַראַנאָוויטש!

און איידער מיר קוקען זיך אַרום, איז שוין ניטאָ קיין זכר אפילו פון דעם קאַמינקער אידען.

פאַרברענט זאָל ווערען די סטאַנציע באַראַנאָוויטש!

ענדע געשיכטע נומער דריי.

געשיכטע נומער פיער

# צוגענומען

געשריבען אין יאָהר 1909.

געשיכטע נומער פיער

# צוגענומען

— איהר זאָגט דאָס? איך וועל אייך דערצעהלען א שענערע זאך. פארהאן ביי אונז איינער פינקעלשטיין. א איד א גביר. איין אדיר. האָט ער צוויי בנים. דאכט זיך מיר, ווען איך האָב זיין געלט, וואָלט איך א שפיי געטהאָן אויפ'ן גאנצען טארעראם. ווי־פיעל, מיינט איהר, האָט איהם אָפּגעקאָסט? לאָמיר דאָס פאר־מאָגען ביידע חאָטש האלב!...

— אלדי שווארצע יאָהר! איך האָב עס נאָך געזאָגט פאר־איאָהרען. אָט וועט איהר זעהען, האָב איך געזאָגט, אז העכער האלב וועלען זיך אויס'שמד'ען.

— דאָס אייגענע, וואָס איך. ביי אונז איז געוועזען איינער מארשאק, איז ער אויסגעוועזען וואו די וועלט האָט איין עק. אין ערגיץ ניט צוגעלאָזט. איז ער געגאנגען און האָט זיך אוועק־גע'סמ'ט...

— הלואי איך זאָל ליגען זאָגען, האָב איך געזאָגט, אָט וועט איהר זעהען, זאָג איך, אז מע וועט זיך געבען א נעם ביי אונז צום שמד'ען, וועט ניט בלייבען איין איד, צו אלדי שווארצע יאָהר! וואָס דען? ס'איז, אפנים, איין אופן גאר איבערצוטראָגען די צרות מיט די פראָצענטען מיט די צירקוליארען? אלע טאָג, אלע טאָג

א נייער צירקוליאַר. וויפיעל אידישע קינדער, אַזוי פיעל צירקו־ליאַרען. אַט וועט איהר זעהען, האָב איך געזאָגט, ווי מע וועט זיך דערשפּיעלען, אַז מע וועט נאָר אויפהערען צונעמען. א סימן האָט איהר, נעמט, למשל, שפּאָלע. שפּאָלע — א אידישע שטאָדט? איאָ?

— למאי נעמיראָוו? אָט האָב איך א בריעף פון נעמיראָוו, שרייבט מען מיר פון דאָרטען זעהר מיאוס'ע זאכען!...

— און אין לובען, מיינט איהר, איז בעסער?

— וואָס איז אין לובען?

— צי, אשטייגער, אין אַנאַניעוו. אין אַנאַניעוו פלעגט מען אַלע יאָהר צונעמען נישט ווינציגער פון דריי אידען.

— וואָס טויג אייך אַנאַניעוו? נעמט בעסער טאָמאַשפּאָל. אין טאָמאַשפּאָל, זאָגט מען, האָט מען הייִנטיגס יאָהר נישט צו־גענומען איין אידען אפילו, איהר זאָלט זאָגען, אויף א רפואה!

— און ביי אונז האָט מען הייִנטיגס יאָהר צוגענומען אכט־צעהן אידען.

דאָס איז געוועזן א קול פון אויבען. מיינע צוויי פּאַרשוינען (און איך אויך) פאַרדרייסען די קעפּ אַרויף, הייבען־אויף די אויגען אויף דער אויבערשטער באַנק. פון דער אויבערשטער באַנק הענגען אַראָפּ צוויי פיס אין טיעפע גומענע קאַלאָשען. די צוויי פיס מיט די טיעפע גומענע קאַלאָשען טראָגען אויף זיך א אידען מיט א שווארצען צעקודעלטען קאָפּ, מיט א פאַרשלאָפען פּנים, וואָס זעהט אויס ווי געשוואָלען.

מיינע צוויי פּאַרשוינען באַטראַכטען דעם פאַרשלאָפענעם מיט'ן געשוואָלענעם פּנים, עסען איהם אויף מיט די אויגען, גלייך ווי ער וואָלט געוועזן עפּיס א מין באַשעפעניש, וואָס אין אונזערע ערטער זעהט מען דאָס גאָר ניט. ביידע מיט א מאָל ווערען זיי ווי אויפגעלעבט, דערפרעהען זיך, און מיט בלישטשענדיגע אויגען טהוען זיי א פרעג ביי'ם אויבערשטען פּאַרשוין:

— ביי אייך האָט מען, זאָגט איהר, צוגענומען אכטצעהן אידען?

— אכטצעהן שטיק, ווי די בערען, און מיינעם אויך בתוכם.

— אייערען האָט מען אויך צוגענומען?

— נאָך א מין צונעמען!

— וואו? וואו?

— ביי אונז טאַקי, אין קליין־פּערעשטשעפּענע.

— אין וואָסער פּערעשטשעפּענע? וואו איז דאָס ערגיץ פּערעשטשעפּענע?

ביידע האַפּען זיך אויף אויף די פיס, קוקען איינס אויף דאָס אנדערע, און ביידע — אויפ'ן פאַרשוין פון דער אויבערשטער באַנק. דער פאַרשוין פון דער אויבערשטער באַנק קוקט צו זיי אַראָפּ מיט'ן פאַרשוואָלענעם פּנים:

— קליין־פּערעשטשעפּענע ווייסט איהר ניט? א שטעדטעל פאַרהאַן אזעלכעס. איהר האָט גאָר נישט געהערט קיינמאָל? פאַרהאַן צוויי פּערעשטשעפּענעס: גרויס־פּערעשטשעפּענע און קליין־פּערעשטשעפּענע. בין איך א קליין־פּערעשטשעפּענער.

— אויב אזוי, קומט דאָך אייך שלום. קריכט אַראָפּ אהער. וואָס וועט איהר זיצען דאָרט איינער אַליין אונטער'ן הימעל?

דער בעל־הבית פון די פיס מיט די טיעפע גומענע קאַלאָשען קלעטערט־אראָפּ, קרעכצענדיג, צו די צוויי. און די צוויי צערוקען זיך, מאַכען פונ'ם דריטענ'ם ווענען איין אָרט און זיי באַפאַלען איהם, ווי די הונגעריגע היישעריקען.

— האָט מען אייערען, זאָגט איהר, צוגענומען?

— נאָך א מין צוגענומען!

— זאָגט זשע נאָר, ליעבער פריינט, ווי קומט עס? מע נעמט ביי אייך, אפּנים, א קערבעל?

— א קערבעל? חלילה וחס! מע טאָר גאָר נישט דערמאַנען פון קיין געלט. דאָס הייסט, אמאָל איז ביי אונז דוקא אָנגעגאַנגען געלט. און נאָך א מין געלט! אָהאָ־האָ! מע פלעגט פאָהרען

צו אונז פון אנדערע שטעדט ארום און ארום. מע האָט שוין גע־וואוסט, אז פערעשטשעפּענע איז איין אָרט, וואו מע נעמט. נאָר פון אַ פּאָר יאָהר, פון זינט מע האָט גע'מסר'ט — אויף מיין גליק — האָט מען אויפגעהערט ביי אונז נעמען געלט.

— וואָס זשע? אַ פּראָטעקציע?

— וואָסער אַ פּראָטעקציע? זיי האָבען צווישען זיך אָפּ־געמאכט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אז וויבאלד אַ איד, אַזוי איז — צוגענומען! פּרינימאַט אי ניקאַקיך!

— טאַקי באמת? וואָס רעדט איהר? איהר מאַכט, אפנים, פון אונז חוזק?

— חוזק מאַך איך? וואָס בין איך אייך פאַר אַ חוזק־מאַכער?

אַלע דריי קוקען זיך אָן, גלייך אָן, גלייך ווי זיי וואָלטען וועלען איבער־לייענען, וואָס שטעהט ביי זיי אָנגעשריבען אויף די פּנימ'ער. און מחמת אויף זייערע פּנימ'ער שטעהט נישט אָנגעשריבען גאָרנישט, טהוען די צוויי אַ פרעג ביי'ם דריטען:

— שטעהט נאָר, ווי אַזוי האָט איהר געזאָגט? פון וואַנען זענט איהר אַליין?

דער דריטער ווערט אַ ביסעל ברוגז'ליך.

— פון פערעשטשעפּענע — האָב איך אייך שוין געזאָגט דריי מאָל. פון קליין־פערעשטשעפּענע.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט. מיר האָרכען דאָס ערשטע מאָל אַזאַ שטאָדט.

— חאַ־חאַ־חאַ! פערעשטשעפּענע אַ שטאָדט? אויך מיר אַ שטאָדט! פערעשטשעפּענע איז ניט קיין שטאָדט, נאָר אַ שטעדטעל, אַ דאָרף קאָן מען זאָגען, „אַ מעסטעטשקע".

— און פון דעסטוועגען איז דאָ, זאָגט איהר, ביי אייך... ווי אַזוי הייסט אייער שטעדטעל? פער... פערע...

דער איד פון קליין־פערעשטשעפּענע ווערט שוין טאַקי רעכט אין כּעס.

— מאָדנע אידען דאָס איז! איהר קאָנט נישט אויסרעדען קיין אידיש וואָרט, צי וואָס? פע־רע־שטשע־פע־נע! פע־רע־שטשע־פע־נע!

— נו, גוט, גוט. פערעשטשעפּענע איז פערעשטשעפּענע. וואָס זשע דאַרף מען זיין אַזוי אין כעס?

— איך בין גאָר ניט אין כעס. איך האָב פיינט, אַז מע פרעגט מיך איבער איין זאַך ניינען און נייענציג מאָל.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט. מיר האָבען די אייגענע מכה, וואָס איהר. מיר האָבען דערהערט פון אייך, אַז מע האָט אייערען צוגענומען, האָט דאָס אונז געגעבען אַ נעם. דערפאַר פרעגען מיר זיך אַזוי נאָך. מיר וועלען אייך זאָגען דעם ריינעם אמת: מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, אַז ביי אייך, ווי אַזוי הייסט עס, אין פערע־פערע־שטשעפּענע זאָל זיך געפינען אַ גימנאַזיע!

דער פערעשטשעפּענער איד שטעלט אָן אויף זיי די אויגען, קוקט ביין:

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז ביי אונז אין פערעשטשעפּענע איז דאָ אַ גימנאַזיע?

מיינע צוויי פאַרשוינען פון זייער זייט שטעלען אָן אויפ'ן דריטען פאַרשוין די אויגען:

— איהר זאָגט דאָך, אַז אייערען האָט מען צוגענומען ביי אייך טאַקי אין פערעשטשעפּענע?

דער פערעשטשעפּענער קוקט אויף זיי מלא גזלן. נאָכדעם שטעהט ער אויף און שרייט אויס זיי גלייך אין פּנים אַריין:

— פאַר אַ סאָלדאַט האָט מען איהם צוגענומען! פאַר אַ סאָלדאַט! פאַר אַ סאָלדאַט!...

אין דרויסען איז שוין גרויסער טאָג. אין די פענסטער גנב'עט זיך אַריין אַ גרויע בלויליכע ליכטיגקייט. דער עולם ביסלעכווייז

שטעהט אויף. ווער עס גלייכט זיך אויס די ביינער. ווער עס הוסט זיך אויס. און ווער עס נעמט זיך צו די פעקלעך, גרייט זיך אין וועג אריין.

מיינע דריי פארשוינען האבען זיך צעשיידט. געווארען אויס מחותנים. איינער האט זיך אפגעקערעוועט אין א ווינקעלע און פאוואלינקע פארוויכערט א פאפיראס. דער אנדערער האט אויפ־געעפענט א קליין סדור׳על, אוועקגעזעצט זיך דאווענען פון פארענט, איין אויג צוגעמאכט און געשעפטשעט שטילערהייט. דער דריטער, דער בייזער איד, וואס פון קליין־פערעשטשעפענע, — דער האט זיך גאר גענומען צום עסען.

מערקווירדיג, ווי די דריי זענען עפים מיט א מאל געווארען, ווי ווילדפרעמדע. נישט נאר מע רעדט נישט אויס צווישען זיך א ווארט, נאר מע קוקט זיך ניט אפילו איינס דאס אנדערע אין די אויגען אריין, גלייך ווי זיי וואלטען אלע אינאיינעם עפים אפגע־טהאן א פאסקודנע זאך, א מיאוס׳ע עבירה...

ענדע נעשיכטע נומער פיער.

געשיכטע נומער פינף

# אַ מענטש פון בוענאָס־אַירעס

פאָהרען אין באַהן איז גאָר ניט אַזוי אומעטיג, ווי אַנדערע מיינען. אַבי מע טרעפט נאָר אָן אַ גוטע קאָמפּאַניע. אַמאָל מאַכט זיך אייך צו פאָהרען מיט אַ סוחר, מיט אַ מענטשען, וואָס פאַר־שטעהט געשעפט. דעמאָלט ווייסט איהר גאָר ניט, וואו די צייט קומט אַהין. און אַמאָל טרעפט איהר אָן גישט אויף קיין סוחר, נאָר אַזוי אויף אַ געניטען מענטשען, אַ קלוגען, אַ דורכגעטריבענעם, אַ „געריבערטע ליולקע", וואָס איז קלאָר די וועלט אויף אויסוועניג. מיט אַזאַ מענטשען איז אַ פאַרגעניגען צו פאָהרען. מע קאָן פון איהם עפּיס נאַשען. און אַמאָל שיקט אייך גאָט צו גלאַט אַ לעבע־דיגען פּאַסאַזשיר. אַ לעבעדיגען און אַ פריילכען און אַ באַרעדעווו־דיגען. רעדט ער און רעדט און רעדט. דאָס מויל מאַכט זיך איהם ניט צו רעדענדיג. און נאָר פון זיך, און נאָר פון זיך.

אָט מיט אַזאַ מין נפש איז מיר אויסגעקומען איינמאָל פאָהרען אַ גאַנץ היבשע שטרעקע.

אונזער באַקאַנטשאַפט האָט זיך אָנגעהויבען — ווי אַזוי הויבט זיך אָן אַ באַקאַנטשאַפט אין וואַגאָן? — פון אַ קלייניגקייט: „ווייסט איהר ניט, ווי אַזוי הייסט די סטאַנציע?" אָדער: „וואו האַלט דער זייגער?" אָדער: „צי האָט איהר ניט ביי זיך אַ

שוועבעלע?" גיך, גאנץ גיך זענען מיר געוואָרען גוטע ברידער, גלייך ווי מיר וואָלטען שוין געוועזען באַקענט ווער ווייסט פון ווען אָן. אויף דער ערשטער סטאַנציע, וואו מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף עטליכע מינוט, האָט ער מיך שוין געכאַפּט אונטער דער האַנט, צוגעפיהרט גלייך צום בופעט, און גאָר נישט געפרעגט מיך, צי איך טרינק, צי ניין, האָט ער געהייסען אָנגיסען צוויי גלעזלעך קאָניאַק. באַלד נאָכדעם האָט ער געגעבען אַ וואונק צו מיר, איך זאָל מיך אַ נעם טהון צום גאָפּעל, און אַז מיר זענען פאַרטיג געוואָרען מיט די אַלע מינים געזאַלצענס און פאַרבייסענס, וואָס געפינען זיך אין יעדען בופעט, האָט ער געהייסען אָנגיסען צוויי קופּעל ביער, פאַר־רויכערט — זיך אַ ציגאַר, מיר אַ ציגאַר — און אונזער גוטפריינט־שאַפט איז געשלאָסען געוואָרען.

— איך דאַרף אייך זאָגען גאַנץ אָפענטליך, אָהן אַ קאַפּ חניפה, — מאַכט צו מיר מיין נייער באַקאַנטער שוין זיצענדיג אין וואַגאָן, — אַז איהר זענט מיר געפעלען געוואָרען — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך האָב אייך דערזעהען. ווי איך האָב נאָר אַ קוק געטהאָן אויף אייך, אַזוי האָב איך מיר געזאָגט: אָט דאָס איז אַ מענטש, מיט וועמען מע קאָן רעדען אַ וואָרט. איך האָב פיינט, הערט איהר, זיצען ווי אַ נאַפּודעלע און שווייגען. איך האָב ליעב רעדען מיט אַ לעבעדיגען מענטשען, און צוליעב דעם טאַקי האָב איך גענומען אַ בילעט דריטער קלאַס, איך זאָל האָבען מיט וועמען צו רעדען. אַזוי פאָהר איך דווקא צווייטע קלאַס. און ערשטע קלאַס, מיינט איהר, קאָן איך נישט אויספיהרען? איך קאָן אויספיהרען ערשטע קלאַס אויך. אפשר רעכענט איהר, אַז איך באַריהם זיך פאַר אייך? נאַט, זעהט.

און מיט די ווערטער האָפּט־ארויס מיין פאַרשוין פון דער היג־טערשטער הויזענקעשענע און עפּענט־אויף אַ טייסטער, אָנגעפּאַקט מיט געלט, טהוט אַ פּאַטש מיט דער האַנט פון אויבען, ווי אויף אַ ווייך קישעלע, און באַהאַלט דעם טייסטער צוריק:

— שרעקט זיך ניט, ס'איז דאָ נאָך.

איך באַטראַכט דעם נפש און קאָן נישט טרעפען בשום אופן, וויפיעל ער איז אַלט. ס'איז רעכט צו זאָגען — א יאָהר פערציג, און ס'איז רעכט צו זאָגען — עטליכע און צוואַנציג. דאָס פּנים גלאַט און קיילעכיג, א ביסעלע צו־שטאַרק צוגעברענט. קיין סימן פון קיין באָרד און וואָנסעס. אויגעלעך קליינע, בוימעהלדיגע און לאַכענ־דיגע. און אַליין איז דאָס א קליינטשיקס, א קיילעכיגס, א ריהרעוו־דיגס, א לעבעדיגס, אָנגעטהאָן פון אויבען ביז אַראָפּ נעט און נאָבעל, אזוי ווי איך האָב ליעב: א שניי־ווייס העמד מיט גאָלדענע קנעפּ. א רייכער פּלאַסטראָן־שניפּס מיט א שענער נאָדעל אַריינגעשטעקט. א נייער עלעגאַנטער בלויער אַנצוג פון עכט־ענגלישען שעוויאָט. א פּאָר לאַקירטע שיך, קלוגע שיך. א שווערער גאָלדענער רינג אויפ'ן פינגער מיט א בריליאַנט, וואָס שפּיעלט זיך אָפּ אויף דער זון אין טויזענט וואַסערען (דער רינג, אויב ער איז נאָר איין אמת'ער, דאַרף ווערטה זיין ניט ווינציגער פון פיער־פינף הונדערט, אויב ניט מעהר).

שען אָנטהון זיך — דאָס איז, נאָך מיין מיינונג, די הויפּטזאַך ביי מענטשען. איך האָב ליעב אַליין שען אָנטהון זיך, און האָב ליעב, אז יענער געהט שען אָנגעטהאָן. נאָכ'ן אָנטהון וועל איך אייך דערקענען, ווער ס'איז א פיינער מענטש, און ווער ניט. פאַרהאַן אפילו אַזעלכע, וואָס האַלטען, אז ס'איז גאָר קיין ראיה ניט. מע קאָן, זאָגען זיי, געהן זעהר שען אָנגעטהאָן און זיין וואָס אין דער קאָרט. וועל איך אייך אָבער פרעגען, ענטפערט מיר דערויף: למאי טהוט זיך אָן שען די גאַנצע וועלט? למאי טראָגט דער אַזא מין אַנצוג, און דער אַזאַ מין קאָסטיום? למאי קויפט זיך איינער א „דיפּלאָמאַט־שניפּס", איין אַטלעסענעם, א גלאַטען, פּערעל־גרין קאָליר, און דער אַנדערער זוכט א „רעגאַט", דוקא א רויטען און דוקא מיט ווייסע שפּרענקעלעך?

איך וואָלט אייך געקאָנט ברענגען נאָך א סך אַזעלכע ביי־שפּיעלען, מיין איך אָבער, אז ס'איז ניט כדאי. איין עבירה די צייט.

לאָמיר בעסער אומקעהרען זיך צו מיין נייעם באַקאַנטען און האָרכען, וואָס וועט ער אונז דערצעהלען.

„— אזוי, אזוי, ליעבער פריינט. ווי איהר זעהט, קאָן איך שוין דוקא יאָ פאַהרען צווייטע קלאַס. מיינט איהר, איך זשאַלעווע געלט? געלט איז בלאָטע, נאָר — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — איך האָב ליעב דריטע קלאַס. ווייל איך בין אליין א פּראָסטער מענטש און האָב ליעב פּראָסטע מענטשען. איך בין, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ ד ע מ אָ ק ר א ט. איך האָב מיין קאַריערע אָנגעהויבען קליין, זעהר קליין. אַט אזוי אָ! (מיין נייער באַקאַנטער טהוט מיר א וויז מיט דער האַנט ביי דער ערד, ווי קליין ער האָט אָנגעהויבען זיין קאַריערע). און בין געוואַכסען העכער און העכער. (מיין נייער באַקאַנטער באַווייזט מיר מיט דער האַנט ארויף, צו דער סטעלי, ווי ווייט הויך ער איז געוואַכסען). נישט מיט א מאָל. חאַפּט זיך נישט. נאָר פּאַוואָלינקע. ביסלעכ־ווייז. ביסלעכווייז. פריהער בין איך געוועזען א „מענטש" ביי יענעם. וואָס זאָג איך א „מענטש"? חאַ־חאַ־חאַ! ביז איך בין דערגאַנגען צו אזא הויכער שטופע — זיין ביי יענעם א „מענטש", — זענען אָפּגעלאָפען גענוג־געגנוג וואַסערען! אז איך טהו אַמאָל א טראַכט, הערט איהר, וואָס בין איך געוועזען, אז איך בין געוועזען א קינד, שטעלען זיך מיר — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — די האָר קאַפּויר! איך קאָן מיך, הערט איהר, גאָר ניט דערמאַנען וועגען דעם. איך ק אָ ן מיך ניט דערמאַנען און ו ו י ל מיך ניט דערמאַנען. איהר מיינט אפשר, ווייל סע שטעהט מיר ניט אָן? אדרבה. איך זאָג אַלעמען, וועד איך בין. אז מע פרעגט מיך: פון וואַנען זענט איהר? — שעם איך מיך ניט און זאָג, אז איך בין פון א גרויסער מדינה, פון ס אָ ש מ א ק ע ן. ווייסט איהר, וואו געפינט זיך אַט דאָס ס אָ ש מ א ק ע ן? א שטעדטעל פאַרהאַן אזעלכעס אין קורלאַנד, ניט ווייט פון מיטאַווע, רופט מען דאָס ס אָ ש מ א ק ע ן. די גאַנצע שטאָדט איז אזוי גרויס, אז איך וואָלט זי ביי היינטיגען טאָג געווים געקאָנט אָפּקויפען

מיט אַלע איהרע פּאַטראָכעס. עס קאָן זיין, אַז איצט האָט זיך די שטאָדט איבּערגעבּיטען, אויסגעוואַקסען — וועל איך אייך ניט זאָגען. נאָר אין מיינע יאָהרען האָט גאַנץ סאָשמאָקען — איהר וועט מיר גלויבּען, צי ניט? — פאַרמאָגט מעהר ניט ווי איין מאַראַנץ, וואָס איז געגאַנגען מיד ליד, פון איין ווירטין צו דער אַנדערער, אויף מכבד צו זיין די געסט שבת נאָכ'ן טיש.

„אָט אין דעם סאָשמאָקען בין איך דאָס דערצויגען געוואָרען אויף הילכיגע פּעטש, טרוקענע קלעפּ, אייזערנע סטוסאַקעס, רויטע פונקען אין די אויגען, בּלויע צייכענס אויפ'ן לייב און דערצו אַ הונגעריגען מאָגען. קיין זאַך, הערט איהר, געדענק איך ניט אַזוי, ווי הונגער. אַ הונגעריגער בין איך אַרוים אויף גאָט'ס וועלט, און הונגער האָבּ איך געליטען פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען. הונגער, האַרצקלעהמעניש און מורא'דיגע נודנאָטע... שאַט! זשיוועצע, ווייסט איהר, וואָס הייסט זשיוועצע? עס וואַכסט אויף די בּוימער און כּלי־זמר בּאַנוצען עס אויפ'ן אָרט פון קאַניפאָלי. האָבּ איך געלעבּט מיט דעם — איהר וועט מיר גלויבּען, צי ניט? — כּמעט אַ גאַנצען זומער. דאָס איז געווען דער זומער, ווען מיין שטיפטאַטע, אַ קירנאָסער שניידער, האָט מיר אויסגעדרעהט אַ האַנט און האָט מיך אַרויסגעטריבּען פון מיין מאַמע'ס שטוב, און איך בּין אַנטלאָפען פון סאָשמאָקען קיין מיטאַווע. אָט די האַנט, זעהט איהר? — עס דאַרף נאָך זיין אַ סימן היינט אויך".

און מיין נייער בּאַקאַנטער פאַרקאַטשעט איין אַרבּעל און ווייזט מיר אַ ווייכע געזונטע פּוכקע האַנט און דערצעהלט ווייטער:

„— אַרומגעבּלאָנקעט זיך אַ הונגעריגער, אַ נאַקעטער, אַ בּאָרוויסער אין מיטאַווע און אויסגעוואַלגערט זיך אין אַלע מיסטען, האָבּ איך, דאַנקען גאָט, נעקריגען אַ שטעלע. די ערשטע שטעלע. איך בּין געוואָרען אַ פיהרער בּיי איין אַלטען חזן. דער חזן איז געווען אַמאָל ערגיץ אַ בּאַריהמטער חזן. אויף דער עלטער איז ער בּלינד געוואָרען אויף בּיידע אויגען און געמוזט געהן איבּער די הייזער. בּין איך דאָס געוואָרען זיין פיהרער. די שטעלע אַליין

וואָלט געווען אפילו נישקשה פון א שטעלע. נאָר איבערטראָגען דעם חזנ׳ס קאפּריזען האָט מען באַדאַרפט זיין פון אייזען. קיינ־מאָל, הערט איהר, איז ער נישט געווען צופריעדען. קיינמאָל. כּסדר האָט ער נאָר געוואָרטשעט, געקנייפּט מיך, אויסגעריסען מיר שטיקער פלייש. ער האָט גע׳טענה׳ט, אז איך פיהר איהם ניט אהין, וואו מע דאַרף. וואוהין, האָט ער געוואָלט, זאָל איך איהם פיהרען — ווייס איך עד היום ניט. א מורא׳דיגער קאפּריזנער חזן! דערצו האָט ער מיך נאָך אַרויפגעפיהרט אויף גוטע זאכען. ער האָט זיך פאַר אַלעמען באַריהמט, — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — אַז מיין טאַטע־מאַמע האָבען זיך גע׳שמד׳ט און מיך האָבען זיי אויך געוואָלט אָפּ׳שמד׳ען, האָט ער מיך קוים מיט צרות, מיט אַנגסטען אַרויסגעריסען פון גויישע הענט. און איך האָב באַדאַרפט אויסהערען אַזעלכע שקרים און ניט צעזעצט ווערען פאַר געלעכטער! אדרבה, ער האָט נאָך געפאָדערט פון מיר, אַז איך זאָל בעת־מעשה מאַכען א קרום פּנים.

„קורץ און גוט, איך האָב אַרויסגעזעהען, אַז איך וועל מיך מיט מיין חזן ניט עלטערען, האָב איך געשלאָגען כּפּרות מיט מיין „שטעלע" און בין אוועק פון מיטאַווע קיין ליבאַווע. אַרומגעדרעהט זיך א שטיקעל צייט א הונגעריגער אין ליבאַווע, האָב איך מיך דערשלאָגען צו א חאַליאַסטרע אָרעמע עמיגראַנטען. די עמיגראַנטען האָבען זיך געקליבען אָפּפאָהרען מיט׳ן שיף ערגיץ ווייט, אַזש קיין בוענאָס־איירעס, האָב איך מיך אָנגעהויבען בעטען ביי זיי, מע זאָל מיך אויך נעמען קיין בוענאָס־איירעס. ווער? וואָס? ס׳איז נישט מעגליך. ס׳איז ניט געווענדט אָן זיי, ס׳איז געווענדט אָן קאָמיטעט. ווי אַזוי דער קאָמיטעט וועט זאָגען. בין איך אוועק אין קאָמיטעט, געוויינט, גע׳חלש׳ט, קוים איינגעבעטען זיך, מע זאָל מיך נעמען קיין בוענאָס־איירעס.

„פרעגט מיך בחרם, וואָס בוענאָס־איירעס? ווער בוענאָס־איירעס? אַלע פאָהרען, פאָהר איך אויך. ערשט אַז מיר זענען געקומען קיין בוענאָס־איירעס, ווער איך געוואָהר, אַז פאָהרען

פאַהרען מיר, אייגענטליך, ווייטער, און אז בוענאָס־איירעס איז ניט מעהר ווי א פונקט, פון וואנען מע וועט אונז צעשיקען אין פארשיידענע ערטער. און כך הוה. מיר זענען נאָר געקומען קיין בוענאָס־איירעס, אזוי האָט מען אונז איבערגעשריבען און צעשיקט אין אזעלכע מקומות, וואו אָדם הראשון איז ניט געווען, הערט איהר, אפילו אין חלום, און מע האָט אונז אוועקגעשטעלט צו דער ארבייט. ווילט איהר דאָך מסתמא וויסען, וואָסער ארבייט? פרעגט שוין בעסער ניט. אונזערע אָבות־אבותינו אין מצרים האָבען געוויס ניט געטהאָן דאָס, וואָס מיר האָבען געטהאָן. און די צרות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען, ווי מע דערצעהלט זיך אָן אין דער הגדה, איז אפילו ניט קיין צעהנט־חלק, הערט איהר, פון דעם, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען. אונזערע זיידעס האָבען, זאָגט מען, גע־קנאָטען לעהם, געמאַכט ציגעל און געבויט פיתום מיט רעמסס. א טייערע מציאה! וואָלטען זיי זיך פּרובען, אזוי ווי מיר, באַ־ארבייטען מיט די הוילע הענט ברייטע וויסטע סטעפּעס, מיט שטעכעלקעס באוואַכסען, האָבען צו טהון מיט מורא'דיגע גרויסע אָכסען, וואָס מיט איין ריהר קאָנען זיי דורס זיין א מענטשען, מיט ווילדע פערד, וואָס מע דאַרף זיך נאָך זיי יאָגען מיט איין ארקאַן הונדערט מייל, ביז מע חאַפּט זיי, פארזוכען חאָטש איין מאָל מאָס־קיטעס ביינאַכט, וואָס רייסען־אויס שטיקער פלייש, אלטע סוחארעס, וואָס האָבען א טעם פון שטיינער, לעבעדיגע ווערעם אין פאַר־שימעלטען וואַסער... איך האָב איינמאָל — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — א קוק געטהאָן אין טייך אריין און דערזעהען מיין פּנים, האָב איך מיך דערשראָקען פאַר זיך אליין. די גאַנצע הויט אָפּגעשיילט. די אויגען געשוואָלען. די הענט ווי פּאַמפּעשקעס. די פּיס צעבלוטיגט. פון אויבען ביז אראָפּ באוואַכסען.

„— דאָס ביזט דו? מאָטעק פון סאָשמאַקען?! — אָט אזוי האָב איך א זאָג געטהאָן צו זיך אליין און האָב מיך צעלאַכט. און טאַקי דעם זעלבען טאָג האָב איך א שפּיי געטהאָן אויף די גרויסע אָכסען מיט די ווילדע פערד מיט די וויסטע סטעפּעס מיט דעם

ווערעמיגען וואסער, און מיינער איז אוועק צו־פוס צוריק קיין בוענאָס־איירעס.

„נאָר מיר שיינט, אז אויף דער סטאנציע, וואָס מיר שטעהען איצט, דאַרף זיין אַ גרויסער בופעט. טהוט נאָר אַ קוק אין ביכעל. געפינט איהר ניט, אז ס'איז שוין טאקי צייט עפּיס נעמען אין מויל אריין? אגב וועלען מיר האָבען כח צו דערצעהלען ווייטער".

איבערגעביסען, ווי עס געהער צו זיין, און פארטרונקען מיט ביער, האָבען מיר ווידער אַ מאָל פאררויכערט צו ציגארען — גוטע, שמעקענדיגע, אמת'ע האוואנער ציגארען פון בוענאָס־איירעס — און האָבען זיך אוועקגעזעצט צוריק אין וואגאָן אויף אונזערע ערטער, און מיין נייער באקאנטער פון בוענאָס־איירעס האָט גענומען דער־צעהלען זיין געשיכטע ווייטער:

„ — בוענאָס־איירעס איז איין ערטעל, הערט איהר, וואָס זינט גאָט האָט באשאפען די וועלט... שאַט! אין אמעריקע זענט איהר ווען געוועזען? אין דער שטאָדט ניו־יאָרק? קיינמאָל ניט? און אין לאָנדאָן? ניין? אין מאדריד? קאָנסטאנטינאָפּאָל? פאריז? אויך ניט? נו, קאָן איך אייך ניט אויסמאָהלען, וואָס איז אזעלכעס בוענאָס־איירעס. איך קאָן אייך נאָר זאָגען, אז ס'איז אַ תהום. אַ גיהנם. אַ גיהנם מיט אַ גן־עדן. דאָס הייסט, פאַר ווֶעמען ס'איז אַ גיהנם, פאַר וועמען אַ גן־עדן. מע דאַרף נאָר ניט זיין קיין פעפער און חאפּען דעם רעכטען מאָמענט, קאָן מען מאכען אַ פאר־מעגען. דאַרטען וואַלגערט זיך — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — גאָלד אין די גאַסען. איהר געהט, איהר טרעט איבער גאָלד. בויגט אייך אָן, ציהט־אויס די האנט און נעמט וויפיעל איהר ווילט. נאָר היטען זאָלט איהר אייך, מע זאָל אייך ניט צעטרעטען מיט די פיס. דער עיקר — ניט אָפּשטעלען זיך. ניט פארטראכטען זיך. ניט קלערען: וועלכעס פאסט פאַר מיר און וועלכעס ניט? אלסדינג דאַרף פאסען. זיין אַ משרת אין אַ רעסטאָראַן — איז גוט. אַ יונג אין אַ קלייט — איז גוט. וואשען פלעשלעך אין שענקעל — איז גוט. העלפען אונטערשטופען אַ וועגעלע — איז גוט. ארומ־

לויפען איבער דער גאס און אויסשרייען די נייעס פון די צייטונגען — איז גוט. וואשען הינט — איז גוט. האָדעווען קעץ — איז גוט. חאפען מייז — איז גוט, און שינדען פון זיי די פעלכלעך — איז אויך גוט. מיט איינעם וואָרט — אלסדינג איז גוט, און אלסדינג האָב איך אויסגעפרובט, און אומעטום האָב איך אַרויסגעזעהען, הערט איהר, איין זאך: אז ארבייטען אויף יענעם טויג אויף כפרות. טויזענט מאָל גלייכער, אז יענער זאָל ארבייטען אויף מיר. וואָס זאָל מען טהון, אז גאָט האָט איינמאָל אזוי באַ־שאפען די וועלט, אז דער דארף שוויצען און קאָכען דאָס ביער, און איך דארף עס טרינקען. יענער דארף שוויצען און דרעהען ציגארען, און איך דארף זיי רויכערען. דער מאשיניסט פון דער באהן לאָז פיהרען דעם לאָקאָמאָטיוו, דער קאָטשעגאר לאָז טראָגען קויהלען, דער ארבייטער לאָז שמירען די רעדער, און איך מיט אייך וועלען זיך, הערט איהר, זיצען אָט דאָ אין וואגאָן און דערצעהלען געשיכטען. געפעלט זיי ניט? לאָזען זיי געהן איבערמאכען די וועלט".

איך קוק אויף מיין פארשוין און טראכט מיר: וואָס קאָן ער זיין, אָט דער נפש? איין אויפגעקומענער גביר? א געוועזענער שניידער אין אמעריקע און איצט האָט ער א מאגאזין פון פארטיגע קליידער? צי אפשר טאקי א פאבריקאנט? אָדער א בעל־הבית פון הייזער? אָדער אזוי א מענטש א קאפיטאליסט, וואָס לעבט פון פּראָצענט? נאָר לאָמיר איהם לאָזען ווייטער. ער אליין דער־צעהלט דאָס בעסער:

„— ס'איז, הערט איהר, א קלוגע וועלט און א זיסע וועלט און א גוטע וועלט, און ס'איז א חיות, וואָס מע לעבט אויף דער וועלט! מע דארף נאָר זעהען, מע זאָל זיך ניט לאָזען שפּייען אין דער קאשע. איך האָב מיך געוואָרפען, הערט איהר, אויף אלע זייטען. איבערגעדיענט, ווי עס רעדט זיך, אלע עבודה־זרהס. קיין ארבייט איז ניט געווען צו שווער פאר מיר. קיין פרנסה איז מיר ניט געווען מיאוס. און אויב איהר ווילט וויסען, איז קיין מיאוס'ע פרנסה גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. אלע פרנסות זענען שען. אבי

איהר האנדעלט ארענטליך און אבי דאס ווארט איז א ווארט. איך וויים עס פון זיך אליין. איך וועל מיך, הערט איהר, ניט גערהן באריהמען פאר אייך, אז איך בין דער לעמבערגער רב. נאר איהר מעגט מיר גלויבען אויף נאמנות, אז קיין גנב בין איך ניט. קיין גזלן בין איך אודאי ניט. און קיין שווינדלער אויך ניט. לאמיך האבען אזא יאהר, הערט איהר, וואס פאר איין ארענטליכער סוחר איך בין. איך האנדעל אנשטענדיג. איך נאר קיינעם נישט אפ. איך פארקויף דאס, וואס איך האב. קיין קאץ אין זאק איז ביי מיר נישטא. קורץ, איהר ווילט וויסען, וואס איך בין? איך בין נישט מעהר ווי א ליפעראנט, אדער, ווי ביי אייך ווערט עס אנגערופען, א „פאדראטשיק". איך שטעל־צו דער וועלט סחורה. די סחורה, וואס אלע ווייסען, נאר קיינער רעדט נישט פון דעם... פאר וואס? ווייל די וועלט איז שוין צו א קלוגע וועלט, און מענטשען זענען שוין צו גייציג. זיי האבען פיינט, אז מע זאגט זיי אויף שווארץ, אז ס'איז שווארץ, און אויף וויים, אז ס'איז וויים. זיי האבען בעסער ליעב, פארקעהרט, אז מע זאגט זיי אויף שווארץ, אז ס'איז וויים, און אויף וויים, אז ס'איז שווארץ... נו, וואס וועט איהר טהון מיט זיי?"...

איך קוק אויף מיין פארשוין פון בוענאס־איירעס און טראכט מיר: „רבונו של עולם! וואס איז אזעלכעס אט דער נפש? וואס פאר א מין ארטיקעל שטעלט ער צו, אט דער „פאדראטשיק"? און וואס רעדט ער דאס עפים אזעלכע מאדנע דבורים: „שווארץ — וויים, וויים — שווארץ?"... איבערשלאגען איהם אינמיטען און א פרעג טהון איהם: „פעטער, מיט וואס האנדעלט איהר?" — ווילט זיך מיר ניט. איך לאז איהם בעסער רעדען ווייטער.

„— קורץ, וואו זשע האלטען מיר? ביי מיין איצטיגען געשעפט אין בוענאס־איירעס. מיין געשעפט אליין איז, אייגענטליך, ניט אין בוענאס־איירעס. מיין געשעפט איז, אויב איהר ווילט וויסען, אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט: אין פאריז, אין לאנדאן, אין בודאפעשט, אין באסטאן, און די הויפט־קאנטאר, דאס

ביוראָ, איז אין בוענאָס־איירעס. איין עבירה, וואָס מיר זענען איצט ניט אין בוענאָס־איירעס. איך וואָלט אייך אריינפיהרען צו מיר אין ביוראָ, אייך ווייזען אַ קאָנטאָר, מיט „מענטשען". ביי מיר „מענטשען" לעבען זיך אָפּ — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — ווי די רויטשילדס. אכט שעה אין טאָג — מעהר ארבייט מען ניט ביי מיר אַ מינוט אפילו. ביי מיר איז אַ „מענטש" פאררעכענט פאר אַ מענטשען. ווייסט איהר, פאר וואָס? ווייל איך בין אליין אמאָל געווען אַ „מענטש". טאַקי ביי מיינע איצטיגע שותפים. מיר זענען איצט דריי שותפים. פריהער זענען זיי געווען נאָר צוויי שותפים, און איך בין געווען ביי זיי אַ „מענטש". די רעכטע האנט בין איך ביי זיי געווען. דאָס גאַנצע געשעפט, קאָן מען זאָגען, איז געווען אויף מיר. ביי'ם קויפען סחורה, ביי'ם פארקויפען סחורה, ביי'ם אָפּשאַצען סחורה, ביי'ם סאָרטירען די סחורה — אומעטום איך... ביי מיר איז איין אויג — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — אַז איך טהו נאָר אַ קוק אויף אַ שטיקעל סחורה, וועל איך אייך באלד זאָגען, וויפיעל ס'האָט די ווערטה און וואוהין עס קאָן געהן... נאָר דאָס אליין איז נאָך נישט אינגאַנצען. ביי אונזער געשעפט איז איין אויג אליין ווינציג. מע דארף נאָך האָבען, הערט איהר, אַ נאָז אויך, אַ חוש הריח... פאר אַ מייל דארף מען קאָנען אָנשמעקען, וואו עפּיס ליגט. מע דארף פיהלען, וואו מע קאָן מאכען אַ גוט געשעפט, און וואו מע קאָן ברעכען רוק און לענד, און נאָך אריינקריכען אין אַ בלאָטע, הערט איהר, ביז אריבער די אויהערען, מע זאָל נאָכדעם האָבען צו זינגען און צו זאָגען... צו־פיעל „שטיגוטערעם", הערט איהר, פארהאַן אויף דער וועלט. צו־פיעל אויגען קוקען אויף אונזער געשעפט — און אונזער געשעפט האָט דוקא מורא פאר אַ גוט אויג, חאַ־חאַ... איין טריט, אַז איהר מאכט אַ פאלשען, וועט איהר אייך ניט אָפּוואשען מיט קיין צעהן וואסערען... באלד עפּיס, ווערט אַ גוואלד, אַ געפּילדער, אַ שמירערייַ אין די גאַזעטען. און די גאַזעטען דארפען דאָך מעהר ניט. די גאַזעטען זענען זיך מחיה, אַבי זיי האָבען פון וואָס צו קלינגען.

צעלעגען זיי די זאך אויף זיעבעץ און זיעבעציג טעלערלעך, בלאָזען־אויף א פייער מיט סכנת־נפשות און הויבען־אויף די גאנצע פּאָליציע... חאָטש אפילו — איך דארף אייך זאָגען בסוד — די פּאָליציע פון דער גאנצער וועלט איז, חא־חא, ביי אונז אין קעשענע... איך זאָל אייך אָנרופען נאָר די סומע, וואָס אונז קאָסט־אָפּ א יאָהר פּאָליציע אַליין, וועט איהר זיך דערשרעקען... ביי אונז — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — איז א נתינה פון צעהן טויזענט, פופצעהן טויזענט, צוואנציג טויזענט — פו!"

מיט די ווערטער טהוט מיין פארשוין א מאך מיט דער האנט, ווי א מענטש, וואָס ווארפט זיך מיט טויזענטער. בעת מעשה טהוט א בלישטש דער ברילּיאנטענער רינג אויף דער שיין, און דער מענטש פון בוענאָס־איירעס, וואָס ווארפט מיט טויזענטער, שטעלט זיך אָפּ א ווײַלע, קוקט, וואָס פאר א רושם עס האָבען געמאכט אויף מיר די טויזענטער, און פאָהרט ווייטער:

„— און אז מע דארף אמאָל געבען מעהר, מיינט איהר, איז עפּים א תירוץ? דערויף זענען מיר שוין דוקא באגלויבט. איך מיין, טאקי מיר, אלע דריי שותפים. וויפיעל טויזענטער מיר זאָלען ניט אָנווייזען אויף פּאָליציע, גלויבט מען זיך אויף נאמנות... אלע הוצאות פיהרען זיך ביי אונז אויף נאמנות. מיר גלויבען זיך איינס דאָס אנדערע אויפ׳ן וואָרט. איינער פונ׳ם אנדערען וועט ניט פארלייקענען, הערט איהר, אויף אָט אזוי פיעל... און, אדרבה, לאָז איינער פּרובען יאָ פארלייקענען, — וועט ער האָבען א וויסטען סוף... מיר קענען זיך, הערט איהר, גוט איינס דאָס אנדערע, און מיר ווייסען דעם פלאץ, און מיר זענען קלאָר די גאנצע וועלט. יעדער פון אונז האָט זיך זיינע אגענטען מיט זיינע שפּיאָנען... וואָס דען מיינט איהר? געשעפט, וואָס פיהרט זיך אויף נאמנות, קאָן אנדערש ניט געהן... געפינט איהר ניט, אז ס׳וואָלט זיין בעסער ניי רעכט, מיר זאָלען דאָ אויף דער סטאנציע געבען א שפרונג־אראָפּ און טהון א שוואנק־דורך דעם האלז?"

אזוי מאַכט צו מיר מיין פאַרשוין און נעמט מיך פאַר א האַנט און פאַרקוקט מיר אין די אויגען אריין.

זעלבסטפאַרשטענדליך, אז איך האָב גאַרנישט דאַגעגען, און מיר געבען א שפּרונג־אַראָפּ אויף דער סטאַנציע און טהוען א שווענק־דורך דעם האַלז. איינס נאָכ׳ם אַנדערע קנאַקען די פלעשלעך ליי־מאָנאַד, און מיין חברה־מאַן טרינקט מיט אזא מין אַפּעטיט, אז מע מעג איהם מקנא זיין. מיר אָבער גריבעלט די גאַנצע צייט אין מח איין געדאַנק: מיט וואָס פאַר א מין אַרטיקעל האַנדעלט ער, אָט דער מענטש פון בוענאָס־איירעס? וואָס וואַרפט ער זיך אזוי מיט טויזענטער? און ווי אזוי איז דאָס די פּאָליציע פון דער גאַנצער וועלט ביי איהם אין קעשענע? און צו וואָס דאַרפען זיי אַגענטען און שפּיאָנען?... האַנדעלט ער ניט מיט קאָנטראַבאַנד?... מיט פאַלשע בריליאַנטען?... מיט גנב׳ישע סחורות? ... אָדער ער איז גלאַט אזוי א פּראַלער, א קנאַקער, א באַריהמער, פון די פיינע בריות, וואָס אַלסדינג וואַכסט ביי זיי אונטער דער צונג משונה אומגעלומפּערט, אין דער לענג און אין דער ברייט?... צו אונז, קאָמי־וואָיאַזשערען, אז עס חאַפּט זיך אריין אזא מין קונצענמאַכער, א בעל־מגזם, האָבען מיר פאַר איהם אונזער אייגענעם נאָמען: „אַ נ ג ר אָ ס י ס ט". דאָס הייסט, א מענטש, וואָס אַלסדינג איז ביי איהם „אָנגראָ"... בלשון אשכנז הייסט דאָס פשוט: א איד א שקרן, וואָס האַקט א טשייניק... מיר פאַררויכערען ווייטער צו ציגאַרען, פאַרנעמען אונזערע ערטער, און דער מענטש פון בוענאָס־איירעס האַקט ווייטער:

— „וואו זשע האַלטען מיר, אַפּנים? ביי מיינע שותּפים. דאָס הייסט, ביי מיינע אֵ י צ ט י ג ע שותפים. פריהער זענען זיי געווען מיינע בעלי־בתּים, און איך בין געווען, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, זייער מענטש. איך וועל אייך ניט אויסטראַכטען קיין בלבול, אז זיי זענען געווען שלעכטע בעלי־בתּים. ווי האָבען זיי געקאָנט זיין צו מיר שלעכט, אז איך בין זיי געווען געטריי, ווי א הונט? זייערער א סענט איז ביי מיר געווען, הערט איהר, טייער,

אזוי ווי מיין אייגענער. און שונאים האָב איך מיר געקויפט צוליעב זיי, בלוטיגע שונאים! ס'איז געווען צייטען — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — וואָס מע האָט מיך איבער מיין געטריישאפט געוואָלט סמ'ען. טאקי פשוט סמ'ען. איך מעג מיך באריהמען, הערט איהר, אז איך האָב זיי געדיענט עהרליך, וואָס עהרליכער קאָן שוין גאָר ניט זיין. אמת, איך האָב אָן זיך אויך ניט פארגעסען... א מענטש טאָר קיינמאָל ניט פארגעסען אָן זיך. א מענטש דאַרף געדענקען, אז ער איז ניט מעהר ווי א מענטש. היינט לעבט ער, און מאָרגען?... חא־חא! אייביג זיין ביי יענעם איז ניט קיין פלאַן. וואָס בין איך — אָהן הענט? אָהן פיס? צי אָהן א צונג? ובפרט, איך האָב געוואוסט, אז אָהן מיר קאָנען זיי זיך ניט באגעהן א טאָג אפילו. זיי קאָנען ניט און טאָרען ניט... ווייל ס'איז דאָ סודות, הערט איהר, סודות מיט סודות... ווי דער שטייגער איז אין א געשעפט... בין איך מיך מיישב איינ־מאָל, הערט איהר, אין א שענעם טאָג, און קום־אריין צו מיינע בעלי־בתים און רוף מיך אָן צו זיי: „אדיעו, מיינע הערכען!" קוקען זיי מיך אָן: „וואָס הייסט אדיעו?" „אדיעו, זאָג איך, הייסט: זייט געזונט". זאָגען זיי: „וואָס איז די מעשה?" זאָג איך: „ביז וואנעט איז דער שיעור?"... ווארפען זיי זיך איבער איינס מיט דאָס אנדערע מיט די אויגען און טהוען מיך א פרעג: „וויפיעל פארמאָג איך קאפיטאל?" זאָג איך צו זיי: „וויפיעל איך זאָל ניט פארמאָגען, זאָג איך, וועט מיר זיין אויף דער ערשטער צייט גענוג, זאָג איך, און טאָמער, זאָג איך, וועט זיין קארג, איז גאָט, זאָג איך, א פאָטער און בוענאָס־איירעס א שטאָדט"... אודאי האָבען זיי מיך פארשטאנען. פאר וואָס זאָלען זיי מיך ניט פארשטעהן — דער מח איז זיי אויסגעדארט געוואָרען? און אָט אזוי א זענען מיר פון דעמאָלט אָן געוואָרען שותפים. דריי שותפים, דריי בעלי־בתים, גלייך אויף גלייך. ביי אונז איז ניטא — דעם מעהר, יענעם ווינציגער. וואָס גאָט גיט... קריעגען קריעגט מען זיך אויך ניט. צו וואָס זאָל מען זיך קריעגען, אז פארדיענען פארדיענט מען, דאַנ־

קען גאָט, גאַנץ שען און דאָס געשעפט וואַקסט... די וועלט ווערט גרעסער און די סחורה ווערט אַלע מאָל טייערער... איטליכער פון אונז נעמט זיך אַרוים פון שותפות וויפיעל ער דאַרף אויף דער הוצאה. מיר זענען אַלע גרויסע בעלי־הוצאות. ביי מיר אַליין, אָהן אַ ווייב און אָהן קינדער, געהט אַוועק — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — דריי מאָל אַזוי פיעל, ווי ביי איין אַנדערען מיט אַ ווייב און מיט קינדער. וואָס מיך קאָסט־אָפּ אַ יאָהר צדקה אַליין, וואָלט זיך דאָס איין אַנדערער געוואונשען פאַרדיענען. ס'איז נישטאָ, הערט איהר, איין זאַך, וואָס זאָל מיך נישט קאָסטען קיין געלט. אַ שוהל, אַ שפּיטאָל, איין עמיגראַנטען־קאַסע, אַ קאָנצערט — בוענאָס־איירעס איז, קיין עין־הרע, אַ שטאָדט! און וואו זענען עפּים אַנדערע שטעדט? ארץ־ישראל — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — קאָסט מיך שוין אויך געלט. ערשט ניט לאַנג קומט מיר אָן אַ בריעף פון אַ ישיבה פון ירושלים. אַ שענער בריעף, מיט אַ מגן־דוד, מיט אַ שטעמפּעל און מיט חתימות פון רבנים. דער בריעף איז געשריבען גלייך צו מיר, מיט אַ שענעם טיטול: „הרבני הגביר המפורסם רב מרדכי"... ע־ע־ע! — טראַכט איך מיר. — ווייבאַלד זיי זענען אַזעלכע פיינע מענטשען און רופען מיך אָן ביי'ן נאָמען, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין און מע דאַרף זיי שיקען אַ הונדערטער... דאָס האָט איהר אייך זייטיגע נדבות. היינט וואו איז ערגיץ מיין געבורט־שטאָדט? סאָשמאַקען? סאָשמאַקען נעמט־צו ביי מיר — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — אַלע יאָהר אָט אַזאַ היטעל מיט געלט! אַלע מאָל, אַלע מאָל קומט מיר אָן פון סאָשמאַקען איין אַנדער בריוועל. דאָס איז אַזאַ צרה, דאָס איז אַזאַ שלאַק... פון מעות־חטים שמועסט מען ניט. אַלע פּסח אַ הונדערטער. דאָס איז שוין אַ „זאַקאָן"... אָט פאָהר איך איצט קיין סאָשמאַקען, וויים איך פריהער, אַז איך וועל ניט אָפּקומען מיט קיין טויזענטער. וואָס זאָג איך, אַ טויזענטער? הלואי איך זאָל פּטר'ען מיט צוויי. אַניט, וועלען זיין אַלע דריי. אַ קלייניגקייט, אַ מענטש איז ניט געווען אַזאַ צייט אין דער היים — פון קינדערווייז

אָן, חאַ־חאַ! סאַשמאַקען איז דאָך מיין היים! איך וויים פריהער, אַז די גאַנצע שטאָדט וועט קאָכען. מע וועט זיך צונויפלויפען. אַ גדולה: „מאָטעק איז געקומען, אונזער מאָטעק פון בוענאָס־איירעס!"... אַ יום־טוב! גלויבט מיר, מע קוקט שוין דאָרט ארוים אויף מיר, ווי אויף משיח'ן. נעבאָך גרויסע אָרעמעלייט. פון יעדער סטאַנציע געב איך זיי צו וויסען, אַז איך פאָהר. איך קלאָפּ זיי אַלע טאָג אַ דעפּעש: „פריעזשאַיו. מאָטעק". איך אַליין — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — וואָלט שוין אויך וועלען וואָס גיכער קומען צו פאָהרען קיין סאַשמאַקען. אַ קוק טהון אויף סאַש־מאַקען, אַ קוש טהון די ערד פון סאַשמאַקען, דעם שטויב פון סאַש־מאַקען. אַ כפרה, הערט איהר, בוענאָס־איירעס! אַ כפרה ניו־יאָרק! אַ כפרה לאָנדאָן! אַ כפרה פּאַריז! חאַ־חאַ! סאַשמאַקען איז דאָך מיין היים!"...

דאָס פּנים פון מיין פּאַרשוין האָט זיך ביי די ווערטער ווי איבערגעביטען. גאָר איין אַנדער פּנים. עפּיס איז דאָס ווי יונגער געוואָרען. יונגער און שענער. און די קליינע בוימעהלדיגע אויגעלעך האָבען באַקומען גאָר איין אַנדער פייערעל מיט אַ נייעם גלאַנץ פון פריידע און פון גדלות און פון ליעבשאַפט. פון אמת'ע, נישט גע־מאַכטע ליעבשאַפט... איין עבירה איין זאָך: וואָס איך וויים נאָך אַלץ ניט אַקוראַט, מיט וואָס ער האַנדעלט... ער לאָזט מיך אָבער לאַנג ניט טראַכטען און שניידט ווייטער:

„— איהר מיינט, וואָס, אייגענטליך, פאָהר איך קיין סאַש־מאַקען? אַ ביסעל בענק איך טאַקי נאָך דער שטאָדט, און אַ ביסעל אויף קבר־אָבות. איך האָב דאָך עפּיס אויפ'ן הייליגען אָרט אַ פאָטער און אַ מוטער, און ברידער און שוועסטער — אַ גאַנצע משפחה. און אגב ווילט זיך מיר טאַקי חתונה האָבען אויך. ביז וואַנעט איז דער שיעור צו זיצען אַ בחור? און חתונה האָבען וויל איך דווקא פון סאַשמאַקען. פון מיין שטאָדט. פון מיין גראַד. פון מיין משפחה. איך האָב מיך שוין וועגען דעם איבערגעשריבען מיט מיינע פריינט פון סאַשמאַקען, זיי זאָלען מיר נאָכזעהן עפּיס רעכטס...

שרייבען זיי, איך זאָל נאָר קומען צו פאָהרען בשלום, וועט שוין במילא זיין רעכט... אָט אזא משוגע׳נער בין איך... מע האָט מיר שוין פאָרגעלעגט אין בוענאָס־איירעס — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — די גרעסטע שענהייטען פון דער וועלט. איך וואָלט געקאָנט, הערט איהר, אויספיהרען אזעלכעס, וואָס דער טערקישער סולטאן אפילו פארמאָגט דאָס נישט... נאָר איך האָב מיר געזאָגט איין מאָל פאר אלע מאָל: ניין! חתונה האָבען פאָהר איך קיין סאָשמאקען. איך וויל איין אָנשטענדיג קינד. א אידישע טאָכטער. זי מעג זיין ווי אָרעם, וועל איך דערויף ניט קוקען. איך וויל זי אָפּ־גילטען. די עלטערען איהרע אָפּשיטען מיט גאָלד. די גאנצע משפחה גליקליך מאכען. און זי אליין וועל איך ברענגען צו מיר קיין בוענאָס־איירעס. איך וועל איהר אויספוצען, הערט איהר, א פאלאץ, ווי פאר א פרינצעסין. קיין שפּרענקעלע וועל איך אויף איהר ניט לאָזען פאלען. גליקליך וועט זי זיך אָפּלעבען ביי מיר — איהר וועט מיר גלויבען, צי ניט? — ווי קיין פרוי אין דער גאנצער וועלט! זי וועט ניט וויסען ביי מיר פון קיין זאך, אויסער איהר ווירטשאפט, מיט איהר מאן און מיט איהרע קינדער. די קינדער וועל איך לאָזען שטודירען. דעם אויף דאָקטאָר, דעם אויף אינ־זשיניער, דעם אויף יוריסט. די טעכטער וועל איך אָפּשיקען אין א אידישען געשלאָסענעם פאנסיאָן. ווייסט איהר, וואוהין? — קיין פראנקפורט...”

ביי די ווערטער קומט־אָן דער קאָנדוקטאָר אָפּנעמען די בילעטען. תמיד (איך האָב שוין באמערקט וויפיעל מאָל) טראָגט אָן דער רוח דעם קאָנדוקטאָר פונקט דעמאָלט, ווען מע דארף איהם ניט! אין וואגאָן ווערט א טומעל, א מהומה. אלע חאפּען די פעקלעך, און איך אויך בתוכם. איך מוז אויסשטייגען פון וואגאָן, זיך איבערזעצען אויף איין אנדער וועג. דער מענטש פון בוענאָס־איירעס העלפט מיר צונויפבינדען מיין באגאזש, און מיר פיהרען דערווייל צווישען זיך א געשפּרעך, וועלכעס איך גיב דאָ איבער פינקטליך, וואָרט אין וואָרט:

ד ע ר  מ ע נ ט ש  פ ו ן  ב ו ע נ א ָ ס ־ א י י ר ע ס: או־וואַ, אַ שאָד, וואָס איהר פאָהרט ניט ווייטער. ניט זיין מיט וועמען צו רעדען.

א י ך: וואָס זאָל מען טהון? פּרנסה איז פּרנסה.

ד ע ר  מ ע נ ט ש  פ ו ן  ב ו ע נ א ָ ס ־ א י י ר ע ס: גוט געזאָגט. פּרנסה איז פּרנסה. איך האָב מורא, איך וועל מוזען צוצאָהלען און אַריבערפּעקלען זיך אין צווייטע קלאַס. איך קאָן, דאַנקען גאָט, אויספיהרען ערשטע קלאַס אויך. ביי מיר, אַז איך פאָהר אין באַהן...

א י ך: האָט קיין פאַראיבעל ניט, וואָס איך שלאָג אייך איבער. מיר האָבען איינגאַנצען נאָך אַ האַלבע מינוט צייט. איך האָב אייך געוואָלט עפּיס פרעגען.

ד ע ר  מ ע נ ט ש  פ ו ן  ב ו ע נ א ָ ס ־ א י י ר ע ס: צום ביישפּיעל?

א י ך: צום ביישפּיעל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען... אָ, מע פייפט שוין!... וואָס איז, אייגענטליך, אייער געשעפט? מיט וואָס האַנדעלט איהר?

ד ע ר  מ ע נ ט ש  פ ו ן  ב ו ע נ א ָ ס ־ א י י ר ע ס: מיט וואָס איך האַנדעל? האַ־האַ! נישט מיט אתרוגים, מיין פריינט, האַנדעל איך, נישט מיט אתרוגים!...

איך בין שוין מיט מיין באַגאַזש איינגאַנצען אויף יענער זייט וואַגאָן, און נאָך שטעהט מיר פאַר די אויגען דער מענטש פון בוענאָס־איירעס מיט זיין גלאַטען צופריעדענעם פּרצוף, מיט דער שמעקענדיגער ציגאַר אין די צייהן, און נאָך קלינגט מיר אין די אויהערען זיין „האַ־האַ":

— נ י ש ט  מ י ט  א ת ר ו ג י ם, מ י י ן  פ ר י י נ ט, ה א ַ נ ד ע ל  א י ך, נ י ש ט  מ י ט  א ת ר ו ג י ם!...

ע נ ד ע  ג ע ש י כ ט ע  נ ו מ ע ר  פ י נ ף.

געשיכטע נומער זעכס

# קבר אָבות

געשריבען אין יאָהר 1909.

געשיכטע נומער זעכס

# קבר אבות

— איהר פאהרט אויפ'ן „יריד", און מיר פאהרען פונ'ם „יריד". איך האב זיך שוין אויסגעוויינט, און איהר פאהרט ערשט וויינען — דארף מען אייך מאכען איין ארט. טהוט זיך, זייט מוחל, א רוק א ביסעל נעהענטער, אהער, ס'איז אייך ניט גוט צו זיצען.

— אט!

אזוי שמועסען זיך דורך אין וואגאן צוויי פארשוינען הינטער מיינע פלייצעס. דאס הייסט, איינער רעדט און דער אנדערער באמקעט איהם צו פון צייט צו צייט מיט האלבע ווערטער.

— זאלבאנאנד פאהרען מיר דאס. איך און מיין אלטינקע. אט דאס איז זי, וואס ליגט אויף דער ערד. זי איז איינגעשלאפען. אנגעוויינט זיך נעבאך פאר אלע אידען. גארניט געוואלט אפ־טרעטען פון היילינגען ארט. צוגעפאלען צום קבר און — ניט אפ־צורייסען! טענה איך מיט איהר: „אבער זאל זיין גענוג, זאג איך, דו וועסט זי מיט דיינע טרערען, זאג איך, לעבעדיג ניט מאכען!" הערט די וואנט? און וואס איז דער חידוש? אזא בראך! א בת־יחיד'קע. איין אויג אין קאפ. און א געראטענע

דערצו. שען ווי גאָלד. און קלוג. געענדיגט פּראָגימנאַזיע... צוויי יאָהר אַז זי איז געשטאָרבען. מיינט איהר אפשר, פון טשאַכאָטקע? געזונט און שטאַרק! אַליין, אַליין זיך גענומען דאָס לעבען.

— טאַקי?!

פון דעם שמועס פארשטעה איך שוין, ווענען וואָס פאַר אַ „יריד" עס רעדט זיך דאָ. איך דערמאָן מיך, אַז מיר האָבען ראש־חודש אלול. דאָס איז דער טרויעריגער, נאָר ליעבער חודש אלול. אידען פאָהרען פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער צו די לאַנג־געשטאָרבענע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, קינדער און קרובים אויף קבר־אָבות. פארוואָגעלטע מאַמעס, פאַר'יתומ'טע טעכטער, עלענדע שוועסטער און גלאַט אָרעמע ווייבער פאַלען־צו צו די ליעבע טייערע קברים אַ ביסעל אויסוויינען זיך, אויסגיסען דאָס ביטערע הארץ, פארגרינגערען די פאַר'חושכ'טע פארשמאַכטע נשמה.

אַ מאָדנע זאַך! איך בין, מיט גאָט'ס הילף, אַ רייזענדער, דאַכט מיר, נישט דאָס ערשטע יאָהר, און קאָן זאָגען, אַז ס'איז שוין לאַנג ניט געוועזען ביי אונז אַזאַ געדרענג אויף קבר־אָבות, ווי היינטיגען ראש־חודש אלול... די באַהן, ברוך השם, לייזט געלט. די וואַגאָנעס זענען געפּאַקט. עס פאָהרען אידען מיט פארחמאַרעטע פּנימ'ער. עס פאָהרען ווייבער מיט רויטע אונטערגעשוואָלענע אויגען און מיט גלאַנצענדיגע נעזער. ווער עס פאָהרט אויפ'ן „יריד" און ווער עס פאָהרט פונ'ם „יריד"... אין דרויסען שמעקט מיט ראש־חודש אלול. אויפ'ן הארצען איז ראש־חודש־אלול'דיג, און עס בענקט זיך, בענקט זיך אהיים... ניט ווילענדיג הער איך מיך איין אין דעם שמועס פון די צוויי, וואָס הינטער מיינע פּלייצעס:

— אפשר מיינט איהר, איין אומגליק פון די היינטיגע אומגליקען? שווארצע העמדלעך, רויטע פלאַגען? טורמע?... חלילה וחס! פון דעם האָט מיך גאָט אויסגעהיט. דאָס הייסט, איך האָב מיך אַליין אויסגעהיט. ווי דאָס שווארצאַפּעל פון אויג! אַ קליינינקייט — אַ מיידעל אַ בת־יחיד'קע, איין אויג אין קאָפּ, און

א גראָטענע דערצו. שען ווי גאָלד. געענדיגט פּראָגימנאַזיע! איך האָב געטהאָן וואָס איך האָב געקאָנט: נאָכגעקוקט, וואוהי־ן זי געהט, און מיט וועמען זי רעדט, און וואָס מע רעדט, און וואָס פאַר א ביכעל מע לייענט. „טאָכטערקע, זאָג איך, דו ווילסט לייענען, זאָג איך, ביכלעך? געזונטערהייט! נאָר איך דאַרף אויך, זאָג איך, וויסען, וואָס דו לייענסט"... אמת, איך בין אין די זאַכען א קנאַפּער וויסער, נאָר א חוש־הריח, דאַנקען גאָט, האָב איך. איך, אז איך טהו א קוק אריין אין א בוך, ער מעג זיין אפילו אויף פראַנצויז, וועל איך באַלד זאָגען מיט וואָס ער שמעקט.

— הערסט דו?!

— איך האָב ניט געוואָלט, אז מיין קינד זאָל שפּיעלען מיט פייער — וואָס קומט מיר דערפאַר? איהר מיינט, איך בין גע־גאַנגען מיט סטירדעס? מיט בייזען? דוקא מיט גוטען, און דוקא מיט א ווערטעל: „טאָכטערקע, זאָג איך, לאָז זיך דאָס רעדעל דרעהען ווי עס דרעהט זיך. נישט איך און נישט דו, זאָג איך, וועלען דאָס אָפּשטעלען"... אזוי זאָג איך צו איהר, און זי, מיינט איהר, וואָס? שווייגט. א שטילע טויב, א קינד א גאָלד! וואָס טהוט גאָט? אוועקגעגאַנגען די שווערע צייט, איבערגעקומען, ברוך־השם, אלע שלעק, מיט די רעוואָלוציעס, מיט די קאָנסטיטוציעס. אויס שווארצע העמדלעך, רויטע פאָהנען, געשערטע האָר, שווארצ־יאָהרען, באָמבעס. די צייהנער זענען מיר שיער ניט ארויסגעפאַלען פון מויל. א קליינינקייט — די פּחדים? א מיידעל א בת־יחיד'קע, איין אויג אין קאָפּ, און א גראָטענע דערצו, געענדיגט פראָ־גימנאַזיע?

— פּטור, נו!

— הקיצור המעשה, איבערגעקומען, געלויבט ביזט דו גאָט, די ביטערע צייט. איצט וועט מען שוין קאָנען א טראַכט טהון עפּיס וועגען א שידוך. נדן? — זאָל דער אויבערשטער נאָר צושיקען דעם רעכטען זיווג. און עס האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה: שידוכים, שדכנים, חתנים. איך זעה מיין טאָכטער — ס'איז ניט

דאָס. איהר מיינט, וואָס? גאָרניט. מע זאָל זאָגען, אז זי וויל ניט דעם שידוך — דאָס ניט. נאָר וואָס דען? — וועט איהר הערען. איך הויב אָן נאָכקוקען, נאָכשפּירען, ערשט איך ווער געוואָהר א מעשה: מע לייענט א ביכעל און מע באהאַלט זיך. און נישט אַליין, זאלבאדריט לייענט מען. זי, און נאָך א חבר'טע איהרע, אונזער חזנ'ס א מיידעל, אויך א גראַטענע און אויך געענדיגט פּראָגימנאַזיע, איז צוויי, און דער נאווארעדאָקער בחור — א דריטער. ווער איז דער נאווארעדאָקער בחור, ווילט איהר וויסען? נישטאָ וואָס צו וויסען. א בחור א גאָרנישט, א פּולער פּנים מיט פּרישטשעס, אויגען קאַלי, אָהן ברעמען, און דוקא מיט גאָלדענע ברילען, א מיאוס'ער, א קוטיגער בחור — א שטיקעל ברויט פאר איהם ניט אויפצועסען! דערצו נאָך איין איינגעגעסענער יונג, א קריבער, א וואָרעם. ווייסט איהר, וואָס איז דער פּשט א מענטש א וואָרעם? אָט וועל איך אייך פּארטייטשען. פּארהאַן אלערליי מענטשען אויף דער וועלט: פּארהאַן א מענטש א בהמה. פּארהאַן א מענטש א פערד. און פּארהאַן א מענטש א הונט. א מענטש א חזיר. און פּארהאַן א מענטש א וואָרעם. היינט פארשטעהט איהר שוין?

— אהא!

— ווי קומט צו מיר אָט דער וואָרעם? צוליעב דעם חזנ'ס מיידעל. ער איז איהרער טאָקי א ליבליכער שוועסטערקינד. שטודירט אויף אפּטייקארסקי פּראָוויזאָר, צי אויף יוריסט, צי אויף „דאַנטיריסט" — דער שווארציאָהר ווייסט דעם טאַטען זיינעם! איך ווייס נאָר, אז ער איז דער מלאך־המות מיינער! מיר איז דער דאָזיגער בחור מיט די ברילען באַלד ניט געפעלען געוואָרען. איך האָב דאָס אפילו געזאָגט מיין ווייב. זאָגט מיר מיין ווייב: „וואָס דיר קאָן זיך אויסוויייזען!" איך קוק מיך איין, איך הער מיך צו — עס געפעלט מיר ניט דאָס לייענען, וואָס מע לייענט זאלבאדריט, און דאָס שמועסען, וואָס מע שמועסט, און וואָס מע פּלאַמט, און וואָס מע היצט זיך... רוף איך מיך אָפּ איינמאָל צו מיין

טאָכטער: „טאָכטערקע, זאָג איך, וואָס לייענט מען דאָס אַזוי געשמאַק זאַלבאַדריט?” זאָגט זי: „גאָרניט, אַ בוך”. זאָג איך: „איך זעה אַ בוך. איך פרעג, וואָס פאַר אַ בוך?” זאָגט זי: „אַז איך וועל דיר זאָגען, וועסט דו וויסען?” זאָג איך: „פאַר וואָס זאָל איך ניט וויסען?” צעלאַכט זי זיך און מאַכט צו מיר: „ס'איז ניט דאָס, וואָס דו מיינסט... ס'איז אַ בוך, וואָס ער הייסט ס א נ י, אַ ראָמאַן פון אַרצעבאַשעם”. זאָג איך: „אַרצע באַשע'ס איז געווען, זאָג איך, אַ בלינדער מלמד, שוין לאַנג געשטאָרבען”. לאַכט זי ווידער. טראַכט איך מיר: „עי, טאָכטערקע, דו לאַכסט, און דעם טאַטען צאַפּט זיך בלוט!”... וואָס האָב איך גערעכענט? — אַ קשיא אויף אַ מעשה? אפשר האָבען זיך שוין ווידער אָנגעהויבען די פריהעריגע משא־ומתנם?... ווי מיינט איהר, איך בין ניט קיין בעלן געווען דורכלייענען דעם בוך?

— אַ חידוש אַ ביסעל!

— ניט אַליין. דורך איין אַנדערען. טאַקי דורך מיינעם אַ מענטשען, אַ פריקאַזטשיק פון געשעפט. אַ יונגערמאַן אַ מאַדים. לייענט רוס, ווי אַ וואַסער. אַרויסגע'גנבה'ט ביי דער טאָכטער איינמאָל ביינאַכט דעם בוך, אַוועקגעגעבען דעם בוך דעם פריקאַזטשיק: „נאַ, בערעל, לייען־דורך, זאָג איך, דעם דאָזיגען בוך, און מאָרגען וועסט דו מיר, זאָג איך, דערצעהלען, וועגען וואָס רעדט זיך אינ'ם דאָזיגען בוך”. קוים דערלעבט דעם פריהמאָרגען. געקומען בערעל, טהו איך איהם אַ חאַפּ: „נו, בערעל, וואָס איז מיט'ן בוך?” מאַכט ער צו מיר: „אַי אַ בוך!” — און שטשירעט מיט די ציינער: „אַ גאַנצע נאַכט, זאָגט ער, ניט געשלאָפען, ניט געקאָנט זיך, זאָגט ער, אָפּרייסען”. „אַזוי? נו, אדרבה, זאָג איך, דערצעהל, לאָמיך אויך הערען חידושים”... און מיין בערעל הויבט מי'ר אָן דערצעהלען אַ מעשה — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? אַ וואָרט צו אַ וואָרט קלעפּט זיך ניט. אָט וועט איהר הערען אַ טשעפּוחאַ: „עס איז געווען, זאָגט ער, אַ פּאָני, האָט ער געהייסען ס א נ י און האָט ליעב געהאַט דעם טרונק און פאַרבייסען מיט אַ זויערען

אוגערעק... און אַ שוועסטער האָט ער געהאַט, האָט זי געהייסען לידע, האָט זי גריילּיך ליעב געהאַט אַ דאָקטער, נאָר מעוברת איז זי געוואָרען פון איין אַפּיצער... און אַ סטודענט איז געווען, האָט ער געהייסען יוראָ, האָט ער מורא'דיג ליעב געהאַט אַ מיידעל אַ לעהרערקע מיט'ן נאָמען קראַסאַוויצע. איז זי איינמאָל געפאָהרען ביינאַכט אויף אַ שיפעל, איהר מיינט — מיט איהר חתן? ניין! דוקא מיט אָט דעם שכּור סאַני"... „אָט דאָס איז גאָר?"... „האָט צייט, מאַכט ער, ס'איז נאָך ניט אינגאַנצען. און אַ לעהרער איוואַן איז דאָרטען געווען, איז ער געגאַנגען מיט'ן שכּור קוקען, ווי נאַקעטע מיידלעך באָדען זיך"... „בקיצור, זאָג איך, וואָס איז דער היוצא־לנו־מזה?" „דער היוצא־לנו־מזה, זאָגט ער, איז דאָס, וואָס דער שכּור סאַני האָט געהאַט אַ טבע, ער פלעגט הירזשען ווי אַ פערד, און אפילו צו זיין אייגענער שוועסטער לידע, אַז ער איז געקומען אהיים, האָט ער..." „טפו, זאָג איך, זאָלסט דו ווערען! גענוג דיר, זאָג איך, מיט'ן שכּור. דו זאָג מיר בעסער, וואָס איז דער פועל־יוצא, דער שפּיץ?"... „דער שפּיץ איז, זאָגט ער, אַז דער אָפיצער האָט זיך געשאָסען, און דער סטודענט האָט זיך געשאָסען, און די קראַסאַוויצע האָט זיך גע'סמ'ט, און אַ איד סאָלאָוויטשיק איז דאָרט פאַרהאַן, האָט ער זיך אויך געהאַנגען". „אַה, געהאַנגען, זאָג איך, זאָלסט דו ווערען מיט זיי אינאיינעם!" זאָגט ער: „וואָס שילט איהר זיך? וואָס בין איך שולדיג?" „ניט דיך, זאָג איך, ארצע באַשע'ס מיין איך"... אזוי זאָג איך צו מיין בערלען, און מיינען מיין איך גאָר דעם נאַוואָרעדאָקער בחור, אַ קלאָג צו זיין קאָפּ! מיינט איהר אפשר, אַז איך בין קיין בעלן ניט געווען איינמאָל אָפּרופען מיין בחור אָן אַ זייט?

— פּטור, נו!

— „זאָג מיר, זאָג איך, אוואו האָסט דו אויסגעקראַצט, זאָג איך, אזאַ טשעפּוחאַ?" שטעלט ער אָן אויף מיר די ברילען: „וואָסער טשעפּוחאַ?" זאָג איך: „אָט די מעשה ארצע באַשע'ס מיט'ן שכּור, זאָג איך, וואָס הייסט סאַני"... „סאַני, זאָגט ער, איז

נים קיין שכור"... „וואָס דען, זאָג איך, איז ער?" „ער איז, זאָגט ער, אַ העלד!" „וואָס הייסט דאָס, זאָג איך, אַ העלד? דערמיט, זאָג איך, וואָס ער טרינקט בראָנפּען פון אַ טייגלאָז, פאַר־בייסט מיט איין אוגערעק, זאָג איך, און הירזשעט ווי אַ פערד?" ווערט ער אָנגעצונדען, דער נאַוואָרעדאָקער בחור, טהוט־אויס די ברילען און קוקט אויף מיר מיט די רויטע אויגען, וואָס אָהן ברעמען: „איהר האָט, זאָגט ער, געהערט קלינגען, פעטערקע, און קאָנט ניט נאָכזינגען. סאַני — דאָס איז, זאָגט ער, אַ מענטש פון נאַטור, אַ מענטש פון פרייהייט. סאַני, זאָגט ער, זאָגט וואָס ער מיינט און טהוט וואָס ער וויל!"... און אַוועק, און אַוועק, שדים ווייסען איהם וואוהין: פרייהייט, און ליעבע, און נאָך אַ מאָל פרייהייט, און ווידער אַ מאָל ליעבע... און בעת מעשה שטעלט ער אַרויס די פויגעלשע ברוסט זיינע, מאַכט מיט די הענט און קאָכט זיך, טאַקי נאָר ווי אַ מגיד אויף דער בימה. איך שטעה מיר אַלץ און קוק אויף איהם און קלער מיר: „רבונו של עולם! אָט דער קויטיגער בחור רעדט פון אַזעלכע זאַכען?!... ווי וואָלט זיין, למשל, ווען איך נעם איהם אָן פאַר'ן קאַרק און וואַרף איהם אַרויס דורך דער טהיר אַזוי, אַז ער זאָל ביי מיר קלייבען אַלע ציינער?" איך געב אָבער באַלד צוריק אַ טראַכט: „וואָס? אַ בחור אַ שוטה! ער זאָל רעדען פון באָמבעס, וואָלט דען בעסער זיין?"... נו, געה זייַ אַ נביא, אַז ס'איז נאָך פאַרהאַן ערגערס ווי באָמבעס, און איבער אַזאַ טשעפּוחאַ זאָל איך פאַרלירען אַ קינד אַ גאָלד, אַ בת־יחיד'קע, איין אויג אין קאָפּ, און מיין ווייב זאָל שיער ניט אַראָפּ פון זינען, און איך זאָל מוזען פאַר בזיון און פאַר האַרצוועהטיג אָפּשניידען פון געשעפט און אַריבערפאָהרען, שוין באַלד צוויי יאָהר, אין איין אַנדער שטאָדט... נאָר איך האַפּ אייך איינס פאַר דאָס אַנדערע. לאָמיך אייך בעסער דערצעהלען אַקוראַט, ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו און פון וואָס דאָס האָט זיך גענומען... גענומען האָט זיך דאָס פון די אַגראַרנע קאָכענישען... אַז עס האָבען זיך אָנגעהויבען אַרום אונז די אַגראַרנע קאָכענישען, האָבען מיר מסתמא מורא

געהאט, ס'זאָל זיך ניט אויסלאָזען מיט א אידישען פּאָגראָם, און מיר האָבען געלעבט אין איינע פּחדים. נאָר אז גאָט וויל, באווייזט ער א נס און פון א רעה קומט־ארויס א טובה. דהיינו? מע האָט אראָפּגעשיקט צו אונז פון גובערניע א פּאָלק סאָלדאטען, און ס'איז געוואָרען שטיל, מחיה. און דערווייל האָט טאַקי דורכ'ן פּאָלק אויפגעלעבט דאָס גאנצע שטעדטעל. וואָרום וואָס קאָן זיין בעסער פאר אידען, ווי א פּאָלק מיט פעלדפעבעליעס, מיט פעלדשערס, מיט אָפיצערען, מיט ראָטנעס און מיט קאָמאנדירען?

— שייך צו זאָגען!

— געהט זשע, זייט א נביא, אז דעם חזנ'ס מיידעל וועט זיך פארקאָכען אין איין אָפיצער און זאָגען, אז זי וויל זיך גאָר שמד'ען און חתונה האָבען פאר'ן אָפיצער? א גרויל וואָס סע האָט זיך אָפּגעטהאָן ביי אונז אין שטעדטעל! נאָר האָט קיין מורא ניט. דעם חזנ'ס מיידעל האָט זיך נ י ט גע'שמד'ט און פאר'ן אָפיצער האָט זי נ י ט חתונה געהאט, וואָרום וויבאלד די אגראַרנע קאָבע־נישען זענען שטיל געוואָרען, אזוי איז דער פּאָלק אוועק, און דער אָפיצער האָט, אפּנים, פאר גרוים אימפּעט גאָר פארגעסען געזעגענען זיך מיט'ן חזנ'ס מיידעל... דערפאר האָט אָבער דעם חזנ'ס מיידעל ניט פארגעסען דעם אָפיצער, א קלאָג צו איהר טאטע־מאמע! א שפּאָס, וואָס זיי זענען נעבאך אויסגעשטאנען? די שטאָדט האָט געקאָכט! אומעטום, אויף יעדען טריט און שריט — דעם חזנ'ס מיידעל און דעם חזנ'ס מיידעל. בייזע מיילער האָבען געהאט וואָס צו טהון: געשיקט דער חזנ'טע איין אקושאָרקע... געפרעגט דעם חזן, נאָך וועמען רעכענט ער געבען א נאָמען?... חאָטש עס קאָן גרייליך זיין, אז די גאנצע מעשה איז געווען א ליגען. איהר ווייסט, אפּנים, ניט וואָס לאנגע צינגער אין א שטעדטעל קאָנען אויס־טראַכטען?

— אָי־אָי־אָי!...

— דער רחמנות פון די צוויי, איך מיין, פונ'ם חזן מיט דער חזנ'טע, איז געווען, זאָג איך אייך, ניט איבערצוטראָגען! וואָרום,

אין דער אמת'ען, וואָס זענען זיי נעבאך שולדיג? פון דעסטוועגען האָב איך מיין טאָכטער פאַרזאָגט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, וואָס געווען איז געווען, מהיום והלאָה איז — אוים חבר'טע מיט'ן חזנ'ס מיידעל! און ביי מיר, אַז מע זאָגט, איז געזאָגט. טאַקי אַ בת־יחיד'קע, נאָר פאַר אַ טאַטען דאַרף מען וויסען דרך־ארץ. געהט זשע, זייט אַ נביא, אַז מיין טאָכטער וועט זיך מיט איהר זעהען, געוויינטליך, בגנבה, אַז קיינער זאָל ניט וויסען! און ווען ווער איך דאָס געוואָהרע? ערשט ווייס איך ווען, נאָך אַלע היומס!...

פלוצים לאָזט זיך הערען פון הינטער מיינע פּלייצעס אַ הוסטען און אַ קרעכצען פון אַ מענטשען, וואָס שלאָפט, און דער איד, וואָס דערצעהלט די געשיכטע, ווערט אנשוויגען, וואַרט־אָפּ אַ ווײַלע און דערצעהלט זיין געשיכטע ווייטער, שוין מיט אַ האַלבען טאָן נידע־ריגער, ווי פריהער.

— דאָס איז געווען פונקט צו די ערשטע סליחות. אַזוי ווי היינט געדענק איך עס. אונזער חזן האָט נעבאַך אוועקגעלעגט אַ סליחות־זאָגען — אַ צער בעלי־חיים געווען צו הערען! זיין „הנשמה לך" מיט זיין „והגוף שלך" האָבען געקאָנט ריהרען אַ שטיין! קיינער, קיינער האָט אַזוי ניט געפיהלט זיין האַרץ, ווי איך... היינטיגע קינדער — אַז אַך און וועה צו די טאַטעס!... אָפּגעזאָגט סליחות און אָפּגעדאַוועגט מיט'ן ערשטען מנין, קום איך אַהיים, חאַפּ־איבער, נעם די שליסלען און געה־אַרוים אין מאַרק אַריין און עפען־אויף דעם סקלאַד און קוק־אַרוים אויפ'ן פריקאַז־טשיק. איך וואַרט אַ האַלבע שעה. איך וואַרט אַ שעה. ניטאָ קיין פריקאַזטשיק. ערשט איך טהו אַ קוק — ער געהט. „בערעל, וואָס אַזוי שפּעט?" מאַכט ער צו מיר: „געווען ביי'ם חזן". „וואָס עפּיס פלוצים, פרעג איך איהם, ביי'ם חזן?" מאַכט ער צו מיר: „איהר ווייסט גאָר ניט, וואָס ס'האָט זיך געטראָפען מיט חייקען?" (אַזוי האָט מען גערופען דעם חזנ'ס טאָכטער). „וואָס האָט זיך געטראָפען, זאָג איך, מיט חייקען?" „סטייטש, זאָגט ער, זי האָט זיך אָפּגע'סמ'ט!"

— פטור, נו!

— ווי איך האָב דאָס דערהערט, אזוי בין איך אַוועקגעלאָפען אהיים. מיין ערשטער געדאַנק איז געווען: „וואָס וועט עטקע זאָגען?" (עטקע — די טאָכטער מיינע). איך קום צו געהן אהיים צו מיין אַלטינקע: „אַוואו איז עטקע?"... „עטקע שלאָפט נאָך. וואָס איז דען?"... „סטייטש, זאָג איך, חייקע האָט זיך אָפּגעסמ'ט!"... ווי איך האָב דאָס אַרויסגערעדט, אַז מיין ווייב חאַפּט זיך ניט מיט ביידע הענט ביי'ם קאָפּ: „אַ קלאָג איז איהר! אַ מכה איז איהר! אַ צרה איז איהר!" „וואָס? ווער? ווּעמען?" „סטייטש, זאָגט זי, עטקע איז אַרומגעגאַנגען מיט איהר ערשט נעכטען ביידערנאַכט אפשר צוויי שעה נאָכאַנאַנד!" „עטקע, זאָג איך, מיט חייקען? וואָס רעדסט דו דאָס? ווי קאָן דאָס זיין?" „אוי, זאָגט זי, פרעג מיך ניט! איך האָב איהר דאָס געמוזט נאָכגעבען. זי האָט זיך געבעטען, זאָגט זי, ביי מיר, דו זאָלסט ניט וויסען, אַז זי זעהט זיך מיט איהר אַלע טאָג! איין אומגליק האָט געשעהען... הלואי זאָל איך ליגען זאָגען!"... אזוי מאַכט צו מיר מיין אַלטינקע און פליהט־אַריין צו עטקען אין קאַמער אריין און טהוט אַ פאַל אויף דער ערד. איך נאָך איהר. לויף־צו צום בעט. „עטקע!" ווער עטקע? וואָס עטקע? עטקע היינט! עטקע מאָרגען! עטקע איז ניטאָ.

— ניטאָ?

— טוידט. ליגט אויפ'ן בעט אַ טוידטע. אויפ'ן טיש אַ פלעשעל און אַ צעטעלע דערביי, מיט איהר אייגענער האַנט גע־שריבען, און דוקא אויף אידיש. פלעגט שרייבען אידיש — אַ חיות געווען צו לייענען. „ליעבע און טייערע טאַטע־מאַמע, — שרייבט זי אין צעטעלע — זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב אייך אָנגעטהאָן אזא ווערטיג מיט אזא בזיון. זייט מיר הונדערט מאָל מוחל — שרייבט זי. מיר האָבען זיך ביידע דאָס וואָרט געגעבען — איך און חייקע, — אַז מיר זאָלען אין איין טאָג, — שרייבט זי — אין איין שעה און מיט איין טוידט שטאַרבען, וואָרום מיר קאָנען איינע אָהן

דער אנדערער ניט לעבען... איך וויס, — שרייבט זי — אז איך באַגעה קעגען אייך, מיינע ליעבע און טייערע, א גרויס פאַרברעכען. איך האָב מיך לאַנג געשלאָגען מיט דער דעה. עס איז אָבער א באַשערטע זאַך, און פאַרפאַלען !... איין בקשה האָב איך צו אייך, מיינע טייערע: איהר זאָלט מיך באַהאַלטען אינאיינעם מיט חייקען, — שרייבט זי — א קבר נעבען א קבר. און זייט געזונט — לאָזט זי אוים דעם בריעף — און פאַרגעסט, פאַרגעסט, אז איהר האָט ווען געהאַט א טאָכטער עטקע״... איהר הערט? מיר זאָלען פאַרגעסען, אז מיר האָבען ווען געהאַט א טאָכטער עטקע !...

. . . . . . . . . . . . . . . .

פון הינטער מיינע פּלייצעס דערהערט זיך א שאַרף, א קריכען און א קרעכצען, און נאָכדעם — א פאַרשטיקט הייזעריג פאַר־שלאָפען קול פון א פרוי:

— אברהמעל! אברהמעל?...

— האַ, וואָס איז, גיטקע? אויסגעשלאָפען? טיי ווערסט דו טרינקען? אָט באַלד האָבען מיר א סטאַנציע. וואו איז דער טשייניק? וואו די טיי און צוקער?

ענדע געשיכטע נומער זעכס.

געשיכטע נומער זיעבען

# דער לעדיגגעהער

געשריבען אין יאָהר 1909.

געשיכטע נומער זיעבען

# דער לעדיגגעהער

ווייסט איהר, וואו דאָס בעסטע פאַהרעכטס איז? דאָס בעסטע, דאָס שטילסטע און דאָס רוהיגסטע? מיט'ן „לעדיגגעהער".

אזוי האָבען די באָהאָפּאָליער אידען א נאָמען געגעבען די שמאָלע אייזענבאַהן, וואָס שניידט־דורך א גאַנצע רייהע שטעדט־לעך: באָהאָפּאָלי, הייסין, טעפּליק, נעמיראָוו, חאַשטשעוואַטע און נאָך אזעלכע געבענטשטע מקומות, וואו אָדם־הראשונ'ס פוס האָט קיינמאָל נישט געטראָטען.

די באָהאָפּאָליער אידען, וואָס האָבען א שם אויף דער וועלט פאַר ווערטעלזאָגערס, דערצעהלען זיך אָן פונ'ם „לעדיגגעהער" מעלות מיט מעלות.

ערשטענס, האָט איהר קיין מורא ניט, זאָגען זיי, פאַר פאַר־שפּעטיגען. ווען איהר זאָלט ניט קומען, חאַפּט איהר איהם. היינט וואָס איז ווערטה, זאָגען זיי, דאָס, וואָס איהר דאַרפט אייך ניט שלאָגען פאַר איין אָרט? איהר קאָנט אָפּפאַהרען, זאָגען זיי, א גאַנצע שטרעקע איין מענטש אליין, ליגען אויסגעצויגען ווי א שררה און אויסשלאָפען זיך אויף אלע זייטען.

דאָס איז לויטער אמת. שוין אַ וואָך דרײַ, אַז איך רייז־אַרום מיט׳ן דאָזיגען „לעדיגגעהער״ אין יענעם ווינקעל און שטעה אויף איין אָרט. עפּיס טאַקי נאָר ווי אַ מין כּשוף! נאָר מיינט ניט, אַז איך באַקלאָג מיך. אַדרבּה. איך בּין זעהר צופריעדען. וואָרום איך זעה מיך דאָרט אָן אַזעלכע שענע זאַכען און איך הער מיך אָן אַזוי פּיעל מעשׂיות מיט געשיכטען, אַז איך ווייס ניט, ווען וועל איך זיי אַלע קאָנען אַריינשרייבּען צו מיר אין ספר־הזכרונות?

ערשטענס — די געשיכטע, ווי אַזוי מע האָט געבּויעט די דאָזיגע אייזענבּאַהן. דאָס איז כּדאי, מע זאָל דאָס באַשרייבּען.

אַז ס׳איז אָנגעקומען פון פּעטערבּורג, אַז מע פיהרט־דורך אין יענער געגענט אַ באַהן (וויטע איז דעמאָלט געווען מיניסטער), האָבּען אידען געזאָגט: ס׳אַ ליגען. וואָס דאַרף טעפּליק, אָדער גאָלטע, אָדער הייסין, אַ באַהן? זיי זענען טאַקי אַנדערש ניט אויפגעצויגען געוואָרען נאָר אויף אייזענבּאַהנען?... אַזוי האָבּען גע׳טענה׳ט די דאָרטיגע אידען. און ווער שמועסט די באַהאָפּאָ־ליער — די האָבּען געשאָטען מיט גלייכווערטלעך, ווי זייער שטייגער איז, געמאַכט חוזק, געוויזען אויף דער האַנט: „ווען אָט דאָ וועט וואַכּסען האָר״.

שפּעטער, אַז ס׳איז אַראָפּגעפאָהרען אַ אינזשיניער און גענומען פּלאַנעווען און מעסטען פעלד, זענען אידען אַנשווייגען געוואָרען, און די באַהאָפּאָליער ווערטעלזאָגערס האָבּען באַהאַלטען די הענט (זיי האָבּען אַ מעלה, אַז טאָמער טרעפען זיי ניט, נעמען זיי זיך ניט צום האַרצען: „דער לוח, זאָגען זיי, מאַכט זיך אויך אַמאָל, אַז ער טרעפט ניט״...). און דער עולם פון דער גאַנצער סביבה אַרום האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צום אינזשיניער מיט רעקאָמענ־דאַציעס און פּראָטעקציעס, מיט בּריעף און מיט בקשות — ער זאָל זיי געבּען אַרבּייט. אידען נעבּאַך זוכען פּרנסה. טעפּליקער, בּער־שעדער, הייסינער און באַהאָפּאָליער בעלי־בּתּים האָבּען געהערט דערצעהלען, אַז בּיי׳ם בּויען אַ באַהן ווערט מען רייך. אַ סימן — פּאָליאַקאָוו...

אידען סוחרים — נישט נאָר די, וואָס האַנדלען מיט געהילץ אָדער מיט שטיינער, נאָר אפילו אַזעלכע, וואָס ווייסען נאָר ווייץ און קאָרן — האָבען זיך אויך אַ וואָרף געטהאָן צו דער באַהן. אַלע אידען זענען געוואָרען קאָנצעסיאָנערען, פּאָדראַטשיקעס, „סטראָ־איטעלים פון אייזענבאַהנען"... „אונזערע פּאָליאַקאָווס" — אַזוי האָט מען זיי אַ נאָמען געגעבען אין באָהאָפּאָלי, און מע האָט שוין גענומען אויסרעכענען באַצייטענס, וויפיעל קאָנען זיי דערביי חאַפּען?...

בקיצור, ס'איז געוואָרען אין יענער געגענט, מע קאָן זאָגען, אַ בהלה, אַ מין באַהן־פיבער, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיינעם. דער יצר־הרע פון געלט איז געווען גרויס, און ווער וויל עס ניט ווערען אַ פּאָליאַקאָוו אין איין שמע־ישראל?

דער גערודער מיט דער קאָנקורענץ פון די קאָנצעסיאָנערען, פּאָדראַטשיקעס און „באַהן־סטראָאיטעלים" איז געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז מע האָט די ארבייט, זאָגט מען, געמוזט אויסטיילען על־פּי גורל. ווער עס האָט געהאַט גליק ביי גאָט און נושא־חן געווען אין די אויגען פון'ם אינזשיניער, דער האָט געקריגען ארבייט. און ווער עס האָט ניט געקריגען קיין ארבייט, האָט זיך באַגנוגענט חאָטש מיט אַ שטיקעל חלק ביי יענעם. און אַ שטיקעל חלק האָט מען איהם געמוזט אָפּטרעטען, וואָרום אַז ניט, האָט ער געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער ווייסט אויך, וואו „פּיטערבאַרג" ליגט און וואו די „פּראַווליעניע" געפינט זיך... און מע האָט פאַרזעצט דעם ווייב'ס פערעל מיט די שבת'דיגע קאַפּאָטעס און מע האָט זיך גע־נומען דורכפיהרען אַ באַהן, און מע האָט גע'פּטר'ט וואו ווער עס האָט געהאַט ערגיץ אַ גראָשען, און מע האָט פאַרזאָגט קינדס־קינדער, אַז צו אַ באַהן טאָר מען זיך ניט צוריהרען.

פון דעסטוועגען, איינס צום אַנדערען געהער זיך ניט אָן. אידען נעבאַך זענען טאַקי געוואָרען בדיל־הדל — נאָר זיי האָבען אויסגעפיהרט, זאָגען זיי, זייערס: אַ באַהן האָבען זיי טאַקי פאָרט דורכגעפיהרט. און חאָטש אפילו מע האָט זי אין באָהאָפּאָלי גע־

קרוינט, ווי מיר ווייסען שוין, מיט'ן נאָמען „דער לעדיגגעהער", פון דעסטוועגען קאָנען זיי זיך פון איהם ניט אָפּלויבען, און זיי דער־צעהלען זיך אָן אויף איהם חידושים, נסים ונפלאות.

למשל, זיי באַריהמען זיך, אַז זינט דער „לעדיגגעהער" איז אַ ל ע ד י ג ג ע ה ע ר, האָט זיך נאָך ניט געטראָפען מיט איהם קיין אומגליק, ווי עס טרעפט זיך, אַשטייגער, מיט אנדערע באַהנען. וואָס איז דער שכל? דער שכל, זאָגען זיי, איז אַ פּראָסטער שכל: ו ו ע ר ע ס ג ע ה ט פּ א ו ו א ָ ל י, ד ע ר פ א ל ט נ י ט... און דער „לעדיגגעהער" געהט טאַקי פּאַוואָלי. שוין אַ ביסעל צו פּאַוואָלי. די באַהאָפּאָליער חכמים, וואָס האָבען ליעב יעדע זאַך מגזם זיין, דערצעהלען אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפען מיט זייערען טאַקי אַ באַהאָפּאָליער בעל־הבית. אַ באַהאָפּאָליער בעל־הבית, זאָגען זיי, איז ארויסגעפאָהרען מיט'ן „לעדיגגעהער" פון באַהאָפּאָלי צו זיינעם אַ מחותן קיין חאַשטשעוואַטע אויף אַ ברית, איז ער אָנגעקומען צו דער בר־מצוה.

און נאָך אַ מעשה דערצעהלען זיי פון אַ בערשעדער מיידעל מיט אַ נעמיראָווער בחור, וואָס האָבען זיך געלאָזט צונויפפאָהרען אויף אַ מיטעל־פּונקט אָנקוקען זיך. איז ביז מען איז זיך צונויפ־געפאָהרען, איז דער בחור געוואָרען גרוי ווי אַ טויב און דאָס מיידעל האָט שוין ניט געהאַט איין צאָהן אין מויל. און איבער דעם איז זיך צעגאַנגען דער שידוך.

ווייסט איהר אָבער, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך האָב ניט ליעב די באַהאָפּאָליער ווערטעלזאָגערס און האָב פיינט זייערע גוזמות. ביי מיר, אַז איך באַשרייב אַ זאַך, איז נאָר דאָס, וואָס איך זעה מיט מיינע אויגען, אָדער, וועניגסטענס, וואָס איך הער פון סאָלידע מענטשען, פון סוחרים.

צום ביישפּיעל, איך האָב אַליין געהערט פון אַ הייסינער סוחר, אַז ערשט פאַר עטליכע יאָהרען, אום הושענא־רבה, האָט זיך גע־טראָפען ביי זיי מיט'ן „לעדיגגעהער" איין אומגליק, מע קאָן זאָגען,

א קאטאסטראָפע, וואָס האָט ארויסגערופען א פאניקע אויף דער גאנצער ליניע און אויפגערודערט דאָרטען דאָס גאנצע ווינקעל. די קאטאסטראָפע איז געקומען דורך א אידען מיט, להבדיל, א גלח. איך געב זי אייך איבער דאָ באלד אין א באזונדער געשיכטע מיט'ן זעלבען לשון, ווי איך האָב זי געהערט פונ'ם הייסינער סוחר. איך האָב ליעב איבערגעבען דאָס, וואָס איך הער פון יענעם. אז איהר וועט דאָס לייענען, וועט איהר אליין זעהען, אז די געשיכטע איז איין אמת'ע געשיכטע.

א הייסינער סוחר וועט ניט אויסטראכטען.

ענדע געשיכטע נומער זיעבען.

געשיכטע נומער אכט

# דער נס פון הושענא־רבה

געשריבען אין יאהר 1909.

## געשיכטע נומער אכט

# דער נס פון הושענא־רבה

„— דער נס פון הושענא־רבה — אזוי האָט מען אַ נאָמען געגעבען ביי אונז די באַהן־קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך געטראָפען פונקט אום הושענא־רבה נאָכ'ן קוויטעל. און געטראָפען האָט זיך די געשיכטע, לאָז זיך אייך דאַכטען, טאַקי ביי אונז אין הייסין. דאָס הייסט, נישט אין הייסין גופא, נאָר אַ פּאָר סטאַנציעס פאַר הייסין. סאָבאָליוווקע הייסט די סטאַנציע"...

מיט אזא לשון האָט מיר אַ הייסינער סוחר, ווייזט אויס, אַ לייטישער מענטש, גענומען ברייטליך צו דערצעהלען, וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפע עס האָט זיך געטראָפען ביי זיי מיט דער שמאָלער באַהן, וואָס מע רופט זי דאָרטען „דער לעדיגגעהער" (איך האָב אייך איהם באַשריבען שוין פריהער, אין דעם אריינפאָהר). און מחמת דער הייסינער סוחר האָט מיר דערצעהלט די דאָזיגע געשיכטע טאַקי פאָהרענדיג מיט'ן „לעדיגגעהער", וואָס האָט צייט, און געוועזן זענען מיר מיט איהם אין וואַגאָן סך־הכל צוויי פּאַסאַזשירען, האָט ער זיך צעשפּילעט, צעלעגט, ווי ביי'ם טאַטען אין ווייגאָרטען, און גערעדט פּערעלדיג, געטאָקטע ווערטער, גע־גלעט זיך בעת־מעשה דאָס בייכעל, צוגעשמייכעלט און שטאַרק הנאה געהאַט פון זיין אייגענער געשיכטע.

„— איהר פאהרט דאך שוין מיט אונזער לעדיגגעהער, ברוך־השם, די אנדערע וואך. ווייסט איהר דאך מן הסתם די טבע זיינע? ער האט אייך א טבע, אז ער קומט אויף א סטאנציע און שטעלט זיך אוועק, פארגעסט ער דעם זיי־געזונט. דאס הייסט, אייגענטליך, לויט „ראספיסאניע", טאר ער נישט שטעהן מעהר וויפיעל ס'איז איהם אנגעצייכענט. למשל, אויף דער סטאנציע זאטקעוויץ איז אויסגערעכענט, אז ער דארף שטעהן פונקט א שעה מיט אכט און פופציג מינוט, אדער אויף דער סטאנציע סאבאליווקע, וואס איך דערצעהל אייך, — דארט טאר ער מעהר א רגע נישט שטעהן ווי איין שעה מיט צוויי און דרייסיג מינוט. נאר די מכות זאל זיך איהם זעצען, וואס ער שטעהט סאי אין זאטקעוויץ, סאי אין סאבאליווקע מעהר ווי צוויי, און אמאל — מעהר ווי דריי שעה. עס ווענדט זיך אן דעם, וויפיעל צייט עס נעמען ביי איהם צו די „מאניעוורעס". און וואס ביי אונזער „לעדיגגעהער" ווערט אנגערופען „מאניעוורעס" — דארף איך דאך אייך נישט דערצעהלען. מע שפאנט־אויס דעם לאקאמאטיוו, און די „בריגאדע", דער קאנדוקטאר מיט'ן מאשיניסט מיט'ן קאטשעגאר, זעצען זיך אוועק איינעם מיט'ן נאטשאלניק סטאנציע, מיט'ן זשאנדארם און מיט'ן טעלעגראפיסט טרינקען ביער, א פלעשעל נאך א פלעשעל.

„וואס טהוט, למשל, דער עולם, די פאסאזשירען הייסט עס, בעת „מאניעוורעס"? איהר האט דאך שוין געזעהען, וואס מע טהוט: מע נודעט זיך, מע ווערט שיער ניט משוגע. ווער עס געהניצט, ווער עס פארשלאגט זיך אין א ווינקעל און חאפט א דרימעל, און ווער עס שפאצירט זיך ארום אויף דער „פלאצפארמע", די הענט פארלעגט, און זינגט זיך שטילערהייט א ל עדעל.

„דארף זיך טרעפען א מעשה אין סאבאליווקע בעת „מאניעוורעס". שטעהט זיך אזוי איינמאל הושענא־רבה אין דער פריה ביי'ם אפגעשפאנטען לאקאמאט'יוו, די הענט פארלעגט, איינער א מענטש, דוקא נישט קיין פאסאזשיר, נאר אזוי א איד, לאז זיך אייך דאכטען, טאקי א סאבאליווקער בעל־הבית, א ציקאווע איד, און קוקט. וואס

טהוט דאָ, למשל, אַ סאָבאַליווקער בעל־הבית? גאָרנישט. הושענא־רבה האָט זיך אַ סאָבאַליווקער בעל־הבית גאַנץ פיין אָפּגעדאַווענט, אָפּגעשלאָגען הושענות, אַוועק אַהיים און אָפּגעגעסען. אויפ'ן הארצען איז האַלב יום־טוב'דיג, האַלב וואָכעדיג. דאָס קוויטעל האָט מען איהם דאָרטען סאַי ווי סאַי אונטערגעשריבען, און קיין אַרבייט אין דער היים איז נישטאָ, ערב יום־טוב, האָט ער גענומען דאָס שטעקעל און איז זיך אַרויסגעגאַנגען אַ ביסעל אויפ'ן וואָקזאַל „וסטרעטשאַיען דעם פּאָיעזד".

„וסטרעטשאַיען דעם פּאָיעזד", דאַרפט איהר וויסען, איז ביי אונז אַ מנהג אומעטום אין אונזער געגענט. קומט די צייט פון „פּאָיעזד", טראָגט דאָס אייך אַוועק אויפ'ן וואָקזאַל, טאָמער וועט מען עמיצען זעהען. וואָס זעהען? וועמען זעהען? אַ טעפּליקער אידען? איין אָבאָדיווקער אידינע? אַ גאָלאָוואָניעווסקער גלח? אידישע גליקען! נאָר גאָרנישט, מע געהט. און אגב איז נאָך אין יענער צייט די באַהן געווען אַ נייעס, מע האָט אונז נאָר־וואָס געהאַט דורכגעפיהרט דעם „לעדיגגעהער", און ס'איז נאָך געווען וואָס צו זעהען און וואָס צו הערען. נאָר ווי אַזוי די מעשה איז דאָרט געווען, צי אַזוי, צי אַזוי, — ביי'ם אָפּשפּאַנען דעם לאָקאָמאָטיוו איז זיך הושענא־רבה אין דער פריה, נאָכ'ן קוויטעל, ווי איך דערצעהל אייך, געשטאַנען האַלב יום־טוב'דיג, האַלב וואָכעדיג, אַ סאָבאַליווקער בעל־הבית מיט אַ שטעקעל און געקוקט.

„אם כן, איז וואָס? דאַכט זיך מיר, אַז אַ סאָבאַליווקער בעל־הבית שטעהט און קוקט אויף איין אָפּגעשפּאַנטען לאָקאָמאָטיוו — וועמענ'ס עסק איז דאָס? זאָל ער זיך שטעהן געזונטערהייט. ניין. באַדאַרף זיך טרעפען מסתמא אַזוי, אַז צווישען די איבעריגע פּאַסאַזשירען געפינט זיך אַ גלח, לאָז זיך אייך דאַכטען, טאַקי אַ גאָלאָוואָניעווסקער גלח, פון גאָלאָוואָניעווסק, הייסט עס, אַ שטעדטעל נישט ווייט פון הייסין. נישטאָ וואָס צו טהון, שפּאַציערט זיך דער גלח אויך אויף דער זעלבער „פּלאַצפאָרמע", אויך פאַרלעגט די הענט, און שטעלט זיך אָפּ אויך ביי'ם אָפּגעשפּאַנטען לאָקאָמאָטיוו. רופט

זיך אָן דער גלח צום אידען: „הער נאַר, יודקאָ! וואָס האָסט דו דאָ דערזעהען?" ענטפערט איהם דער איד בייזליך: „וואָס עפּים יודקאָ? איך היים נישט יודקאָ, איך היים בערקאָ". מאַכט צו איהם דער גלח: „לאָז זיין בערקאָ. וואָס קוקסט דו דאָ, אַשטייגער, בערקאָ?" ענטפערט איהם דער איד און לאָזט נישט אראָפּ קיין אויג פונ'ם לאָקאָמאָטיוו: „איך שטעה און באַטראַכט גאָט'ס וואונדער, ווי אַזוי איבער אַ נאַרישקייט, איבער איין דרעה, וואָס מע טהוט אַ דרעה איין שרייפעל אהער, דאָס אַנדערע שרייפעל אַהין — הויבט אָן געהן אַזאַ גוואַלדיגע מאַשין!" מאַכט צו איהם ווידער דער גלח: „פון וואַנען ווייסט דו, אַז מע טהוט אַ דרעה איין שרייפעל אהער און דאָס אַנדערע אַהין, הויבט אָן געהן די מאַשין?" ענטפערט איהם דער איד: „איך זאָל נישט וויסען, וואָס זשע וואָלט איך געזאָגט?" מאַכט צו איהם דער גלח: „קוגעל ווייסט דו, ווי אַזוי מען עסט, אָט וואָס דו ווייסט!" פאַרדריסט דאָס שוין דעם אידען (סאָבּאָליוועקער אידען האָבּען אין זיך אַמבּיציע), און ער רופט זיך אָן צום גלח: „אַנו, פּאָטערעל, אפשר וואָלסט דו זיך מטריח זיין אויף אַ ווײַלע מיט מיר אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו, וואָלט איך דיר געבּען צו פאַרשטעהן דעם שכל, פאַר וואָס אַ לאָקאָמאָטיוו געהט און פאַר וואָס ער שטעהט?" דאָ האָט שוין דעם גלח דערלאַנגט אַ בראָט נישט אויף קאַטאָוועס: וואָס הייסט? אָט דאָס אידעל וועט איהם געבּען צו פאַרשטעהן דעם שכל, פאַר וואָס אַ לאָקאָמאָטיוו געהט און פאַר וואָס ער שטעהט?!... און ער מאַכט צו איהם מיט האַרץ: „קריך, הערשקאָ, אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו!" זאָגט צו איהם דער איד ווידער אַ מאָל: „איך היים נישט הערשקאָ, איך היים בערקאָ". מאַכט צו איהם דער גלח: „לאָז זיין בערקאָ. קריך, בערקאָ!" מאַכט צו איהם דער איד: „וואָס הייסט עפּים קריך? פאַר וואָס זאָל איך קריכען? קריך דו, פּאָטערעל, פריהער!" מאַכט צו איהם דער גלח מיט גאַל: „דו לעהרענסט דאָך מיך, נישט איך דיך, דאַרפסט דו פריהער קריכען". בקיצור, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — מען איז, לאָז זיך

אייך דאכטען, ארויפגעקראָכעןביידע אויפ׳ן לאָקאָמאָטיוו, און דער סאָבאָליוועקער איד האָט זיך גענומען לעהרנען מיט׳ן גלח „הלכות מאשינע״, געגעבען פאַוואָלינקע א דרעה איין קראַן אהער, דעם אנדערען אהין, און איידער זיי האָבען געקאָנט ארויסלאָזען א וואָרט פונ׳ם מויל, האָבען זיי מיט שרעק דערזעהען, אז דער לאָקאָמאָטיוו האָט געריהרט פונ׳ם אָרט און — פאַשאָל!

„אצינד איז, דאכט מיר, די בעסטע צייט איבערלאָזען דעם אידען מיט׳ן גלח אויפ׳ן אָפּגעשפּאַנטען לאָקאָמאָטיוו, לאָזען זיי זיך פאָהרען געזונטערהייט, און מיר וועלען זיך דערוויל פארנעמען מיט דעם נפש: ווער איז דאָס געוועזן אָט דער סאָבאָליוועקער איד, וואָס האָט געהאַט אין זיך אזא שטארקייט און האָט זיך איינגע־שטעלט ארויפצוקריכען מיט א גלח אויף איין אָפּגעשפּאַנטען לאָקאָמאָטיוו?

„בערעל עסיגמאכער — אזוי, לאָז זיך אייך דאכטען, הייסט דער סאָבאָליוועקער איד, וואָס איך דערצעהל אייך. פאַר וואָס רופט מען איהם עסיגמאכער? ווייל ער פארנעמט זיך דערמיט, וואָס ער מאכט עסיג, דעם בעסטען עסיג אין אונזער ווינקעל. די מלאכה האָט ער, אייגענטליך, בירושה פון זיין טאַטען. נאָר ער האָט צו־געקלערט — אזוי זאָגט בערעל אליין — אזא מין מאשינע, וואָס גיט־ארוים דעם בעסטען עסענץ. ער זאָל האָבען צייט, זאָגט ער, וואָלט ער געקאָנט באַשטאַטען מיט עסיג דריי גובערניעס. נאָר וואָס דען? עס טהוט זיך איהם נישט נויטיג, זאָגט ער, ער איז נישט קיין אָץ להעשיר. אָט אזא מין מענטש איז אונזער עסיג־מאכער. אין ערגיץ נישט געלערענט זיך — און קען וואָס פאַר איין איידעלע מלאכה איהר ווילט, און האָט א ידיעה אין אלערליי מאשינעס. פון וואַנען קומט דאָס צו איהם? דאַרף מען פאַר־שטעהן על־פי שכל, אז עסיג מאכען האָט א שייכות, זאָגט ער, מיט טרייבען בראָנפען, און טרייבען בראָנפען קעהר זיך אָן מיט לשון „זאַוואָד״, און א זאַוואָד, זאָגט ער, האָט דאָך אין זיך כמעט די אייגענע מאשינעריע, וואָס א באַהן; א זאַוואָד, זאָגט ער, פייפט

און א באהן פייפט — וואס איז די נפקא־מינה? דער עיקר — אזוי זאגט בערעל אליין און מאכט בעת־מעשה מיט די הענט — דער עיקר איז נאר דער כח, וואס נעמט זיך פונ'ם הייצען, זאגט ער. פונ'ם הייצען, וואס מע הייצט, ווארעמט זיך אן דער קעסעל, זאגט ער, און דאס וואסער הויבט אן קאכען, שטופט דאס, זאגט ער, דעם באל און עס דרעהען זיך די רעדער, זאגט ער, אויף וואס פאר א זייט איהר ווילט: ווילט איהר, זאגט ער, ס'זאל געהן רעכטס — טהוט א דרעה דעם רעגוליאטאר רעכטס, ווילט איהר לינקס — דרעהט, זאגט ער, דעם רעגוליאטאר לינקס. ס'איז, זאגט ער, אזוי פשוט, וואס פשוט'ער קאן שוין גארנישט זיין!... אצינד, אז איך האב אייך א ביסעל באקאנט געמאכט מיט דעם סאבאליוווקער אידען, איז אייך שוין פארענטפערט, מיין איך, א סך קשיות, און מיר קאנען זיך אומקעהרען צו דער קאטאסטראפע.

„דארף איך אייך נאך דערצעהלען, וואס פאר א פחד און וואס פאר א טומעל ס'איז געווארען צווישען די פאסאזשירען אין סאבא־ליווקע אויף דער סטאנציע, אז מע האט דערזעהען דעם אפגע־שפאנטען לאקאמאטיוו געהן איינעם אליין, מע ווייסט נישט מיט וואס פאר א כח? איך מיין, אז דאס דארפט איהר שוין אליין פארשטעהן. היינט די מהומה, וואס איז געקומען אויף דער „ברי־גאדע"? תחילת האט זיך אפילו די „בריגאדע", לאז זיך אייך דאכטען, געלאזט לויפען נאכ'ן לאקאמאטיוו, געוואלט, אפנים, איהם האפען פון הינטען. מע האט אבער גיך ארויסגעזעהען, אז די מיה איז אומזיסט. עפים טאקי נאר ווי אויף צו להכעים, האט זיך דער לאקאמאטיוו איצטיגס מאל געלאזט לויפען און איז געפלויגען משוגענערווייז. זינט דער „לעדיגגעהער" האט אנגעהויבען צו געהן אין אונזערע מקומות, האט זיך נאך קיינמאל נישט געטראפען, אז דער לאקאמאטיוו זאל אזוי גיך לויפען. האט זיך די „בריגאדע" נעבאך געמוזט אומקעהרען צוריק מיט לעדיגע הענט און איינאיינעם מיט'ן זשאנדארם און מיט'ן נאטשאלניק האט מען געמאכט א פראָ־טאקאל און נאכדעם האט מען צעשיקט דעפעשען איבער דער

גאנצער ליניע: „אוועק א לאקאמאטיוו איינער אליין. נעמט מיטלען. טעלעגראפירט".

„וואס פאר א פאניקע די דאזיגע דעפעש האט ארויסגערופען אויף דער גאנצער ליניע — איז גרינג זיך פארצושטעלען. ערשטענס, האט מען ניט פארשטאנען די דעפעש. וואס איז דער פשט: „אוועק א לאקאמאטיוו איינער אליין" ? ווי געהט דאס אליין א לאקאמאטיוו ? און, צווייטענס, וואס באדייטען די ווערטער: „נעמט מיטלען" ? וואס פאר מיטלען קאן מען נעמען, א חוץ דעפעשען ? און עס האבען אנגעהויבען פליהען דעפעשען איבער דער גאנצער ליניע. דער טעלעגראף האט געארבייט מיט רוחות. אלע סטאנציעס האבען זיך איבערגערעדט צווישען זיך, און די שרעקליכע ידיעה האט זיך גיך פארשפרייט, לאז זיך אייך דאכטען, אין אלע שטעדט און שטעדטלעך ארום און ארום, און ס'איז געווארען, וואס זאל איך אייך זאגען, חושך ואפלה ! ביי אונז אין הייסין, למשל, האט מען שוין אפילו דערצעהלט, וויפיעל נפשות עס זענען גע'הרג'עט געווארען. נעבאך באשערט מענטשען אזא שרעקליכער טוידט ! און ווען ? פונקט הושענא־רבה נאכ'ן קוויטעל ! אפנים, ס'איז שוין אזוי געווען אנגעצייכענט פון אויבען...

„אזוי האט מען געשמועסט ביי אונז אין הייסין און אין אלע ערטער ארום הייסין, און ס'איז גאר נישט צו באשרייבען די יסורים מיט'ן עגמת־נפש, וואס מיר אלע זענען דערפון אויסגעשטאנען. נאר ווי קומט עס צו די יסורים מיט'ן עגמת־נפש פון די פאסאזשירען נעבאך, וואס זענען געבליבען אין סאבאליווקע אויף דער סטאנציע כצאן בלי רועה, אין מיטען דער נסיעה אהן א לאקאמאטיוו ! סטייטש, וואס וועלען זיי טהון ? ס'איז הושענא־רבה, ערב יום־טוב, וואוהין געהט מען ? סיידען סוכות האלטען דא אין שטעדטעל ? א פארשטעהרטער סוכות !... און די פאסאזשירען האבען זיך צונויפגעשלאגען אלע אין איין ווינקעלע און האבען גענומען איבעררעדען וועגען זייער אייגענער לאגע און וועגען דער

לאַגע פונ׳ם „בורח” (אזוי האָבען זיי א נאָמען געגעבען דעם אנטלאָפענעם לאָקאָמאָטיוו). מי יודע, וואָס מיט א שלים־מזל קאָן זיך טרעפען? א ווערטעלע אויסצורעדען — עס פליהט איבער דער ליניע אזא מאַשינע איינע אליין? עס איז דאָך לא ימלט, אז דער „בורח” זאָל זיך נישט באַגעגענען ערגיץ אין מיטען וועג מיט׳ן „לעדיגגעהער”, וואָס געהט איהם אַקעגען פון הייסין איבער זאַטקעוויץ קיין סאָבאָליווקע. וואָס וועט זיין מיט יענע פאַסאַזשירען נעבאַך? — און דער כח־הדמיון האָט זיי שוין געמאָהלט א צוזאמענשטויס, א מורא׳דיגע קאַטאַסטראָפע מיט אלע פישטשעוועקעס פון א באַהן־קאַטאַסטראָפע. זיי האָבען געזעהען פאַר זיך באשיינפערליך דאָס גאַנצע אומגליק: איבערגעקעהרטע וואַגאָנעס, צעפאַלענע רעדער, מענטשישע קעפּ, צעבראָכענע פיס, אָפּגעריסענע הענט און צעטראָטענע טשעמאָדאַנעס, מיט בלוט באַשפּריצט!... פּלוצים — א דעפּעש! אָנגעקומען א דעפּעש פון זאַטקעוויץ. וואָס שטעהט אין דעפּעש? אין דעפּעש שטעהט: „די רגע דורכגעפלויגען מיט א שרעקליכער גיכקייט פאַרביי זאַטקעוויץ א לאָקאָמאָטיוו מיט צוויי פּאַסאַזשירען. איינער זעהט־אויס א איד, דער צווייטער א גלח. ביידע האָבען געמאַכט מיט די הענט—מע ווייסט נישט וואָס. דער לאָקאָמאָטיוו איז אוועק קיין הייסין”.

„אָט דאָ איז ערשט געוואָרען א חתונה: וואָס הייסט דאָס? א איד מיט א גלח אויפ׳ן אנטלאָפענעם לאָקאָמאָטיוו? וואוהין זענען זיי דאָס אנטלאָפען? און צוליעב וואָס? און ווער קאָן זיין דער איד?... אַהין־אַהער, איינער פונ׳ם אנדערען — מע האָט זיך דערוואוסט, אז דער איד איז טאַקי א סאָבאָליווקער איד. ווער? איהר קענט איהם? א שאלה א ביסעל! בערעל עסיגמאַכער פון סאָבאָליווקע! פון וואַנען ווייסט מען דאָס, אז ס׳איז ער? מע ווייסט! סאָבאָליווקער אידען שווערען, אז זיי האָבען פון דער

ווייטען אליין געזעהען איהם שטעהן מיט א גלח ביי'ם אפגע־שפּאנטען לאָקאָמאָטיוו און מאַכען מיט די הענט... וואָס טהוט זיך דאָ? וואָס האָט אַ איד איין עסיגמאַכער צו שטעהן מיט א גלח ביי'ם אפגעשפּאנטען לאָקאָמאָטיוו און מאַכען מיט די הענט?!... מע האָט אזוי לאַנג גערעדט און געפּילדערט, ביז די מעשה איז דערגאַנגען, לאָז זיך אייך דאַכטען, אין שטעדטעל אריין, אין סאָבּאָליווקע הייסט עס, און חאָטש דאָס שטעדטעל איז נישט אזוי שטארק ווייט פון סטאַנציע, נאָר ביז די מעשה איז אָנגעקומען פון איינעם צום אַנ־דערען קיין סאָבּאָליווקע, האָט זי באַקומען אַלע מינוט איין אנדער געשטאַלט, איטליכער באַזונדער האָט צוגעלעגט זיינס, און ביז ס'איז דערגאַנגען צו בערלען אהיים, האָט די מעשה מיט'ן גלח באַקומען אַזאַ ווילדען פּנים, אַז בערעל'ס ווייב איז נעבאַך געפאַלען חלשות אפשר צעהן מאָל, מע האָט געמוזט ברענגען דעם דאָקטאָר... און עס האָט זיך אַ שאָט געטהאָן אויף דער סטאַנציע אידען פון סאָבּאָ־ליווקע, לאָז זיך אייך דאַכטען, אזוי ווי שטערען אין הימעל, און ס'איז געוואָרען אַזאַ גוואַלד, אַז דער נאַטשאַלניק סטאַנציע האָט געמוזט געבען דעם זשאַנדארם אַ „ראַספּאָראַזשעניע", ער זאָל אָפּ־רייניגען די סטאַנציע פון סאָבּאָליווקער אידען... און וויבאַלד אַזוי, וואָס זשע האָבען מיר דאָ צו טהון? אפשר וואָלטען מיר בעסער געהן אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך מיט אונזער אידען און מיט'ן גלח, להבדיל, אויפ'ן „בורח", איך מיין, אויפ'ן אַנטלאָפענעם לאָקאָ־מאָטיוו?

„עס איז אָבער נאָר גרינג צו זאָגען — אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך אויפ'ן אַנטלאָפענעם לאָקאָמאָטיוו! ווער קאָן דאָס וויסען, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטהאָן? מיר מוזען גלויבען דעם סאָבּאָ־ליווקער עסיגמאַכער אויף נאמנות. ער דערצעהלט זיך אָן פון דער נסיעה אַזעלכע חידושים, וואָס ווען אפילו, לאָמיר זאָגען, אַז ס'איז נאָר האַלב אמת, איז דאָס אויך גאַנץ גענוג. און אויף וויפיעל איך קען אָט דעם עסיגמאַכער פון סאָבּאָליווקע, איז ער, דאַכט מיר, נישט אַזאַ מענטש, וואָס זאָל ליעב האָבען מגזם זיין.

„די ערשטע צייט, אז דער לאָקאָמאָטיוו איז אוועק, — אזוי דערצעהלט בערעל עסיגמאכער, — געדענקט ער כמעט גאָרנישט, וואָס מיט איהם האָט זיך געטהאָן. נישט אזוי מחמת דערשרעק, ווי איבער דעם, וואָס ער האָט נישט געקאָנט פארשטעהן, זאָגט ער, פאר וואָס דער לאָקאָמאָטיוו וויל איהם נישט פאָלגען. על־פי שכל, זאָגט ער, האָט דער לאָקאָמאָטיוו ביי'ם צווייטען דרעה פונ'ם רעגור־ליאטאָר באַלד באדארפט בלייבען שטעהן. צום סוף האָט ער גאָר אָנגעהויבען געהן נאָך גיכער, ווי פריהער. עפּיס נאָר ווי צעהנ־טויזענט רוחות וואָלטען איהם אונטערגעשטופּט פון הינטען. ער איז געלאָפען, זאָגט בערעל, מיט אזא גיכקייט, אז די שטעקענס פונ'ם טעלעגראַף האָבען איהם, ווי פליעגען, געשעמערירט אין די אויגען, און עס האָט זיך איהם פארדרעהט דער קאָפּ און די פיס האָבען זיך איהם ווי אונטערגעהאַקט... שפּעטער א ביסעל, אז ער איז, זאָגט ער, געקומען צוריק צו זיין פארשטאנד, האָט ער זיך דער־מאנט, אז א לאָקאָמאָטיוו האָט א טאָרמאָז, א פארהאַלטער, אויף צו פארהאַלטען איהם ווען מע וויל. פארהאָן — גיט בערעל עסיג־מאכער צו פארשטעהן מיט די הענט — א האנט־טאָרמאָז און פארהאָן א לופט־טאָרמאָז, אזא מין רעדעל, וואָס אז מע טהוט דאָס א רעכטען דרעה, טהוט דאָס א קוועטש דעם הייבעל, דעם ריטשאַג הייסט דאָס, און די רעדער הערען־אויף צו דרעהען זיך פון זיך אליין. ער געדענקט גאָר נישט, זאָגט ער, ווי אזוי זאַך האָט געקאָנט ארויספליהען איהם פונ'ם קאָפּ? און ער טהוט זיך א לאָז צום רעדעל און וויל עס געבען, זאָגט ער, א דרעה אין דער רעכטער זייט, — אז מע האַפּט איהם נישט אָן פאר א האנט: „סטאָפּ!" — ווער איז? לאָז זיך אייך דאכטען, דער גלח, טוידט ווי די וואנט, קוים וואָס ער רעדט. „וואָס ווילסט דו טהון?" — פרעגט איהם דער גלח מיט ציטערניש. „גאָרנישט. איך וויל, זאָגט איהם בערעל, אָפּשטעלען די מאַשינע"... „זאָל דיך גאָט היטען, זאָגט צו איהם דער גלח, זאָלסט זיך מיר מעהר נישט צוריהרען צו דער מאַשינע! וואָרום פאָלגסט דו מיך נישט, נעם איך דיך פאר'ן

קאָלנער און טהו דיך א וואָרף־אראָפּ פון לאָקאָמאָטיוו אזוי, אז דו זועסט ביי מיר פארגעסען, אז דו האָסט אמאָל געהייסען מאָשקאָ!"...
„נישט מאָשקאָ, איך הייס בערקאָ" — זאָגט צו איהם בערעל און וויל איהם געבען צו פארשטעהן דעם שכל פונ'ם רעדעל, וואָס מע רופט דאָס טאָרמאָז. לאָזט ער זיך נישט רעדען — א ביטערער גלח! „גענוג שוין צו דרעהען, טענה'ט דער גלח, האָסט שוין אזוי אויך גענוג געדרעהט און אָנגעדרעהט, פארדרעהען זאָל עס דיך, דו פארשאָלטענער מענטש! בעסער וואָלסט דו זיך געבראָכען האלז־און־נאַקען, איידער דו האָסט זיך גענומען אויף מיין לעבען!"...
רופט זיך אָן צו איהם בערעל: „מיינסט אפשר, פאָטערעל, אז מיין לעבען איז ביי מיר נישט אזוי טהייער, ווי ביי דיר דיין לעבען?" „דיין לעבען? — מאכט צו איהם דער גלח מיט גאָל. — וואָס פאר א ווערטה האָט א הינטיש לעבען?"... פארדריסט דאָס שוין בערלען נישט אויף קאטאָוועס און ער גיט אוועק, זאָגט ער, דעם גלח א פּארציע, אז ער וועט דאָס האָבען צו געדענקען. „ערשטענס, זאָגט איהם בערעל, איז אויף א הונט אויך א רחמנות. נאָך אונזער דין טאָר מען אפילו, זאָגט ער, א הונט אויך נישט אָנריהרען: ס'איז א צער־בעלי־חיים. והשנית, פרעגט איהם בערעל א קשיא: מיט וואָס איז מיין לעבען, למשל, ערגער בייי'ם רבונו־של־עולם פון איין אַנדערענ'ס לעבען? קומען מיר דען נישט ארוים, זאָגט ער, אַלע פון איין יחוס, פון אָדם־הראשונ'ען? און געהען מיר דען נישט אַלע אין איין אָרט, אין דער ערד אריין?... איז נומער צוויי. און נאָך א זאַך, זאָגט צו איהם בערעל: נא זעה, פאָטערעל, דעם חילוק, זאָגט ער, פון מיר ביז דיר. איך טהו וואָס איך קאָן, דער לאָקאָמאָטיוו זאָל זיך אָפּשטעלען — הייסט דאָס, אז איך זאָרג פאר אונז ביידען; און דו, זאָגט ער, ביזט אזוי אויפגעטראָגען, אז דו ביזט קאפּאבעל מיך נעמען און אראָפּוואַרפען פונ'ם לאָקאָמאָטיוו, דאָס הייסט — הרג'ענען א מענטשען!"... און נאָך א סך אזעלכע שענע ווערטער האָט ער אין איהם ארייננעזעצט, אינ'ם גלח הייסט עס, געזאָגט מוסר און דערצעהלט אזעלכע משלים, זאָגט ער, אז דער

גלח האָט שיער דעם שלאַק באַקומען. און אַט אַזוי רעדענדיג, האָבען זיי דערזעהן, זאָגט ער, פאַר זיך די סטאַנציע זאַטקעוויץ מיט׳ן נאַטשאַלניק סטאַנציע, מיט׳ן זשאַנדאַרם. האָבען זיי ביידע גע־נומען, ער און דער גלח, להבדיל, מאַכען צו זיי מיט די הענט, נאָר קיינער האָט זיי, אַפּנים, נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי מיינען, און זיי האָבען נעבאַך געמוזט, זאָגט ער, פאָהרען ווייטער, קיין הייסין הייסט עס. פאָהרענדיג ווייטער, איז שוין דער גלח, זאָגט ער, געוואָרען אַ סך ווייכער. נאָר צוריהרען זיך צו די מאַשינעס האָט ער איהם נישט געלאָזט. ער האָט איהם נאָר אַ זאָג געטהאָן, דער גלח הייסט עס: „זאָג מיר, לייבקאָ, וואָס איך וועל דיך פרעגען?" זאָגט איהם בערעל: „איך הייס נישט לייבקאָ, איך הייס בערקאָ". זאָגט איהם דער גלח: „לאָז זיין בערקאָ. זאָג מיר נאָר, בערקאָ, וואָלסט, למשל, אַ בעלן געוועזען געבען אַ שפּרונג־אַראָפּ מיט מיר אינאיינעם פונ׳ם לאָקאָמאָטיוו אויף דער ערד?"... פרעגט איהם בערעל: „בכדי וואָס? מיר זאָלען חלילה דער׳הרג׳עט ווערען אויף טוידט?" מאַכט צו איהם דער גלח: „סאַי־ווי־סאַי וועלען מיר גע׳הרג׳עט ווערען אויף טוידט". רופט זיך אָפּ צו איהם בערעל: „פון וואַנען איז געדרונגען? ס׳איז גאָר קיין ראיה נישט. אז גאָט וויל — אוי־אוי־אוי, וואָס ער קאָן טהון!"... מאַכט צו איהם דער גלח: „דהיינו?" רופט זיך אָן צו איהם בערעל: „איך וועל דיר זאָגען, זאָגט ער, פאָטערעל! ביי אונז אידען איז היינט, זאָגט ער, אַ טאָג, וואָס ער הייסט הושענה־רבה. אין דעם דאָזיגען טאָג, זאָגט ער, ווערט אין הימעל אָנגע׳חתמ׳עט יעדען מענטשען און יעדען באַשעפעניש אויף דער וועלט, צי ער זאָל לעבען, צי ער זאָל שטאַרבען; און אויב שטאַרבען — איז מיט וואָס פאַר אַ טוידט זאָל ער שטאַרבען. איז ממה־נפשך, זאָגט ער: האָט מיר גאָט אָנגעצייכענט, איך זאָל שטאַרבען, איז דאָך אַ פאַרפאַלענע זאַך; וואָס איז מיר די נפקא־מינה, צי איך וועל גע׳הרג׳עט ווערען פון אַ שפּרונג, צי פון אַ לאָקאָמאָטיוו, צי פון אַ דונער? און גלאַט אַזוי, זאָגט איהם ווייטער בערעל, געהענדיג אויפ׳ן גלייכען וועג, קאָן איך

מיך נישט אויסגליטשען און שטארבען, אז דער אויבערשטער וויל נאר? אלא וואס דען? עס איז מיר היינט אָנגעחתמ'עט גע־ווארען פון אויבען, אז איך זאל בלייבען לעבען, היינט למאי זאל איך שפרינגען?"

„און וואס זאל איך אייך זאגען? — אזוי דערצעהלט ווייטער בערעל עסיגמאכער פון סאבאליווקע און שווערט מיט אזעלכע שבועות, אז מע מעג גלויבען, דאכט מיר, א משומד — ער געדענקט נישט, ווי אזוי דאס האט זיך געטראָפען, נאר אז זיי זענען געקומען, זאגט ער, הינטער הייסין און ארויסגעזעהן שוין פון דער ווייטען דעם קוימען פונ'ם הייסינער זאוואָד, האט עפיס מיט א מאל דער לאקאמאטיוו, זאגט ער, אנגעהויבען געהן שטילער און שטילער, נאכדעם — גאר פאוואָלינקע, קוים־קוים, און נאכדעם האט ער זיך מיישב געווען, דער לאקאמאטיוו הייסט עס, און האט זיך גאר אנידערגעשטעלט. וואס איז די מעשה? ס'איז איהם, אפנים, אויסגעגאנגען הייצונג, און א לאקאמאטיוו, זאגט בערעל עסיג־מאכער, אז עס געהט איהם אוים הייצונג, הערט־אויף דאס וואסער צו קאכען און די רעדער הערען־אויף צו דרעהען זיך — און א סוף. פונקט, זאגט ער, ווי, להבדיל, א מענטש, אז מע זאל איהם, למשל, נישט געבען קיין עסען... אודאי האט ער דעם גלח געזאגט טאקי דארט אויפ'ן ארט: „נו, פאטערעל? וואס האב איך דיר געזאגט, זאגט ער, ווען דער רבונו־של־עולם זאל מיר נישט געווען אנ־צייכענען היינט פון אויבען, אז איך דארף נאך לעבען אויף דער וועלט, ווער ווייסט אויף וויפיעל צייט עס וואלט נאך געווען הייצונג און וואו מיר וואלטען שוין איצטער אנגעשפארט?" אזוי מאכט צו איהם בערעל, און דער, זאגט ער, שטעהט, די אויגען אראפ־געלאזט אראפ, און שווייגט. וואס האט ער איהם נעבאך געקאנט ענטפערען?... ערשט שפעטער, זאגט ער, בײ'ם געזעגענען זיך, געהט דער גלח, זאגט ער, און ציהט איהם אוים א האנט און מאכט צו איהם: „פראשטשאי, איצקא". זאגט איהם בערעל: „איך הייס נישט איצקא, איך הייס בערקא"... מאכט צו איהם דער גלח:

„לאַז זיין בערקאָ. הערסט דו, בערקאָ? איך האָב גאָר נישט געוואוסט, זאָגט ער, אַז דו ביזט אזא...״ און מעהר האָט ער נישט געהערט פון איהם קיין וואָרט, וואָרום דער גלח האָט פארקאַטשעט, זאָגט ער, די פּאָלעס פון דער ריאַסע און האָט גענומען שטעלען פיס צוריק, צו זיך אהיים, אפּנים, קיין גאַלאָוואָניעווסק. און ער, בערעל הייסט עס, האָט זיך געלאָזט גלייך אין שטאָדט אריין, צו אונז קיין הייסין. און ביי אונז האָט ער שוין, לאָז זיך אייך דאכטען, גע־האַלטען יום־טוב, געבענטשט גומל, דערצעהלט אפשר טויזענט מאָל די מעשה פון אָנהויב ביז׳ן סוף, אלע מאָל מיט נייע המצאות און מיט נייע נסים... איטליכער באַזונדער האָט געשלעפּט דעם סאָבאָ־ליוווקער עסיגמאַכער צו זיך, געוואָלט איהם האָבען פאַר איין אורח אויף יום־טוב, און אגב הערען פון איהם אליין דעם נס פון הושענא־רבה — און מיר האָבען דאָס געהאַט, לאָז זיך אייך דאכטען, א שמחת־תורה! שוין געווען, ווי זאָגט איהר, איין מאָל א שמחת־תורה!״...

ענדע געשיכטע נומער אכט.

געשיכטע נומער נייען

# אַ חתונה אָהן כלי־זמר

געשריבען אין יאָהר 1909.

### געשיכטע נומער נייען

# אַ חתונה אָהן כלי־זמר

„— איך האָב אייך געהאַט צוגעזאָגט, דאַכט מיר, דערצעהלען נאָך אַ נס, וואָס האָט זיך געטראָפען, לאָז זיך אייך דאַכטען, טאַקי ווידער אַ מאָל מיט אונזער „לעדיגגעהער", ווי אַזוי, צו פאַרדאַנקען דעם דאָזיגען „לעדיגגעהער", זענען מיר ניצול געוואָרען פון אַ גרויסען אומגליק. אויב איהר ווילט האָרכען די דאָזיגע מעשה, לעגט איהר זיך אַוועק, זייט מוחל, אָט דאָ אויף דער באַנק, און איך וועל מיך לעגען, הייסט עס, אויף יענער באַנק. דאָ איז מיר נישט צו דער האַנט".

אָט אַזוי רופט זיך אָן צו מיר איינמאָל אַלץ דער אייגענער הייסינער סוחר, פאָהרענדיג מיט מיר אין דער שמאָלער אייזענבאַהן, וואָס מע רופט זי דאָרטען „דער לעדיגגעהער". און מחמת מיר זענען דאָס מאָל, ווי אַלע מאָל, געווען סך־הכל צוויי פאַרשוין איבער אַ גאַנצען וואַגאָן, און וואַרעם איז געווען גענוג, האָבען מיר מחילה אויסגעטהאָן די פידזשאַקעו, צעשפיליעט די זשילעטען און צעלעגט זיך, ווי ביי'ם טאַטען אין ווייַנגאָרטען. ער אויף איין באַנק, איך אויף דער אַנדערער. ער פּאַוואָלי און ברייטליך, ווי זיין שטייגער איז, דערצעהלט, און איך הער מיך איין, פאַרשריי-

בענדיג ביי זיך אין מוח איטליכס ווארט, בכדי איך זאל דאס נאכ־
דעם קאנען איבערגעבען מיט זיין לשון.

„— ויהי בימי — דאס איז געווען, ניט היינט געדאכט, בעת
קאנסטיטוציע, אז ס'האבען זיך אנגעהויבען, הייסט עס, די ישועות
אויף אידען. חאטש אפילו אונז האבען מיר אין הייסין, דארפט
איהר וויסען, פאר א פאגראם קיינמאל קיין מורא ניט געהאט.
איבער וואס, מיינט איהר, האבען מיר ניט מורא געהאט? פשוט,
ווייל ס'איז ניטא ביי אונז ווער סע זאל שלאגען. מאהלט אייך,
לאז זיך אייך דאכטען, מע זאל זוכען, וואלט מען שוין אפשר גע־
פונען ביי אונז אויך אזעלכע, וואס וואלטען זיך ניט אפגעזאגט
אונז א ביסעל דורכלופטערען, דאס הייסט, איך מיין טאקי —
רעכט דורכבערעכען די ביינער. א סימן האט איהר, אז עס האבען
זיך אנגעהויבען לאזען הערען די גוטע בשורות פון ארום און ארום,
האבען אונזערע עטליכע פריצים־רשעים אוועקגעשריבען בסוד־
סודות אהין, וואו מע דארף: היות ווי עס וואלט געווען א יושר,
מע זאל, הייסט עס, אין הייסין אויך ע פ י ם ט ה ו ן, און
ס'איז נישטא מיט וועמען, לכן בעטען זיי, מע זאל זיי קומען צו־
הילף, דאס הייסט, מע זאל זיי, למען השם, וואס גיכער ארויסשיקען
„מענטשען"... און לאז זיך אייך דאכטען, ס'איז ניט אוועקגע־
גאנגען קיין פיער און צוואנציג שעה, קומט־אן א ידיעה, אויך בסוד־
סודות, אז עס געהען „מענטשען". פון וואנען? פון זשמערינקע,
פון קאזאטין, פון ראזדיעלנע, פאפעלנע און פון נאך אזעלכע
מקומות, וואס האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע קלאפערס.
די קשיא: פון וואנען איז מען דאס ביי אונז געוואהרע געווארען
פונ'ם דאזיגען הייליגען סוד? דערויף האבען מיר, לאז זיך אייך
דאכטען, א „איסטאטשניק", נח טאנקאנאג רופט מען איהם. ווער
איז אט דער דאזיגער נפש? איהר פאהרט דאך אין אונזער
ווינקעל, דארף מען אייך איהם אפמאהלען, איהר זאלט זיין מיט
איהם באקענט.

„נח טאַנקאָנאָג איז אַ איד, וואָס איז געוואַכסען מעהר אין דער לענג ווי אין דער ברייט. גאָט האָט איהם געגעבען אַ פּאָר פּיס, באַנוצט ער זיך מיט זיי. קיינמאָל רוהט ער נישט און זעלטען־ווען געפינט מען איהם אין דער היים. ער איז פאַרנומען מיט טויזענטער געשעפטען, מעהר פרעמדע ווי אייגענע. זיין אייגען געשעפט איז — וואָס ער האַלט די דרוק. און מחמת ער האַלט די דרוק, די איינציגע דרוק אין הייסין, דעריבער קען ער זיך מיט נאַטשאַלסטווע, האָט צו טהון מיט פּריצים, איז אויסגעבונדען מיט אַלע טשינאָווניקעס און ווייסט פון אַלע סודות.

„אָט פון דעם דאָזיגען „איסטאָטשניק" איז מען דאָס געוואָהרע געוואָרען פון דער גוטער בשורה. דאָס הייסט, ער אַליין טאַקי, דער „איסטאָטשניק" הייסט עס, האָט דאָס אויסגעפּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט. פאַרשטעהט זיך, איטליכען באַזונדער האָט ער איינגערוימט אַ סוד אין אויהער: „דאָס דערצעהל איך נאָר אייך, קיין אַנדערען וואָלט איך עס ניט געזאָגט"... און אָט אַזוי איז די גאַנצע שטאָדט געוואָהרע געוואָרען, פון איין עק ביז'ן אַנדערען עק, אַז עס געהען חוליגאַנעם און אַז ס'איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן, מע זאָל שלאָגען אידען; מע ווייסט אפילו ווען, אין וואָסער אַ טאָג, אין וואָסער אַ שעה מע וועט שלאָגען, און פון וואַנען מע וועט אָנהויבען צו שלאָגען, און ווי אַזוי מע וועט געהן — אַלסדינג אויסגערעכענט, ווי אין לוח. און ס'איז געוואָרען אין שטאָדט, לאָז זיך אייך דאַכטען, חושך ואפלה! און מיינט איהר — וואו? צום מיינסטען, צווישען די נידעריגע קלאַסען. אַ מאָדנע זאַך, הערט איהר, מיט די אָרעמעלייט! מילא, אַ נגיד, אַז ער ציטערט פאַר אַזעלכע זאַכען, פאַרשטעהט מען דאָס נאָך מיט'ן שכל. ער האָט נעבאַך מורא, מע זאָל איהם, חס ושלום, צווישען יאָ און ניין, נישט מאַכען פאַר אַ קבצן. אָבער איהר, פאַרטיגע קבצנים, וואָס ציטערט איהר אַזוי? וואָס האָט איהר איינצושטעלען? ניין, זאָלט איהר זעהען, ווי מע האָט געחאַפּט די קינדערלעך און מע האָט מפקיר געווען האַק־און־פּאַק און מע האָט אָנגעהויבען באַהאַלטען זיך!

וואו באהאלטען זיך, אשטייגער, אידען? ווער ביי איין עהרליכען גוי אין א קעלער, ווער ביי'ם נאָטאריוס אויפ'ן בוידעם, ווער ביי'ם דירעקטאָר אין זאוואָד. איטליכער געפינט זיך זיינס. נאָר איך איינער, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב מיך ניט געוואָלט באהאלטען. גישט מחמת איך וויל מיך פאר אייך באריהמען, נאָר איך וועל אייך געבען צו פארשטעהן מיט א גאנג, וועט איהר זעהען, אז איך בין ניט אינגאנצען אומגערעכט: ערשטענס, פרעג איך א קשיא: וואָס איז דער שכל, וואָס מע דארף מורא האָבען פאר א פאָגראָם? ממה־נפשך... און והשנית, וועל איך אייך ניט זאָגען; עס קאָן זיין, אז איך וואָלט אפשר אויך ניט געווען ביי זיך אזא תקיף און וואָלט אפשר אויך וועלען באהאלטען זיך אויף דער הייסער שעה. פרעגט זיך אָבער: וואו באהאלט מען זיך? פון וואנען בין איך באוואָהרענט, למשל, אז טאקי דער אייגענער גוי, אָדער דער נאָטאריוס, אָדער דער דירעקטאָר פונ'ם זאוואָד בשעת בהלה — איהר פארשטעהט?... און חוץ אלעמען, ווי לאָזט מען דאָס איבער א שטאָדט גלאט אזוי אויף הפקר? נעמען און אנטלויפען איז קיין קונץ ניט. מע דארף זעהען עפּיס טהון. נאָר, משטיינס געזאָגט — וואָס קאָנען אידען טהון? נאטשאלסטווע!... מסתמא איז ביי אייך אויך דאָ אין שטאָדט איינער א תקיף, וואָס איז חשוב ביי נאטשאלסטווע. ביי אונז אין הייסין האָבען מיר איינעם אזעלכען. נחמן קאסאָי הייסט ער. א איד א פאָדראטשיק מיט א קיילעכיגער באָרד, מיט א סאמעטענעם זשילעט, מיט א דירה איין אייגענער. און מחמת ער איז א פאָדראטשיק און האָט א חלק אינ'ם שאָסיי, איז ער חשוב ביי'ם איספּראווניק. ער טרינקט מיט איהם טיי ביי איין טיש. און א איספּראווניק האָבען מיר דעמאָלט געהאט, לאָז זיך אייך דאכטען, דוקא א גוטען גוי. א דימענט פון א גוי. דהיינו? ער פלעגט נעמען א קערבעל, און נאָר דורך נחמן קאסאָי. דאָס הייסט, נעמען האָט ער גענומען ביי יעדען, פאר וואָס ניט? נאָר ביי נחמנ'ען פלעגט ער נעמען מיט מעהר חשק. מעשה פאָד־ראטשיק, איהר פארשטעהט?...

„הקיצור, מע האָט זיך געזעהען מיט נחמנ׳ען און מע האָט אויסגעשטעלט אַ צעטעל און ס׳איז געוואָרען געלט, און לאָז זיך אייך דאַכטען, אַ היבשע מטבע, וואָרום אין אַזאַ צייט, ווי קאָן מען קומען צו אַ פּריץ און ניט אָנשפּייען איהם אין דער האַנט, ס׳זאָל איהם, ווי זאָגט איהר, געבען אַ בריה אין די פינגער אריין?... פאַרשטעהט זיך, אַז דער פּריץ האָט אונז באַלד באַרוהיגט, ער האָט אונז בפירוש געזאָגט, אַז מיר מעגען געהן שלאָפען: ס׳וועט גאָר־ניט זיין... דאַכט זיך, גוט? איז דאָך אָבער פאַרהאַן ביי אונז אין הייסין אַ „איסטאָטשניק”, וואָס ווייסט פון אַלע שווערע הערצער; איז ער זיך מיישב, נח טאָנקאָנאָג, הייסט עס, און לאָזט אַרויס אַ קלאַנג איבער דער גאַנצער שטאָדט, בסוד געוויינטליך, אַז ס׳איז שוין דאָ פון דער גוטער חברה אַ דעפּעש, ער האָט זי אַליין געזעהען, שווערט ער, ער זאָל אַזוי זעהען אַלדאָס גוטס! וואָס זשע שטעהט אין דעפּעש? אין דעפּעש שטעהט מעהר ניט ווי איין וואָרט: „יעדיעם” — אַ מיאוס וואָרט! לויפט מען דאָך מסתמא צום איספּראַווניק: „פּריץ, ס׳איז שלעכט!” זאָגט ער: „וואָס איז די שלעכטיגקייט?” זאָגט מען איהם: „ס׳איז דאָ אַ דעפּעש”. פרעגט ער: „פון וואַנען?” זאָגט מען איהם: „פון יענע מקומות”... פרעגט ער: „וואָס שטעהט אין דעפּעש?” זאָגט מען איהם: „יעדיעם”. צעלאַכט ער זיך און זאָגט: „איהר זענט גרויסע נאַראָנים, זאָגט ער, איך האָב נעכטען, זאָגט ער, אויס־געשריבען פון טאָלטשין אַ סאָטני קאָזאַקען”... דערהערט „קאָזאַ־קען” — איז אויף אונז געוואָרען ווי אַ נייע הויט. אַ איד, אַז ער דערזעהט אַ קאָזאַק, ווערט ער ביי זיך תקיף און שטעלט־אַרויס דער גאַנצער וועלט אַ פייג. אַ קלייניגקייט — אַזאַ שומר!... די גאַנצע זאַך איז נאָר געווען: ווער פון די צוויי וועלען קומען פריהער — צי די קאָזאַקען פון טאָלטשין, צי די חברה קלאָפּערס פון זשמע־רינקע? דער שכל הישר האָט אפילו באַדאַרפט זאָגען, אַז די קלאָפּערס וועלען קומען פריהער, ווייל זיי פאָהרען מיט דער באַהן, און די קאָזאַקען — רייטענדיג. איז אָבער געווען די גאַנצע האָפע־

נונג אויף אונזער „לעדיגגעהער". אידען האָבען א גרויסען גאָט, טאָמער וועט ער טהון א נס, דער „לעדיגגעהער" וועט פארשפּעטיגען האַטש אויף עטליכע שעה, און דאָס איז ביי איהם א געוויינטליכע זאַך, וואָס סע טרעפט זיך ביי איהם אָפט, כּמעט אַלע טאָג... און לאָז זיך אייך דאַכטען, אז איצטיגס מאָל האָט זיך מיט איהם אָט דער נס ניט געטראָפען. עפּיס, ווי אויף צו להכעיס, איז ער גע־גאַנגען פון סטאַנציע צו סטאַנציע, טאַקי נאָר ווי א זייגער. איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, וויפיעל געזונט דאָס האָט ביי אונז צו־גענומען און וואָס פאר א פּחד ס'איז געוואָרען אין שטאָדט, אז מע האָט זיך דערוואוסט, פון'ם „איסטאַטשניק" געוויינטליך, אז ס'איז שוין דאָ א דעפּעש פון דער לעצטער סטאַנציע, פון קרישטאָפּאָווקע: „יעדיעם"! און נישט נאָר „יעדיעם" אליין — „יעדיעם" מיט א „הורדא"... געוויינטליך, האָט מען די דאָזיגע ידיעה אָפּגעטראָגען גלייך צום איספּראַווניק, געפאַלען איהם צו די פיס, געבעטען, ער זאָל זיך ניט פארלאָזען אויף די קאָזאַקען, וואָס וועלען אמאָל קומען פון טאָלטשין, און זאָל ארויסשיקען אויפ'ן וואָקזאַל פּאָליציע האַטש פון יוצא וועגען, לאָזען זיי ניט מיינען, אז ס'איז לית דין ולית דיין, הפקר ציבעלעס. און דער אָדון דער איספּראַווניק האָט זיך דאָס מאָל דוקא ניט געלאָזט לאַנג בעטען. ער האָט צוליעב געטהאָן דער שטאָדט, און נאָך מיט א יתר־שאת. דהיינו? ער האָט זיך אָנגעטהאָן אין דער גאַנצער פאָרמע און מיט אַלע אָרדענס און איז בכבודו ובעצמו ארויס מיט דער גאַנצער פּאָליציע אויפ'ן וואָקזאַל „וסטרעטשאיען דעם פּאָיעזד".

„די עטליכע פּריצים די רשעים, פון זייער זייט, האָבען, לאָז זיך אייך דאַכטען, אויך נישט געדרימעלט. זיי האָבען זיך אויך אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג און אויך מיט די אָרדענס, מיטגענומען מיט זיך א פּאָר גלחים, און זענען אויך ארויס „וסטרעטשאיען דעם פּאָיעזד"... האָט זיי דער איספּראַווניק אפילו א פרעג געטהאָן: „וואָס טהוט איהר דאָ?" האָבען זיי איהם געפרעגט די אייגענע קשיא: „וואָס טהוסט דו דאָ?" — א וואָרט פאר א וואָרט, דער

איספּראַוונִיק האָט זיי געגעבען צו וויסען, אַז זייער מיה איז אומזיסט. כּל זמן, זאָגט ער, ער איז דאָ איספּראַוונִיק, וועט אין הייסין, זאָגט ער, קיין פּאָגראָם ניט זיין. אַזוי טאַקי האָט ער זיי געזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט. האָבען זיי איהם אויסגעהערט מיט אַ שמייכעל און אָפּגעענטפערט מיט עזות: „אָט וועלען מיר באַלד זעהען"... און ווי זיי האָבען דאָס אויסגערעדט, האָט זיך געלאָזט הערען פון דער ווייטען אַ פייף. פונ'ם דאָזיגען פייף האָט זיך אונז אַלעמען, לאָז זיך אייך דאַכטען, אָפּגעריסען אין הארצען. נאָך דעם דאָזיגען פייף האָבען מיר זיך געריכט דערהערען נאָך אַ פייף, שוין מיט אַ הוררא, און וואָס נאָך דעם דאָזיגען הוררא געהט ווייטער — דאָס האָבען מיר שוין געהאָרכט פון אַנדערע שטעדט... צום סוף, וואָס לאָזט זיך אויס? געפייפט האָט מען טאַקי, נאָר דאָס פייפען איז געווען אומזיסט. וואָס איז די מעשה? די מעשה איז אַ שענע מעשה, וואָס נאָר מיט אונזער „לעדיגגעהער" קאָן זיך אַזעלכעם טרעפען. איהר מעגט דאָס הערען.

„צוגעפאָהרען צו דער סטאַנציע קיין הייסין, האָט דער מאַשי־ניסט אָפּגעשטעלט דעם לאָקאָמאָטיוו און איז גאַנץ ברייטליך אַראָפּ אויפ'ן וואָקזאַל און געלאָזט זיך גלייך אין בופעט אריין, ווי גע־ווינטליך. שטעלט מען איהם אָפּ: „בחור, וואו זענען די וואַ־גאָנעם?" — „וואָסערע וואַגאָנעם?" — „זעהסט דען ניט, אַז דו ביזט איינער אַליין מיט'ן לאָקאָמאָטיוו אָהן איין וואַגאָן?" — קוקט זיי אָן דער מאַשיניסט מיט אויגען און מאַכט צו זיי: „וואָס איז מיין עסק? וואַגאָנעם — דאָס געהער זיך אָן מיט דער בריי־גאַדע". „וואו זשע איז די בריגאַדע?" ענטפערט זיי ווידער דער מאַשיניסט: „וואָס געהט'ס מיך אָן? דער קאָנדוקטאָר גיט מיר, זאָגט ער, צו וויסען מיט אַ פייף, אַז ער איז פאַרטיג, ענטפער איך איהם אָפּ, זאָגט ער, צוריק מיט אַ פייף, אַז איך בין אויך פאַרטיג און לאָז די מאַשין. קיין צוויי פּאָר אויגען, זאָגט ער, האָב איך ניט, איך זאָל זעהען, וואָס הינטען טהוט זיך"... אַזוי ענטפערט זיי אָפּ דער מאַשיניסט. און ווערליג ער טענה'ט, איז ער גערעכט.

הקיצור, טענות אהער, טענות אהין — ס'איז דאָ אַ „לעדיגגעהער"
און נישטאָ קיין פּאַסאַזשירען. אַ חתונה, הייסט עס, אָהן כלי־זמר !...
„ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָכדעם, איז געווען געפאָהרען
צו אונז, לאָז זיך אייך דאַכטען, דוקא אַ גאַנץ פיינע קאָמפּאַניע,
געקליבענע יונגען, איינס אין איינס, מיט'ן גאַנצען קלאָפּערגעצייג,
מיט דובינקעס און מיט רעזינקעס און מיט אַלע איבעריגע שאָלע־
מויזען. פרייליך איז מען געווען, און בראָנפען האָט מען געטרונקען,
און מחמת גרוים שמחה האָט מען אויף דער לעצטער סטאַנציע, אין
קרישטאָפּאָווקע, אַריינגעוואָרפען גאָר אַ היבשע גאַלקע, און אָנ־
גע'שיכור'ט די „בריגאַדע", דעם קאָנדוקטאָר מיט'ן קאָטשעגאַר
מיט'ן זשאַנדאַרם, און מע האָט פאַרגעסען אַ קלייניגקייט: צו־
טשעפּען די וואַגאָנעס צום לאָקאָמאָטיוו. איז זיך דער לאָקאָמאָטיוו
מסתמא אוועק אין דער געוויינטליכער צייט קיין הייסין, און דער
גאַנצער „לעדיגגעהער" איז, לאָז זיך אייך דאַכטען, געבליבען שטעהן
מיט אַלע וואַגאָנעס אין קרישטאָפּאָווקע. און נאָך מעהר קונץ !
קיינער, ניט די שענע קאָמפּאַניע, נישט די איבעריגע פּאַסאַזשירען,
נישט די „בריגאַדע", האָבען גאָר ניט באַמערקט, אַז מע שטעהט,
און לאָז זיך אייך דאַכטען, מע האָט ניט אויפגעהערט צו וואַרפען
גאַלקעס און אויסלעדיגען פלעשלעך, ביז דער נאַטשאַלניק סטאַנציע
האָט זיך געחאַפּט, אַז דער לאָקאָמאָטיוו איז אוועק און די וואַגאָנעס
שטעהען נאָך. האָט ער אויפגעהויבען אַ גוואַלד ! ערשט דאָ האָט
זיך אַרויסבאַוויזען דער גאַנצער טעות, און ס'איז געוואָרען אַ
געפּילדער, הימעל עפען זיך ! די חברה — אויף דער „בריגאַדע",
די „בריגאַדע" — אויף דער חברה, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז
ס'איז געבליבען, אַז מע דאַרף נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און
די אויגען אין די הענט און זיך לאָזען קיין הייסין, מחילה, צו־פוס.
אַ ברירה האָט מען ? און וכן היה. מע האָט זיך אָנגענומען מיט
הארץ און מע האָט עולה־רגל געווען קיין הייסין, און, לאָז זיך אייך
דאַכטען, מען איז בשלום געקומען קיין הייסין, און דוקא מיט אַ
געזאַנג און מיט אַ הוראַ, ווי גאָט האָט געבאָטען. נאָר וואָס זשע

דען ? עס איז שוין אָבער געווען א ביסעלע צו־שפּעט. אויף די גאסען האָבען שוין ארומגעשפּאציערט די קאָזאקלעך פון טאָלטשין, רייטענדיג אויף די פערדלעך, און, ווי זאָגט איהר, וקסמים בידם — מיט די קאנטשיקעס אין די הענט, און פון דער גאנצער חברה חוליגאנעס איז אין איין האלבע שעה נישט געבליבען, לאָז זיך אייך דאכטען, קיין זכר אפילו. מען איז זיך צעלאָפען, ווי די מייז אין א הונגער, צעגאנגען געוואָרען, ווי שניי אין א זומער־טאָג...

„נו, פרעג איך אייך, איז ער נישט ווערטה, אונזער „לעדינ־געהער" מיין אייך, מע זאָל איהם אָפּשיטען מיט גאָלד פון אויבען ביז אראָפּ, אָדער, לכל הפחות, האָטש מאכען פון איהם א באַ־שרייבונג ?"

**ענדע געשיכטע נומער ניינען.**

גערשיכטע נומער צעהן

# דער טלית-קטן

געשריבען אין יאהר 1910.

## געשיכטע נומער צעהן

# דער טלית־קטן

„— איהר רעדט פון די אומגליקען, פון די היינטיגע שרפות רעדט איהר. איהר ווילט הערען א שענס, ווי אזוי מע נעמט א הונדערטער אויף די נשרפים ביי א נגיד א קמצן, א חזיר, א נהרג על פחות משוה פרוטה, וואס האט אויף זיין לעבען קיין נדבה ניט געגעבען ?"

אזוי האט זיך אנגערופען צו מיר מיין וויז־א־ווי אין וואגאן איינמאל אין דער פריה, נאכ'ן איבערבייסען, און האט פאררויכערט א פאפיראס און מיר אויך געגעבען פאררויכערען.

עס האט אויסגעוויזען, אז די מעשה, וואס מיין וויז־א־ווי האט זיך געקליבען מיר דערצעהלען, האט איהם אליין הנאה געטהאן, שטארק הנאה געטהאן. ווארום איידער ער האט נאך אנגעהויבען צו דערצעהלען, האט ער זיך שוין צעלאכט, ווי א מענטש, וואס האט זיך דערמאנט אן זעהר א לאכענדיגע זאך. ער האט אזוי געשמאק געלאכט, אז ער איז זיך אזש פארגאנגען. אזא מענטשען איז גלייכער, אז מע לאזט איהם פריהער זיך אויסלאכען, ווי עס געהער צו זיין, אניט וועט די מעשה האבען א פנים פון חוזק. דערנאך האט זיך מיין וויז־א־ווי אויסגעהוסט און אנגעהויבען בזה הלשון:

„— איך האָב אייך שוין איבערגעגעבן פון אונזער שטאָדט א שען ביסעל טיפען. איצט האָב איך פאר אייך נאָך א טיפּ. יואל טאשקער רופט מען איהם. איהר זאָלט אָנקוקען א אידעל. קיין דריי צעבראָכענע פיערער וועט איהר פאר איהם ניט געבען. א קליינס, א דארס, א טרוקענס, א בערדעל א שיטערס, און אז סע געהט, לויפט עס, און א הילוך — וואו איהר האָט ערגיץ א שונא! חאָטש אפילו א נגיד. וואָס זאָג איך — א נגיד? א גביר, איין אדיר, א מיליאָנטשיק. דאָס הייסט, איך האָב זיינע מיליאָנען, לאָז זיך אייך דאכטען, נישט געצעהלט. מעגליך, אז ער פארמאָגט טאקי א מיליאָן, און מעגליך, אז עס פעהלט איהם א סך צו א האלבען מיליאָן. נאָר וויפיעל ער האָט, איז ער דאָס, גלויבט מיר, ניט ווערטה. ווארום דער מענטש איז א חזיר. ביי איהם ארויס־רייסען א נדבה — איז כּקריעת ים־סוף. ס'איז גאָר נישטאָ דער בעטלער, וואָס זאָל געדענקען, אז יואל טאשקער זאָל האָבען ווען געגעבען איין אָרעמאן א שטיקעל ברויט אפילו. אין שטאָדט קען מען איהם שוין, דעם פארשוין, אזוי, אז עס מאכט זיך, מע ניט איין אָרעמאן א נדבה און ער קריוודעט זיך, זאָגט מען איהם: „געהט, זייט מוחל, צו יואל טאשקער, וועט מען אייך געבען מעהר". אָט אזא מין נגיד איז דאָס. אפשר מיינט איהר, חלילה, א גזלן, אָדער א גראָבער יונג, אָדער א נחות־דרגא? — ניין. דוקא א טאטענ'ס א קינד, און דוקא א איד, וואָס קאָן לערנען, און דוקא אזוי זיך א גאנץ עהרליכער. יענעמ'ס ניט זאטשעפּען. אבי מע זאָל זיינס ניט אָנריהרען. שלי שלי, שלך שלך — איהר פאר־שטעהט, צי ניין? זיין געשעפט — ער איז א בעל־הלואה, און האָט הייזער, און האנדעלט מיט פריצים. טאָג־ווי־נאכט פאר־טארעראמט. פאָהרט־ארום, לויפט־ארום, עסט ניט, שלאָפט ניט, פארגינט זיך ניט האלטען א מענטשען, אומעטום אליין, ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. דאָס הייסט, ער האָט געהאט קינדער אויך, נאָר דער רוח ווייסט וואָס. האָט ער זיי צעטריבען. זיי זענען אין אמעריקע, זאָגט מען. דאָס ווייב איז איהם געשטאָרבען, האָט ער

גענומען און צעטריבן די קינדער. און געשטאָרבן איז זי, זאָגט מען, ביי איהם פון הונגער. נאָר מסתמא איז דאָס אַ ליגען. און אפשר איז דאָס איין אמת. אַ סימן — ער האָט זיך מיט'ן אַנדערען ווייב אויף דער צווייטער וואָך גע'גט. טרעפט איבער וואָס? איבער אַ גלאָז מילך. חאַ־חאַ, ווי איהר זעהט מיך אַ אידען! ער האָט זי געחאַפּט איינמאָל מיט אַ קריגעל מילך, מאַכט ער צו איהר: „ממה־נפשך — טרינקסט דו מילך, ווייל דו האָסט די טשאַכאָטקע, וואָס־זשע דאַרף איך דיך? אַלאַ דו טרינקסט גלאַט אַזוי מילך, הפקר־ציבעלעס — ביזט דו דאָך איין אויסבּרענגערין!"...

„דערפאַר האָט ער איין מעלה (אַ מענטש מיט סאַמע חסרונות איז נישטאָ): ער איז פרום. פרום מיט סכנת־נפשות! מילא, ווילסט דיר זיין פרום, זיי דיר פרום, ווער מען אהרט עס? ניין. ווילט זיך איהם, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיין פרום. גאָט'ס סטראַפּטשע. ער קאָן נישט ליידען, אַז אַ איד געהט אָהן אַ היטעל, איז אין כעס, למאי יונגע ווייבּלעך טראָגען אייגענע האָר, און קוילעט זיך מיט די עלטערען, וואָס געבען זייערע קינדער אין די גימנאַזיעס, און נאָך אַזעלכע זאַכען.

„באַדאַרף גאָט פיהרען מסתמא אַזוי, אַז ביי איהם אין הויף וואוינט אַ שכן, איין אַדוואָקאַט פון די אַמאָליגע אַדוואָקאַטען. אַ טשאַסטנע פּאָווערענע, הייסט עס. און גראָד נישט אַזאַ גרויסער ירא־שמים. געהט אָהן אַ היטעל, גאָלט זיך דאָס בערדעל, פאַר־רויכערט שבת אַ פּאַפּיראָס. אַלסדינג ווי עס געהער צו זיין. לאָז זיך אייך דאַכטען, טאַקי וואָס אין דער קאָרט. קאָמפּאַניעוויטש רופט מען איהם. אַ נפש אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ ביסעל איין איינגעבויגענער, מיט איינגעפאַלענע באַקען, מיט ממזר'ישע אויגען, נאָר אַ שטילער, אַ שווייגענדיגער, אַ פאַרבאָרגענער הולטאַי. לעבען לעבט ער מעהר פון קאָרטען, ווי פון אַדוואָקאַטור, און צו איהם קומען זיך צונויף אַלע וואוילע יונגעלייט, וואָס האָבען ליעב אַ קערטעל, אַ קאָלבאַס און נאָך אַזעלכע זאַכען... מילא, איז אויך די אייגענע מעשה; עס זיצט ביי דיר אַ שכן ניט אַזאַ צדיק —

וואָס געהט עס דיך אָן? איך מיין דעם יואל טאַשקער מיין איך. וועסט דו מיט איהם קיין שידוך ניט טהון. וואָס קאָן דאָ זיין? ניין. קאָן ער נישט איבערטראָגען, טאַשקער הייסט עס, למאי מע שטעלט ביי קאָמפּאַניעוויטשען דעם סאַמאָוואַר אום שבת? למאי מע קאָכט ביי קאָמפּאַניעוויטשען אַ פליישיגען וואַרעמעס אום תשעה־באָב? למאי מע טובל׳ט ניט ביי קאָמפּאַניעוויטשען דאָס נייע געפעס אויף פסח? און נאָך אַזעלכע זאַכען. פייערט ער אויפ׳ן שכן, רעדט אויף איהם המנ׳ס מסירות, דערצעהלט פאַר איטליכען הויך, בקול רם: „האָט איהר געהערט איין עזות פון אַ משומד? זיצט ביי מיר אין שכנות און שטעלט אַ סאַמאָוואַר אום שבת!" — דערהערט דאָס קאָמפּאַניעוויטש, הייסט ער שטעלען איבעראַכטאָג שבת צוויי סאַמאָווארען. ווערט אונזער יואל שיער ניט צעפּיקעט, באַקומט, לאָזט זיך אייך דאַכטען, כמעט די אַפּאָפּ־לעקסיע. מענטש איינער! נעם און זאָג איהם אָפּעט פון דער דירה, וועסט דו פטור ווערען פון אַ צרה — טהוט איהם באַנג דער שכן. ער צאָהלט, זאָגט ער, דירה־געלט בעסער פון אַלע שכנים, חאַ־חאַ.

„האָב איך אייך שוין באַקאַנט געמאַכט מיט צוויי טיפּען. איצט באַדאַרף איך אייך פאָרשטעלען אַ דריטען פאַרשוין, פּרויקעס־שיינעץ הייסט ער. אויך אַ טיפּ און שפּיעלט אויך אַ ראָל אין דער געשיכטע, וואָס איך דערצעהל אייך. דאָס הייסט, פון איהם טאַקי נעמט זיך די גאַנצע מעשה.

„דער דאָזיגער פאַרשוין איז, לאָז זיך אייך דאַכטען, אַזאַ מין טיפּ. אַליין איז ער אַ יונגערמאַן, וואָס ווערט אָנגערופען אַ „מעורב עם הבריות". לאָז זיך אייך דאַכטען, האַלב חסיד, האַלב פראַנצויז. אַ קאַפּאָטע אַ לאַנגע, נאָר אַ קאַפּעלישעל אויפ׳ן קאָפּ. אַ העמד אַ ווייס, אַ שניפּסעל אַ רויטס, נאָר אַ ציצה פונ׳ם טלית־קטן דאַרף מען אַרויסזעהן. אין שטאָדט רעדט מען אונטער אויף איהם: עפּיס אַ ווייבעל, איין אשת־איש, זאָגט מען... נאָר אין שוהל אַריין לויפט ער פייל אויס׳ן בויגען. מיט איינעם וואָרט, ער איז אָס

דאָס, וואָס מע רופט ביי אונז „אַ גאָט'ס גנב". מיט וואָס באַ־שעפטיגט ער זיך — ער איז אַ פּראָמילניק. אַ מעקלער פון געלט, פון הלואות, פון וועכסלען. דורך זיינע הענט געהט דורך געלט — טויזענטער און טויזענטער. קיינעם האָט טאַשקער ניט געגלויבט, אַזוי ווי אָט דעם פּרויקען. קומט צו אַ הלואה, האָט ער מורא אַרויס־צולאָזען אַ הונדערטער פון די הענט. נאָר קוים האָט פּרויקע גע־זאָגט, אַז מע מעג לייהען, איז ניטאָ וואָס צו רעדען. אפשר מיינט איהר, אַז דער פּרויקע איז אין געלט־זאַכען טאַקי אַזאַ צדיק? בין איך אייך נישט ערב. ער איז נאָר אַ קלוגער, אַ דורכגעטריבענער, אַ ממזר בן הנדה, און, לאָז זיך אייך דאַכטען, אַ גרויסער עזות־פּנים. צו איהם אין מויל אַריינפאַלען — איז ווי אין גיהנם. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז הייסען הייסט ער אפרים קאַץ און רופען רופט מען איהם, חאַ־חאַ, פּרויקע־שייגעץ.

„האָט איהר אייך שוין אַלע דריי טיפען. דאַרף זיך טרעפען אַ מעשה, עס הויבט זיך אָן דער זומער מיט די שרפות און עס ברענט־אָפּ דראַזשנע — אַ גאַנצע שטאָדט, ניט דאָ גערעדט, און עס הויבען־אָן צו געהן פון דאָרטען בריעף, יללות, דעפּעשען — מע זאָל אַרויסשיקען וויפיעל מע קאָן און וואָס גיכער, וואָרום אַ גאַנצע שטאָדט מיט אידען, ניט פאַר אייך גערעדט, ליגען אין דרויסען און געהען־אויס פון הונגער. מילא, ווערט דאָך ביי אונז אַ ויצעקו אין שטעדטעל: „אידען, רחמנים בני רחמנים! וואָס שווייגט מען? פאַר וואָס טהוט מען עפּיס ניט?" — אהין־אהער, עס בלייבט, אַז מע שיקט אַרויס אַ דעפּוטאַציע איבער דער שטאָדט קלויבען נדבות. מי ומי — ווער איז די דעפּוטאַציע? מסתמא איך, און נאָך צוויי־דריי אָרענטליכע בעלי־בתים פון די פיינסטע, און, לאָז זיך אייך דאַכטען, פּרויקע־שייגעץ בתוכם, וואָרום צו די זאַכען דאַרף מען האָבען איין עזות־פּנים. און מע נעמט אַ פּעטשיילע און מע געהט קלויבען געלט. וואוהין געהט מען פריהער? גע־וויינטליך, צו די נגידים. געקומען צום נגיד, צו יואל טאַשקער. „גוט מאָרגען, רב יואל!" „גוט מאָרגען, גוט יאָהר. וואָס וועט

איהר זאָגעןְ? זיצט”. גאָר פיין, וואָס פיינער קאָן שוין גאָר ניט זיין. וואָרום אזוי איז דער טאשקער, דארפט איהר וויסען, דוקא א גאסטפריינטליכער פארשוין. איהר וועט אריינקומען, וועט ער אייך אויפנעמען פאר א גאסט, הייסען דערלאנגען א בענקעל, בעטען זיצען, מיט אייך רעדען, פיין, שען, ביז איהר רעדט ניט מיט איהם פון קיין געלט. און הויבט איהר אָן רעדען פון געלט, אזוי בייט זיך איהם איבער דאָס פנים, איין אויגעל מאכט זיך ביי איהם צו פון זיך אליין, און די לינקע באק, ניט אין מיין מאָס, ווערט ביי איהם איינגעצויגען, ווי ביי א מענטש, וואָס האָט געכאפּט דעם פאראליטש. ס'איז א רחמנות, זאָג איך אייך, דעמאָלט אויף איהם צו קוקען. אָט אזא טיפּ איז דאָס.

„אלזאָ, וואו האלטען מיר אין די יוצרות? יאָ, זענען מיר געקומען צו טאשקערען, די דעפּוטאציע הייסט עס. „גוט מאָרגען, רב יואל”. „גוט מאָרגען, גוט יאָהר. זיצט. וואָס וועט איהר זאָגען?” „מיר זענען געקומען צו אייך נאָך א נדבה”. האָט זיך ביי איהם צוגעמאכט איין אויגעל און א ציה געטהאָן, ניט אין מיין מאָס, די באק: „א נדבה? פלוצים, אין מיטען דערינען, א נדבה?”... רופט זיך אָן צו איהם פּרויקע, ער איז דאָך דער עזות־פנים: „א נויטיגע נדבה, רב יואל, זעהר א נויטיגע. איהר האָט שוין געהערט מן הסתם. א גאנצע שטאָדט, ניט דאָ געדאכט, אָפּגעברענט געוואָרען. דראזשנע”... „וואָס רעדט איהר? דראזשנע אָפּגעברענט געוואָרען? פארפינסטערט בין איך געוואָרען! סטייטש, איך האָב דאָך צו שטעקען אין דראזשנע מיט אזוי פיעל געלט! בדיל-הדל!”... הויבט איהם אָן פּרויקע אויסרעדען דאָס הארץ, אז זיינע קאָמיטענטען האָט דאָס ניט געשאדט, אז אָנגעריהרט האָט דאָס נאָר די אָרעמעלייט. נאָר גיה רעד, אז יענער וויל ניט הערען. ברעכט די הענט, לויפט־ארום איבער'ן שטוב, ווי א משוגע'נער, און שרייט אין איין קול: „אומגליקליך! בדיל־הדל! איהר זאָלט מיט מיר גאָר ניט רעדען אצינד! איהר האָט מיר דער'הרג'עט מיין קאָפּ! איך וועל דאָס ניט אויסהאלטען!”...

„געזונט, געזונט, האָבען מיר זיך אויפגעהויבען: „אַ גוטען טאָג, רב יואל“. אַ קוש די מזוזה — און מיר געהען ווייטער. אַרויסגעגאַנגען פון דאָרטען, רופט זיך אָן צו אונז פרויקע־שייגעץ: „הערט איהר, אידען? זאָל מיין נאָמען ניט הייסען אפרים קאַץ, אויב איך שלעפ ניט אַרויס ביי אָט דעם כלב קיין הונדערטער אויף די דראַזשנער נשרפים!“ „וואָס רעדסט דו, פרויקע, ביזט משוגע?“ „וואָס אַהרט אייך? אַז איך זאָג אייך, איך נעם געלט, מעגט איהר זיך שוין פאַרלאָזען — איך הייס אפרים קאַץ“.

„כך הוה. וועט איהר הערען ווייטער. אין אַ פאָר טעג אַרום פאָהרט מיט דער באַהן אונזער נגיד רב יואל טאַשקער קיין טאָל־טשין אויפ׳ן יאַריד, און דער שכן זיינער, קאָמפאַניעוויטש, פאָהרט אויך, און נאָך אידען, טאָלטשינער און אומאַניער — אַ פולער וואַגאָן, און מע רעדט, מע שמועסט, אַלע אינאיינעם, ווי געוויינטליך. גאַנץ באַזונדער, אין אַ ווינקעלע, זיצט זיך יואל טאַשקער פאַרשטעקט, קוקט־אַריין מיט איין אויגעל אין אַ „חק־לישראל“, ווי געוויינטליך. וואָס געהער ער זיך אָן מיט די אַלע אידען? ובפרט מיט אָט דעם הולטאַי קאָמפאַניעוויטש, וואָס ער קאָן זיין געגאָלט פנים ניט אָנקוקען? נאָר, ווי אויף צו־להכעיס, האָט זיך אָט דער קאָמפאַניעוויטש אַוועקגעזעצט אַקוראַט אַקעגען איהם און שווייגט. רבונו של עולם, טראַכט זיך יואל, ווי אַזוי ווערט מען פטור פון אָט דעם טריפניאַק? אַריבערגעהן אין צווייטע קלאַס — איז איין עבירה געלט. בלייבען דאָ — קאָן ער ניט צו־זעהן אָט די געגאָלטע מאָרדע מיט די ממזר׳ישע אויגען. בקיצור, גאָט האָט געטהאָן אַ נס, אויף דער ערשטער סטאַנציע טראָגט־אָן גאָט אַ באַקאַנטען, לאָז זיך אייך דאַכטען, טאַקי פרויקע־שייגעץ. אונזער טאַשקער האָט דערזעהען פרויקען, האָט ער זיך ממש מחיה געווען. אַ נייע הויט אויף איהם געקומען. עס וועט זיין מיט וועמען צו רעדען אַ וואָרט. „וואוהין פאָהרט דאָס אַ איד?“ „וואו־הין פאָהרט איהר?“ — מע האָט זיך צערעדט. פון וואָס? נעכטיגע טעג, לאָקש־בוידעם־ציבעלע, אויפ׳ן הימעל אַ יאַריד. אַהין־אַהער,

מען איז ארויף אויף א שמועס, וואָס יואל טאַשקער האָט דאָס ניט פּיינט. „הײנטיגע קינדער, פּוסטע בחורים, אויסגעלאַסענע טעכטער, הפקר א וועלט". פּרויקע־שײגעץ האָט אויפגעמישט אײן אַלטע מעשה מיט דער אומאַניער שנור, וואָס איז אַנטלאָפן מיט אײן אָפּיצער. און א מעשה מיט א בחור, וואָס האָט חתונה געהאַט אין צוויי שטעדט. און נאָך א מעשה מיט א יונגעל, וואָס האָט ניט געוואָלט לעגען קײן תּפילין, האָט איהם דער טאַטע געשלאָגען, האָט ער איהם געשלאָגען צוריק. „געשלאָגען צוריק? אײן אײגענעם טאַטען?!" — און עס ווערט אין וואַגאָן א טומעל. אַלע ווערען אויפגערעגט, און מעהר פון אַלעמען אונזער יואל טאַשקער: „מײנע ווערטער, חע־חע! געוואָרען א הפקרות! אידישע קינדער ווילען ניט דאַוונען! ווילען ניט לעגען קײן תּפילין!"... „תּפילין לעגען בין איך אײך מוחל! — רופט זיך אָן פּלוצים קאָמפּאַניעוויטש, וואָס האָט די גאַנצע צײט ביז אהער געשוויגען. — תּפילין קאָנט איהר אײך יאָ לעגען און ניט לעגען. דאָס אַהרט מיך ניט. מיך אַהרט א סך מעהר דער טלית־קטן. מיך ברענט אויף אונזערע יונגע־לײט, פּאַר וואָס זײ טראָגען ניט קײן ארבע־כּנפות. מילא, תּפילין — איז אײן ארבײט: מע דאַרף זײ אָנטהון, מע דאַרף זײ אויסטהון. אָבער טראָגען א טלית־קטן ערגיץ אונטער א העמד — ווער זעהט מיך?"

„אָט אַזוי האָט זיך אָט דער אַפּיקורס קאָמפּאַניעוויטש צעדרש'עט שטיל און נישט געהאַפּט און אַזוי ערנסט, אַז ווען עס פאַלט־אראָפּ, לאָז זיך אײך דאַכטען, א דונער, אָדער ווען דער וואַגאָן קעהרט זיך איבער, וואָלט אונזער טאַשקער זיכער ניט באַדאַרפט זײן מעהר איבערראַשט. „וואָס הײסט דאָס? משיח'ס צײטען! אָט דער קאָלבאַסניק רעדט פון טלית־קטנס? פון ארבע־כּנפות?!" און ער רופט זיך אָן — ניט צו קאָמפּאַניעוויטשען, נײן — נאָר צו פּרויקען: „וואָס זאָגסט דו אויף דעם צדיק אין פּעלץ, חע־חע? ער רעדט אויך פון טלית־קטנס, ארבע־כּנפות!" „פּאַר וואָס

ניט? — זאָגט צו איהם פרויקע, כּלומר'שט תּמ'עוואַטע. — זיי זענען דען קיין אידען ניט?"

„דאָס האָט שוין יואל טאַשקער נישט געקאָנט אַריבערטראָגען: ערשטענס, וואָס איז דאָס פאַר אַ „זיי"? און, צווייטענס, וואָס איז קאָמפּאַניעוויטש פאַר אַ איד? „חע־חע, אַ שענער איד! אַ איד, וואָס שטעלט אַ סאַמאָוואַר אום שבת. אַ איד, וואָס פרעסט אַ פלייש‎יגען ווארעמעס אום תּשעה־באָב. אַ איד, וואָס טובל'ט אפילו ניט דאָס געפעס אויף פּסח! אָט אַזאַ איד רעדט פון טלית־קטנס, ארבע־כּנפות?!"... „וואָס־זשע איז? — מאַכט צו איהם פרויקע ווידער תּמ'עוואַטע. — וואָס געהער זיך אָן, רב יואל, דאָס צו דעם? אַ איד ווי קאָמפּאַניעוויטש קאָן טאַקי טהון אַלסדינג, וואָס איהר רעכענט אויס, און אַ טלית־קטן אונטער'ן העמד איז ביי מיר רעכט, אַז זיי זאָלען דוקא יאָ טראָגען". „ווער? אָט דער גלות? — צעשרייט זיך נעבאַך טאַשקער אויף אַ קול. — אָט דער הולטאַי? אָט דער פּושע באלקי ישראל?!"...

„אַלע אידען בלייבען שטיל, קוקען אויף דעם קאָמפּאַניעוויטשען, און קאָמפּאַניעוויטש שווייגט. פרויקע־שייגעץ שווייגט אויך. נאָכ־דעם טהוט ער זיך אַ חאַפּ־אויף, פרויקע הייסט עס, ווי אַ מענטש, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אויף צו געהן אין אַ ריזיקע: „ווייסט איהר וואָס, רב יואל? איך געה מיט דעם גאַנג, אַז אַ אידישע נשמה קאָן מען ניט שאַצען. קוים רעדט אַ איד פון אַ טלית־קטן, מסתּמא טראָגט ער אַליין אַ טלית־קטן. איך שטעל איין אַ הונדערטער אויף דראַזשנער נשרפים. שטעלט איהר אויך איין אַ הונדערטער, און לאָמיר זיי בעטען טויזענט מאָל מחילה, אייער שכן הייסט עס, זיי זאָלען פאַר אונז צעשפּילען די קאַפּאָטע מיט'ן העמד און ווייזען, צי זיי טראָגען אַ טלית־קטן, צי ניין?" — „גערעכט, גערעכט!" — רופט זיך אָן דער גאַנצער עולם און מע הויבט זיך אָן היצען און פילדערען און עס ווערט פריילּיך אין וואַגאָן. נאָר איין קאָמפּאַ־ניעוויטש זיצט זיך, ווי אַ זייטיגער — און שאַ. גלייך, ווי ניט איהם מיינט מען. און אונזער יואל טאַשקער? דער איז נעבאַך

אויסגעשטאנענ אין דער מינוט א שוויץ־באד. טאקי א שטיק חבוט־הקבר. אויף זיין לעבען האט ער זיך ניט געוועט מיט קיינעם אויף קיין צוויי גראשען. פלוצים זאל ער אוועקשטעלען א גאנצען הונדערטער! און וואס וועט זיין, לא יעלה ולא יבוא, טאמער טאקי חלילה טראגט אט דער כל־בו'ניק א טלית־קטן?... צוריק אבער טהוט ער זיך א טראכט: „עט־נו! קאמפאניעוויטש? אט דער משומד? מיין קאפ זאל מיר דעמאלט קרענקען!" און ער נעמט זיך אן מיט הארץ, צעגארטעלט זיך, נעמט־ארויס א הונדערטער, און מע קלויבט־אויס צוויי פרעמדע, נאר לייטישע אידען אין וואגאן און מע לעגט־איין ביי זיי דאס געלט, און מע טהוט זיך א נעם צו קאמפאניעוויטשען, ער זאל זיך אויסטהון — ווער? וואס? א נעכטיגער טאג! קאמפאניעוויטש האט זיך צערעדט: וואס בין איך, זאגט ער, עפיס א יונגעלע? צי א קאמעדיאנשטשיק? וואס הייסט — איך וועל נעמען און וועל מיך אויסטהון נאקעט פלוצים אין מיטען העלען טאג אט דא אין וואגאן פאר איין עדה אידען?"...

„דערהערט אזעלכע דבורים, איז אונזער יואל טאשקער געווארען גרעבער ווי לענגער. „אהא! — מאכט ער צו פרויקען מיט א ליכטיג פנים. — ווער איז גערעכט? איך, צי דו? איך קען מיינע לייט! פון טלית־קטנס גאר רעדט אזא איד, חע־חע!"

„איז דאך שלעכט. טהוען זיך א נעם אלע אידען צו קאמפאניעוויטשען: „סטייטש, אזא זאך! ממה נפשך, אדער אהין, אדער אהער. בארעכענט אייך: סאי־ווי־סאי, א הונדערטער אויף די אומגליקליכע נשרפים!" „אויף די אומגליקליכע נשרפים!" — העלפט זיי אונטער יואל טאשקער און קוקט גארניט אויף קאמפאניעוויטשען. „אידען נעבאך ליגען מיט ווייב און קינדער אין דרויסען אונטער'ן הימעל!" — רעדט מען ווייטער איבער קאמפאניעוויטשען. „נעבאך אין דרויסען אונטער'ן הימעל!" — העלפט־אונטער יואל טאשקער. „ווי האט דאס ניט א איד קיין גאט אין הארצען?" „קיין גאט אין הארצען?" — זאגט יואל טאשקער איטליכסווארט.

„אהין־אהער, מע האָט קוים גע׳פועל׳ט בײ אָט דעם קאָמפּאַ־
ניעװיטשען, ער זאָל אויפּשפּילען מחילה די קאַפּאָטע מיט׳ן זשי־
לעט, מיט׳ן אויבערשטען העמד — און שטעלט אײך פאָר א טיפּ:
אָט דער קאָמפּאַניעװיטש טראָגט אונטער׳ן העמד א טלית־קטן.
אָבער א טלית־קטן! א גרויסען, א כשר׳ען, א בערשעדער טלית־
קטן מיט בלויע תּכלת און מיט גראָבע כּפול־שמונה׳דיגע רבנ׳ישע
ציצית — חא־חא־חא! צװישען טלית־קטנם א טלית־קטן! דאָס
קאָן נאָר אזא גנב, װי פּרויקע־שײגעץ! אמת, ער האָט טאַקי
אָנגעװאָרען נאָכדעם יואל טאַשקערען פאַר א קונד. פּרויקע טאָר
זיך איהם עד היום פאַר די אויגען ניט װײזען. דערפאַר האָט ער
אָבער ארויסגעצװיגען פאַר די דראַזשנער נשרפים א הונדערטער, א
גאַנצען הונדערטער, און בײ װעמען? בײ א נגיד א קמצן, א חזיר,
װאָס האָט אויף זײן לעבען קײן נדבה ניט געגעבען, קײן שטיקעל
ברויט אײן אָרעמאַן! מעג נישט קומען אויף איהם קײן מיתה־
משונה? איך מײן טאַקי אָט דעם פּרויקען מײן איך"...

ענדע געשיכטע נומער צעהן.

געשיכטע גומער עלף

# אַ זעכס־און־זעכציג

געשריבען אין יאָהר 1910.

געשיכטע נומער עלף

# אַ זעכס־און־זעכציג

דאָס האָט מיר דערצעהלט, פאָהרענדיג אין וואַגאָן, אַ איד פון אַ יאָהר זעכציג, ווייזט אויס, אַ גאַנץ ליטווישער מענטש, אַ קאָמי־וואָיאַזשער, ווי איך, און אפשר אַליין אַ סוחר. איך גיב איבער די מעשה וואָרט פאַר וואָרט, ווי איך בין מיך נוהג כסדר די לעצטע צייט.

— אין וועג, הערט איהר, מע זאָל דאַרפען ארויסקוקען נאָר אויף דעם, וואָס מע וועט זיך באַקענען מיט פּאַסאַזשירען און מע וועט האָבען מיט וועמען צו פיהרען אַ געשפּרעך — קאָן מען משוגע ווערען.

ערשטענס — ניט אַלע פּאַסאַזשירען זענען גלייך. פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס האָבען ליעב רעדען גאָר אַ סך, אמאָל שוין צו פיעל. אַזוי, אַז עס דרעהט זיך אייך אַזש דער קאָפּ און עס קלינגט אייך אין די אויהערען. און פאַרהאַן ווידער אַזעלכע, וואָס רעדען גאָר־ניט. לחלוטין גאָרניט. פאַר וואָס זיי ווילען ניט רעדען — ווייסט איהר ניט. אפשר איז זיי אָנגעזאָלעט אויפ'ן הארצען? אפשר ליידען זיי שטילערהייט פון מאָגען־קאַטאַר, מרה־שחורה אָדער צייהנווועהטיג? און אפשר האָבען זיי זיך ארויסגעכאַפּט פון דער היים, פּטור געוואָרען פון אַ גיהנם, אַ ווייב אַ צרה, שלעכטע קינדער,

בייזע שכנים, ביטערע געשעפטען — ווער קאָן וויסען, וואָס ביי יענעם טהוט זיך?

איך וויים, איהר וועט זאָגען, ס'איז דאָ איין עצה: אז ס'איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדען, לייענט מען אַ בלאַט־צייטונג, אָדער מע קוקט־אריין אין אַ בוך. אַך, אַ בלאַט־צייטונג! אין וועג איז ניט דאָס, וואָס אין דער היים. אין דער היים האָב איך מיר מיין צייטונג. מיט מיין צייטונג בין איך שוין אזוי געוואוינט, ווי, למשל, מיט מיינע שטעקשיך. אייערע שטעקשיך זענען אפשר נייע, מיינע זענען אַלטע, מיינע זענען אויסגעטראָטענע, האָבען אַ פּנים, איך בעט אייך איבער אייער כּבוד, ווי בלינעס. האָבען אָבער מיינע שטעקשיך אַ מעלה, וואָס אייערע האָבען עס ניט: זיי זענען מיינע...

ווי מיט שטעקשיך, אזוי איז מיט, להבדיל, אַ צייטונג. איך האָב אַ שכן אין דער היים, וואָס וואוינט מיט מיר אין איין הויף, אין איין הויז, אויף איין שטאָק, אַ טיר קעגען אַ טיר. שרייבט ער אוים אַ צייטונג, און איך שרייב אוים אַ צייטונג. ער — זיין צייטונג. איך — מיין צייטונג. זאָג איך צו איהם איינמאָל: „דארפט איהר אויסשרייבען אַ באַזונדערע צייטונג און איך אַ באַזונדערע צייטונג — אמעהר, גיט מיר צושטייער אויף מיין צייטונג, וועלען מיר ביידע אויסשרייבען איין צייטונג". הערט ער מיך אוים און מאַכט צו מיר: „מהכתיתי. זעהר פיין. גיט מיר צושטייער אויף מיין צייטונג". זאָג איך: „אייער צייטונג איז אַ שמאַטע, און מיין צייטונג איז אַ צייטונג". זאָגט ער צו מיר: „ווער האָט אייך געזאָגט, אז מיין צייטונג איז אַ שמאַטע? טאָמער דאָס איינגענע פאַרקעהרט?" זאָג איך: „ווי קומט איהר צו זיין אַ מבין אויף צייטונגען?" זאָגט ער צו מיר: „ווי קומט איהר צו זיין אַ מבין?" „ע! — זאָג איך — זענט איהר דאָך פּראָסט אַ איד איין עזות־פּנים, וואָס־זשע האָב איך מיט אייך צו רעדען?"...

הקיצור, ער איז געבליבען ביי זיין צייטונג, איך — ביי מיין צייטונג. און ס'איז אוועקגעגאַנגען אָט אזוי אַ צייט.

ויהי היום, טרעפט זיך א מעשה — דאָס איז געווען בעת, ניט היינט געדאַכט, די חלירע אין אָדעס. מיר ביידע, איך און מיין שכן, האָבען געשעפטען מיט אָדעס. ער האָט זיך זיינע געשעפטען, איך האָב מיר מיינע געשעפטען. איינמאָל געהען מיר ביידע פון די טרעפ אַראָפּ און באַגעגענען דעם טרעגער, וואָס צעטראָגט ציי־טונגען. אָפּגענומען ביי'ם טרעגער די צייטונגען, ער זיין צייטונג, איך מיין צייטונג, געהען מיר זיך ביידע אַזוי און קוקען־אַריין אין די צייטונגען. איך אין מיין צייטונג, ער אין זיין צייטונג. וואָס לייענט מען אין אַ צייטונג פריהער פאַר אַלץ? — די טעלעגראַמעס. איך געב אַ קוק די ערשטע טעלעגראַמע פון אָדעס: „נעכטען זענען קראַנק געוואָרען אויף חלירע 230, געשטאָרבען 160. טאָלמאַטשאָוו האָט געשיקט רופען צו זיך די גבאים פון אַלע אידישע שוהלען..." און אַזוי ווייטער. מילא, טאָלמאַטשאָוו מיט די גבאים פון די אידישע שוהלען — בין איך איהם מוחל. דאָס איז ביי מיר קיין נייעס. דערויף איז ער טאָלמאַטשאָוו, ער זאָל זיך אינטערעסירען מיט אידישע שוהלען. מיך אינטערעסירט נאָר די חלירע, וואָס אין אָדעס. רוף איך מיך אָן צו מיין שכן (יענער געהט מיט מיר אויף איין טראָטואַר, ווי קאָן מען זיין אַזוי גראָב?):

— געפעלט אייך, זאָג איך, אָדעס? שוין ווידער די חלירע.

רופט זיך אָפּ צו מיר מיין שכן:

— סע קאָן ניט זיין.

פאַרדריסט דאָס מיך: וואָס הייסט — „סע קאָן ניט זיין"? און איך נעם און לייען איהם איבער פון מיין צייטונג אַרויס די טע־לעגראַמע פון אָדעס: „נעכטען זענען קראַנק געוואָרען אויף חלירע 230, געשטאָרבען 160. טאָלמאַטשאָוו האָט געשיקט רופען צו זיך די גבאים פון אידישע שוהלען..." און אַזוי ווייטער. הערט ער מיך אויס, דער שכן מיינער, און רופט זיך אָן צו מיר: „אָט וועלען מיר באַלד זעהען"... און שטעקט־אַריין די נאָז אין זיין צייטונג. פאַרדריסט דאָס מיך שוין זעהר שטאַרק און איך רוף מיך אָן צו איהם:

— וואָס מיינט איהר, אין אייער ציימונג זענען אַנדערע טעלעגראַמעם?

— מע קאָן ניט וויסען. — מאַכט ער צו מיר מיט אַ האַלבען מויל.

פאַרדריסט דאָס מיך מסתמא נאָך שטאַרקער:

— אָדער וואָס רעכענט איהר, זאָג איך, אין אייער ציימונג איז איין אַנדער אָדעס, זאָג איך, מיט איין אַנדער חלירע מיט איין אַנדער טאָלמאַטשאָוו?

ענטפערט ער מיר שוין דערויף גאָרניט, נאָר ער הערט ניט אויף צו זוכען אין זיין ציימונג די טעלעגראַמע פון אָדעס. נו, גערעדט מיט אַ פּרא־אָדם!

ניין. אונטערוועגענס איז פאַראַן אַ בעסערע זאַך אויף די צייט צו פאַרטרייבען: אַ קערטעל. אַ זעכס־און־זעכציג.

קאָרטען בכלל — איז אַ יצר־הרע. דאָס ווייסט איהר דאָך. נאָר אין וועג זענען קאָרטען אַ גן־עדן. אין וואַגאָן, אַז איהר מאַכט אַ קערטעל, ווייסט איהר ניט, וואו די צייט קומט אַהין. אודאי דאַרף מען האָבען דערצו די ריכטיגע קאָמפּאַניע. וואָרום איהר קאָנט אַמאָל אַריינפאַלען אין איין אומגליק, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! איהר דאַרפט אייך נאָר היטען, איהר זאָלט זיך ניט אַריינחאַפּען צווישען דער גוטער חברה קאָרטענשפּיעלער, וואָס האָפען אַ פרייער און מאַכען איהם פאַר אַ קדוש. געוועהנליך, איז שווער צו דער־קענען, ווער ס'איז אַ פיינער מענטש און ווער ס'איז אַ שוליער. אדרבה, זיי זעהען־אויס, מעהרסטענטייל, אָט די דאָזיגע חברה־לייט, ווי נעבאַכלעך, גאָט די נשמה שולדיג, מאַכען זיך גע'פּגר'ט, שפּיעלען צווישען זיך „בלאַט", היצען זיך פלומרשט ביי'ם פאַר־שפּיעלען, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז זיי שלעפּען אייך אַריין אין קאָהל. זיי געבען אייך די מעגליכקייט צו געווינען איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז די קאָרט „מאַכט לעמעל" און איהר הויבט־אָן צו פאַרשפּיעלען — דעמאָלט זענט איהר שוין אַ פאַרטיגער קרבן. איהר וועט שוין ניט אַוועק־

געהן, זייט זיכער, ביז וואנען איהר וועט זיי ניט פארשפּיעלען דעם זייגער מיט דער קייט מיט אלץ, וואָס האָט נאָר עפּיס א ווערטה. איהר פיהלט, אז איהר האָט זיך אריינגעחאפּט צווישען א באנדע שוליערס, נאָר איהר קריכט, ווי א שעפּעלע, גלייך צום וואָלף אין די צייהן אריין. אָ, איך קען זיי, די דאָזיגע לייט! זיי קאָסטען מיך רבי־געלט!... איך האָב פון זיי צו דערצעהלען מעשיות, מיט מעשיות, מיט מעשיות, גאנצע פּעק מיט מעשיות. מע פאָהרט אין וועג, הערט מען זיך אָן.

למשל, איך ווייס א מעשה מיט א קאסירער, וואָס האָט גע־פיהרט מיט זיך פרעמד געלט — א היבשע פּויטיקע, — זיך אוועק־געזעצט מיט דער חברה און פארשפּיעלט עד לפּק, אזוי, אז ער האָט זיך געוואָלט פון וואגאָן ארויסווארפען.

היינט ווייס איך א מעשה מיט א יונגעמאנטשיק, איין איידעם פון ווארשע, וואָס איז נאָר־וואָס אראָפּ פון קעסט, געפיהרט מיט זיך דאָס גאנצע ביסעל נדן, און גע׳פּטר׳ט ביז איין גראָשען, און געבליבען חלשות אויפ׳ן אָרט.

און נאָך א מעשה ווייס איך מיט א סטודענטעל, וואָס איז געפאָהרען אויף יום־טוב אהיים, אין טשערניגאָווער גובערניע, גע־פיהרט מיט זיך עטליכע קערבלעך, פאַרהאָרעוועטע נעבאך מיט׳ן ביטערען שוויים פון זומערדיגע לעקציעס, און אין דער היים האָט ארויסגעקוקט אויף איהם איין אלטע מאמע מיט א קראנקער שוועסטער נעבאך...

ווי איהר זעהט, האָבען די אלע מעשיות כמעט איין אָנהויב מיט איין סוף, און קיינער איז אין זיי נישט אזוי קלאָר, ווי איך. מיך וועט מען שוין אזוי גיך ניט אונטערפיהרען, אָבער גאָר לא! זיך איינמאָל אָפּגעבריהט — געווג... פאר א מייל וועל איך אייך די חברה דערקענען, ווער ס׳איז א פויגעל און ווער ניט. ביי מיר איז א פּרינציפּ — מיט אומבאקאנטע מענטשען שפּיעל איך ניט אין קיין קאָרטען. מע זאָל מיך גילטען, וועל איך מיך אין וועג ניט אוועקזעצען מיט א קאָמפּאניע שפּיעלען אין קאָרטען. סיידען אינ־

צווייען א זעכס־און־זעכציג. א זעכס־און־זעלציג — אך, מיט׳ן גרעסטען כבוד! אינצווייען א זעכס־און־זעכציג — איך בעט אייך, וואס קאן דא זיין פאר א געפאהר? ובפרט מיט מיינע אייגענע קארטען — פאר וועמען האב איך מורא? איך פיהר מיר תמיד מיט זיך מיינע אייגענע קארטען. ווי ביי׳ם עהרליכען אידען א טלית־ותפילין, אזוי איז ביי מיר, להבדיל, א פעשעל קארטען.

איך בין מיך מודה: איך האב ליעב א זעכס־און־זעכציג. זעכס־און־זעכציג איז א אידיש שפיעל. איך ווייס ניט, ווי אזוי איהר — איך שפיעל מיט דער אלטער מעטאדע: מיט די צוואנציג און מיט די פערציג. דאס נייענטעל בייט. און אז איך האב א לעווי, מעג איך דעקען, און אז איך האב ניט קיין לעווי, טאר איך ניט דעקען. אנשטענדיג — וואס? אזוי שפיעלען אלע אידען. אזוי שפיעלען מיר אין דער היים, און אזוי שפיעל איך אין וועג. איך, ווי איהר קוקט מיך אן, קאן אייך אוועקזעצען זיך, אונטער־וועגענס געוועהנליך, ביי א זעכס־און־זעכציג — א׳ן אוועקזיצען אזוי א טאג מיט א נאכט און שפיעלען, און גארניט אויפהערען. איך האב נאר פיינט, אז מע שטעהט מיר הינטער די פלייצעס און מע קוקט מיר אריין אין בלעטעל, אדער מע גיט מיר עצות, ווי אזוי איך זאל געהן און צי איך זאל דעקען, צי ניט... איך מוז אייך אבער דעם אמת זאגען, אז אונזערע אידען, גאט זאל מיך ניט שטראפען, זענען א מיאוס פאלק. אונטער אידען איז שווער צו שפיעלען אין זעכס־און־זעכציג ביי א געזעלשאפט. באלד ווערט איהר ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט ארייגקוקערס, וואס אלע זענען זיי אייך מבינים אויף א גאנג און אלע קאנען זיי שפיעלען אין זעכס־און־זעכציג. עס איז ניט אויסצובאהאלטען זיך פון זיי. ניט אפצוטרייבען זיך! ווי זומער פון די פליעגען! ווי־פיעל איהר זאלט זיי ניט טרייבען, וויפיעל איהר זאלט זיי ניט זידלען: „פעטער! ווער פרעגט אייך עצות?" „רב איד, ווער האט געשיקט נאך אייך?" „רב זייט־זשע־מוחל! הענגט ניט

איבער מיין קאָפּ. עס שמעקט פון אייך בשמים!" — ווייס איך וואָס, ווי אין איין אייזערנע וואנט!

פון איינעם אזא בעל־עצה האָבען מיר אמאָל געחאפּט, הערט איהר, א פּסק, און נאָך גליקליך אָפּגעשניטען. איך קאָן מיך ניט איינהאלטען. איך מוז עס אייך דערצעהלען.

דאָס איז געווען ווינטער־צייט. אויך אונטערוועגענס. דער וואגאָן איז געווען געפּאקט. ווארעם, ווי אין א באָד. ערטער — ווינציג. אידען — קיין עין־הרע, א סך. ווי שטערען אין הימעל. קאָפּ אויף קאָפּ. ניטאָ וואו א שפּילקע דורכצוווארפען. און דאָ האָט מיר גאָט צוגעשיקט א פּארטנער אויף א זעכס־און־זעכציג. דוקא א איד א פּראָסטער און א שווייגער, נאָר ער געהט־אויס א זעכס־און־זעכציג, אזוי ווי איך. מיר זוכען איין אָרט, וואו די טאָליע קאָרטען אוועקצולעגען — נישטאָ, חאָטש ציה זיך אויס! וואָס טהוט גאָט? אקוראט אקעגען אונז אויף דער צווייטער באַנק ליגט אויסגעצויגען א מאָנאך אין א שמויסענעם פּעלץ מיט'ן פּנים אראָפּ און פּאָפט. חראָפּעט, קיין עין־הרע, געשמאק איבער'ן גאנצען וואגאָן. איך געב א קוק אויף מיין פּארטנער, מיין פּארטנער — אויף מיר. גלייך ווי מיר וואָלטען זיך אויפגערעדט. א מאָנאך א פּעטער, א גלאטער, איין אויסגעפּאשעטער, מיט א פּעלץ א ווייכען — אויף איהם האָט גאָט אַליין געהייסען מאכען א זעכס־און־זעכציג... און ניט לאנג געטראכט, לעגען מיר אויס די טאָליע קאָרטען ביי'ם מאָנאך אויפ'ן ווי־הייסט־מען־דאָס, און מע שפּיעלט.

אזוי ווי היינט געדענק איך עס — טריאומף איז געווען פּיק. איך האָב אויבער, מלכה, מלך יום־טוב, אס טרעף, קעניג שערעל. די זעכסטע קאָרט... הא? די זעכסטע קאָרט האָב איך שוין פאַרגעסען: אונטער הערץ אָדער אויבער הערץ? מיר דאכט, אז אונטער הערץ. און אפשר טאקי אויבער הערץ? נאָר ס'איז שוין ניט קיין נפקא־מינה. דער עיקר — איך האָב געהאט אין דער האנט א שפּיעל — ווי זאָגט איהר, א שפּיעל פון גאָט: די אמת'ע פּערציג, כשר'ע דריי אויגען! די פראגע איז נאָר:

מיט וואָס, למשל, וועט מיין פּאַרטנער אַרויסגעהן ? ער זאָל וועלען געהן מיט טרעף, טראַכט איך מיר, וואָלט ער געווען אַ איד אַ חכם. אַי, וואָלט איך איהם ליעב געהאַט !...

און כּך הוה. מיין פּאַרטנער טראַכט און טראַכט (רבונו של עולם ! וואָס וועט ער דאָ אויסטראַכטען ?) — און נעמט און געהט־אַרויס מסתמא אַקוראַט מיט אַ צעהנטעל טרעף ! קושען דאַרף מען איהם ! איז אָבּער בּיי מיר אַ טבע, הערט איהר, אַז איך שפּיעל אין זעכּס־און־זעכציג, האָבּ איך פּיינט, ווי אַנדערע, היצען זיך. פּאַוואָלי, געלאַסען. איך האָבּ צייט. פאַרקעהרט, איך האָבּ ליעבּ אַ בּיסעל אָנשפּיעלען זיך. איך רייבּ מיר דעם שטערן, מאַך כּלומרשט אַ קרום פּנים. וואָס אַהרט עס מיך ? לאָז מיין פּאַרטנער האָבּען אַ חיי־שעה. לאָז ער מיינען, אַז איך בּין אויף צרות... געהט זייט אַ נביא, אַז הינטער די פּלייצעס בּיי מיר שטעהט אַ אידעל, שטעהן זאָל ער אייך פּראַווצעס, און קוקט מיר אַריין אין בּלעטעל — אַרויס זאָלען איהם די אויגען ! דערזעהען דאָס צעהנטעל טרעף, רייסט ער אַרויס בּיי מיר פון די הענט דאָס אַס טרעף, שלאָגט דאָס צעהנטעל, דערלאַנגט אַ זעץ מיט דער האַנט איבּער דער טאַליע קאָרטען, וואָס בּיי'ם מאָנאַך אויפ'ן פּעלץ, און לאָזט־אַרויס אַ געשריי :

— ס'איז געדעקט !!!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

מיט קיין צעהן וואַסערען האָבּ איך זיך ניט געקאָנט אָפּוואַשען פון'ם דאָזיגען מאָנאַך. די זידלערייען מיט די קללות, וואָס ער האָט אויסגעשאָטען, זאָלען פאַלען אויף זיין קאָפּ. ער האָט אונז געסטראַשעט, אַז אויף דער ערשטער סטאַנציע קריכט ער אַראָפּ און קלאָפּט־אָוועק אַ דעפּעש גלייך צו פּורישקעוויטשען... נו ? קאָן מען לעבען אויף דער וועלט ?

נאָר ניט דאָס איז דער עיקר המעשה. איך האָבּ אייך נאָר געוואָלט אויספיהרען, בּדרך־אגב, וואָס מע שטעהט זיך אויס אין

וועג צוליעב אַ זעכס־און־זעכציג, אויב מען איז אַ ליעבהאָבער, ווי איך, למשל. די רעכטע מעשה, וואָס איך וויל אייך דערצעהלען, הויבט זיך ערשט אָן. איהר מעגט עס האָרכען.

געווען איז דאָס אויך ווינטער, פּונקט אין דער צייט, דאָס הייסט, חנוכּה־צייט, און אויך אין וואַגאָן. געפאָהרען בין איך קיין אָדעס און געפיהרט מיט זיך געלט, אַ היבשע סומע — מיר בּיידע מעגען עס פאַרדיענען אַלע חודש. בּיי מיר איז אַ פּרינציפּ: אַז איך פיהר מיט זיך געלט — שלאָף איך ניט. איך האָב טאַקי נישט מורא פאַר גנבים, וואָרום איך, אַז איך פיהר מיט זיך געלט, האַלט איך עס — זעהט איהר וואו? — אָט דאָ, אין בּוזעם־קעשענע, אין אַ גוטען טייסטער, פאַרבּונדען מיט צוויי בּענדלעך. אַ מכּה וועט אַ גנב צוקומען! נאָר גאָרניט. היינטיגע צייטען — חולי־גאַנעם, עקספּראָפּריאַציעס... אַ קשיא אויף אַ מעשה... זיץ איך מיר אַזוי, הייסט עס, איינער אַליין. דאָס הייסט, ניט איינער אַליין. עס פאָהרען נאָך פּאַסאַזשירען, נאָר ניט קיין אידען. וואָס האָב איך פון זיי? ניטאָ מיט וועמען צו מאַכען אַ זעכס־און־זעכציג. דערווייל, אַזוי ווי איך זיץ מיר פאַרזאָרגט און בּענק נאָך אַ אידען, עפענט זיך די טיר פון אונזער וואַגאָן — דאָס איז געווען גוטע עטליכע סטאַנציעס בּיז אָדעס — און עס קומען ניט אַריין צוויי פּאַסאַזשירען? און דוקא אחינו בּני ישראל. איך דערקען אַ אידען בּאַלד, ער מעג אייך געהן אָנגעטהאָן ווי אַכצעהן פּאָניעס און מעג מיט אייך רעדען ניט נאָר אויף רוסיש, אפילו אויף טערקיש. די צוויי פּאַסאַזשירען זענען געווען איינער איין עלטערער, דער אַנדערער אַ יונגערער, און בּיידע אָנגעטהאָן אין פיינע פּעלצלעך, מיט פיינע היטלען, אָבער טאַקי וואָס פיין הייסט! אוועקגעשטעלט די טשעמאָדאַנעס, אויסגעטהאָן די פּעלצלעך, אַראָפּגענומען די היט־לען, פאַררויכערט צו פּאַפּיראָסען, מיר אויך געגעבען אַ פּאַפּיראָס — און מע רעדט. פריהער, געוויינטליך, רעדט מען בּלשון יונית, דער־נאָך אידיש. „פון וואַנעט איז אַ איד? וואוהין פאָהרט איהר?" — „וואוהין פאָהרט א י ה ר?" — „קיין אָדעס". — „קיין אָדעס?

איך פאָהר דאָך אויך קיין אָדעס". — „פאָהרען מיר, הייסט עס, אַלע דריי קיין אָדעס". אהין־אהער, מע האָט זיך צערעדט. „ווייסט איהר, וואָס פאַר אַ יום־טוב ביי אונז איז היינט?" — „דהיינו?" — „איהר האָט פארגעסען? חנוכה!" — „אוי, חנוכה? חנוכה איז דאָך אַ מצוה צו מאַכען אַ קאָרטעל! אַ זעכס־און־זעכציג!" — „גע־רעכט!" — חאַפּט זיך אויף דער יונגערמאַן און ציהט־ארויס פון'ם אַלטענ'ס קעשענע אַ טאַליע קאָרטען און רופט זיך אָן צום עלטערען: „פּאַפּאַ! לכּבוד חנוכּה אַ זעכס־און־זעכציג?"...

די משמעות — אַ טאַטע מיט אַ זוהן. טשיקאַווע צו זעהען, ווי אַ זוהן שפּיעלט מיט אַ טאַטען אין זעכס־און־זעכציג. איך וואָלט אפילו אַ בעלן געווען אַליין מאַכען אַ זעכס־און־זעכציג, נאָר דעם יצר־הרע נאָכגעבען, ווי זאָגט איהר, טאָר מען ניט. מיר וועלען זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס מיר וועלען קוקען, ווי יענער שפּיעלט...

איבערגעקעהרט אַ טשעמאָדאַן, אָוועקגעשטעלט צווישען די פיס — מע ווארפט־אוים קאָרטען. דער טאַטע איז ערשטע האַנט, דער זוהן צווייטע האַנט, און מע שפּיעלט אין זעכס־און־זעכציג. איך זיץ ביי דער זייט און קוק־אריין צום אַלטען. טהוט מיך דער אַלטער אַ פרעג פאַרביי־געהענדיג, אויב מיר איז באַקאַנט דאָס שפּיעל פון זעכס־און־זעכציג? צעלאַך איך מיך מן הסתם: אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע. איך בין אַליין דער מחבר פון זעכס־און־זעכציג, פרעגען זיי מיך, אויב איך שפּיעל אין זעכס־און־זעכציג! און איך זיץ מיר אַזוי מן הצד און קוק, ווי די צוויי, דער טאַטע מיט'ן זוהן, שפּיעלען אין זעכס־און־זעכציג. און איך בין שטאַרקער פון אייזען: דער אַלטער היהנערפרעסער מאַכט געננ, אַז מע קאָן שטאַרבען. שטעלט אייך פאָר: אַ מענטש האָט אין דער האַנט צוויי מאָל טריאומף מיט'ן נייענטעל, צוויי שטאַרקע פּיק מיט איין מאָל טרעף, — געה־זשע אָפּ מיט'ן טרעפעל, וועסט דו צוקויפען נאָך אַ מאָל טריאומף צו אַ פערציג און אפשר קאָנען דעקען? ניין! אמעהר, געהט ער בעסער מיט'ן יונגערען פּיק און בלייבט שטעהן, ווי אַ לעהמענער גולם, מיט אַ נאַקעט צעהנטעל פּיק! נעמט דאָך

מסתמא דער זוהן, די ציערונג, און דעקט, און געהט־ארויס צו איהם פריהער מיט איין מאָל יום־טוב, נאָך א מאָל יום־טוב, ווי גאָט האָט געבאָטען, ציהט־אָפּ דאָס צעהנטעל פּיק, דעקט־אויף א צוואַנציג — און א גוטען טאָג מיט דער קאַפּאָטע. דריי אויגען, ווי די בעבער!

דאָס איז געווען איין מאָל א גאַנג.

דאָס אַנדערע מאָל איז געווען נאָך ערגער. טאַקי הימעל־שרייענד! הערט א מעשה: א איד האָט זיין איינגענם זעכס אויגען. עס פעהלט איהם סך־הכּל איין אויג. און דער פּאַרטנער, דער זוהן הייסט עס, האָט ערשט צוויי. אין האַנט איז בּיי׳ם אַלטען תּרח אַזוי גרוים ווי דריי מאָל טריאומף מיט א צוואַנציג. חאַפּט ער און דעקט־צו און געהט ניט אָפּרופען יום־טוב. ניין. ער זאָגט בעסער צוואַנציג. געהט דער פּאַרטנער, דער זוהן הייסט עס, און ציהט־אָפּ בּיי איהם דעם צוואַנציג מיט א טריאומף און מיט נאָך א קאָרט און זאָגט אַליין צוואַנציג — און פאַרטיג מיט דריי אויגען! טהוט עס מיך א טראָג־אויף: א וויסטער א פינסטערער חנוכּה!...

ניין, איך קאָן שוין מעהר ניט צוזעהען. „האָט קיין פּאַראיבּעל ניט, זאָג איך צום אַלטען גאַנאַמניק, ביי מיר איז א פּרינציפּ ניט אריינ־מישען זיך בּעת יענער שפּיעלט. נאָר איך וואָלט א בּעלן זיין וויסען, מאַכט מיך קלאָר, וואָס איז דער שכל, וואָס איהר האָט געדעקט? ניין, זאָגט מיר, איך בּעט אייך, וואָס פאַר א רעכענונג האָט איהר דאָ געהאַט? ממה־נפשך: האָט אייער פּאַרטנער שראַגע, זענט איהר דאָך אודאי אין דער היים. אלא וואָס דען? טאָמער האָט ער גאָלד? געזונטערהייט! מיט וואָס ריזיקירט איהר דאָ? מיט איין אויג, בּעת איהר האָט זעכס און יענער צוויי? מע דאַרף דאָך זיין ערגער ווי גע׳שמד׳ט!”... ענטפערט ער מיר ניט דאָס צווייטע וואָרט, דער אַלטער כּלב, נאָר דער זוהן, דער קדיש, שמייכעלט: „דער פּאַפּאַ, זאָגט ער, שפּיעלט שוואַך, שוואַך. דער פּאַפּאַ, זאָגט ער, קאָן ניט שפּיעלען אין זעכס־און־זעכציג”. „אייער פּאַפּאַ, זאָג איך, טאָר ניט שפּיעלען אין זעכס־און־

זעכציג. אין זעכס־און־זעכציג, זאָג איך, לאָזט מיך!" וויל אָבער דער אַלטער הונט ניט אָפּטרעטען בשום אופן און שפּיעלט ווייטער, און מאַכט אַזעלכע געגג, אַז מע קאָן באַקומען די אַפּאָפּ־לעקציע! קוים מיט צרות האָב איך מיך איינגעבעטען, דער אַלטער שמאַראָווידלעק זאָל מיר איבערגעבען די האַנט מעהר ניט אויף צוויי־דריי פּאַרטיעס. „לכבוד חנוכּה, זאָג איך, לאָזט מיך אויך פּאַרדיענען אַ מצוה"...

„ווי טייער שפּיעלען מיר?" — מאַכט צו מיר דער קדיש. — „ווי טייער איהר ווילט". — „צו איינערלעך?" — „לאָז זיין צו איינערלעך. נאָר מיט אַ תּנאי, זאָג איך אין אַ ליצנות, דער פּאַפּאַ אייערער זאָל אייך ניט אריינקוקען, זאָג איך, אין בלאַט אריין און זאָל אייך חלילה ניט געבען קיין עצות"... ווערט אַ געלעכטער, און מיר הויבען אָן שפּיעלען. איין פּאַרטיע, די אַנדערע, די דריטע. עס געהט מיר, קיין עין־הרע, דורך טיר און דורך טויער. מיין פּאַרטנער הויבט זיך אָן צו היצען. ער וויל, זאָגט ער, שטעלען צוויי מאָל אַזוי פיעל. ווילסט צוויי מאָל, לאָז זיין צוויי מאָל אַזוי פיעל. ווערט ער מסתּמא באַגראָבען צוויי מאָל אַזוי פיעל און היצט זיך נאָך מעהר. ער וויל, זאָגט ער, פיער מאָל אַזוי פיעל. ווילסט פיער מאָל, לאָז זיין פיער מאָל אַזוי פיעל. און ער ווערט ווידער באַגראָבען. ווערט ער שוין גוט אין כּעס: ער וויל, זאָגט ער, אויף אַ כּף־האַ'ער. שטעלט זיך אַוועק דער אַלטער צדיק, דער פּאָטער הייסט עס: ער וועט ניט דערלאָזען! הערט ער איהם אָבער, דער תּכשיט, אין טראָק, און עס געהט ביי אונז אויף אַ כּף־האַ'ער — און ער פאַרשפּיעלט. ווערט דער אַלטער תּנא בייז, הויבט זיך אויף און זעצט זיך אָבער באַלד צוריק אַוועק, קוקט מיר אריין אין די קאָרטען, זינגט בעת־מעשה אונטער און שמאָרעט־צו מיט דער נאָז — און מיין פּאַרטנער ברענט, ווי אויף פּאָקען. וואָס מעהר ער פאַרשפּיעלט, מעהר היצט ער זיך. וואָס מעהר ער היצט זיך, מעהר פאַרשפּיעלט ער. דער אַלטער אינדיק איז אויסער זיך! ער בייזערט זיך, זידעלט זיך, קוקט־אריין צו מיר אין די קאָרטען,

זינגט־אונטער און שמאָרעט־צו מיט דער נאָז. און דער זוהן, די צאַצקע, א קאָהן נאָך א קאָהן, ער ברענט, ווי א שטרויענער דאַך. „זאָל איך שלעכטס האָבען, — זאָגט צו איהם דער פאָטער — אויב דו וועסט ווייטער שפּיעלען!" „פּאַפּאַ! — בעט זיך ביי איהם דער זוהן. — מעהר ניט, אז נאָך איין קאָהן. אניט, זאָל איך ניט דערלעבען אויפשטעהן פון דעם אָרט!" „מעהר ניט, אז איין קאָהן, זאָג איך צום אַלטען פּאָקערלאָ, וואָס וועט אייך אהרען?"...

הכּלל, מע גיט קאָרטען — דאַנקען גאָט, ער האָט געוואונען. איך בין שוין אַליין אויך צופריעדען, וואָס ער האָט געוואונען. וויל ער אָבער, זאָגט ער, נאָך א קאָהן. נאַרישקייטען. מע קאָן דאָך ניט זיין אַזוי גראָב, בעת יענער האָט זיך אַזוי פאַרשפּיעלט. נאָך דעם קאָהן — נאָך א קאָהן, און נאָך א קאָהן, און נאָך א קאָהן. וואָס טויג אייך, עס האָט זיך איבערגעדרעהט דאָס רעדעל אינ־גאַנצען אויף זיין זייט. „נו? — רוף איך מיך אָן צום אַלטען המן. — פאַר וואָס בייזערט איהר זיך איצטער ניט אויף אייער קדיש?" „איך וועל איהם שוין אין דער היים, זאָגט ער, געבען א וויסטען סוף. ער וועט מיך האָבען צו געדענקען!"

אַזוי זאָגט דער אַלטער גנב און הערט ניט אויף צו קוקען מיר אין די קאָרטען אריין און אונטערזינגען און אונטערהוסטען און צושמאָרען מיט דער נאָז. מיר איז באַלד ניט געפעלען זיין אריינקוקען צו מיר אין בלאַט און זיין זינגען מיט זיין הוסטען מיט זיין שמאָרען מיט דער נאָז. נאָר כּל־זמן מיר איז געגאַנגען דאָס קערטעל, האָב איך מיך מיישב געווען: „זינג, הוסט, שמאָרע מיט דער נאָז"... איצט, אז עס האָט אָנגעהויבען געהן צוריק, איז מיר אריין א געדאַנק, איך זאָל מיך צוהערען צו זיין זינגען מיט זיין הוסטען מיט זיין שמאָרען מיט דער נאָז, צי שטעקט דאָ ניט דרינען אַקאָרשט א שמד־שטיק? דערווייל גיט מען קאָרטען. א פּאַרטיע נאָך א פּאַרטיע — שלעכט! איך האַלט אין איין פאַר־שפּיעלען. איך גיה אַלע מאָל אָפּ אָן א זייט, בינד־אויף די זייט־קעשענע, ציה־אַרויס א הונדערטער נאָך א הונדערטער. עס האַלט

שוין שמאָל. עס טאָגט! פּלוצים נעמט מיך אָן דער אַלטער באַנדיט ביי דער האַנט: „זאָל איך שלעכטס האָבען, זאָגט ער, אויב איך וועל אייך לאָזען שפּיעלען, זאָגט ער; ס'איז ביי אייך דער לעצטער הונדערטער". ווער איך מסתמא אויפגעבראַכט: „פון וואַנען ווייסט איהר, אַז ס'איז ביי מיר דער לעצטער הונ־דערטער?" — און איהם אויף־צו־להכעיס שטעל איך אוועק דעם גאַנצען הונדערטער.

ערשט דעמאָלט, אַז איך האָב מיך איינגאַנצען אויסגעלעדיגט און איך האָב מיך געגעבען אַ חאַפּ, אַז איך בין נקי, ריין ווי אַ טעלער און נאַקעט ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט, און ס'איז שוין ניט געווען מעהר וואָס צו שטעלען אין קאָהן, און מיין פּאַרטנער האָט גענומען פאַרשפּילען זיך אויף אַלע קנעפּלעך און די בעקלעך האָבען איהם געפלאַמט — ערשט דעמאָלט האָב איך גענומען אַרומקוקען זיך, וואו בין איך אויף דער וועלט? עפּיס האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז איך האָב מיך אַריינגעחאַפּט אין דער טומאה, אַז איך בין אַריין אין אַ נעץ... עס האָט מיר אָנגעהויבען אויסווייזען, אַז דער טאַטע איז ניט קיין טאַטע און דער זוהן איז ניט קיין זוהן... מיר איז ניט געפעלען זייער קוקען, וואָס זיי האָבען זיך איבערגעקוקט, מיט'ן אויפשטעהן פונ'ם זוהן און אוועק־געהן אויף אַ זייט און מיט'ן נאָכגעהן פונ'ם טאַטען. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דער אַלטער האָט עפּיס אַ זאָג געגעבען דעם יונגען, און איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז דער יונגער האָט עפּיס אַריינגערוקט דעם אַלטען אין יד אַריין...

דער ערשטער געדאַנק איז ביי מיר געווען: „אפשר זיך אַרויס־וואַרפען דורכ'ן פענסטער?"... נאָכדעם האָב איך מיר געזאָגט: „ניין, אַ מעסער זיי ביידען איבער'ן האַלז, אָדער אַ פּיסטויל זיי אין הארצען אַריין, אָדער גלאַט אָנפאַלען אויף זיי, חאַפּען פאַר'ן גאָרגעל און נעמען וואַרגען, וואַרגען!... נאָר גענוג, אַז איך בין איינער און זיי זענען צוויי. און דערווייל דער צוג לויפט. די רעדער קלאַפּען. דער קאָפּ דרעהט זיך. אין הארצען ברענט אַ

פייער... וואָס וועט זיין? אָט־אָט, אָקאָרשט ווי מע זעהט ניט, זענען מיר אין אָדעס. וואָס וועל איך טהון? וואוהין וועל איך געהן? וואָס וועל איך זאָגען?... איך טהו א קוק — מיינע חברה־לייט נעמען זיך צו די טשעמאָדאַנעס. „וואו זענען מיר?" „אין א שטאָדט, מאכען זיי צו מיר, וואָס זי הייסט אָדעס". איך טהו מיך א חאַפּ צו דער קעשענע — איך האָב דאָך ניט אפילו מיט וואָס דעם טרעגער צו באצאָהלען! עס באשלאָגט מיך א קאַלטער שוויים. עס שטעהען ביי מיר טרערען אין די אויגען. די הענט טרייסלען זיך מיר. איך געה־צו צום אַלטען קצב: „איך האָב, זאָג איך, צו אייך א בקשה... חאָטש איין פינפאונצוואנ־ציגער"... „וואָס זאָגט איהר מיר? זאָגט איהם". — מאכט צו מיר דער אַלטער גזלן און ווייזט מיר אָן אויפ'ן יונגען. דער יונגער זשוליק דרעהט זיך די וואָנסעס, מאכט זיך, ווי ער הערט ניט. דער לאָקאָמאָטיוו פייפט. סטאָפּ — מיר זענען שוין אין אָדעס. דער ערשטער, וואָס איז ארויסגעשפּרונגען פון וואגאָן — דארפט איהר שוין אליין פארשטעהן, אז דאָס בין געווען איך. און א גוואַלד האָט געמאכט אויך ניט קיין אנדערער. מיט די לעצטע כחות האָב איך גענומען שרייען: „זשאנדאר! זשאאנ־דאר!!"... און עס האָט ניט פיעל גענומען, און עס איז אויסגע־וואכסען א זשאנדאר, און נאָך א זשאנדאר, און נאָך צוויי זשאנ־דארען, און נאָך דריי זשאנדארען... נאָר ביז עפּיס־וואָס, איז שוין דער יונגערער ימח־שמו'ניק נעלם געוואָרען. געבליבען איז נאָר דער אַלטער מתושלח, וועלכען איך האַלט־צו ביי דער האַנט שטארק־שטארק, ער זאָל ניט אנטלויפען. וואָס טויג אייך, ס'איז געוואָרען אויפ'ן וואָקזאַל א צונויפלויף פון מענטשען, ערדטרע־טעניש! און מע האָט אונז אריינגעבעטען ביידען אין א באזונ־דער חדר אריין. דאָרט האָב איך דערצעהלט די גאנצע מעשה פון אלף ביז תיו. ניט געזשאלעוועט א טרער, אויסגעגאָסען מיין גאנץ ביטער הארץ. מיין געשיכטע, ווייזט אויס, האָט זיי רעכט אנגענומען ביי'ם הארצען, וואָרום מע האָט זיך באלד א נעם גע־

טהאָן צום אַלטען כּשוף־מאַכער, ער זאָל אויפדעקען דעם גאַנצען אמת. לאָזט זיך אויס, אַז ווער־וואָס? ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגען. פרעגט איהם בחרם: וואָסערע לאָקשען? וואָסערע זעכּס־און־זעכציג? וואָסערע קאָרטען? וואָסער זוהן? ער האָט גאָרניט קיין זוהן. גאָרניט געהאַט קיינמאָל. „אָט דער מענטש איז געריהרט"... — אַזוי מאַכט דער אַלטער ממזר און ווייזט אויפ'ן קאָפּ, אַז איך בין אַ קראַנקער. „אַזאַ מעשה? — זאָג איך. — זאָל מען איהם נאָר גוט באַזוכען!" און מע נעמט איהם און מע טהוט איהם אויס, איך בעט איבער אייער כּבוד, ביז'ן העמד — ניט קיין קאָרטען, ניט קיין געלט! סך־הכּל פאַרמאָגט ער אַרום און אַרום צוויי און צוואַנציג מיט זיעבעציג, און אַליין זעהט ער אויס אַזאַ נעבאַך, אַזאַ כּשר'ע זאַך, אַז איך הויב אָן איבערצוטראַכטען, אפשר בין איך טאַקי ניט ביי אַלע געדאַנקען? אפשר האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אַז דאָס איז אַ טאַטע מיט אַ זוהן און אַז איך האָב געשפּיעלט מיט זיי אין זעכּס־און־זעכציג, און אַז איך האָב פאַרשפּיעלט אַ פאַרמעגען?... וואָס איז געווען דער סוף? — פרעגט גאָרניט. לאָמיר בעסער צעשלאָגען זיך די געדאַנקען, מאַכען אינצווייען אַ זעכּס־און־זעכציג לכבוד חנוכּה...

אַזוי לאָזט־אויס דער פּאַרשוין, וואָס זעהט־אויס אַ לייטישער מענטש צו זיין, אַ קאָמי־וואָיאַזשער, אַזוי ווי איך, און אפשר אַליין אַ סוחר. און עס וואַכּסט־אויס ביי איהם אין די הענט אַ טאַליע קאָרטען, און ער וואַרפט־אויס, ווער ס'זאָל זיין ערשט — „ווי טייער שפּיעלען מיר?"...

איך קוק אויף מיין פּאַרשוין, ווי ער וואַרפט די קאָרטען עפּיס צו קונציג, צו גלאַט און צו גיך. צו ווייסע הענט ביי איהם. צו ווייסע און צו ווייכע. און עס פליהט מיר דורך אין קאָפּ אַ מיאוס'ע מחשבה...

— מיט פאַרגעניגען, זאָג איך, וואָלט איך מיט אייך געמאַכט אַ זעכּס־און־זעכציג לכּבוד חנוכּה, נאָר איך ווייס ניט, זאָג איך,

מיט וואָס מען עסט דאָס. וואָס הייסט עס, זאָג איך, אייגענטליך, זעכס־און־זעכציג?...

מיין פּארשוין האָט מיר געגעבן אַ קוק־אריין אין די אויגען מיט קוים־קוים אַ שמייכעלע אויף די ליפּען, און שטיל, מיט אַ גרינגען זיפץ, אראָפּגעלאָזט די קאָרטען צוריק אין קעשענע.

אויף דער ערשטער סטאַנציע האָט ער ניט געסטייעט אונטער די הענט. איך בין אַ בעלן געווען אויסגעהן נאָכדעם אַלע וואַגאָנעס צוויי מאָל הין און צוריק — עס איז פון איהם קיין זכר ניט געבליבען.

ענדע געשיכטע נומער עלף.

## געשיכטע נומער צוועלף

# גימענאַזיע

---

ווינטער. אַקעגען מיר זיצט אַ איד פון מיטעלע יאָהרען, מיט אַ געל בערדעל, שוין אַ ביסעל גרוילּיך. אַ טחוירען טולופעל, אַ ביסעל אָפּגעבאַרעט. מיר האָבען זיך צערעדט.

— דער ערגסטער שונא, הערט איהר, — רופט ער זיך אָן צו מיר — וועט אייך נישט טהון דאָס, וואָס אַ מענטש קאָן טהון זיך אַליין, ובפרט אַז עס מישט זיך אריין אַ אידינע, אַ ווייב הייסט עס. אַקעגען וואָס, מיינט איהר, זאָג איך עס? אַקעגען מיר אַליין טאַקי. אָט נעמט מיך, למשל, ווי איהר זעהט מיך אָטאָ — דאַכט זיך, וואָס? אַ איד, כלעבען, אַ מיטעלמעסיגער. אויף דער נאָז ביי מיר שטעהט ניט אויפגעשריבען: צי האָב איך געלט, צי האָב איך קיין געלט ניט, צי אפשר בין איך גאָר דערונטער? עס קאָן זיין, אַז אַמאָל האָב איך דוקא יאָ געהאַט געלט, און ניט אַזוי געלט אַליין, געלט איז בלאָטע — פּרנסה האָב איך געהאַט, און בכבוד, און שטיל, נישט געפלויגען, נישט געטראַסקעט, ווי אַנדערע, וואָס האָבען ליעב פּי־פּו־פּאַ. ניין! איך געה מיט דעם גאַנג, אַז שטיל און פּאַמעליך איז בעסער. שטיל און פּאַמעליך האָב איך מיר געהאַנדעלט, שטיל און פּאַמעליך אַ פּאָר מאָל געשטעלט זיך, שטיל און פּאַמעליך אָפּגעעקט מיט די סוחרים, און ווידער

גענומען זיך שטיל און פּאַמעליך צו דער אַרבייט. איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ גאָט אויף דער וועלט, האָט ער מיך מזכּה געווען מיט מיין אייגענעם אַ ווייב... זי איז דאָ נישטאָ, קאָנען מיר רעדען אָפענטליך... אַ ווייב, הייסט דאָס, ווי אַלע ווייבער, דאָס הייסט, אַזוי אויפ'ן קוק איז זי אפילו דוקא גאָר נישקשה'דיג. איין „אָסאָ־בע", קיין עין־הרע, צוויי מאָל אַזוי די גרויס ווי איך, און ניט קיין מיאוסע, טאַקי אַ יפת־תּואר, קאָן מען זאָגען, און ניט קיין נאַרישע, אַ קלוגע, מע קאָן זאָגען אַ גאַנץ קלוגע, אַ בר־דעת, אַ גאַנצער מאַנסביל — און דאָס איז ערשט דער רעכטער חסרון: אוי, ניט גוט, הערט איהר, אַז דאָס ווייב איז אַ מאַנסביל! טויזענט מאָל קלוג — אַז דער אויבערשטער האָט פאַרט באַשאַפען פריהער אָדם הראשונ'ען און נאָכדעם שוין חוה'ן. געהט־זשע אָבער רעדט מיט איהר, זאָגט זי: „וואָס דער אויבערשטער האָט באַשאַפען פריהער אייך און נאָכדעם אונז — דאָס איז, זאָגט זי, זיין עסק; נאָר דאָס, זאָגט זי, וואָס ער האָט מיר, זאָגט זי, אַריינגעגעבען אין פּיאַטע מעהר שכל, ווי דו האָסט אין קאָפּ, בין איך אין דעם, זאָגט זי, בּלל ניט שולדיג". „אַקעגען וואָס, זאָג איך, איז דאָס געקומען צו רעד?" „אַקעגען דעם, זאָגט זי, איז דאָס געקומען צו רעד, וואָס פאַר אַלסדינג דאַרף מיר דאַרען דער קאָפּ; אפילו דאָס קינד, זאָגט זי, אַריינגעבען אין גימנאַזיע באַדאַרף אויך אין זינען האָבען איך". „וואו שטעהט דאָס, זאָג איך, געשריבען „גימנאַזיע"? איך קאָן ניט באַשטעהן, זאָג איך, אַז ער זאָל די תּורה אויסלערנען אין דער היים?" „איך האָב דיר שוין טויזענט מאָל, זאָגט זי, געזאָגט, אַז דו וועסט ביי מיר ניט פּועל'ען, איך זאָל, זאָגט זי, געהן קעגען דער וועלט; די וועלט איז זיך, זאָגט זי, נוהג, אַז קינדער געהען היינט אין גימנאַזיע". „נאָך מיין שכל, זאָג איך, קומט־אויס, אַז די וועלט איז משוגע". „נאָר דו איינער, זאָגט זי, ביזט אַ קלאָרער! די וועלט, זאָגט זי, זאָל געהן מיט דיין שכל, וואָלט זי טאַקי געהאַט אַ שען פּנים!" „איטליכער מענטש, זאָג איך, געהט זיך מיט זיין שכל". „מיינע שונאים, זאָגט זי, און

מיינע פריינט'ס שונאים מענען דאָס פאַרמאָגען אין קעשענע, אין קאַסטען און אין שאַפע, וואָס דו פאַרמאָגסט אין קאָפּ, וואָלט שוין דעמאָלט געווען אויף איין אופן". „אז אָך און וועה איז, זאָג איך, דעם מאַנסביל, אז אַ נקבה דאַרף אויף איהם זאָגען מבינות!"... „אַז אָך און וועה איז, זאָגט זי, דער נקבה, וואָס האָט אַזאַ מאַנסביל, וואָס די נקבה זאָל דאַרפען זאָגען אויף איהם מבינות!"... היינט געהט טענה'ט זיך אויס מיט אַ ווייב! אז איהר זאָגט איהר דאָס, ענטפערט זי אייך בוידעם, איהר זאָגט איהר אַ וואָרט, גיט זי אייך אויסגאָב צוועלף, און טאָמער שווייגט איהר איהר אָפּ, הויבט זי גאָר אָן צו וויינען, אָדער זי נעמט, איך בעט איבער אייער כּבוד, און פאַלט חלשות — זעהט איהר, דעמאָלט בין איך אייך שוין אודאי מקנא! בקיצור, אהין־אהער, אויסגעפיהרט האָט זי, ניט איך. וואָרום לאָמיר זיך ניט נאַרען, אַז זי וויל, איז עפּיס אַ תירוץ?...

על־כּפּנים, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? — גימנאַזיע! מע באַדאַרף, הייסט עס, זיך נעמען צוגרייטען איהם, ער זאָל אריין, ראשית חכמה, אין „מלאַדשי פּריגאָטאָוויטעלנע". אודאי איז עס אַ גרויסע תּורה: אַ קליינינקייט — „מלאַדשי פּריגאָטאָוויטעלנע"! דאַכט מיר, אַז ביי אונז אַ ליאַדע חדר־יונגעל, אַ דרדקי, וועט זיי אַלע פאַרשטעקען אין גאַרטעל. ובפרט נאָך אַזעלכער, ווי מיינער, וואָס מע זאָל אויספאָהרען אַ אימפּעריע, וועט איהר ניט געפינען דעם צווייטען! איך בין דאָך אַ פאָטער, ניט שייך צו זאָגען; נאָר יענער האָט אַ קאָפּ, וואָס סע עקט זיך די וועלט! וואָס טויג אייך לאַנגע רעד, ער איז אוועקגעגאַנגען און האָט זיך געשטעלט און האָט געהאַלטען און האָט... נ י ט אויסגעהאַלטען. וואָס איז די מעשה? ער האָט געחאַפּט אַ צוויי פאַר רעכענען. ער איז, זאָגען זיי, שוואַכליך אינ'ם חשבונ'ען, אין „חכמת המאַטעמאַטיקע" הייסט עס. ווי געפעלט אייך אַזאַ געשיכטע? יענער האָט אַ קאָפּ, וואָס סע עקט זיך די וועלט, מע זאָל אויספאָהרען אַ אימפּעריע, דערצעהלען זיי מיר מעשיות — מאַטעמאַטיקע!

בקיצור, ער האָט נ י ט אויסגעהאַלטען! האָט דאָס מיך אודאי זעהר גוט פאַרדראָסען: ער איז שוין געגאַנגען האַלטען, נעחייבי וואָלט ער אויסגעהאַלטען. נאָר איך בין דאָך אַ מאַנסביל, ניט קיין נקבה, האָב איך מיך מיישב געווען: אַ שענע ריינע כּפּרה, אַ איד איז געוועהנט געוואָרען... געהט זשע אָבער שמועסט מיט איהר, אַז זי האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ משוגעת: איין מאָל פאַר אַלע מאָל — גימענאַזיע! טענה איך מיט איהר: „זאָג מיר, זאָג איך, זאָלסט מיר זיין געזונט, צו וואָס, זאָג איך, דאַרפסט דו דאָס? צום פּריזיוו? — איז ער, ברוך השם, אַ באַוואָהרענ־טער, זאָג איך, איין איינאונאיינציגער. צו פּרנסה? — באַדאַרף איך עס, זאָג איך, אויך אויף כּפּרות: וואָס אהרט מיך, זאָג איך, אַז ער וועט זיין אַ קרעמער גלייך מיט מיר, צי אַזוי אַ סוחר, ווי אַלע אידען? און טאָמער איז איהם, זאָג איך, חלילה באַשערט צו זיין אַ נגיד, אַ באַנקיר, בין איך, זאָג איך, אויך ניט בדלות". אַזוי טענה איך מיט איהר. הערט עפּיס די וואַנט? „גלייכער אַזוי, וואָס ער איז, זאָגט זי, ניט אַריין אין מלאַדשי פּריגאָטאָ־וויטעלנע". „וואָס איז דען?" „אַזוי, זאָגט זי: ער וועט שוין, זאָגט זי, בעסער אַריין גלייך אין סטאַרשע פּריגאָטאָוויטעלנע". מילא, סטאַרשע פּריגאָטאָוויטעלנע איז סטאַרשע פּריגאָטאָוויטעלנע. עס שפּיעלט ביי מיר אודאי אַ גרויסע ראָלע, אַז יענער האָט אַ קאָפּ, מע זאָל אויספאָהרען אַ אימפּעריע! וואָס לאָזט זיך אויס דער סוף? ס'איז געקומען צו דעם רעכטען שפּיעל — ווידער אַ צוויי. שוין ניט פאַר מאַטעמאַטיקע; אַ נייער אומגליק: דאָס אויסלעגעכטס איז ביי איהם ניט ווי מע באַדאַרף, דאָס הייסט, לעגען לעגט ער אויס גוט, נאָר וואָס דען? אויף איין אות איז ער אַ ביסעל דאָסיג: אויף דער „בוקווע יאַטי". דאָס הייסט, שטע־לען שטעלט ער איהם, דעם „יאַטי", פאַר וואָס זאָל ער איהם ניט שטעלען? דער חסרון, זאָגען זיי, ער שטעלט איהם ניט דאָרט, וואו מע באַדאַרף. בין איך בדלות! איך וויים גאָר ניט, הערט איהר, ווי אַזוי וועל איך קאָנען פאָהרען קיין פּאָלטאַווע און קיין

לאָדז אויפ'ן יריד, אַז טאָמער וועט ער חלילה ניט שטעלען דעם „יאַטי" אָט דאָרטען, וואו זיי ווילט זיך! הכּלל, אַז מע האָט אונז אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, האָט זי דאָך מסתּמא איינגעלעגט די וועלט; געפלויגען צום דרעקטאָר, גע'טענה'ט, אַז ער קאָן, ער יכול'ט: אַ סימן, זאָגט זי, אָט לאָז מען איהם אַריינרופען און פאַרהערען איבעראַנייעס, נאָך אַ מאָל פונ'ם אָנהויב. האָט מען זי דאָך געהערט מסתּמא ווי דעם פאַראַיאָהריגען שניי — געשטעלט אַ צוויי, און נאָך אַ מין צוויי, מיט אַ מינוס אַ צוויי, און געה רוף מיך קנאַקניסעל! אַ גוואַלד, אַ געפילדער: סטייטש, ווידער ניט אויסגעהאַלטען! זאָג איך צו איהר: „נו, אם־כּן, זאָג איך, וואָס זאָל מען טהון? באַדאַרף מען זיך, זאָג איך, טאַקי נעמען דאָס לעבען?! אַ איד, זאָג איך, איז געוועהנט געוואָרען"... ווערט זי דאָך מסתּמא אָנגעצונדען און הויבט דאָך אָן מסתּמא צו פייערען, באַגראָבען און שעלטען, ווי ז י י קאָנען... נאָר דאָס בין איך אַ י י ך מוחל. אַ רחמנות איז נעבאַך געווען אויף א י ה ם, אויפ'ן קליינעם, אַ צער בעלי־חיים. סטייטש, אַזאַ אומגליק: אַלע ווילען זיך אָנטהון אין ווייסע קנעפלעך, און ער ניט!... טענה איך מיט איהם: „שוטה איינער וואָס דו ביזט! פּרא־אָדם! ס'איז דען אַ היכי־תּמצא, זאָג איך, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אַריין? נאַרעלע, עמיצער מוז דאָך, זאָג איך, בלייבען אין דער היים אויך, צי ניין? עלעהיי, זאָג איך, צום פּריזיוו"... ווערט זי מלא כּעס און פאַלט אָן אויף מיר מיט אַ גוואַלד: „אַ שענער בעל־רחמנ'יק, זאָגט זי. ווער בעט דיך, זאָגט זי, זאָלסט איהם טרייסטען מיט אַזעלכע קלוגע דבורים? דו זעה בעסער, זאָגט זי, מע זאָל פון זיינעטוועגען קריגען עפּיס אַ רעכטען לעהרער, זאָגט זי, אַ באַזונדערען, אַ רוסישען, אויף גראַמאַטיקע!"...

איהר הערט ווערטער? שוין צוויי לעהרערס זאָל איך האַלטען; איין לעהרער מיט איין מלמד איז קאַרג! בקיצור, אַהין־אַהער, אויסגעפיהרט מסתּמא האָט זי, ניט איך. וואָרום אַז זי וויל, איז עפּיס אַ תּירוץ?...

על־כּפּנים, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? מע האָט צו־גענומען א נייעם לעהרער, א רוסישען שוין, נישט חלילה קיין אידישען, פע! נאָר טאַקי א גוי ממש. וואָרום גראַמאַטיקע, פאַר־שטעהט איהר מיך, אין ערשטע קלאַס אריין — דאָס איז דאָך הארבער פון חריין. א קליינינקייט — גראַמאַטיקע! „בוקווע יאַטי”! מילא, איך זאָל אייך דערצעהלען פון'ם לעהרער, וואָס גאָט האָט אונז צוגעשיקט, איז גאָר א בזיון אויסצוזאָגען. מיר האָבען געהאַט פון איהם אָפּגעשניטענע יאָהר. ער האָט אונז אַלע־מען געמאַכט מיט דער בלאָטע גלייך, געלאַכט און געשפּעט פון אונז אין די אויגען. למשל, ער האָט, ברענען זאָל ער, קיין אנדער זאַך איהם ניט געקאָנט אויסקראַצען, בשעת לערנען מיט איהם גראַמאַטיקע, ווי קנאָבעל: „טשאַסנאָק, טשאַסנאָקאַ, טשאַסנאָקו, טשאַסנאָקאָיו” — דער רוח זאָל איהם נעמען! ווען ניט זי, וואָלט איך איהם אָנגענומען פאַר'ן גאָרגעל און וואָלט איהם ארויסגע־וואָרפען צו אַלדי שוואַרצע יאָהר מיט זיין שענער גראַמאַטיקע! ביי א י ה ר איז אָבער אַלסדינג געווען כּדאי. וואָס איז? ער וועט וויסען, וואו מע דאַרף שטעלען א „יאַטי” און וואו ניט. מאָהלט אייך, מע האָט איהם דעם ווינטער געגנוג אָנגעמוטשעט, און ערשט אַרום שבועות האָט ער באַדאַרפט געהן צו דער שחיטה. געקומען נאָך שבועות, איז ער געגאַנגען און געשטעלט זיך און געבראַכט צו טראָגען אַהיים שוין נישט קיין צוויי, נאָר א פיער מיט א פינף. א שמחה, א גדולה — מזל־טוב! מזל־טוב?... שאַט, האַפּט זיך נאָר ניט אַזוי מיט'ן מזל־טוב! מע ווייסט נאָך ניט אַקוראַט, צי ער איז אריין; דאָס וועט מען ערשט וויסען אַרום אויגוסט. פאַר וואָס ניט באַלד? געהט פרעגט זיי! נאָר וואָס זאָל מען טהון? א איד איז געוועהנט געוואָרען...

געקומען אויגוסט, איך טהו א קוק — מיינע רוהט ניט; פון'ם דירעקטאָר צום ספּעקטאָר, פון'ם ספּעקטאָר צום דירעקטאָר. „וואָס לויפסט דו היינט אַרום, זאָג איך צו איהר, ווי א פאַר־סמ'טע מויז, זאָג איך, פון שמונין צו בונין?”... „וואָס הייסט,

זאָגט זי, וואָס איך לויף? ביזט ניט קיין היגער? דו ווייסט, אפּנים, ניט, זאָגט זי, וואָס עס טהוט זיך אָפּ היינטיגע יאָהרען, זאָגט זי, אין די גימנאַזיעם מיט די פּריצענטען?"... כך הוה — וואָס לאָזט זיך אוים? ער איז דאָך טאַקי ניט אריין! פאַר וואָס, ווילט איהר וויסען? דערפאַר, וואָס ניט קיין צוויי פּינפען. ער זאָל געווען, זאָגען זיי, האָבען צוויי פינפען, וואָלט ער אפשר, זאָגען זיי, אריין. איהר הערט? — אפשר! געפעלט אייך דער „אפשר"? מילא, וואָס איך האָב געהאַט פון א י ה ר — דאָס בין איך א י י ך מוחל. אַ רחמנות איז נעבאַך געווען אויף א י ה ם, אויפ'ן קליינעם; ליגט מיט'ן פּנים אין קישען און הערט ניט אויף צו וויינען. אזוי לאַנג, אזוי ברייט, ביז מע האָט איהם געמוזט נעמען אַ נייעם לעהרער, טאַקי אַ סטודענט פון דער גימנאַזיע, און מע האָט איהם גענומען צוגרייטען שוין אין דער צווייטער קלאַס אריין, גאָר באופן אחר, וואָרום צווייטע קלאַס איז ניט קיין שפּיעלעכעל: אהינצוצו דאַרף מען שוין, אַ חוץ מאַטעמאַטיקע און גראַמאַטיקע, אויך געאָגראַפיע, מיט טשיסטאָפּיסאַניע, מיט איך וויים אַליין ניט וואָס! חאָטש אַז מע וויל צוריק, נאַט אייך דריי גראָשען; אַ שטיקעל מהרש"א איז אַ סך שווערער פון אַלע זייערע לער־נעכטסען, און אפשר שכל'דיגער אויך. נאָר וואָס זאָל מען טהון? אַ איד איז געוועהנט געוואָרען...

בקיצור, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה אוראָקען: אויפ־געשטאַנען גאַנץ פריה — די אוראָקען. אָפּגעדאַווענט און איבער־געביסען — די אוראָקען. אַ גאַנצען טאָג — אוראָקען. ביז שפּעט ביינאַכט הערט מען ווי ער טאַראַבאַנעט: „אימעניטעלנע־דאַטעלנע, סלאָזשיטעלנע־וויטשיטאַטעלנע" — עס גרילצט אַזש אין די אויהערען! ווער עסען? וואָס שלאָפען? „גענומען נעבאַך אַ נפש, זאָג איך, און מע מוטשעט איהם אומזיסט־אומנישט! ס'איז, זאָג איך, אַ צער בעלי־חיים, דאָס קינד, זאָג איך, וועט חלילה קראַנק ווערען!" „ביים זיך אָפּ, זאָגט זי, די צונג!" וואָס טויג אייך, ער איז אַוועקגעגאַנגען ווידער אַ מאָל צו דער שחיטה און

ער האָט געבראַכט צו טראָגען גאָלע פינפען! וואָס דען? יענער האָט אַ קאָפּ, מע זאָל אויספאָהרען אַ אימפּעריע! איז, דאַכט זיך, גוט? איאָ? געקומען צום שפּיץ, מע האָט ארויסגעהאַנגען אין דער גימנאַזיע די נעמען פון אַלע צוגענומענע קינדער אויף דער וואַנט, מע טהוט אַ קוק — ניטאָ מיינער! אַ גוואַלד, אַ געשריי: סטייטש, אַזאַ רציחה! גאָלע פינפען!!! אַט וועט זי געהן, אַט וועט זי לויפען, אַט וועט זי זיי אַזוי און אַזוי!... בקיצור, זי איז געגאַנגען און געלאָפען — אַזוי לאַנג, ביז מע האָט זי געבעטען, זי זאָל אויפהערען דולען אַ קאָפּ, דאָס הייסט, מע האָט זי פּשוט, צווישען אונז רעדענדיג, מחילה, דורכגעטריבען. און אַז מע האָט זי דורכגעטריבען, איז זי ערשט דעמאָלט אַריינגעפאַלען אין שטוב אַריין מיט אַ גוואַלד עד לב השמים: „סטייטש, זאָגט זי, וואָס פאַר אַ פאָטער ביזט דו? דו זאָלסט זיין, זאָגט זי, אַ געטרייער פאָטער, אַ וואַרעמער, אַזוי ווי אַנדערע פאָטערס, וואָלסט דו, זאָגט זי, אויך געפונען זכות־אָבות, אַזוי ווי אַנדערע, צום דירעקטאָר, פּראָטעקציעס, קענטשאַפט!"... געפעלט אייך איין איינפאַל פון אַ אידינע? „קארג, אפנים, וואָס איך טראָג אויפ'ן קאָפּ די זמנים מיט די ירידים, מיט די קוויטלעך, מיט די וועכסלען, מיט די פּראָטעסטען, מיט די איבעריגע צרות? צי דו ווילסט אפשר, זאָג איך, איך זאָל זיין איין אָנזעצער איבער דיין גימנאַזיע מיט דיינע קלאַסען, וואָס ליגען מיר שוין, זאָג איך, אָט אַדאָ?!"... וואָרום מע איז דאָך, ווי זאָגט איהר, ניט מעהר ווי אַ מענטש, און איטליכער מענטש האָט דאָך אַ גאַל, שיסט מען אויס... נאָר אויסגעפיהרט האָט מסתמא זי, ניט איך. וואָרום אַז זי וויל, איז עפּיס אַ תירוץ?...

על־כּפנים, וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען? איך האָב גענומען זוכען זכות־אָבות, קענטשאַפט; איך האָב מיר געשוואַרצט דאָס פּנים, געליטען בזיונות, וואָרום יעדער פרעגט אַ קשיה, און איז גערעכט. „איהר זענט, קיין עין־הרע, זאָגען זיי, רב אהרן, אַ איד אַ בעל־הבית און האָט איין שטיקעל בן־יחיד, — וועלכער גוטער

יאָהר טראָגט אייך, איהר זאָלט זיך מיט איהם שטופּען וואו מע דאַרף ניט?"... נו, געה דערצעהל זיי מעשיות, אז איך האָב מיין אייגענעם א ווייב ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וואָס האָט זיך אריינגענומען א משוגעת אין קאָפּ אריין: גימנאַזיע און גימנע־נאַזיע און גי־מע־נאַ־זיע! וואָס טויג אייך, איך בין, ווי איהר זעהט מיך אָטאָ, אליין אויך ניט פון די גרויסע שלימזלניקעס. איך האָב מיר מיט גאָט'ס הילף אויסגעטראָטען א שטיקעל וועג, גלייך אהין וואו מע באַדאַרף, און האָב מיך דערשלאָגען צום אָדון־בפקדך אין קאַבינעט אריין, צום דירעקטאָר הייסט עס, און האָב מיך אוועקגעזעצט מיט איהם איינ'טענה'ן, אזוי און אזוי — איך קאָן, ברוך השם, רעדען מיט א פּריץ, אז איך וויל, די צונג פּיקען באַדאַרף מען מיר ניט. „טשטאָ וואַס אוגאָדנאָ?" — פרעגט ער מיך און בעט מיך זיצען. זאָג איך איהם שטיל אויפ'ן אויהער: „גאָספּאָדין דירעקטאָר, זאָג איך, מי, זאָג איך, ליודי נע באָגאַטיע, נאָ או נאַס, זאָג איך, יעסט, זאָג איך, מאַלענקע סאָסטאָיאַניע אי אָדין חאָראָשעי, זאַמעטשאַטעלנע מאַלטשיק, קאַטאָרע, זאָג איך, חאָטשעט אוטשיטסאַ; אי יאַ, זאָג איך, חאָטשו; נאָ מאָיאַ זשענאַ, זאָג איך, אָ ט ש ע ן חאָטשעט!"... מאַכט ער צו מיר נאָך א מאָל: „טשטאָ וואַס אוגאָדנאָ?" זאָג איך צו איהם נאָך א מאָל און רוק מיך צו צו איהם נאָך נעהענטער: „פריצוניו, זאָג איך, מי, זאָג איך, ליודי נע באָגאַטיע, נאָ או נאַס, זאָג איך, יעסט, זאָג איך, מאַלענקע סאָסטאָיאַניע אי אָדין חאָראָשעי, זאַמעטשאַטעלנע מאַלטשיק, קאַטאָרע, זאָג איך, חאָטשעט אוטשיטסאַ; אי יאַ, זאָג איך, חאָטשו; נאָ מאָיאַ זשענאַ, זאָג איך, אָ ט ש ע ן חאָטשעט!"... און קוועטש איהם דעם „אָטשען", ער זאָל מיך פאַרשטעהן... איז דאָך עס אָבער א גויישער קאָפּ, שטויסט ער זיך ניט וואָס איך מיין, און מאַכט צו מיר שוין מיט כעס: „טאַק טשטאָזשע וואַס אוגאָדנאָ?!" געה איך און לעג אריין די האַנט אין קעשענע פּאַוואָלינקע און נעם־אַרויס פּאַוואָלינקע און מאַך צו איהם פּאַוואָלינקע: „איזוויניטיע, גאָספּאָדין דירעקטאָר, מי, זאָג

איך, ליודי נע באָגאַטיע, נאָ או נאַס, זאָג איך, יעסט מאַלענקע, זאָג איך, סאָסטאָיאַניע אי אָדין חאַראָשעי, זאַמעטשאַטעלנע מאַלטשיק, קאַטאָרע, זאָג איך, חאָטשעט אוטשיטסאַ; אי יאַ, זאָג איך, חאָטשו; נאָ מאָיאַ זשענאַ, זאָג איך, אָ ט ש ע ן חאָטשעט!" און קוועטש דעם „אָטשען" נאָך שטאַרקער, און נעם און רוק איהם אריין... בקיצור — יאָ! ער האָט פארשטאַנען וואָס איך מיין, און געהט און נעמט־ארוים אַ ביכעלע און פרעגט מיך אויס, ווי אַזוי איך היים, און ווי אַזוי הייסט דער זוהן מיינער, און אין וואָסער קלאַס וויל איך, ער זאָל אריין?... קלעהר איך מיר: „אָט אַזוי זשע רעד!" און איך מאַך איהם קלאָר, אַז הייסען הייס איך כץ, אהרן כץ, און מיינער הייסט משה, מאָשקע הייסט עס, און אריין, וויל איך, זאָל ער אין דריטע קלאַס. רופט ער זיך אָן צו מיר: ווי־באַלד אַז איך הייס כץ און מיין זוהן הייסט משה, מאָשקע הייסט עס, און וויל אריין אין דריטע קלאַס, זאָל איך איהם ברענגען, זאָגט ער, צו פיהרען אין יאַנוואַר, וועט ער דעמאָלט ג ע ו ו י ם אריין. איהר פארשטעהט? שוין גאָר אַנדערע דבורים! אפנים, אַז מע שמירט, פאָהרט מען?... דער חסרון איז נאָר, וואָס ניט באַלד. נאָר וואָס זאָל מען טהון? מע הייסט וואַרטען, דאַרף מען וואַרטען. אַ איד איז געוועהנט געוואָרען...

געקומען יאַנוואַר — ווידער אַ מאָל אַ טאַרעראַם, אַ לויפע־ניש אַהין, אַהער, היינט־מאָרגען דאַרף זיין אַין אסיפה, אַ סאָוועט הייסט דאָס. עס וועלען זיך צונויפקלויבען דאָרטען דער דרעק־טאָר מיט'ן ספּעקטאָר מיט אַלע לעהרערס פון דער גימענאַזיע, און ערשט נאָך דער אסיפה, נאָכ'ן סאָוועט הייסט דאָס, וועט מען וויסען, צי ער איז אריין, צי ניין. געקומען צו דער רעכטער אר־בייט — מיינע איז ניטאָ אין דער היים; ניטאָ קיין וואַרעמעס, ניטאָ קיין סאַמאָוואַר. ניטאָ גאָרניט. וואו איז זי ערגיץ? זי איז אין גימענאַזיע איז זי. דאָס הייסט, ניט א י ן גימענאַזיע, נאָר ב י י דער גימענאַזיע; דרעהט זיך ארום אין דרויסען אויפ'ן פראָסט פון גאַנץ פריה אָן און וואַרט, ביז מע וועט זיך צעגעהן פון דער

אסיפה, פונ׳ם סאָוועט הייסט דאָס... דער פּראָסט ברענט, א זאַ־ווערוכע, ס׳קעהרט די וועלט — און זי דרעהט זיך אַרום אין דרויסען בּיי דער גימענאַזיע און וואַרט. אַ שענע מעשה! דאַכט מיר, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז וויבּאַלד מע זאָגט־צו, איז מסתּמא הייליג, וּבפרט... איהר פאַרשטעהט? נאָר געהט רעדט מיט אַ אידינע! בּקיצור, זי וואַרט אַ שעה, זי וואַרט צוויי, זי וואַרט דריי, זי וואַרט פיער; אַלע קינדער זענען זיך שוין לאַנג צעגאַנגען אַהיים פון דער גימענאַזיע, און זי וואַרט נאָך. וואָס טויג אייך, זי האָט אָבער אַזוי לאַנג געוואַרט, בּיז זי האָט זיך פּאָרט דער־וואַרט: עס עפענט זיך די טהיר און עס געהט־אַרויס פון דאָרטען איינער פון די לעהרערס. שפּרינגט זי צו צום לעהרער און טהוט איהם אַ חאַפּ, צי ווייסט ער ניט, מיט וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט די אסיפה, דער סאָוועט הייסט דאָס? זאָגט ער: פאַר וואָס זאָל ער ניט וויסען? מע האָט, זאָגט ער, צוגענומען אַרום און אַרום פינף־און־אַכציג קינדער, דריי־און־אַכציג כּריסטליכע און צוויי אידישע. פרעגט זי: ווער מען? זאָגט ער: איינעם אַ שעפּסעל־זאָהן און איינעם כּץ. דערהערט דעם נאָמען כּץ, מיינע — פייל אויס׳ן בויגען, פאַלט־אַריין אין שטוב אַריין מיט אַ גדולה: „מזל־טוב! איך דאַנק דיר, רבונו של עולם! איך דאַנק דיר! צוגע־נומען! צוגענומען!“... און בּשעת מעשה שטעהען איהר טרע־רען אין די אויגען. מיר, פאַרשטעהט זיך, טהוט אוּדאי אויך הנאה די מעשה, נאָר געהן טאַנצען בּין איך ניט מחויב; דערוויף בּין איך דאָך עפּיס אַ מאַנסבּיל, ניט קיין נקבה... „איך זעה־אַרויס, מאַכט זי צו מיר, אַז בּיי דיר איז דאָס ווינציג־וואָס אָנגעלעגט?“ „פון וואַנען, זאָג איך, לערענסט דו דיר אַזוי דעם פּשט?“ „אַזוי, זאָגט זי, וואָרום דו בּיזט אַ קאַלטער מלאך. דו זאָלסט, זאָגט זי, וויסען, ווי אַזוי דאָס קינד נעבאַך צאַפּעלט, וואָלסט דו אַזוי ניט געזועסען. דו וואָלסט שוין לאַנג, זאָגט זי, געלאָפען איהם בּאַ־שטעלען אַ מונדירעל, זאָגט זי, און אַ היטעלע און אַ רענצעלע, זאָגט זי, און מאַכען, זאָגט זי, אַ סעודה פאַר גוטע פריינט“. „וואָס

עפּיס פּלוצים א סעודה אין מיטען דרינען, זאָג איך, ס'איז א בר־מצוה? צי א קנס־מאָל?" אזוי מאַך איך צו איהר גאַנץ רוהיג, וואָרום איך בין דאָך עפּיס א מאַנסביל, ניט קיין נקבה... ווערט זי ברוגז און הערט גאָר אויף צו רעדען! און א ווייב אז זי הערט אויף צו רעדען, איז דאָך טויזענט מאָל ערגער ווי געשאָלטען, וואָרום אז זי שעלט, הערט מען חאָטש א קול פון א מענטשען, און אזוי — געה רעד צו דער וואַנט!... בקיצור, וואָס זאָלט איהר דאָ קלערען? מסתּמא האָט זי אויסגעפיהרט, ניט איך. וואָרום אז זי וויל, איז עפּיס א תּירוץ?...

על־כּפּנים, מע האָט געמאַכט א סעודה, מע האָט צונויפגערופען פריינט און גוטע פריינט, און מיינעם האָט מען אָנגעטהאָן פון קאָפּ ביז די פיס, א מונדיר זעהר א שענעם מיט ווייסע קנעפּלעך, א היטעלע און פון פאָרענט א צאַצקע — א גובערנאַטאָר!... אָן איהם, אָנ'ם קליינעם הייסט עס, האָט מען באמת געהאַט א מצוה נעבאַך, באמת אריינגעזעצט א נייע נשמה, ממש מחיה געווען. ער האָט געשיינט, זאָג איך אייך, ווי די זון אום תּמוז! דער עולם האָט געטרונקען לחיים, געווינשעוועט: „ער זאָל לערנען געזונד־טערהייט און ענדיגען געזונטערהייט די גימענאַזיע, און זאָל געהן און געהן"... „עט, זאָג איך, דאָס איז דוקא ניט אזוי נויטיג; מע וועט זיך באַגעהן, זאָג איך, אָהן דעם אויך. לאָז ער מיר נאָר דורכגעהן די ערשטע עטליכע קלאַסען גימענאַזיע, זאָג איך, מאַך איך איהם חתונה, אם ירצה השם, מיט גאָט'ס הילף"... רופט זיך אָן מיינע מיט א שמייכעלע און קוקט בשעת מעשה אויף מיר מיט אויגען: „זאָגט איהם, אז ער האָט, זאָגט זי, מחילה, א גרויסען טעות: ער געהט נאָך, זאָגט זי, מיט'ן אַלטען שניט"... „זאָגט איהר, אז איך זאָל, זאָג איך, האָבען די ברכות, וואָס דער אַלטער שניט איז, זאָג איך, געוועזן בעסער פונ'ם נייעם שניט"... זאָגט זי: „זאָגט איהם, אז ער איז, לאָז ער מיר מוחל זיין..." ווערט צווישען עולם א געלעכטער: „אוי, זאָגען זיי, רב אהרן, האָט איהר א ווייב, קיין עין־הרע! א קאָזאַק, ניט קיין

וויב!"... בתוך כּך האָט דער עולם גענומען צו גלעזלעך וויין, גוט אַ לעק געטהאָן, איז מען געוואָרען, ווי זאָגט ער, לעבעדיג, און מע האָט געחאַפּט אַ רקוד'על גאָר אויף איין אַנדער אופן; מע האָט אונז גענומען ביידען אין קאָהן אריין, און דעם קליינעם אויך אין מיטען, און מע האָט געהעפּעט גאָר קיין מעשה ניט, טאַקי ביז'ן ווייסען טאָג אריין. אין דער פריה זענען מיר אוועק מיט איהם אהינצוצו. געקומען אהינצוצו, איז נאָך מסתּמא פריה, צוגעשלאָסען טיר און טויער, ניטאָ, ווי זאָגט ער, קיין משוגענער הונט אין דער ווייבערשער שוהל. אָנגעשטאַנען זיך אין דרויסען און גוט אָנגעפּרווירען זיך אויפ'ן פּראָסט, האָבען מיר זיך פּשוט מחיה געווען, אַז מע האָט אונז געעפענט די טיר און מע האָט אונז, ברוך השם, אריינגעלאָזט אינווענינ. גיך האָבען אָנגעהויבען צונויפקומען זיך די חברה קליינוואַרג מיט די רענצלעך אויף די פּלייצעס. ס'איז געוואָרען אַ ליארעם, אַ טומעל, אַ געדערעריי, מיט אַ לאַכעריי, מיט אַ הו־האַ — אַ יריד! בתוך כּך קומט־צו צו אונז עפּיס איינער מיט גאָלדענע קנעפּ, אַ לעהרער פון דער גימנאַזיע ווייזט אויס, און מיט אַ בויגען פּאַפּיער אין די הענט, און טהוט מיך אַ פרעג: וואָס דאַרף איך? ווייז איך איהם אויף מיינעם, אַז דאָס האָב איך איהם געבראַכט צו פיהרען אין חדר, אין גימנאַזיע הייסט דאָס. פרעגט ער מיך: אין וועלכע קלאַס? זאָג איך: אין דריטע; ערשט ניט לאַנג, זאָג איך, צוגענומען. פרעגט ער מיך: ווי אַזוי איז דער נאָמען זיינער? זאָג איך: קאַץ, משה קאַץ, דאָס הייסט — מאָשקע קאַץ. זאָגט ער: מאָשקע קאַץ? מאָשקע קאַץ איז ביי איהם ניטאָ אין דריטער קלאַס; פאַרהאַן, זאָגט ער, ביי איהם אַ קאַץ, אָבער ניט קיין מאָשקע, נאָר מאָרדוך קאַץ... זאָג איך: „קאַקאָי מאָרדוך? מאָשקע, אַ ניע מאָרדוך!" מאַכט ער צו מיר: „מאָרדוך", און טיטשעט מיר דאָס פּאַפּיער אין פּנים אריין. איך איהם: מאָשקע! און ער מיר: מאָרדוך! בקיצור, מאָשקע־מאָרדוך, מאָרדוך־מאָשקע, מיר האָבען זיך אַזוי לאַנג געמאָשקעט און געמאָרדוכט, ביז מיר זענען

געוואָהרע געוואָרען אַ שענע מעשה: וואָס סע האָט געזאָלט זיין מיינעם, איז געוועזן יענעם. איהר פאַרשטעהט אַ חתונה? טעות גוי מותּר... מע האָט טאַקי צוגענומען איינעם אַ קאַץ — יאָ! — נאָר, על־פּי טעות, איין אַנדערען, נישט אונזערען. פאַרהאַן, פאַר־שטעהט איהר מיך, צוויי קעץ בּיי אונז אין שטאָדט!...

וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איהר האָט בּאַדאַרפט זעהען דאָס צער בּעלי־חיים פון מיינעם, בּשעת מע האָט איהם געהייסען, מחילה, אַראָפּנעמען די צאַצקע פונ׳ם היטעלע! אַ כּלה צום בּאַ־דעקענס בּאַדאַרף געווים אַזוי פיעל טרערען ניט פאַרגיסען, וויפיעל מיינער האָט יענעם טאָג אויסגעגאָסען! וואָס איך האָב איהם ניט געבּעטען — ניט מיט גוטען, ניט מיט בּייזען! „זעהסט דו, זאָג איך צו איהר, וואָס דו האָסט אָנגעאַרבּייט פאַר אַ חתונה? האָב איך דיר, זאָג איך, ניט געזאָגט, אַז דיין גימענאַזיע איז פאַר איהם אַ שחיטה? גאָט זאָל העלפען, זאָג איך, עס זאָל אונז האָטש, זאָג איך, אָפּלויפען גלאַט, ער זאָל דאָס חלילה, זאָג איך, ניט אויס־קרענקען"... „לאָזען מיינע שונאים, זאָגט זי, קרענקען, אַז זיי ווילען. מיין קינד, זאָגט זי, מ ו ז אַריין אין גימענאַזיע! איז ער ניט אַריין, זאָגט זי, א י צ ט ע ר, וועט ער אַריין, אם ירצה שם, א י ב ע ר א י אָ ה ר; איז ער ניט אַריין, זאָגט זי, ד אָ, וועט ער אַריין אין איין אַ נ ד ע ר שטאָדט — אַריין מ ו ז ער, סיידען, זאָגט זי, איך וועל חלילה צומאַכען איין אויג און די ערד וועט מיך צודעקען!" — איהר האָרכט דבורים? און ווער, מיינט איהר, האָט אויסגעפיהרט — איך, ציי זי? לאָמיר זיך ניט נאַרען — אַז זי וויל, איז עפּיס אַ תּירוץ?...

על־כּפּנים, איך וועל אייך שוין קיין סך ניט מאַריך זיין. איך האָב מיך דאָס אַ בּיסעל אָנגעהעצקעט מיט איהם, אויסגעוועזן מיט איהם וואו די וועלט האָט איין עק, וואו ערגיץ אַ שטאָדט, וואו ערגיץ אַ גימענאַזיע — דאָרט זענען מיר געוועזן, זיך געשטעלט, געהאַלטען, און דוקא אויסגעהאַלטען, און דוקא גוט אויסגעהאַלטען, און דוקא נ י ט אַריין. פאַר וואָס? אַלץ איבּער די פּריצענ־

טען! איהר מעגט מיר גלויבען, איך האָב מיך דעמאָלט אַליין אָנגעקוקט, ווי אַ משוגענעם: „שוטה! וואָס? וואָס איז דאָס פליהען, וואָס דו פליהסט אַרום פון איין שטאָדט אין דער אַנדע־רער? צו וועלכע גוטע יאָהר באַדאַרפסט דו דאָס האָבען? נו, און אַז ער וועט שוין אַריין, וואָס וועט דעמאָלט זיין?" ניין, זאָגט אייך וואָס איהר ווילט — נצחון איז אַ גרויסע זאַך! ס'איז שוין ביי מיר אַליין אַריין אין אַ מין עקשנות, פאַרשטעהט איהר מיך, און דער אויבערשטער האָט רחמנות געהאַט און האָט מיר צוגעשיקט אין פוילען אַ גימנאַזיע אַזעלכע, אַ „קאָמערטשעסקע", וואָס אַהינצוצו נעמט מען צו אויף איטליכען כריסט, להבדיל, איינעם אַ אידען, סע מאַכט אוים אַזוי גרוים ווי פופציג פריצענט הייסט עס. נאָר וואָס דען? יעדער איד, וואָס וויל, אַז זיין קינד זאָל אַריין, מוז ער קומען צו געהן מיט זיין כריסט, איז אויב ער האַלט אוים, דער כריסט הייסט דאָס, און מע טראָגט־אַריין פאַר איהם די קלינגערס, פראַוואָאוטשעניע הייסט דאָס, איז דעמאָלט פאַרהאַן אַ שטיקעל האָפענונג... אָנשטאָט איין פעקעל האָט מען דעמאָלט אויף זיך, הייסט דאָס, צוויי. איהר פאַרשטעהט? גע־נוג סע טריקענט מיר דער מח אויף מיינעם, באַדאַרף מיר נאָך דאַרען דער קאָפּ אויף יענעמ'ס, וואָרום טאָמער האַלט ניט אוים חלילה עשו, איז דעמאָלט יעקב אין דער ערד... כך הוה. איידער איך האָב געקריגען דעם כריסט, איינעם אַ שוסטער, חאַליאַוואַ הייסט ער, איז מיר אָנגעקומען מיט גרינע ווערעם. צום סוף, ס'איז געקומען צו דעם רעכטען שפיעל, מיינט איהר, אַז מיין שוסטער איז ניט אַריין אין דער אדמה, אַזוי ווי קורח? און דוקא אויף „זאַקאָן באָזשע"! וואָס טויג אייך, מיינער האָט זיך גע־מוזט בכבודו ובעצמו אַוועקזעצען מיט איהם חזר'ען „זאַקאָן באָ־זשע"... אַי, די קשיא: ווי קומט מיינער צו „זאַקאָן באָזשע"? דאָס זאָלט איהר ניט פרעגען, וואָרום אַז יענער האָט אַ קאָפּ, מע זאָל אויספאָהרען אַ אימפעריע, איז דאָך ניט שייך!... בקיצור, גאָט האָט געהאָלפען די גוטע שעה, די גליקליכע — זיי זענען

ביידע אריין. זענט איהר שוין פארטיג? געקומען צום אריינ־שרייבען אין די ביכער אריין, ארויסנעמען א קוויטאנציע — מיין גוי איז ניטאָ! וואָס איז די מעשה? ער וויל ניט, דער ערל, אז זיין זוהן זאָל זיך געפינען צווישען אזוי פיעל יהודים, חאָטש נעם געב איהם א קרענק! ער זאָגט: צו וואָס נוצט עס איהם, אז אלע טירען זענען פאר איהם סאי־ווי־סאי אָפען און ער קאָן אריין וואו־הין ער וויל? און געהט זאָגט איהם אפשר, אז ער איז אומ־גערעכט! „וואָס זשע, זאָג איך, ווילסט דו, פאני חאָליאווא?" זאָגט ער: „גאָרנישט". בקיצור, אהין־אהער, מענטשען, גוטע ברידער — מע איז אוועק מיט איהם אין א טראקטיר, געמאכט א כוסה, איינע און צוויי און דריי — איידער כ'האָב דערלעבט זעהען דאָס גוטע קוויטעל, אז ער איז אריין, זענען מיר די אויגען ארויס־געקראָכען, און דאנקען השם יתברך, כ'האָב געמאכט א ברכה „ברוך שפטרני".

געקומען אהיים — א נייע צרה! וואָס איז שוין ווייטער? מיינע האָט זיך איבערגעלעגט און באטראכט: סטייטש, איין איינ־אונאיינציגער, איין אויג אין קאָפּ, וועט ער זיין דאָרטען, און מיר — דאָ? וויבאלד אזוי, צו וואָס טויג איהר, זאָגט זי, איהר וועלט? „וואָס זשע, זאָג איך, ווילסט דו, למשל?" זאָגט זי צו מיר: „וואָס זאָל איך וועלען? דו ווייסט ניט, וואָס איך וויל? איך וויל, זאָגט זי, זיין מיט איהם". „נו? און די שטוב?" — זאָג איך. „די שטוב, זאָגט זי, איז א שטוב"... האָט איהר עפּיס צו איהר? וואָס טויג אייך, זי האָט זיך אויפגעזעצט און איז אוועקגעפאָהרען מיט איהם אהינצוצו, און איך בין געבליבען איי־נער אליין איבער דער גאנצער שטוב. מאָהלט אייך א שטוב — אזא יאָהר אויף מיינע שונאים! דאָס לעבען איז געוואָרען אויס לעבען, דאָס געשעפט איז געוואָרען אויס געשעפט. אלסדינג איז געגאנגען אָרצה, און מיר האָבען געהאלטען אין איין שרייבען בריוולעך; איך שרייב צו איהר, זי שרייבט מיר אָפּ; בריוולעך אהין, בריוולעך אהער: „שלום לזוגתי היקרה"... „שלום לבעלי

היקר"... „אין גאָטעס ווילען, שרייב איך איהר, וואָס וועט זיין דער תּכלית? מע איז דאָך ניט מעהר ווי אַ מענטש! אָהן אַ בעל־הבית'טע, משטיינס געזאָגט"... בקיצור, עס האָט מיר גע־האָלפען, ווי דער פאָראַיאָהריגער שניי. אויסגעפיהרט מסתּמא האָט זי, ניט איך. וואָרום אַז זי וויל, איז עפּיס אַ תּירוץ?...

על־כּפּנים, איך ענדיג אייך שוין די מעשה. איך האָב מיך צעבראָכען, צעלאָמעט, געמאַכט אַ תּל פון'ם געשעפט, אויסגע־פאַרקויפט, בדיל־הדל געוואָרען, און האָב מיך איבערגעפּעקעלט, מחילה, אַהין, צו זיי. געקומען אַהין, צו זיי, אָנגעהויבען אַרומ־קוקען זיך, וואו בין איך אין דער וועלט, שמעקען, אויסשמעקען, קוים מיט צרות איך האָב מיך אַרויפגעשלאָגען אויף אַ שטיקעל דרך, געמאַכט אַ שטיקעל שותּפות מיט איינעם אַ סוחר, אפילו אַזוי אַ גאַנץ לייטישער מענטש, אַ פיינער בעל־הבית, אַ וואַרשע־ווער פון די נאַלעווקים, און אַ שטיקעל גבאי אין שוהל; נאָר אין תּוך אַריין אַ דרעהער, אַ שווינדלער, אַ קעשענע־גנב — מיך שיער אומגליקליך געמאַכט! פאַרשטעהט איהר שוין מסתּמא, ווי דער קאָפּ איז מיר דעמאָלט געווען אין דער ערד? דערווייל, איך קום צו געהן איינמאָל אַהיים, מיינער געהט מיר אַקעגען עפּיס מאָדנע, רויטליך אויפ'ן פּנים און אָהן אַ צאַצקע אויפ'ן היטעל. מאַך איך צו איהם: „העֶר נאָר, משה'ל, וואו איז ערגיץ די צאַצקע דיינע?" מאַכט ער צו מיר: „וואָסער צאַצקע?"... זאָג איך: „דאָס קנעפּעל". זאָגט ער: „וואָסער קנעפּעל?"... זאָג איך: „דאָס קנעפּעל, וואָס אויפ'ן היטעל; ערשט אויף יום־טוב געקויפט אַ נייַ היטעל מיט אַ נייער צאַצקע!"... ווערט ער נאָך רויטער ווי פריהער און מאַכט צו מיר: „אָראָפּגענומען"... זאָג איך: „וואָס הייסט אַראָפּגענומען?" זאָגט ער: „איך בין פריי"... זאָג איך: „וואָס הייסט דו ביזט פריי?" זאָגט ער: „מיר זענען אַ ל ע פריי"... זאָג איך: „וואָס הייסט איהר זענט אַ ל ע פריי?" זאָגט ער: „מיר געהען שוין ניט"... זאָג איך: „וואָס הייסט איהר געהט שוין ניט?" זאָגט ער: „מיר האָבען געמאַכט יד־אחת,

מיר זאָלען ניט געהן"... זאָג איך: „וואָס הייסט א י ה ר האָט געמאַכט יד־אַחת? וואָס פאַר מאַכערס? וואָס פאַר יד־אַחת'ני־קעס? — זאָג איך. — דערויף האָב איך מיך טאַקי אויסגעבראַכט, מפקיר געווען פון דיינעטוועגען, דו זאָלסט נאָכדעם קאָנען מאַכען יד־אַחת? ! אז אָך און וועה, זאָג איך, צו דיר און צו מיר און צו אונז אַלעמען! גאָט זאָל געבען, זאָג איך, עס זאָל זיך האָטש ניט אויסלאָזען צו אידישע קעפּ, ווארום אומעטום, זאָג איך, איז דאָך דער איד דאָס כפּרה־היהנדעל!"... אזוי מאַך איך צו איהם און הויב אָן פייערען, זאָגען מוסר, ווי געוויינטליך אַ פאָטער רעדט מיט אַ קינד. איז דאָך אָבער פאַרהאַן אַ ווייב, זאָל מאריך ימים ונשים זיין, קומט זי צו לויפען און לעגט מיר אוועק אַ מענה־לשון, אזוי און אזוי, אַז איך בין שוין גאָר אויסגעוועבט געוואָרען, אַז איך הויב ניט אָן צו וויסען, זאָגט זי, וואָס אויף דער וועלט טהוט זיך, אַז עס איז היינט געוואָרען, זאָגט זי, איין אַנדער וועלט גאָר, אַ קלוגע וועלט, איין אָפענע וועלט, אַ פרייע וועלט, אַ וועלט, זאָגט זי, פון אַלע גלייך, אוים אָרעם, אוים רייך, אוים הארעלע־קנעכטעלע, אוים שעפעלע־שערעלע, אוים הינטעלע־האווקעלע, אוים קעצעלע־דראַפּעלע, אוים מייזעלע־בייסעלע... „טע־טע־טע, זאָג איך, פון וואַנען האָט זיך גענומען צו דיר, מיין ווייב, אזא מאָדנע שפּראַך? עפּים אַ ניי לשון, זאָג איך, נייע ווערטער! אפשר וואָלסט דו שוין, זאָג איך, אין איינוועגס ארויסגעלאָזט די היהנער, זאָג איך, פון דער שטייג, קיש־קיש, קורע נאַ סוואָבאָדע?"... ווערט זי אָנגעצונדען, גלייך ווי איך וואָלט אויף איהר אויסגעגאָסען צעהן עמער זודיג וואסער — און נננו! — ווי ז י י קאָנען... מילא, מוז מען שוין אויסהערען די דרשה ביז'ן סוף. איז אָבער דער חסרון, וואָס ס'איז אָהן אַ סוף. „ווייסט דו וואָס, זאָג איך, שאַ, זאָג איך, אָבער לאָז זיין גענוג, זאָג איך, און שלאָג מיך אין האַר־צען: חטאתי, זאָג איך, עויתי ופשעתי, זאָג איך, און איין עק, זאָג איך. אבי לאָז זיין שטיל!" וויל זי ניט הערען, ניט זעהען. „ניין, זאָגט זי, זי וויל וויסען, למאי, און סטייטש, און גוואלד,

און בפירוש, און אדרבה, און וואָס הייסט עס, און ווי געשיקט זיך עס, און נאָך אַ מאָל, און טאַקי נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע!״...

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

איך בעט אייך — ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אַ... ווייב?

ענדע געשיכטע נומער צוועלף.

געשיכטע נומער דרייצעהן

# פונ'ם פריזיוו

---

— פון וואנען איך פאָהר? — רופט זיך אָן צו מיר אַ איד אַ הויכער, אַ דארער, אַ באָרדיגער, מיט אַ פּלוסען היטעל; ער האָט נאָר־וואָס אָפּגעדאַווענט און לעגט־צונויף דעם טלית און תפילין. — פון וואנען איך פאָהר? אז אָך און וועה איז מיר, איך פאָהר פונ'ם פּריזיוו פאָהר איך. דאָס איז מיינער טאַקי אַ זוהן, אָט דער יונגערמאַן, וואָס ליגט אָט דאָ אויסגעצויגען אויף דער באַנק. דאָס פאָהר איך מיט איהם פון יעהופּעץ פאָהר איך. געוועזען ביי אַדוואָקאַטען זיך איין עצה האַלטען, און אין איינוועגס ביי פּראָפעסאָרען האָרכען, וואָס וועלען זיי זאָגען וואָס? אַ פּריזיוו האָט מיר גאָט צוגעשיקט. פיער מאָל געשטאַנען, און נאָך ניט פּאַרטיג. און דוקא אַ בן־יחיד, איינאָונאיינציגער הייסט דאָס, אַ ריינער, איין אמת'ער, אַ כשר'ער פּערוויזראַדניק... וואָס קוקט איהר מיך אָן וואָס? ס'איז אייך פריקרע? איהר מעגט דאָס האָר־כען מעגט איהר עס.

די היסטאָריע פון דער געשיכטע איז אַזאַ מעשה: אליין בין איך אַ מעזערעטשער פון מעזערעטש; אַ נולד בין איך, דאָס הייסט אַ געבאָרענער, ווי מע זאָגט, אַ מאַזעפּעווקער; אַ נכתב, אַ צוגע־שריבענער הייסט דאָס, אַ וואָראָטיליווקער; דאָס הייסט, אַמאָל

בין איך, ניט היינט געדאכט, געזעסען אין וואָראָטילָיווקע בין איך, נאָר היינט זיץ איך אין מעזערעטש. ווער איך בין און ווי אזוי איך הייס — איז אייך קיין גרויסע נפקא־מינה, דאכט מיר; נאָר מיין זוהנ׳ס נאָמען מוז איך אייך יאָ זאָגען, וואָרום עס געהער זיך אָן צום ענין, און שטארק! הייסען הייסט ער איציק, דאָס הייסט אברהם־יצחק, נאָר רופט מען איהם אַלטער; אזוי האָט זי איהם א נאָמען געגעבען, מיינע זאָל געזונט זיין, מחמת ער איז א ציטעריגער, איינאונאיינציגער איז ער, א בן־יחיד. דאָס הייסט, מיר האָבען געהאט, א חוץ איהם, נאָך א יונגעל האָבען מיר געהאט, א יונגערען פון איהם מיט א יאָהר אָדער אַנדערהאַל־בען, איהם צו לענגערע יאָהר; ער האָט געהייסען אייזיק האָט ער געהייסען. באדארף זיך טרעפען איין אומגליק, מע האָט איהם קינדרוויז, אייזיקען הייסט דאָס, איבערגעלאָזט איינעם אַליין (איך בין, ניט היינט געדאכט, דעמאָלט נאָך געווען א וואָראָטילָיווקער בין איך נאָך געווען, דאָס הייסט, איך בין געזעסען אין וואָראָ־טילָיווקע); איז זיך מיישב דאָס קינד, אייזיק הייסט דאָס, און קריכט־צו גלייך אונטער׳ן סאמאָוואר און גיסט־אוים אויף זיך א זודיגען סאמאָוואר, ניט פאר אייך געדאכט, און קאָכט זיך אָפּ, איהם צו לענגערע יאָהר, אויף טויטס קאָכט ער זיך אָפּ! פון דעמאָלט אָן איז ער, איציק, אברהם־יצחק הייסט דאָס, געבליבען א בן־יחיד, און זי האָט איהם פארצויגען, מיינע זאָל געזונט זיין, גענעבען א נאָמען אַלטער.

ועט איהר דאָך פרעגען: סטייטש, א בן־יחיד, איינאונאיינ־ציגער, וואָס געהער זיך אָן מיט איהם א פריזיוו, וואָס? הערסט דו, אָט דאָס איז דאָך דער גאנצער פארדראָס! שאַ! אפשר מיינט איהר, חס ושלום, אז ער איז א געזונטער יונג, ווי עס גיט זיך אוים אמאָל א קינד, וואָס וואַכסט אין ראָסקאָש? האָט איהר אויך א טעות. איהר וועט פאר איהם קיין צוויי גראָשען ניט געבען; א פארזעהעניש, א קראַנקער! שייך צו זאָגען א קראַנקער? קיין קראַנקער, חלילה, איז ער ניט, נאָר א געזונטער אודאי ניט. איין

עבירה, ער שלאָפֿט איצטער, ווייל איך איהם ניט וועקען; אָט וועט ער אויפֿשטעהן, וועט איהר זעהען אַ סנאַסט פֿון אַ מענטשען, הויט און ביינער, לאַנג און שמאָל, אַ פּנים'על ווי אַ פֿייג, גרוגרת דרבי צדוק, און אַ וואוקס, משטיינס געזאָגט, אויסגעצויגען ווי אַ לולב, איינגאַנצען געראָטען אין איהר, אין מיינער, זאָל געזונט זיין, אויך אַ הויכע און אַ מאָגערע, איין אידעלע הייסט דאָס... היינט פֿרעג איך אייך: באַדאַרף איך עפּיס אין זינען האָבען אַ פּריזיוו, אַז דין און לאַנג איז ער, טויגען טויג ער ניט, און אַ ווילגאָטע האָט ער?

ס'איז געקומען צום פּריזיוו — ווער מיר ווילגאָטע? וואָס מיר ווילגאָטע? עס הויבט זיך גאָרניט אָן! וואָס איז די מעשה? די מעשה איז אַ פּשוט'ע מעשה. דאָס אַנדערע יונגעל מיינס, אייזיק, דער וואָס האָט זיך קינדווייז, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, אָפּגעקאָכט מיט'ן סאַמאָוואַר, האָט מען פֿאַרגעסען, אַפּנים, אויסשטרייכען פֿון די מעטריקעס. בין איך דאָך אָװעקגעלאָפֿען צום קאַזיאָנעם רב, צום שוטה, מיט אַ גוואַלד: „סטייטש, גזלן, רוצח איינער, וואָס האָט איהר געהאַט צו מיר? למאי האָט איהר ניט אויסגעמעקט מיין אייזיקען למאי?" פֿרעגט ער מיך, דער טיפּש: „ווער איז געווען דער אייזיק?" „וואָס הייסט, זאָג איך, אייזיקען ווייסט איהר ניט? מיין זוהן אייזיק, דער וואָס האָט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר", זאָג איך. „וואָסער סאַמאָוואַר?" — מאַכט ער. „גוט מאָרגען, זאָג איך, איהר זענט אַ היגער? אַ גוטער קאָפּ אויף אייך! אויף אַזאַ קאָפּ, זאָג איך, איז גוט קנאַקען ניס... ווער געדענקט ניט, זאָג איך, די מעשה מיט מיין אייזיקען, וואָס האָט זיך אָפּגעקאָכט מיט'ן סאַמאָוואַר? איך פֿאַרשטעה ניט, זאָג איך, וואָס זענט איהר דאָס פֿאַר אַ ראַבינער ביי אונז אין שטעדטעל, אַז קיין שאלות, זאָג איך, פּאַסקודעט איהר ניט, דערויף איז פֿאַרהאַן, זאָג איך, אַ רב, זאָל מאריך ימים זיין; איז, דאַכט זיך, אַ יושר, איהר זאָלט חאָטש אכטונג געבען, זאָג איך, אויף די געשטאָרבענע זאָלט איהר; אלא ניט —

צו וואָס באַדאַרף מען אייך מיט אייער טאַקסע?"... צום סוף, הערט וואָס ס'לאָזט זיך אויס. אומזיסט־אומנישט האָב איך איהם אָפּגעזידעלט, דעם שענעם רב, וואָרום די מעשה מיט'ן סאַמאָוואַר איז גאָר געווען ניט דאָ אין מעזערעטש, ס'איז גאָר געווען בשעת מיר זענען, ניט היינט געדאַכט, געזעסען אין וואָראָטיליווקע. איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? ס'איז מיר גאָר ארויסגעפלויגען פון קאָפּ איז דאָס מיר!

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען — מעשיות, ביז איך האָב מיך אַ ריהר געטהאָן, פאַפּיערען אהער, פאַפּיערען אהין, האָט מיין אברהם־יצחק, איציק הייסט דאָס, וואָס מע רופט איהם אַלטער, אָנגעוואוירען די גאַנצע ווילגאָטע. נישטאָ קיין ווילגאָטע! נישטאָ קיין ווילגאָטע? שלעכט! אַ גוואַלד, אַ געפּילדער, סטייטש, אַ בן־יחיד, איינאונאיינציגער, אַ ריינער, איין אמת'ער, אַ כשר'ער פּערוויזראַדניק, און אָהן אַ שום ווילגאָטע! נאָר געה שריי חי וקיים — פאַרפאַלען!

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט! געהט מיין אַלטער, איציק הייסט דאָס, און שלעפּט ניט ארויס דעם גרעסטען זשערעב, נומער 699? די פּריסוטסטווע האָט זיך דעמאָלט געוויינגט. דער פּרינצעדאַטעל אַליין האָט איהם געגעבען אַ זעץ אין פּלייצע: „בראַוואָ, איצקאָ, מאָלאָדיעץ!" די גאַנצע שטאָדט האָט מיר מקנא געווען: נומער זעכס־הונדערט־נייען־און־נייענציג! אָט אַ גליק! מזל־טוב! מזל־טוב!... מיט מזל זאָלט איהר לעבען! — פּונקט ווי איך וואָלט דאָ אויסגענומען דאָס גרויסע געווינס, די רי"ש אלפים!

נאָר אונזערע אידעלעך... ס'איז געקומען צום פּריאָם — אַז מע האָט אָנגעהויבען צו בראַקעווען, בראַקעוועט מען נאָך! אַלע זענען געוואָרען מיט אַ מאָל וויסטע פינסטערע קאַליקעס; דער מיט אַזאַ חסרון, דער מיט אַזאַ חסרון...

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען — מעשיות, ס'איז אָנגעקומען צו מיין זוהנ'ס נומער 699, און מיין

איציק, אַלטער הייסט דאָס, האָט נעבעך געמוזט מיט זיין כבוד שטעלען זיך צום פּריאָם מיט אַלע שניידערס און מיט אַלע שוס־טערס, און עס איז געוואָרען ביי מיר אין שטוב אַ געוויין. שייך זאָגען אַ געוויין? אַ יללה, חושך! מיין ווייב, זאָל געזונט זיין, לעגט־איין די וועלט, די שנור חלש׳ט: סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַ בן־יחיד, איינאונאיינציגער, אַ ריינער, איין אמת׳ער, אַ כשר׳ער פּערוויזראַדניק — און אָהן אַ פּיצעל וויל־גאָטע?! און ער, מיין זוהן הייסט דאָס, גאָרניט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען: „וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט זיין מיט רב ישראל". — אַזוי זאָגט ער כלומרשט מיט אַ ווערטעל, און דער פּופּיק בשעת מעשה ציטערט איהם מסתמא גוט, וואָס זאָלט איהר דאָ קלערען?

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט! פיהרט מען אריין מיין איציקען, מחילה, אַ נאַקעטען, נעמט דער דאָקטער באַטראַכטען מיין איציקען, אַלטערען הייסט דאָס, אויס־מעסטען איהם אין דער לענג און אין דער ברייט, טאַפּען, קוקען, מוטשען, אַהער־אַהין — וואָס, משטיינס געזאָגט, אַז ער טויג ניט, דער הונט (דאָס הייסט, טויגען טויג ער, נאָר פּאַר קיין סאָלדאַט טויג ער ניט): ער חאַפּט ניט סך־הכל קיין דריטהאַלבען ווערש־קעס אין דער ברייט חאַפּט ער ניט! גיע גאָדיען, אַ ווייסער ביליעט... וויעדער אַ מאָל אַ שמחה, אַ גדולה, מזל־טוב, מזל־טוב!... מיט מזל זאָלט איהר לעבען!... צונויפגעקומען זיך די משפּחה, געשטעלט משקה, געטרונקען לחיים. דאַנקען השם יתברך, גע־פּטר׳ט דעם פּריזיוו!

נאָר אונזערע אידעלעך... מיינט איהר דאָך, אַז עס האָט זיך ניט געפונען אַ שייגעץ, וואָס איז אַ בעלן געוועזן מסר׳ען אין דער גובערניע, אַז איך האָב „געשמירט"? וואָס טויג אייך, ס׳איז ניט אוועקגעגאַנגען צוויי חדשים פונ׳ם פּריזיוו, קומט מיר אָן אַ פּאַ־פּיער, אַז מע בעט מיין איציקען, אַלטערען הייסט דאָס, ער זאָל זיך מטריח זיין אַהינצוצו, אין דער גובערסקי פּריסוטסטווע, נאָך

א מאָל, „נא וואָספּיטאַניע" הייסט דאָס. געפעלט אייך, אשטייגער, די גוטע בשורה, הא? א שענע חתונה! מיין ווייב, זאָל געזונט זיין, לעגט־איין די וועלט, די שנור חלש'ט: סטייטש, סטייטש, צוויי מאָל צום פּריזיוו, א בן־יחיד, איינאונאיינציגער, א ריינער, איין אמת'ער, א כשר'ער פּערוויזראָדניק!

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאָבען — מעשיות, אז מע רופט אין דער גובערניע אריין, קאָן מען קיין חזיר ניט זיין און מע מוז פאָהרען. געקומען אין דער גובערניע, הויב איך דאָך מסתמא אָן ארומלויפען, אהין־אהער, טאָמער זכות־אבות, א גוט וואָרט — געה שריי „אני שלמה", דערצעהל יענעם א מעשה, א בן־יחיד, איינאונאיינציגער, און ניט קיין געזונטער דערצו, — מאַכט ער נאָך דאָס גרעסטע געלעכטער! און מיין זוהן? א שענע־רען לעגט מען אין קבר אריין. ניט מחמת דער פּריזיוו; ער הערט, זאָגט ער, דעם פּריזיוו הערט ער אין דער לינקער פּיאַטע; אויב ס'איז איהם באַשערט, זאָגט ער, דיענען, וועט ער דיענען; נאָר וואָס דען? ער קאָן ניט איבערטראָגען אונזערע יסורים קאָן ער ניט, דאָס הייסט, די יסורים פון די ווייבער קאָן ער ניט צוזעהען: א גובערסקי פּריסוטסטוויע, א קשיה אויף א מעשה, טאָמער, איך ווייס? ס'איז דאָך נאָר א גורל, ווי זאָגט איהר, א לאָטעריע איז דאָך עס!

האָבען מיר דאָך אָבער א גרויסען גאָט אויף דער וועלט! מע האָט אריינגעפיהרט מיין איציקען, אלטערען הייסט דאָס, אין דער גובערסקי פּריסוטסטוויע, איך בעט איבער אייער כבוד, א נאַקע־טען, ווי די מאַמע האָט איהם געהאַט, און מע האָט איהם גענומען ווידער א מאָל פון מה־טובו, באַטראַכטען אין דער לענג און אין דער ברייט, ווידער א מאָל טאַפּען, קוקען, מוטשען. וואָס, משטיינס געזאָגט? אז ער טויג ניט, דער הונט (דאָס הייסט, טויגען טויג ער, נאָר פאַר קיין סאָלדאַט טויג ער ניט). איינער האָט זיך אפילו געשטעלט אקעגען און געפּרובט א זאָג טהון: „גאָדיען".

האָט איהם דער דאָקטער אָפּגעהאַקט: „ניע גאָדיען!" דער זאָגט: „גאָדיען", דער זאָגט: „ניע גאָדיען". „גאָדיען, ניע גאָדיען" — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער גובערנאַטאָר אַליין האָט זיך מטריח געווען פונ'ם בענקעל, צוגעגאַנגען, אַ קוק געטהאָן און גע־זאָגט: „סאָווערשענאָ ניע גאָדיען", דאָס הייסט — ער טויג אויף נייען־און־נייענציג כפּרות... האָב איך באַלד אָוועקגעקלאַפּט אַ דעפּעש אַהיים, געווינטליך פאַרשטעלט: „מזל טוב! טאָוואר אָקאָנטשאַטעלנע זאַבראַקאָוואַן".

דאַרף זיך טרעפען אויף מיין גליק, וועט איהר האָרכען אַ שענס, אַז מיין דעפּעש קומט־אָן ניט צו מיר אַהיים, נאָר צו מיינעם אַ געשוועסטערקינד, מיין נאָמען טאַקי הייסט ער, אַ איד אַ נגיד, און, איך בעט איבער אייער כבוד, אַ גרויסער דבר־אַחר. און ס'איז קיין חידוש ניט — ער האַנדעלט מיט אָכּסען האַנדעלט ער. האָט ער געהאַט אַרויסגעטריבען טאַקי אין דער אייגענער גובערניע אַ פּאַרטיע אָכּסען און אַרויסגעקוקט אויף אַ דעפּעש, אַז די אויגען זענען איהם שיער ניט אַרוים. קאָנט איהר פאַרשטעהן, ווי אַזוי איהם איז געוואָרען אויפ'ן האַרצען, אַז מע האָט איהם אָפּגעגעבען מיין דעפּעש: „ט אָ וו אַ ר אָ ק אָ נ ט ש אַ ט ע ל נ ע ז אַ־ב ר אַ ק אָ וו אַ ן"... איך האָב געמיינט, ער וועט מיך אויפ־עסען אַ לעבעדיגען, אַז איך בין געקומען אַהיים. איהר פאַרשטעהט אַ השגה פון אַ נגיד אַ דבר־אַחר, וואָס האַנדעלט מיט אָכּסען? געגוג ער נעמט־איבער פרעמדע דעפּעשען, איז ער נאָך גערעכט!...

אַצינד וועלען מיר זיך אומקעהרען נאָך אַ מאָל צוריק צו יענער צייט, ווען איך בין נאָך געזעסען, ניט היינט געדאַכט, אין וואָראָטילייווקע, און מיין איציק, אַלטער הייסט דאָס, איז נאָך געווען אַ קליין קינד איז ער נאָך. ויהי היום טרעפט זיך אַ מעשה, עפּיס אַ רעוויזיע אין שטאָדט, מע איז אַרומגעגאַנגען פון שטוב צו שטוב און מע האָט איבערגעשריבען איטליכען באַזונדער, פון קליין ביז גרוים, ווי אַזוי ער הייסט און וויפיעל ער איז אַלט, און וויפיעל קינדער האָט ער, צי זכרים, צי נקבות, און ווי אַזוי רופט

מען זיי?... אז ס׳איז געקומען צו מײַן איציקען: ווי אזוי רופט מען איהם? זאָגט מיין ווייב, זאָל געזונט זיין: אַלטער. איז זיך מיישב יענער, מע זאָגט איהם אַלטער — אַ שענע ריינע כפרה; געהט ער און פאַרשרייבט: „אַלטער".

אודאי קומט מיר אָן פונקט אין אַ יאָהר ארום נאָכ׳ן פריזיוו אַ נייע בשורה: מע זוכט מיין זוהן אַלטערען, ער זאָל זיך שטעלען מחילה צום פריזיוו אין וואָראָטיליוווקע! — וואָס סע האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט יענע נאַכט און היינטיגע נאַכט און אַ גאַנץ יאָהר! נאַ דיר אַזאַ נייעס! ברוך הבא, אַ איד רב אַלטער!

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען — מעשיות, מע רופט מיין איציקען, אַלטערען הייסט דאָס, נאָך אַ מאָל צום פריזיוו גאָר איבעראַנייעס! מיין ווייב, זאָל געזונט זיין, לעגט-איין די וועלט, די שנור חלש׳ט. סטייטש, וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, מע זאָל אויספאָהרען די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז׳ן אַנדערען עק, אַז אַ בן-יחיד, איינאונאיינציגער, אַ ריינער, איין אמת׳ער, אַ כשר׳ער פּערוויזראַדניק זאָל באַדאַרפען שטעהן דריי מאָל צום פריזיוו! נאָר געה רעד טערקיש, רעד טאָ-טעריש — וואָס טהוט מען וואָס? בין איך אוועקגעלאָפען צו אונזער „אָבטשעסטווע", געמאַכט אַ גוואַלד, קוים גע׳פועל׳ט, צעהן אידען זאָלען אָפּשווערען און חתמנ׳ען זיך, אַז זיי ווייסען פּאָזי-טיוו, אַז איציק איז אברהם-יצחק, און אברהם-יצחק איז אַלטער, און אַז אַלטער און איציק און אברהם-יצחק זענען אַלע איין פּאַרשוין.

באַקומען דאָס פּאַפּיער, בין איך אוועק מיט׳ן פּאַפּיער קיין וואָראָטיליוווקע. געקומען קיין וואָראָטיליוווקע — אַ גאַסט! וואָס מאַכט אַ איד רב יאָסעל? וואָס טהוט איהר היע? וויל איך דאָך מסתמא ניט אויסזאָגען — צו וואָס דאַרף איך עס? גלייכער אַז אַ איד ווייסט ווינציגער. „גאָרניט, זאָג איך, איך באַדאַרף דאָ האָבען צו אַ פּריץ"... „מכח וואָס?"... „מכח פּראָסע, זאָג איך, איך האָב געהאַנדעלט, זאָג איך, פּראָסע האָב איך געהאַנדעלט, געגעבען איין אַדערויף, ניטאָ ניט קיין פּראָסע, ניט קיין אַדערויף,

פארפאלען, זאג איך, די קוה מיט'ן שטריקעל!" און לאז מיך אוועק גלייך אין דער פריסוטססטווע. איך קום אין דער פריסוט־סטווע קום איך, טרעף איך דארט א שרייבער פון די שרייבערס און דערלאנג איהם דאס פאפיער. איבערגעלייענט דאס פאפיער, ווערט ער מלא רציחה, דער שרייבער הייסט דאס, און טהוט מיר א שמיץ דאס פאפיער אין פנים אריין מיט א מין פייער, מע זאל באהיט און באוואהרענט ווערען! סטופאיטיע — געהן זאלט איהר, הייסט דאס, צו אלדי רוחות מיט אלע אייערע נעמען און מיט אלע אייערע אידישע מאניפארגעס! „איהר ווילט זיך, זאגט ער, אויסדרעהען פונ'ם פריזיוו, זשידי מאשעניקי, זאגט ער, ווערט ביי אייך פון אברהם — יצחק, און פון יצחק — איציק, און פון אי־ציק — אלטער. ניין, ביי אונז געהען נישט אן אזעלכע שטיקלעך, שאכער־מאכער!"... „נו, קלער איך מיר, וויבאלד „שאכער־מא־כער", מיינט ער מסתמא א קערבעל"... און איך נעם־ארוים א מטבע און וויל איהם אריינרוקען אין האנט אריין, און רוף מיך אן צו איהם שטילערהייט: „איזוויניטיע, וואשע וויסאקע־פרא־וואזשיטעלסטווע!"... אז ער חאפט זיך ניט אויף מיט א געשריי: „ווזיאטקי!?"... עס זענען זיך צונויפגעלאפען נאך שרייבערס, און, וואס טויג אייך, מע האט מיר געגעבען דעם וועג האט מען מיר... אזא־נ־אומגליק — באדארף איך אנטרעפען גראד אויף א „נקי־כפים'ניק"!... מאהלט אייך, עס רעדט זיך נאר אזוי, אז ער נעמט ניט — צווישען אידען ווערט מען ניט פארפאלען; איך האב געפונען א אידען, וואס דורך איהם נעמט ער... עס האט געהאלפען ווי א טוידטען באנקעס — און ס'איז געבליבען, אז איך האב נאך א זוהן, וואס ער הייסט אלטער. זאל ער מוחל זיין, אלטער הייסט דאס, זיך שטעלען אין וואראטיליוווקע צום פריזיוו זאל ער זיך. א גוט פעקעל!

ווי אזוי איך האב איבערגעלעבט דאס יאהר — בין איך שטארקער פון אייזען בין איך! חאטש אז מע וויל שמועסען צוריק, וואס האב איך, שוטה, מורא צו האבען? צעהן מאל פריזיוו, אז

איך ווייס, אז ער טויג ניט, דער הונט (שייך זאָגען, טויג ניט? טויגען טויג ער, נאָר פאַר קיין סאָלדאַט טויג ער ניט); ובפרט, אַז מע האָט איהם שוין צוויי מאָל אַרויסגעבראַקעוועט האָט מען איהם. נאָר צוריק בין איך זיך מיישב: אַ פרעמדע שטאָדט, אַ פּריסוטסטוועט מיט „נקי־כפים'ניקעס", אַ קשיה אויף אַ מעשה?...

האָבען מיר דאָך אָבער אַ גרויסען גאָט אויף דער וועלט! מיין אַלטער, איציק הייסט דאָס, האָט ווידער אַ מאָל געצויגען אַ זשערעב, ווידער אַ מאָל זיך געשטעלט צום פּריאָם, און גאָט האָט אַ נס געטהאָן, די וואָראָטילָיוועקער פּריסוטסטוועט האָט אויך געזאָגט „ניע גאָדיען", און האָט איהם אַרויסגעגעבען אויך אַ וויי־סען בילעט. האָבען מיר שוין, מיט גאָט'ס הילף, צוויי ווייסע בילעטען!

געקומען אַהיים — ששון ושמחה! געמאַכט אַ סעודה, צו־נויפגערופען כמעט די גאַנצע שטאָדט, געהוליעט, געטאַנצט ביז טאָג. ווע מען הער איך אַצינד? און ווער איז צו מיר גלייך? אַ קיסר!

אַצינד וועלען מיר זיך אומקעהרען צוריק צו מיין אייזיקען, עליו־השלום, דער וואָס האָט, איהם צו לענגערע יאָהר, איבערגע־קעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר נאָך קינדווייז, — וועט איהר הערען אַ שענס וועט איהר הערען. איהר פאַרשטעהט אַ מעשה? גײַה זיי אַ נביא, אַז דער שענער רב דער קאַזיאָנער פון וואָראָטי־ליוועקע וועט איהם פאַרגעסען אויסמעקען פון די מעטריקעס, דעם געשטאָרבענעם הייסט דאָס, און עס וועט זיך רעכענען אויף מיר אַ חוב, אַז איך האָב נאָך ערגיץ אַ זוהן אייזיק, וואָס באַדאַרף זיך שטעלען היינטיגס יאָהר צום פּריזיוו! נאַ דיר אַזאַ מין באָמבע! וואָס איז דאָס פאַר איין אומגליק אויף מיר? ווער מיר אייזיק? אייזיק איז שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט! אַזוי טענה איך, האַלט מיך איין עצה מיט אונזער ראַבינער: וואָס טהוט מען, וואָס? זאָגט ער: „ס'איז ניט גוט!" „פאַר וואָס, זאָג איך, איז ניט גוט, פאַר וואָס?" „דערפאַר, זאָגט ער, ווייל איציק און

אייזיק איז איין נאָמען". „ווי אזוי, זאָג איך, איז איציק און אייזיק איין נאָמען, חכם איינער?" זאָגט ער: „איציק איז יצחק, יצחק איז איסאַק, איסאַק איז איזאַק און איזאַק איז אייזיק"... א גוטער משל!

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאכען — מעשיות? מע זוכט מיין אייזיקען, מע טרענט פון מיר די אָדערען, איך זאָל איהם שטעלען צום פריזיוו זאָל איך איהם! איין שטוב ביי מיר איז געוואָרען א נייער געוויין. שייך זאָגען, א געוויין? חורבן בית־המקדש. ערשטענס, האָט מיין ווייב, זאָל לעבען, זיך דערמאָנט אינ'ם געשטאָרבענעם, אויפגעוועקט די אַלטע וואונדען. „נעחיי וואָלט ער, זאָגט זי, בעסער לעבען און שטעהן איצטער צום פריזיוו, איידער, זאָגט זי, ער זאָל ליגען אין דער ערד און די ביינער זיינע זאָלען פוילען"... והשנית, האָט זי מורא, טאָמער חלילה איז טאַקי, לא יעלה ולא יבוא, ווי דער ראַבינער זאָגט, אַז איציק איז יצחק, יצחק איז איסאַק, איסאַק איז איזאַק און איזאַק איז אייזיק, איז דאָך טאַקי ניט פריילּיך!... אזוי זאָגט זי, מיין ווייב זאָל געזונט זיין, און לעגט־איין די וועלט, און מיין שנור, געוויינטליך, חלש'ט! א ווערטעלע אויסצורעדען — א בן־יחיד, איינאונאיינציגער, א ריינער, איין אמת'ער, א כשר'ער פערוויזראָדניק, דריי מאָל געשטעלט זיך צום פריזיוו, צוויי ווייסע בילעטען — און איז נאָך ניט פאַרטיג!...

האָב איך גענומען, הייסט דאָס, די פיס אויף די פּלייצעס און בין זיך דורכגעפאָהרען קיין יעהופעץ בין איך זיך, איין עצה האַל־טען זיך מיט א רעכטען אדוואָקאַט, און אגב האָב איך טאַקי מיט־גענומען מיין זוהן, איך זאָל זיין מיט איהם ביי'ם פּראָפעסאָר, הערען וואָס דער פּראָפעסאָר וועט זאָגען, צי טויג ער, צי טויג ער ניט, חאָטש איך ווייס אליין גאַנץ גוט, אַז ער טויג ניט, דער הונט (שייך זאָגען, ער טויג ניט? טויגען טויג ער, נאָר פאַר קיין סאָל־דאַט טויג ער ניט)... און אַז איך וועל הערען וואָס דער אדוואָקאַט וועט מיר זאָגען און וואָס דער פּראָפעסאָר וועט מיר זאָגען, וועל

איך שוין דעמאָלט קאָנען שלאָפען רוהיג, אויפהערען האָבען צו טהון מיט'ן פּריזיוו... צום סוף, וואָס לאָזט זיך אויס? עס לאָזט זיך אויס, אַז די אַדוואָקאַטען מיט די פּראָפעסאָרען ווייסען אַלע מעהר פון אַ טוידטען ווייסען זיי. אַז דער זאָגט אַזוי, און דער זאָגט אַזוי; וואָס איינער זאָגט, דרינגט דער אַנדערער קאַפּויר. דול און משוגע צו ווערען! וועט איהר הערען.

צום ערשטען אַדוואָקאַט האָב איך אָנגעטראָפען אויף איינעם אַ גראָבען קאָפּ אַ שטומפּיגען, און דוקא מיט אַ גרויסען שטערן און מיט אַ גלאַטען קאָפּ, אַ ליסינע, האָטש נעם קאַטשע־אוים אויף איהר אַ בלאַט לאָקשען. ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטעהן, דער חכם, ווער איז אַלטער, און ווער איז איציק, און ווער איז אברהם־יצחק, און ווער איז געוועזן אייזיק? דערצעהל איך איהם דאָך איבער נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, אַז אַלטער און איציק און אברהם־יצחק — דאָס איז איין מענטש, און אייזיק איז דער, וואָס האָט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר, בשעת איך בין נאָך געוועזן אַ וואָראָטיליוּוקער, אין וואָראָטיליוּוקע הייסט עס... מיין איך, אַז איך בין שוין מיט איהם פאַרטיג. צום סוף טהוט ער מיך אַ פרעג גאָר איבעראַנייעס: „פּאַזוואָלטי, שטעהט נאָר שטעהט, ווער זשע איז צווישען זיי דער עלטערער, איציק, צי אַלטער, צי אברהם־יצחק?" „אָט האָסט דו דיר! — מאַך איך צו איהם. — איך האָב אייך שוין, דאַכט זיך, פופצעהן מאָל געזאָגט האָב איך אייך, אַז איציק און אברהם־יצחק און אַלטער איז אַלץ איין פּאַרשוין, דאָס הייסט, דער אמת'ער נאָמען זיינער איז איציק, דאָס הייסט אברהם־יצחק, נאָר רופען רופט מען איהם אַלטער, די מאַמע זיינע, זאָג איך, האָט איהם אַזוי פאַרצויגען, און אייזיק, זאָג איך, איז דער, וואָס האָט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר, זאָג איך, בשעת איך בין נאָך געוועזן אַ וואָראָטיליוּוקער, אין וואָראָטיליוּוקע הייסט עס"... „ווען זשע, מאַכט ער, וואָסער יאָהר הייסט דאָס, איז געשטאַנען אברהם־אַלטער, מיין איך, יצחק־אייזיק, צום פּריזיוו?" „וואָס בעלעבעטשעט ער? —

זאָג איך. — וואָס האָט איהר צונויפגעמישט קאַשע מיט באָרשט? דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען, זאָג איך, טרעפט זיך מיר, אַז אַ איד זאָל טראָגען אויף זיך אַזא גויישען קאָפּ, זאָג איך! מע זאָגט דאָך אייך, אַז יצחק און אברהם־יצחק און איציק און אייזיק און אַלטער — דאָס איז אַלץ איין מענטש! איין מענטש!" — „שאַט, זאָגט ער, שרייט ניט אַזוי, וואָס שרייט איהר?"... איהר האָרכט? ער איז נאָך גערעכט!...

בקיצור, כ׳האָב אַ שפּיי געטהאָן און אוועקגעגאַנגען צו איין אַנדער אדוואָקאַט, און האָב אָנגעטראָפען שוין דוקא אויף אַ גמרא־קעפּעל האָב איך אָנגעטראָפען, נאָר אַ ביסעל שוין צו פיעל איבער־געשפּיצט. ער האָט זיך געריבען דעם שטערן און געלערענט דעם פּשט, גערעדט, געמוטשעט די זאַקאָנעס, גערדונגען, אַז נאַ אָסנאָ־וואַניע טאַקאָי טאָ סטאַטיאַ האָט די מעזערעטשער פּריסוטסטווע איהם גאָר ניט געטאָרט צושרייבען. נאָר וואָס דען? ס׳איז פאַרהאַן אַ זאַקאָן, זאָגט ער, אַז וויבאַלד די פּריסוטסטווע האָט איהם יאָ צוגעשריבען, דאַרף איהם יענע פּריסוטסטווע אויסשריי־בען, „וויקליוטשאַיען" הייסט עס. און ווידער איז פאַרהאַן, זאָגט ער, אַ זאַקאָן, אַז די פּריסוטסטווע האָט איהם צוגעשריבען און יענע פּריסוטסטווע האָט איהם ניט אויסגעשריבען, „וויקליוטשאַ־יעט" הייסט עס, מוז זי איהם אויסשרייבען, „וויקליוטשאַיען" הייסט עס. און ווידער איז פאַרהאַן אַ קאַסאַציע, אַז וויבאַלד יענע פּריסוטסטווע וויל ניט אויסשרייבען, „וויקליוטשאַיען" הייסט עס...

בקיצור, אַזא זאַקאָן און אַזא זאַקאָן, אַזא קאַסאַציע און אַזא קאַסאַציע — ער האָט מיר אָנגעקאַסאַציעט אַ פולען קאָפּ האָט ער מיר אָנגעקאַסאַציעט, און איך האָב געמוזט געהן צו אַ דריטען האָב איך געמוזט, און האָב אָנגעטראָפען אויף אַ נייעם שלים־מזל, נאָך גאָר אַ יונג אדוואָקאַטעל, נאָר־וואָס פון דער נאָדעל אַרויס, דאָס הייסט, וואָס האָט ניט לאַנג געענדיגט „יורי", זעהר אַ צוגע־לאָזט מענטשעל אפילו, מיט אַ ציגנעלע ווי אַ גלעקעל — און סע

קלינגט. ווייזען ווייזט אויס, אז ער לערענט זיך נאָך רעדען לער־רענט ער זיך, מחמת אז ער רעדט, זעהט מען, אז ער האָט הנאה האָט ער, ממש סע קומט איהם צו א שטיק געזונט. ער האָט זיך אזוי צערעדט, אזוי צעפלאַקערט, געהאלטען א גאנצע דרשה גע־האַלטען, אז איך האָב געמוזט איהם איבערשלאָגען אין מיטען און זאָגען: „זעהר פיין, זאָג איך, איהר זענט אודאי זעהר גערעכט; נאָר וואָס טויג מיר, זאָג איך, אייער ווייגען, וואָס איהר באַווייגט מיך? איהר גיט מיר בעסער איין עצה, זאָג איך, מיט מיין זוהן וואָס טהו איך, טאָמער חלילה טהוט מען איהם א רוף טאָמער?"

קיצור הדבר, וואָס טויג אייך היסטאָריעס — זאַכען — מעשיות, איך האָב מיך דערשלאָגען צום רעכטען, צום אמת'ען אדוואָקאַט. דאָס איז, פאַרשטעהט איהר מיך, שוין איין אדוואָקאַט פון די אַלטע אדוואָקאַטען, איין אדוואָקאַט, וואָס פאַרשטעהט א ענין. איך האָב איהם אויסדערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פון אלף ביז תיו, און ער איז געזעסען די גאַנצע צייט צוגעמאַכט די אויגען און געהאָרכט. אויסגעהערט, מאַכט ער צו מיר: „שוין? האָט איהר שוין געענדיגט? פאָהרט אהיים, ס'איז בלאָטע, מעהר ווי דריי הונדערט קערבלעך שטראָף וועט איהר ניט צאָהלען". „אָט דאָס איז גאָר? — זאָג איך. — ע! איך זאָל וויסען, אז דאָ שמעקט נאָר מיט דריי הונדערט קערבלעך שטראָף! איך האָב מורא פאַר מיין זוהן האָב איך מורא!" „וואָסער זוהן?" „וואָס הייסט, זאָג איך, וואָסער זוהן? מיין אַלטער, איציק הייסט דאָס!" „וואָס געהער זיך דאָס אָן, זאָגט ער, מיט איציקען?" „וואָס הייסט, זאָג איך, וואָס סע געהער זיך אָן? טאָמער, חלילה, שלעפּט מען איהם נאָך א מאָל טאָמער?" „ער האָט דאָך, זאָגט איהר, א ווייסען בילעט". „ער האָט, זאָג איך, צ ו ו י י ווייסע בילעטען!" „נו, אם כן, וואָס זשע ווילט איהר?" „וואָס זאָל איך ווע̇לען? ווילען וויל איך גאָרניט; איך האָב נאָר מורא, זאָג איך, אזוי ווי מע זוכט איצטער אייזיקען, און אייזיק איז ניטאָ, און אזוי ווי אַלטער, איציק הייסט עס, שטעהט פאַרשריבען אברהם־יצחק, און

יצחק — אזוי זאָגט דער ראַבינער אונזערער דער לעקיש — איז איסאַק, און איסאַק איז איזאַק, און איזאַק איז אייזיק, קאָן מען חלילה זאָגען אויף מיין איציקען, אָדער אברהם־יצחק׳ען, אַלטערען הייסט דאָס, אַז ער איז דאָס דער אַייזיק!" „נו, וואָס־זשע איז, מאַכט ער; אדרבה, נאָך גלייכער! אויב איציק איז אַייזיק, ווערט איהר פאַרשפּאָרען צאָהלען שטראָף אויך. ער האָט דאָך, זאָגט איהר, אַ וויסען בילעט?" „צוויי, זאָג איך, ווייסע בילעטען! די בילעטען האָט אָבער איציק, ניט אַייזיק". „איהר זאָגט דאָך, מאַכט ער, אַז איציק איז אַייזיק?" „ווער זאָגט דען, זאָג איך, אַז איציק איז אַייזיק?" „אָט האָט איהר דאָך נאָר־וואָס, זאָגט ער, געזאָגט, אַז איציק איז אַייזיק!" „איך זאָג? ווי קאָן איך, זאָג איך, זאָגען אַזאַ זאַך, אַז איציק איז גאָר אַלטער, און אַייזיק איז דער, וואָס האָט איבערגעקעהרט אויף זיך דעם סאַמאָוואַר, בשעת איך בין נאָך געווען אַ וואָראָטילִיוּקער, אין וואָראָטילִיוּקע הייסט עס!"... ווערט ער אָנגעצונדען און הייסט מיר געהן: „סטופּאַיטיע, זאָגט ער, ווי, זאָגט ער, נאַדאָיעדליווע, זאָגט ער, יעווריי", זאָגט ער!... איהר פאַרשטעהט וואָס דאָס הייסט? דאָס הייסט: איך בין אַ נודניק. איהר הערט? א י ך ב י ן א נ ו ד נ י ק! א י ך!!!

ע נ ד ע נ ע ש י כ ט ע נ ו מ ע ר ד ר י י צ ע ה ן.

געשיכטע נומער פערצעהן

# מע טאָר ניט זיין קיין גוטער!

געשריבען אין יאָהר 1903.

געשיכטע נומער פערצעהן

# מע טאָר ניט זיין קיין גוטער!

— מע טאָר ניט זיין קיין גוטער! — מאַכט צו מיר אַ לייטישער איד מיט אַ גילקע אויף דער נאָז און נעמט ביי מיר אַ פּאַפּיראָס אויף צו פאררויכערן. — הערט איהר, וואָס איך זאָג אייך? מע טאָר ניט זיין קיין גוטער! איבער מיין גוטסקייט, איבער מיין פּאָדלע ווייכען כאַראַקטער, האָב איך מיר אַליין אָנגעאַרבּייט אַ חתונה, אויסגעהאָדעוועט איין אומגליק ביי זיך אין שטוב, צוויי אומגליקען! איהר מעגט דאָס האָרכען!

גאָט האָט מיך געוואָלט מזכה זיין מיט אַ מצוה, האָט ער מיר צוגעשיקט אַ יתומה מיט אַ יתום. דער אויבּערשטער האָט מיך געשטראָפט, מיר ניט געגעבּען קיין קינדער, האָב איך מיר אַליין גענומען; גענומען פרעמדע קינדער, זיי געטהאָן גוטס, געמאַכט פאַר לייט, צאָהלען זיי מיר איצטער מיט שטיינער.

קודם דאַרף מען אייך דערצעהלען פון דער יתומה, פון וואַנען האָט זיך צו מיר גענומען אַ יתומה? איז אַזוי די מעשה. מיין ווייב האָט געהאַט אַמאָל אַ שוועסטער, אַ יונגערע, פערעל האָט זי געהייסען. איז זי געוועזן, פערעל הייסט דאָס, וואָס זאָל איך אייך זאָגען, איין פאַרשוין אין דער וועלט. זיי זענען אַלע שענע. דאָס הייסט, מיין ווייב איז נאָך היינט אויך אַ שענע אידינע.

פאַר זייער שענקייט פּלעגט מען זיי נעמען ווי זיי שטעהען און געהען, אָפּגילטען. בין איך אייך ניט אויסען.

אַז זי האָט חתונה געהאַט, די שוועגערין מיינע, האָט מען נעזאָגט, אַז זי האָט געטראָפען אַ שמאַליץ־גרוב, אַ גליק, וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָהר, אַ גביר'יש קינד, וואָס האָט באַדאַרפט ירש'ענען אַ זיידען אַ גביר און אַ טאַטען אַ גביר און אַ פעטער אַ „בעזדיטניק" אַ גביר — פון אַלע זייטען גבירים. אַ גליק! בין איך אייך ניט אויסען. איז אָבער דער חסרון, וואָס דער יונגערמאַן אַליין איז געווען אַ דער־רוח־ווייסט־וואָס. דאָס הייסט, אַזוי איז ער אפילו געווען אַ גאַנץ פיינער יונגערמאַן, ניט קיין נארישער און ניט קיין גראָבער יונג, און אַ גוטער מענטש, אַ צוגעלאָזטער, אַ פרייליכער. נאָר וואָס דען? אַ שאַרלאַטושקע! לאָז ער מיר מוחל זיין, ער איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט. דהיינו, וואָס הייסט אַ שאַרלאַטושקע? ער האָט ליעב געהאַט אַ קערטעל. אָבער ווי אַזוי, מיינט איהר, ליעב געהאַט? דאָס חיות מיט דער נשמה! צוליעב אַ קערטעל וואָלט ער אייך געגאַנגען הונדערט מייל צו־פוס. תּחילת איז געווען אַ „זעכס־און־זעכציג", אַ אידישע „אָקע", אַ „סטוקעלקע", אַ „טערטעל־מערטעל" — צוויי־שען אייגענע, איין מאָל אין חודש, אין די לאַנגע ווינטערדיגע נעכט... נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבען אָפּטער און אָפּטער, מיט יונגעלייט, מיט ווייסע־חברה'ניקעס, מיט וואו ערגיץ אַ שלאַק, אַ פּוסטעפּאַסניק, אַ לעדיגגעהער. און איהר זאָלט וויסען זיין, אַז דאָרט וואו אַ קערטעל, איז שוין אַלסדינג, וו אָ ס אין דער קאָרט! ווער קוקט דעמאָלט אויף אַ מנחה? ווער רעדט פון אָהן אַ היטעל? פון חלול־שבת? און כּדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס זענען שייך צו אידישקייט? און ווי אויף־צו־להכעיס, איז פּערעל, מיין שוועגערין הייסט דאָס, געווען אַ פרום ווייבעל, אַ כּשר'ס, און האָט מסתּמא ניט געקאָנט ליידען זיינע שענע חפציות מיט זיינע גענג. איז זי געלעגען טאָג ווי נאַכט מיט'ן פּנים אין קישען און האָט געוויינט אויף איהרע יאָהר און טעג, אַזוי לאַנג, ביז זי האָט אָנגעהויבען

אונטערצוקרענקען, פריהער פּאַוואָלינקע, נאָכדעם שטאַרקער און שטאַרקער. וואָס טויג אייך, פערעל איז געשטאָרבען. בין איך אייך ניט אויסען.

פערעל איז געשטאָרבען און האָט געלאָזט אַ קינד, אַ מיידעל פון אַ יאָהר זעכס־זיעבען. דער מאַן איז געוועזן ערגיץ אין אַלדי שוואַרצע יאָהר אין אָדעם; ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דעם שפּיעלען אַזוי ווייט, אַז ער האָט געמאַכט אַ תּל פון זיין געלט און פון זיין טאַטענ'ס געלט און פונ'ם זיידענ'ס ירושה — אַ תּל־עולם איז פון איהם געוואָרען! ס'איז גאָר אַ סברה, אַז ער האָט זיך אַריינגעחאַפּט ערגיץ אין אַ טורמע. נאָכדעם האָט ער זיך אַ צייט אַרומגעשלייעט ערגיץ, באַקומען עפּיס אַ מאָדנע קרענק און איז געשטאָרבען אין פרעמדע תּכריכים. אָט האָט איהר אייך אויף אַ מינוט אַ סך־הכּל פון אַ געזינדעל. און אָט אַזוי איז ביי מיר פאַרבליבען זייער טעכטערעל, אַ יתומה'לע נעבאַך, רייזעל הייסט זי. איך האָב זי גענומען צו זיך נאָך קינדווייז, וואָרום קיין קינדער, פאַרשטעהט איהר מיך, האָב איך ניט, דער אויבער־שטער האָט מיך געשטראָפט — לאָז זי זיין אַ קינד. וואָלט געוועזן גוט, איז אָבער דער חסרון, וואָס צו גוט טויג אויף כּפּרות! ביי איין אַנדער פעטער וואָלט אַזאַ מיידעל אַ יתומה געוואַכסען אין קיך, געוועזן אַ הילף אין שטוב, געשטעלט דעם סאַמאָוואַר, גע־פּאָלגט אַ גאַנג און דאָס גלייכען, און ביי מיר איז זי געוועזן פאַר־רעכענט פאַר איין אייגען קינד — דאָס אייגענע קליידעל מיט די אייגענע שיך מיט'ן אייגענעם עסען, וואָס מיין ווייב. וואָס איז שייך זאָגען — ביי איין טיש גלייך מיט אונז. בין איך אייך ניט אויסען.

שפּעטער, אַז די דאָזיגע רייזעל האָט אָנגעהויבען אונטערוואַכ־סען, האָב איך זי אוועקגעגעבען לערנען צו אַ שרייבער. און פון דעם אמת קאָן מען ניט אוועקגעהן — זי איז געוועזן אַ געראָטען קינד, אַ שטילס, איין עהרליכס, אַ גוטס און אַ קלוגס, און שען —

שען ווי די גאַנצע וועלט. איך האָב זי באמת ליעב געהאַט, ווי מיינס איין אייגען קינד. קינדער, ווייסט איהר דאָך, וואַכסען, ווי פּעטשעריצעס; איידער מע קוקט זיך אַרום, אהא — מע דאַרף שוין קלערען מכּח חתונה מאַכען. און ווי אויף־צו־להכעים, איז מיין פּלימעניטשקע געוואַכסען טאַקי נאַר ווי אויף הייוועז, הויך און שען און געזונט און איין אָסאָבע — אַ רויז. מיין ווייב האָט איהר ביסלעכווייז אָפּגעלעגט אַ ביסעל געלט, „פּאָוועלע", העמדער, ליילעכער, ציכלעך. איך, פון מיין זייט, האָב גאָר אַנ־דערש ניט גערעכענט, ווי צו געבען איהר עטליכע הונדערט קערבּ־לעך נדן אויך. און מע האָט איהר אָנגעהויבען רעדען שידוכים. ווען רעדט מען אַזאַ מיידעל אַ יתומה? אז קיין עלטערען האָט זי ניט, אַ טאַטען האָט זי געהאַט, לאָז ער מיר מוחל זיין, עפּיס ניט אַזאַ פיינעם מענטשען, און קיין טויזענטערס נדן קאָן איך איהר ניט אַנידערלעגען. באַדאַרף מען איהר געפינען איהר גלייכען, אַ יונגענמאַן אַזעלכען, וואָל זאָל איהר קאָנען געבען ברויט. וואו זשע קריגט מען אַזעלכעס, אז קיין בעל־הבּתּישען שידוך קאָן מען ניט גרייכען, און קיין בעל־מלאכה וויל א י ך ניט — זי איז דאָך פאָרט מיינע אַ שטיקעל אייגענע, מיין ווייב'ס אַ שוועסטער'ס אַ מיידעל? האָט מיר גאָט צוגעשיקט אַ בחור'על אַ פּריקאַזטשיק פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, וואָס פ א ר ד י ע נ ט שוין זעהר שען אַ קערבּעל און ק ל ו י ב ט אַ קערבּעל און ה א ט שוין אַ קערבּעל. בקיצור, איך האָב אַ רעד געטהאָן מיט'ן בחור — יאָ, סע געהט אַ גאַנג, ווי איך בין אַ מענטש. זי איז איהם דוקא געפעלען. איך האָב אַ רעד געטהאָן מיט איהר — ווער? וואָס? איין אייזערנע וואַנט! וואָס איז די מעשה? זי וויל איהם ניט און זי דאַרף איהם ניט, און געגוג! ווער דען, ־זאָג איך, וועט דיך נעמען? דעם באַראָן הירש'ס איין אייניקעל? ענטפערט די וואַנט — אַזוי ענטפערט זי. קוקט־אַראָפּ און שווייגט. בין איך אייך ניט אויסען.

אצינד באַדאַרף איך אייך איבעררייסען אין מיטען דער מעשה און אייך דערצעהלען אַ נייע מעשה, וואָס געהער זיך טאַקי אָן

מיט יענער מעשה, דאָס הייסט, די מעשה און יענע מעשה זענען טאַקי איין מעשה.

איך האָב געהאַט אַזוי גרויס ווי אַ יונגערען ברודער משה־הערשעל, האָט זיך מיט איהם געטראָפען אַ מעשה — ס'איז ביי מיר אַ מעשה מיט גאָלע מעשיות: — ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין מענטשען געדאַכט, ער איז געווען אין מרחץ פרייטאָג און האָט זיך געוואָלט אָפּגיסען מיט קאַלט וואַסער, האָט ער געחאַפּט אַ שעפעל מיט זודיג וואַסער און האָט דאָס איבערגעקעהרט אויפ'ן קאָפּ און האָט זיך אָפּגעקאָכט, און האָט זיך געמוטשעט אַ טאָג אַכט און איז געשטאָרבען, און האָט איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט איין קינד — אַ יונגעל פון אַ יאָהר זעכס, פּייסי הייסט ער. האָט ניט געדויערט קיין האַלב יאָהר און מע האָט איהר אָנגעהויבען רעדען שידוכים. האָט דאָס מיך זעהר אָנגענומען ביי'ם האַרצען, און איך בין אַוועקגעגאַנגען צו איהר, צו מיין שוועגערין הייסט דאָס, און זאָג איהר: „אויב דו ווילסט חתונה האָבען, געב מיר אָפּ דאָס קינד". האָט זי זיך תחילת אַ ביסעל געבערקעלט, כלומרשט ניט געוואָלט הערען, ניט זעהען. אהער־אַהין — בקיצור, איך האָב ביי איהר גע'פועל'ט. זי האָט מיר דאָס קינד געבראַכט, און אַליין איז זי אַוועק ערגיץ קיין פּוילען, דאָרטען חתונה געהאַט, און מע זאָגט, ס'איז איהר ניט שלעכט... מילא, בין איך אייך ניט אויסען.

האָט מיך שוין, הייסט דאָס, גאָט געבענטשט מיט אַ זוהן אויך. איך זאָג „מיט אַ זוהן", ווייל איך האָב איהם טאַקי צוגע־שריבען צו זיך פאַר אַ זוהן, און דאָס יונגעל איז דוקא אַ געראָטען יונגעל, אָבער טאַקי וואָס נעראָטען הייסט. ער איז דאָך מיינעם אַ ברודער'ס אַ זוהן, איז דאָך ניט שייך, איך זאָל איהם אייך לויבען. נאָר איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, אַז נאָך אַזאַ פּייסי וועט איהר ניט געפינען — איך וועל אייך ניט זאָגען אין דער גאַנצער וועלט, נאָר ביי אונז אין שטאָדט און נאָך אין עטליכע שטעדט מיט עטליכע גובערניעס, אַז איהר וועט אויספאָהרען,

נעפינט איהר ניט דעם צווייטען. וואָס, אשטייגער, ווילט איהר? לערנען איז לערנען, שרייבען איז שרייבען, חשבונ'ען איז חשבונ'ען. אפשר ווילט איהר פראַנצויז — רעדט ער אייך פראַנצויז. טאָמער ווילט איהר פיעדעל — שפּיעלט ער אייך אויפ'ן פיעדעל. היינט איז ער, קיין עין־הרע, אַ וואוכּס, און אַ פּאַרשוין, און אַ פּיסק, און... און... און... אז מע שמועסט אַ געראַטענער, איז דאָך ניט שייך צו זאָגען! און דערצו געב איך איהם נאָך עטליכע טויזענט קערבּלעך נדן אויך, וואָרום ער איז דאָך מיין ברודער'ס אַ קינד און מיינער אַ צוגעשריבענער, כמעט אַ זוהן הייסט דאָס, און קיין נחות־דרגא, ברוך השם, איז ער אויך ניט, — קו־קו־קומט איהם שוין עפּיס אַ פיינע כּלה, האַ? וואָס זאָגט איהר? אודאי האָט מען איהם גערעדט די גרעסטע, די שענסטע שידוכים אין דער וועלט, און אודאי האָב איך איבערגעקלויבען. וואָס דען? עפּיס אָט־אַזוי־אַ גיט מען אוועק אַזאַ יונגאַטש? בין איך אייך ניט אויסען.

הכּלל, האָט מען מיר אָנגעשלאָגען שידוכים פון דער גאָרער וועלט: פון קאַמעניץ, און פון יעליסאַוועט, און פון האָמעל, און פון לובען, און פון מאָהליוו, וואָס אין דער ליטא, און פון באַר־דיטשעוו, און פון קאַמינקע, און פון בראָד. מע האָט מיך אָפּ־געשאָטען מיט גאָלד; צעהן טויזענט, און צוועלף טויזענט, און פופצעהן טויזענט, און אַכצעהן טויזענט — איך האָב ניט גע־וואוסט, וואוהין איך זאָל מיך ווארפען. האָב איך מיך מיישב געווען: וואָס טויג מיר קריכען אין דער פרעמד, מי יודע וואוהין און צו וועמען? בעסער, ווי זאָגט מען, אַ נאָהענטער שוסטער, איידער אַ ווייטער רב. פאַרהאַן ביי אונז אין שטאָדט אַ איד אַ נגיד, האָט ער אַ מיידעל אַ בת־יחידה מיט שענע עטליכע טויזענט קערבּלעך נדן, און דאָס מיידעל אַליין איז אויך זעהר אַ פיין מיידעל, און ווילען וויל מיך יענער, — פאַר וואָס זאָל דאָס ניט זיין קיין שידוך? האַ? ובפרט שדכנים זענען פאַרהאַן ביי אונז, ברוך השם, צוויי, לויפען זיי אַרום הין און צוריק, פון מיר צו יענעם און פון יענעם צו מיר, און טרייבען האַלז־און־נאַקען, ס'זאָל שוין זיין גיכער

זיין, זיי האָבען קיין צייט ניט, פאַרשטעהט איהר, זיי האָבען אַליין טעכטער אויף חתונה מאַכען, און נאָך דערוואַכסענע דערצו. בין איך אייך ניט אויסען.

הקיצור, ס'איז געבליבען, מיר זאָלען זיך צונויפקומען אויף א „וואָרט”. איז דאָך אָבער היינטיגע צייטען ניט דאָס, וואָס אַמאָל. אַמאָל האָט מען א שידוך געטהאָן מיט א קינד הינטער די אויגען גאָר, געקומען צו געהן אהיים, אָפּגעגעבען מזל־טוב און געגנוג. היינט איז גאָר געוואָרען א מאָדע, אַז מע מוז פריהער איבעררעדען מיט די קינדער, זיי זאָלען זיך פריהער אָנקוקען און זאָגען, צי זיי זענען זיך געפעלען, צי ניין? מע פאַרשפּאָרט זיי גאָר זאָגען — זיי זעהען זיך אַליין... איז דאָך אודאי גוט. נעם איך מיין בחור און טהו איהם א פרעג: „געפעלט דיר, אשטייגער, פּייסיניו, אזעלכע און אזעלכע?” ווערט ער רויט אזוי ווי פייער און ענטפערט ניט דאָס צווייטע וואָרט. „געשוויגען איז גערעדט”, טראַכט איך מיר; „קיין תשובה איז אויך א תשובה”. אי, וואָס ער איז רויט געוואָרען? מסתמא האָט ער זיך פאַרשעמט. און ס'איז געבליבען, הייסט דאָס, אַז מע קומט זיך צונויף אויפדער־נאַכט, פריהער, געוויינטליך, ביי דער כּלה, נאָכדעם וועט מען זיין ביי מיר — נו, וואָס באַדאַרף מען נאָך? באַקט מען לעקאַך און מע גרייט זיך אויף א וועטשערע, ווי געוויינטליך. בין איך אייך ניט אויסען.

ויהי היום, איך שטעה־אויף אין דער פריה, גיט מען מיר אָפּ א בריעף. פון וואַנען איז א בריעף? עפּיס א בעל־עגלה האָט געבראַכט צו פיהרען. איך נעם דעם בריעף, עפען־אויף דעם בריעף, איך הויב אָן לייענען דעם בריעף — איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. וואָס איז דאָס געווען פאַר א מין בריעף? אָט וועט איהר באַלד האָרכען. דאָס שרייבט מיר מיין פּייסי, אַז איך זאָל ניט קיין פאַראיבעל האָבען, וואָס ער איז אוועקגעפאָהרען מיט רייזלען — איהר הערט ווערטער? — אָהן אונזער וויסען חתונה

האָבען — איהר הערט ווערטער? אז איך זאָל זיך גאָר ניט פּרובען, זאָגט ער, אפילו זיי זוכען, וואָרום זיי זענען שוין ווייט־ווייט, זאָגט ער, פון דאַנען — איהר הערט ווערטער? און אז זיי וועלען, אם ירצה השם, האָבען חופּה וקידושין, זאָגט ער, וועלען זיי נאָכ־דעם קומען צוריק... ווי געפעלט אייך עפּיס אזא מין בריוועל? מילא, פון מיין ווייב שמועסט מען ניט: זי איז געפאַלען דריי מאָל חלשות, וואָרום ס'איז דאָך דורך איהר דער סקאַנדאַל; רייזעל איז דאָך איהר פּלימעניצע, ניט מיינע. „נאַ, זאָג איך צו איהר, האָסט אויסגעהאָדעוועט אַ שלאַנג אויף דיין שויס"... און האָב מיין גאַנץ ביטער הארץ אויסגעלאָזט צו איהר, געוויינטליך, מכבד געווען, ווי זי איז ווערטה. בין איך אייך ניט אויסען.

איך באַדאַרף אייך ניט דערצעהלען, איהר פאַרשטעהט אַליין, ווי ווייט דאָס האָט מיך געבּרענט און געבּראָטען. סטייטש, מע נעמט אַ פרעמד קינד, איין אָרעמע, אַ נאַקעטע יתומה, מע האָ־דעוועט זי אויס און מע וויל זי גליקליך מאַכען — געהט זי און טהוט־אָפּ אזא זאַך, פיהרט־ארויף מיין ברודער'ס קינד אויף אַ גליטש! איך האָב געשריגען, געטופּעט מיט די פיס, געריסען אויף זיך די האָר פון'ם קאָפּ — שיער ניט משוגע געוואָרען! און צוריק וויעדער האָב איך מיך באַטראַכט: וואָס, אשטייגער, וועט מיר העלפען מיין כעס? וואָס וועל איך מאַכען מיט מיין טופּען מיט די פיס? מע באַדאַרף עפּיס אָנהויבען טהון, טאָמער וועל איך נאָך פאַרחאַפּען און וועל קאָנען עפּיס העלפען? האָב איך מיך, ראשית חכמה, אַ וואָרף געטהאָן צו „נאַטשאַלסטווע", אונטערגע־שמירט מיט אַ האַבּאַרעל, און האָב אויפגעגעבען, אַז ביי מיר איז געווען אַ פּלימ'ניצע אַזעלכע און אַזעלכע, האָט זי מיך באַ'גנב'עט און האָט איבערגערעדט מיין זוהן, ער איז געווען ביי מיר פאַר־שריבען פאַר אַ זוהן, און איז מיט איהם אַנטלאָפען, איך ווייס ניט וואוהין. נאָכדעם האָב איך אָנגעהויבען שיטען מיט געלט, צעשיקט דעפּעשען אין אַלע ארבע פנות העולם, אין אַלע שטעדט און שטעדטלעך פון דער סביבה — און גאָט האָט מיר געהאָלפען,

מע האָט זיי געפּאַקט. וואו האָט מען זיי געפּאַקט? טאַקי ניט ווייט פון אונז, אין אַ קליין שטעדטעל. מזל־טוב!

אַז ס'איז אָנגעקומען צו מיר די גוטע ידיעה, אַז מע האָט זיי געפּאַקט, האָבען מיר זיך אויפגעזעצט מיט נאַטשאַלסטווע און מיר זענען געפאָהרען גלייך אַהין, אין יענעם שטעדטעל אריין. מילא, איך זאָל אייך דערצעהלען פון דער נסיעה — איז ניט שייך צו זאָגען. איך בין געווען אין איינע פּחדים. איך האָב אַלץ מורא געהאַט, טאָמער, אַ קשיה אויף אַ מעשה, מע שטעלט דאָרט אַ חופּה, איז דאָך פאַרפאַלען, ווי זאָגט ער, די קוה מיט'ן שטריקעל... נאָט האָט מיר געהאָלפען, מיר זענען געקומען צו פאָהרען — זיי האָבען נאָך קיין חופּה ניט געשטעלט. נאָר וואָס דען? אַ נייער אומגליק: אַזוי ווי איך האָב איינגעגעבען, אַז מע האָט מיך באַ־גנב'עט, לכן האָט מען זיי דערוויילע, ביז עפּיס־וואָס, איינגעזעצט. איינגעזעצט — איז דאָך מיר געוואָרען שלעכט, געמאַכט אַ גוואַלד, אַז באַ'גנב'עט האָט מיך ז י, די פּלימעניצע הייסט דאָס, און ער, דער זוהן הייסט דאָס, ער האָט זיך דאָך גערעכענט פאַר מיין זוהן, איז ריין. עס קומט צו עפּיס, מע וויל איהם שוין אַרויסלאָזען, פּייסין הייסט דאָס, מאַכט ער: „אויב מע האָט גע'גנב'עט, האָבען זיי, זאָגט ער, ביידע גע'גנב'עט". איהר הערט ווערטער? דאָס האָט זי איהם, די ימח־שמה'ניצע, אַרויפגעפיהרט, ער זאָל אַזוי זאָגען. אַ הולטייקע קאָן!... נו, טאָר מען זיין אַ גוטער? באַ־דאַרף מען רחמנות האָבען אויף איין אָרעמער יתומה? איך פרעג אייך אַליין — איז כדאי? וואָס טויג אייך, עס האָט מיך געקאָסט נענוג בלוט, ביז איך האָב זיי אַרויסגענומען, וואָרום צוליעב איהם האָב איך געמוזט זי אויך אָפּריינינען — און מיר זענען געקומען אַהיים. בין איך אייך ניט אויסען.

געוויינטליך, האָב איך זי צו מיר אין שטוב מעהר ניט אריינ־געלאָזט. איך האָב איהר אָפּגעדונגען אַ קוואַטיר און קעסט טאַקי ביי איהרען אַ קרוב אין אַ דאָרף, משה־מאיר הייסט ער, אַ פּראָס־טער איד, אַ דאָרפסמאַן, און מיין פּייסין האָב איך גענומען אַהיים,

גענוג גערעדט איבער איהם: „סטייטש, איך נעם דיך און שרייב דיך צו צו מיר, ווי איין אייגענעם זוהן, און וויל דיר געבען עט־ ליכע טויזענט קערבלעך נדן, און מאך דיך פאר'ן יורש מיט אלס־ דינג, — געהסט דו און מאכסט מיר אזא סקאנדאל!" זאגט ער: „וואס איז דא דער סקאנדאל? זי איז אייך א פלימעניצע, איך בין אייך א פלימעניק — אלץ איין יחוס". זאג איך: „וואס גלייכסט דו זיך צו איהר? דיין טאטע איז געווען, זאג איך, מיר איין איי־ גענער ברודער און א לייטישער מענטש, און איהר פאטער איז געווען, זאל ער מיר מוחל זיין, א שארלאטושקע, זאג איך, א קאר־ טיאזשניק"... איך טהו א קוק — מיין ווייב חלש'ט. א טא־ רעראם, א געפילדער. וואס איז? זי קאן ניט הערען, למאי מע רעדט אויף איהר שוועסטער'ס מאן. זיי זענען שוין, זאגט זי, ביידע אויף דער אמת'ער וועלט, באדארף מען זיי לאזען צו־רוה. איהר הערט ווערטער? „ער איז אבער פארט געווען, זאג איך, לאז ער מיר מוחל זיין, איין אויסוואורף!" זי חלש'ט ווייטער — אזא אומגליק, א גלות, מע קאן ביי זיך אין שטוב קיין ווארט ניט אויסרעדען! בין איך אייך ניט אויסען.

בקיצור, איך האב מיין פייסין גענומען רעכט אין די ידים אריין און האב אנגעהויבען אכטונג געבען, קוקען אויף איהם מיט אויגען, ער זאל מיר ניט מאכען נאך א מאל דאס שפיעל. און נאט האט מיר געהאלפען, ער איז אוועקגעגאנגען בדרך הישר, האט זיך געלאזט איינרעדען און איז געווארען א חתן צו מזל, ניט פון אזא אי־אי־אי, נאר פארט פון א בעל־הבתיש ארט, מיט א מחותן, מיט א נאמען, מיט נדן, מיט... מיט... מיט... ווי מיר שטעהט־אן — און איך בין געווען אויפ'ן זיעבעטען הימעל. איז דאך גוט, איא? האט־זשע צייט, וועט איהר עפּיס הערען א מעשה.

איך קום צו געהן פון געשעפט איינמאל אהיים עסען אנ־ בייסען, איך וואש מיך, זעץ מיך צום טיש, מאך המוציא, איך קוק מיך ארום — ניטא פייסי! פליהט מיר דורך א מחשבה אין קאפּ: אפשר האט ער ווידער געמאכט א ויברח? איך נעם מיך צו

מיינער: וואו איז פּייסי ? זאָגט זי: זי ווייסט ניט. אָפּגעגעסען, לויף איך ארויס אין שטאָדט, אהער, אהין — קיינער ווייסט ניט! שיק איך דאָך אוועק א שליח אין דאָרף אריין צום קרוב, צו משה־מאיר'ען, געוואָהרע ווערען, וואָס מאכט עפּיס רייזעל ? ענטפערט ער מיר דורך א בריוועל, אז זי איז נאָך נעכטען אוועקגעפאָהרען, געזאָגט, אז זי פאָהרט אין שטאָדט אריין אויף קבר־אָבות. האָב איך געגנוג מסתמא געארבייט, אויסגעלאָזט מיין גאנץ ביטער הארץ צום ווייב, געוויינטליך, וואָרום ס'איז דאָך דורך איהר אלע אומ־גליקען — ס'איז דאָך איהר פלימעניצע! בין איך אייך ניט אויסען.

איך לויף אוועק אין פּאָליציע, איך קלאָפּ אומעטום דעפּעשען, צעשיק מענטשען, שיט מיט גאָלד — ניטאָ, ווי אין וואסער אריין! איך ארבייט, איך שריי, איך בין אויס מענטש — עס העלפט ניט! וואָס טויג אייך — ס'איז אוועקגעגאנגען דריי וואָכען, איך בין שיער ניט משוגע געוואָרען! פּלוצים קומט מיר אָן א בריעף מיט א מזל־טוב, אז זיי האָבען, ברוך השם, חתונה געהאט אין א גוטער שעה, און האָבען שוין היינט פאר מיר קיין מורא ניט — איהר הערט ווערטער? אז מע וועט שוין איצט נאָך זיי מעהר ניט נאָכלויפען, מע וועט שוין אויף זיי קיין בלבולים ניט אויס־טראכטען — איהר הערט ווערטער? אז זיי האָבען זיך ליעב גע־האט פון קינדערווייז אָן און האָבען, דאנקען גאָט, דערגרייכט אלס־דינג, וואָס זיי האָבען געוואָלט. אי, וואו וועלען זיי נעמען אויף צו לעבען? זאָל מען זיך פאר זיי גאָרניט זאָרגען: ער לערענט און גרייט זיך צום עקזאמען אריין אין אוניווערזיטעט שטודיערען אויף דאָקטער, און זי לערענט זיך אויף אקושאָרקע — איהר הערט ווערטער? און דערווייל געבען זיי ביידע שטונדען און פאַרדיענען, מיט גאָט'ס הילף, ביז פופצעהן קארבען א חודש, קאָסט זיי די דירה זעכס מיט א האלבען, אכט צוואָהלען זיי פאר עסען, און אויפ'ן איבעריגען איז גאָט א פאָטער — איהר הערט ווערטער?... נו־נו, קלער איך מיר, איהר וועט א ביסעל פריהער אונטער'פגר'ען

גוט פאַר הונגער, וועט איהר זיך אָנהויבען בעטען בײַ מיר, וועל איך אײַך באַווײַזען, ווער עלטער איז! און צו מײַן ווײַב זאָג איך: „הײַנט זעהסט דו, זאָג איך, וואָס הייסט אַ ביטערער שורש? פון אַזאַ טאַטען אַ שאַרלאַטאַן, אַ קאַרטיאָזשניק, זאָג איך, קאָן דען עפּיס אַרויסקומען רעכטס?" וכדומה אַזעלכע שטעכווערטער זאָג איך צו איהר, און איהר זאָלט זאָגען, זי זאָל דאָס מיר ענט־פערען דאָס אַנדערע וואָרט! „פלעגסט דאָך, זאָג איך, אַמאָל חלש'ען, אַז איך האָב גערעדט אויף דײַן שוואָגעריק, פאַר וואָס חלש'ט דו הײַנט ניט?" ענטפערט די וואַנט? אַזוי ענטפערט זי. „דו מײנסט, זאָג איך, אַז איך ווײס ניט, אַז דו האַלטסט מיט זײ, אַז דו ביזט מיט זײ יד־אחת, זאָג איך, אַז סע וואַקסט אײנגאַנצען פון דיר?" זי שווײַגט, ענטפערט ניט דאָס אַנדערע וואָרט. וואָס קאָן זי מיר, אַשטײַגער, ענטפערען, אַז זי פּיהלט, אַז איך בין גע־רעכט? זי ווײסט, אַז סע פאַרדריסט מיך. פאַר וואָס קומט מיר — פאַר מײַן גוטסקײט, מע זאָל מיר אַזוי צאָהלען? בין איך אײַך ניט אויסען.

נאָר איהר מײנט אודאי, איהר זענט שוין פאַרטיג? האַרט אוים, איהר וועט נאָך האָרכען שענערס.

בקיצור, ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ יאָהר, בריוולעך שרײַבען זײ, נאָר פון געלט דערמאַנען זײ ניט אַ וואָרט. פּלוצים קומט מיר אָן אַ מזל־טוב — זי האָט געהאַט אַ יונגעל און מע רופט אונז אויף'ן ברית! רוף איך מיך אָן צו מײַן ווײַב: „מזל־טוב דיר מיט דײַן נחת, אײַן אָנגעלעגטער ברית, זאָג איך, און אַ נאָמען נאָך דײַן שענעם שוואָגעריק"... ענטפערט זי מיר ניט, נאָר זי ווערט בלײך ווי די וואַנט, טהוט זיך אָן און געהט אַוועק פון שטוב. קלער איך מיר: מסתּמא וועט זי באַלד קומען. איך וואַרט אַ שעה, איך וואַרט צווײ, איך וואַרט דרײַ, איך וואַרט פיער, ס'איז שוין פאַרנאַכט, ס'איז שוין שטאָק־נאַכט — ניטאָ זי! אַ שענע מעשה, נאָר אַ קורצע! וואָס טויג אײַך — זי איז אַוועקגעפאָהרען צו זײ, און פון דעמאָלט אָן, שוין באַלד צווײ יאָהר, זי קומט ניט

צוריק און הויבט גאָר ניט אָן צו קלערען מכח קומען אהיים! האָט איהר געהערט אמאָל אזא מעשה? פריהער האָב איך געוואָרט, טאָמער וועט זי מיר שרייבען א בריוועל. און אז איך האָב געזעהען, זי שרייבט ניט, האָב איך איהר אוועקגעשריבען א בריוועל, און שרייב איהר: „היתכן? וואָס פאַר א פנים האָט דאָס פאַר דער וועלט?!" ענטפערט זי מיר, אז איהר וועלט איז דאָרטען, ביי איהרע קינדער — איהר הערט ווערטער? אז דאָס אייניקעל, וואָס איז געבוירען געוואָרען, — ער הייסט דוקא הערשעלע, נאָך מיין ברודער הערשעל — איז ביי איהר טייערער פון אכצעהן וועלטען. ס'איז אזא הערשעלע, זאָגט זי, וואָס מע קריגט דאָס ניט, מע זאָל אויספאָהרען די גאַנצע וועלט פון איין עק ביז'ן אנדערען. און ווינשעוועט מיר, איך זאָל זיך עלטערען אין עושר און אין כבוד אליין אָהן איהר — איהר הערט ווערטער?...

שרייב איך דאָך איהר נאָך א מאָל און נאָך א מאָל, און זאָג איהר מיט'ן הארבען וואָרט, אז איך וועל ניט שיקען קיין גראָשען! ענטפערט זי מיר, אז זי דאַרף ניט מיין געלט — איהר הערט ווער־טער? שרייב איך איהר ווידער אוועק א בריעף, אז איך בין זיי אלע מעביר־נחלה און וועל אָפּזאָגען דאָס גאַנצע געלט אויף עולמות! פוילט זי זיך ניט און ענטפערט מיר אָפּ, אז זי האָט צו מיר קיין טענות ניט — איהר הערט ווערטער? אז זי לעבט דאָר־טען ביי די קינדער מיט כבוד, הלואי ווייטער ניט ערגער, וואָרום פייסי איז שוין אריין אין אוניווערזיטעט און רייזעל איז שוין באַלד איין אקושאָרקע. זיי פאַרדיענען שוין אזוי גרויס, ווי זיעבעציג קאַרבען א חודש — איהר הערט ווערטער? און מכח מעביר־נחלה זיין, זאָגט זי, מעג איך מיין גאַנץ פאַרמעגען אוועקשענקען אפילו היינטיגען טאָג וועמען איך וויל, אפילו אויף א קלויסטער — איהר הערט ווערטער? און לאָזט־אויס, אז איך בין א ריינער משוגע'נער. די וועלט, זאָגט זי, שטעקט מיך ארום מיט פעדערען פאַר דער מעשה, וואָס איך האָב אָפּגעטהאָן. „וואָס איז דאָ, זאָגט זי, דער אומגליק? וואָס דיין ברודער'ס זוהן האָט גענומען מיין

שוועסטער׳ס טאָכטער? וואָס שטעהט דיר דאָ אזוי ניט אָן, דו נארישער לעקיש?" — איהר הערט ווערטער? „דו זאָלסט, זאָגט זי, זיין דאָ און א קוק טהון אויפ׳ן קינד, אויף הערשעלען, ווי ער ווייזט מיט׳ן פינגער אויפ׳ן זיידענ׳ס פאטרעט און מאכט „דיע־דיא", וואָלסט דו זיך, זאָגט זי, אליין געגעבען דריי פעטש" — איהר הערט ווערטער? אזוי שרייבט זי מיר פון דאָרטען. בין איך אייך ניט אויסען...

נו, באדארף מען ניט זיין שטארקער פון אייזען? ווי מיינט איהר, ברענט דאָס מיך, אשטייגער, אז איך קום צו געהן אהיים און דרעה מיך ארום איינער אליין צווישען די פיער ווענט? איך הויב מיך אָן בארעכענען: וואָס איז מיין לעבען, איך בעט אייך, אויף דער וועלט? פאר וואָס קומט מיר אזא סוף? פאר וואָס קומט מיר אזא־נ־עלטער? פאר וואָס און פאר ווען? פאר מיין גוטסקייט? פאר מיין פאָדלע ווייכען כאראקטער?... האָט קיין פאראיבעל ניט: אז איך הויב אָן רעדען דערפון, איז פאר דאָ־סאדע שטעלען זיך מיר טרערען, און איך קאָן ניט, איך קאָן ניט רעדען!

אוי, מע טאָר ניט זיין קיין גוטער. הערט איהר? מ ע ט אָ ר נ י ט ז י י ן ק י י ן ג ו ט ע ר!

ע נ ד ע ג ע ש י כ ט ע נ ו מ ע ר פ ע ר צ ע ה ן.

בעשיכטע נומער פופצעהן

# אַ נשר״ת

געשריבען אין יאָהר 1903.

געשיכטע נומער פופצעהן

# אַ נשרף

— אונזערע אידען — הער איך דרש'ענען אַ אידען הינטער מיינע פּלייצעס און פּאַסאַזשירען הערען איהם צו — אונזערע אידען, הערט איהר, ס'איז דאָך ניט שייך צו זאָגען, גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד, ס'איז איין עמא פּזיזא — וואָס איז די טייטש? — מיט אַ אידען איז נאָר גוט קוגעל עסען, דאַוונען פון איין סידור, און ליגען אויף איין בית־הקברות, און אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

איהר פרעגט, וואָס בין איך אַזוי אָנגעדרודעלט און וואָס ליאַפּע איך אַזוי אויף אידען? איהר זאָלט האָבען אויף זיך מיין פּעקעל און אידען זאָלען אייך אַזוי טהון, ווי מע טהוט מיר, וואָלט איהר אָנגעחאַפּט מענטשען אין די גאַסען, אָדער איהר וואָלט גע־שלאָגען מיט אַ שטעקען! נאָר גאָרניט, איך בין אַזאַ איד, וואָס קאַטאָרע איך האָב פיינט קריעגען זיך מיט אַ וועלט. איך געה תמיד מיט דעם גאַנג: לאָז מיינס איבערגעהן, אָדער ווי שטעהט דאָרט: עולם כּמנהגו — וואָס איז די טייטש? — לאָז זיך מיט זיי גאָט רעכענען, און אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

הערט אַ מעשה: איך בין אַליין, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ באָהסלעוועער, פון אַ קליין שטעדטעל פון באָהסלעוו, אַ קליינס, נאָר

א וואוילס, פון די שטעדטלעך, וואָס מע זאָגט אויף זיי, אַז מע זאָל זיי געדיכט זייהען און שיטער אויפגעהען; פון די שטעדטלעך, וואָס אַז מע וויל עמיצען רעכט באַשטראָפען, זאָל מען איהם ניט פאַרשיקען קיין סיביר — פּע! — צו אונז קיין באָהסלעוו זאָל מען איהם פאַרשיקען, און מאַכען איהם פאַר אַ קרעמער, און געבען איהם קרעדיט, ער זאָל קאָנען רעכט אָנזעצען, און נאָכדעם זאָל ער האָבען אויף זיך אַ שׂרפה, פאַרברענט ווערען מיט האַק און פּאַק, ניט ארויסצוראַטעווען אַ פאָדעם, און באָהסלעווער אידען זאָלען זאָגען, אַז דאָס האָט ער אַליין געמאַכט „בורא מאורי האש“, בכדי... איהר פאַרשטעהט דאָך שוין מסתמא, וואָס באָהסלעווער אידען קאָנען אויסטראַכטען און קאָנען זאָגען און טאַקי אַוועקשרייבען אַהינצו, וואו מע באַדאַרף, און אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

דערפון קאָנט איהר שוין פאַרשטעהן, מיט וועמען איהר האָט צו טהון; איהר האָט צו טהון מיט איין אומגליקליכען מענטשען, וואָס איז דריי מאָל אומגליקליך, מיט אַ מענטשען, וואָס האָט אויף זיך אַ דרייענדיג פּעקעל: ערשטענס, בין איך אַ איד, צווייטענס, בין איך אַ באָהסלעווער איד, און דריטענס, בין איך אַ באָהסלעווער איד אַ נשׂרף, און נאָך וואָס פאַר אַ נשׂרף — פון די אמת'ע „פרים הנשרפים“, וואָס אין סידור! איך בין, הייסט עס, היינטיגס יאָהר אָפּגעברענט געוואָרען. ווי אַזוי, מיינט איהר? ווי אַ שטרויענער דאַך! איך בין ארוים ממש בחרבי ובקשתי — וואָס איז די טייטש? — ווי די מאַמע האָט מיך געהאַט. און ווי סע פיהרט זיך, באַדאַרף איך מסתמא יענע נאַכט אַקוראַט ניט זיין אין דער היים! וואו בין איך געוועזען? איך בין געוועזען ניט ווייט פון אונז, אין טאַראַשטשע בין איך געוועזען, ביי מיינער אַ שוועסטער אויף אַ קנס־מאָל בין איך געוועזען. געוועזען זעהר אַ פיינער קנס־מאָל, מיט אַ סעודה, מיט זעהר פיינע געסט, ניט באָהסלעווער פאַרכעס. איהר קאָנט פאַרשטעהן, אַז מע האָט אויסגעטרוקען אָנדערהאַלבען עמער בראָנפען, אחוץ ביער און אחוץ

וויין. קורץ, מע האָט פֿאַרבראַכט די צייט כּדבעי — וואָס איז די טייטש? — ווי גאָט האָט געבאָטען. פּלוצים קומט מיר אָן א דעפּעש: „זשענא באָליען, דיעטי באָליען, טיאָשטשא באָליען, אָטשעם אָפּאַסנע!" האָב איך דאָך מסתּמא געחאַפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און הלך משה־מרדכי אהיים! איך קום אהיים — א חתונה! ניט קיין שטוב, ניט קיין קלייט, ניט קיין סחורה, ניט קיין קישעלע, ניט קיין העמד אויפ'ן לייב. בגפּו יבוא בגפּו יצא — וואָס איז די טייטש? — געווען איין אָרעמאַן און אַרויס איין אביון... דאָס ווייב נעבאָך וויינט, די קינדער — אויף איהר קוקענדיג, נישטאָ וואו דעם קאָפּ אַנידערצולעגען. א שטיקעל גליק האָטש, וואָס ס'איז געווען געסטראַכירט, און גוט געסטראַכירט, און דאָ, פֿאַרשטעהט איהר מיך, ליגט דער הונט באַגראָבען... נאָר דאָס אליין וואָלט נאָך געווען א האַלבע צרה. איז אָבער געווען דער גאַנצער אומגליק, וואָס דאָס מאָל איז געווען ניט דאָס ערשטע מאָל; מחמת איך האָב שוין, דאַרפֿט איהר וויסען, אמאָל, ניט היינט געדאַכט, געברענט, אויך ביינאַכט איז דאָס געווען, און אויך בשעת איך בין ניט געווען אין דער היים. נאָר דעמאָלט איז דאָס, דאַנקען גאָט, אָפּגעלאָפֿען גלאַט: געקומען דער אינספּעקטאָר, איבערגעשריבען די געברענטע שמאַטעס, אָפּגעשאַצט דעם היזק, זיך אויסגעגלייכט, פֿיין, שען, א רענדעל אַראָפּ, א רענדעל אַרויף, און א רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

איז דאָס געווען איין מאָל א מעשה. איצטיגס מאָל אָבער האָט מען מיר צוגעשיקט איין אינספּעקטאָר, זאָל גאָט שומר ומציל זיין אַלע אידען! א רשע מרושע! און אויף מיין גליק — א נקי־כּפּים'ניק, ער נעמט ניט!... האָט איהר געהערט א מעשה? — ער נעמט ניט, און גנה מאַך! זוכט ער און נישטערט און גריבעלט און גראָבט, וויל זיך דערביווען, איך זאָל איהם קלאָר מאַכען, ווי אזוי האָט דאָס געברענט, און פֿון וואַנען? און וויפֿיעל איז פֿאַר־ברענט געוואָרען? און פֿאַר וואָס איז ניט געבליבען קיין שריד ופּליט? קיין סליד אפילו?... „אָ, זאָג איך, מיין טענה!... איך

טענה אויך דאָס אייגענע! געהט, זאָג איך, פרעגט בײ'ם רבונו־של־עולם"... „ס'איז ניט גלאַט, זאָגט ער, מיינט ניט, אַז אַזוי גיך נעמט איהר בײ אונז געלט"... געפעלט אייך אַ ביסעל אַ חכם? ער שרעקט די גענז. פונקט ווי דער סליעדאָוואַטעל אונזערער וויל מיך חאַפּען בײ דער צונג, דערטאַפּט אַ מלופפום־קינד: „סקאַזשי־נאָ, מאָשקע, זאָגט ער צו מיר, סקאַזשי מניע, ליובעזנעי, אָטטשעוואָ טי קאַזשדי ראַז גאָריש?" — דאָס הייסט, איך זאָל איהם געהן זאָגען, וואָס איז דער שכל, וואָס איך ברען אַלע מאָל? „אָט פּאָזשאַרא, זאָג איך איהם, וואַשע בלאַהאָראָדיע" — פון אַ שרפה ברען איך... „פאַר וואָס האָסט דו, זאָגט ער, עפּיס גראָד געסטראַכירט פריהער מיט צוויי וואָכען, איידער דו האָסט געברענט?" „וואָס דען, זאָג איך, האָסט דו געוואָלט, פריץ, איך זאָל סטראַכירען מיט צוויי וואָכען שפּעטער?"... „פאַר וואָס, זאָגט ער, ביזט דו גראָד ניטאָ אין דער היים, בשעת דו ברענסט?" „נו, און אַז איך זאָל זיין אין דער היים, זאָג איך, בשעת מעשה, וואָלט דיר שוין געווען גרינגער?"... „פאַר וואָס, זאָגט ער, האָט מען דיר געטעלעגראַפירט, אַז די קינדער זענען שלאָף, און דאָס ווייב איז שלאָף, און די שוויעגער איז פאַרביי?" „בכדי, זאָג איך, איך זאָל קומען צו פאָהרען וואָס גיכער"... „פאַר וואָס האָט מען דיר ניט געשריבען בעסער דעם אמת?" „בכדי, זאָג איך, איך זאָל מיך ניט דערשרעקען"... „אויב אַזוי, מאַכט ער צו מיר, פאַרשטעה איך שוין, וואו איך האַלט מיט דיר. זאָלסט וויסען זיין, זאָגט ער, אַז איך זעץ דיך איין". „פאַר וואָס און פאַר ווען? — זאָג איך. — וואָס האָסט דו צו מיר? דו נעמסט, זאָג איך, אַ מענטשען, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיג, און מאַכסט איהם אומגליקליך! ס'אַ קונץ, זאָג איך, קוילען? ווילסט קוילען — קוילע! דו פאַרגעסט, זאָג איך, אַז ס'איז פאַרהאַן אַ זאַקאָן און ס'איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט"... איז ער געוואָרען אָנגעצונדען: „דו רעדסט נאָך מיט גאָט? דו אַזעלכער און אַזעלכער!"... נאָר וואָס הער איך איהם, אַז איך בין ריין, ריין ווי

גינגאָלד, ווי זאָגט ער: אַל תּהי בז לכל בשר — וואָס איז די טייטש? — אַז מע עסט ניט קיין קנאָבעל, הערט זיך ניט נאָך, און אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

וואָלט געווען גוט; איז דאָך אָבער באַהסלעוו! קאָן עפּיס אַ באַהסלעווער איד ליידען, אַז יענער זאָל נעמען אומזיסט געלט? האָט מען זיך צעלאָזט מיט פּאַפּיערען, מיט מסירות הייסט דאָס. אַ סך האָבען אוועקגעשריבען דורך דער פּאָסט, און אַ סך האָבען זיך אַליין מטריח געווען מיט זייער כּבוד אין דער „אָבשטשעסטווע" אריין, מיך גע'מסר'ט, אַז דאָס האָב איך אַליין געמאַכט „בורא מאורי האש"... איהר הערט, שקצים קאָנען?... אַז דאָס בין איך אומיסטנע אוועקגעפאָהרען יענע נאַכט פון דער היים, בכדי... איהר פאַרשטעהט, הולטאַיעם קאָנען?... און אַז ס'איז ביי מיר קיינמאָל ניט געווען, זאָגען זיי, אַזוי פיעל סחורה, וויפיעל איך ווייז־אָן, און אַז די חשבונות מיט די ביכער, וואָס איך האָב צוגע־שטעלט, זענען פאַלשע חשבונות, און זיי וועלען דאָס אויפווייזען, זאָגען זיי, מיט אותות ומופתים, מיט המנ'ס מסירות, מיט... מיט... מיט אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

נאָר ווער הערט זיי, איך בעט אייך, אַז איך בין פאָרט ריין, ריין ווי גינגאָלד?... מילא, דאָס וואָס זיי זאָגען, אַז איך אַליין האָב געמאַכט „בורא מאורי האש", איז דאָך גלאַט בלאָטע. אַ מינדסט קינד פאַרשטעהט דאָך, אַז מע וויל שוין אָפּטהון אַזא זאַך, טהוט מען דאָס ניט אַליין. סע געפינט זיך שוין אַזעלכער, אַ שליח פון די „מלאכי־השרת", וואָס ער טהוט דאָס אָפּ פאַר אַ דרייערעל... וואָס? ניט אַזוי? ווי אַזוי איז ביי אייך?... און דאָס וואָס זיי זאָגען, אַז איך בין אומיסטנע אוועקגעפאָהרען פון דער היים, איז אַ שטות'עריי. ס'איז פאָרט געווען אַ קנס־מאָל ביי מיין שוועסטער. איך האָב איינאונאיינציגע שוועסטער אין טאַראשטשע, מאַכט זי חתונה די מיטעלסטע טאָכטער, זאָל איך נישט פאָהרען אויפ'ן קנס־מאָל? טאַקי אַ יושר? איך פרעג אייך אַליין: ווי וואָלט געווען, אַשטייגער, ווען איהר האָט איינאונאיינ־

ציגע שוועסטער, און זי טהוט א שידוך מיט דער מיטעלסטער טאָכטער, וואָלט איהר געזעסען אין דער היים און נישט געפאָהרען צו דער שוועסטער אויפ'ן קנס-מאָל? ניין, וואָס שווייגט איהר? צי, אשטיינגער, איך זאָל זיין א נביא און טרעפען, אז גראָד דער-מאָלט, ווען מיין שוועסטער אין טאראשטשע טהוט א שידוך מיט דער מיטעלסטער טאָכטער, וועט ביי מיר אין באָהסלעוו זיין א שרפה! א גליק חאָטש, וואָס איך האָב געסטראָכירט. און גע-סטראָכירט האָב איך טאָקי איבער די היינטיגע שרפות. קומט דער זומער, איז נישט אויסצוהאַלטען פון די שרפות, וואָס אין די קליינע שטעדטלעך. איין שרפה נאָך דער אנדערער. אָדער אין מיר א שרפה, אָדער אין באָברויסק, אָדער אין רעטשיצע, אָדער אין ביאַליסטאָק — דער עולם ברענט!... האָב איך מיך מיישב געווען: כל ישראל חברים — וואָס איז די טייטש? — אלע אידען ברענען; נו, איז וואו בין איך? וואָס באדארף איך, שוטה בן פיקהאָלץ, שטעהן אין ריזיקע מיט א קראָם, פארלאָזען זיך אויף נסים, אז איך קאָן זי פארסטראָכירען? נו, און וויבאַלד סטראָכירען, פאר וואָס זאָל איך שוין ניט סטראָכירען ווי סע געהער צו זיין? ממה נפשך, אז עסען חזיר, זאָגט ער, לאָז חאָטש רינען איבער'ן באָרד. דער רוח וועט די „אָבשטשעסטווע" ניט נעמען, און איבער מיינע עטליכע קערבלעך וועט זי אָרעמער ניט ווערען, און א רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

בין איך מיר אוועקגעגאַנגען גאַנץ פיין צו מיין אגענט און זאָג איהם: „הער נאָר אויס, זיינוועל, אזוי און אזוי איז די מעשה. דער עולם ברענט, למאי זאָל איך שטעהן אין ריזיקע? איך וויל, דו זאָלסט מיר פארסטראָכירען מיין קראָם". „טאָקי באמת?" — מאַכט ער און קוקט אויף מיר מיט א מאָדנע שמייכעלע. „וואָס שמייכעלסט דו, זאָג איך, ווי א פגר אומגעוואַשען?" „איך האָב, זאָגט ער, הנאה און סע טהוט מיר באַנג". „וואָס הייסט, זאָג איך, דו האָסט הנאה און סע טהוט דיר באַנג?" „באַנג טהוט מיר, וואָס איך האָב אייך, זאָגט ער, איינמאָל געסטראָכירט. און

הנאה האָב איך, וואָס דאָס אַנדערע מאָל וועל איך אייך שוין ניט סטראַכירען". „וואָס איז די מעשׂה?" — זאָג איך. „אַזוי, זאָגט ער, ווייל איהר האָט מיך איינמאָל אָפּגענאַרט". „ווען האָב איך דיך אָפּגענאַרט?" „דעמאָלט, ווען איהר האָט געברענט". „זאָג חאָטש „ניט היינט געדאַכט", דו גראָבער יונגאַטש!" „ניט היינט געדאַכט, ניט דאָ געדאַכט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט!" — זאָגט ער און לאַכט מיר גלייך אין פּנים אַריין. אַ שייגעץ קאָן!... מאָהלט אייך, איך האָב אָפּגעזוכט איין אַנדער אָרט אויף צו סטראַכירען. אַ גרויסע דאגה! המכּלי אין פּגרים במצרים — וואָס איז די טייטש? — קאַרג אַבשטשעסטוועס פּארהאַן ביי אונז? טאַטעניו! אַגענטען, ווי די הינט! האָב איך דערטאַפּט אַ יונגענמאַן, וואָס איז נאַר־וואָס אַראָפּ פון קעסט און איז גע־וואָרען איין אַגענט פון איין „אָבשטשעסטווע" און זוכט אַרבייט. נו, ווי פאַרשטעהט איהר, מסתּמא האָט ער מיך פאַרסטראַכירט, און טאַקי אויף עשרת אלפים רו"כ — פאַר וואָס ניט? איך בעט אייך, סע שטעהט מיר ניט אָן צו האָבען נאָך מעהר ווי פאַר צעהן טויזענט שמאַרדאָוועגצעס סחורה אין קלייט? „טאָוואַר וואָבאָ־ראָטי" — וואָס איז די טייטש? — היינט איז ניטאָ, מאָרגען איז פּאַרהאַן... אַי, זיי זאָגען איצט, די באָהסלעווער אידען, הייסט עס, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט אַזוי פיעל סחורה? ווער הערט זיי? לאָזען זיי געהן דערוווייזען, לאָזען זיי זאָגען, לאָזען זיי רעדען, לאָזען זיי בילען, לאָז אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

דאָס גליק איז געוועזען, וואָס בשעת מעשׂה, בשעת איך האָב געסטראַכירט, האָט ביי אונז אין באָהסלעוו קיינער ניט געוואוסט פון דער מעשׂה, איז טאַקי דערפאַר אָפּגעלאָפען די מעשׂה גלאַט... און ערשט נאָכדעם, אַז עס האָט זיך געמאַכט דאָס אומגליק, איך בין אָפּגעברענט געוואָרען דאָס אַנדערע מאָל, הייסט עס, האָבען אחינו בני ישׂראל באַלד אַ וואָרף געטהאָן זיך צו די אַגענטען: וואו איז געוועזען געסטראַכירט? און ווען איז געוועזען געסטראַכירט?

און אויף וויפיעל איז געווען געסטראכירט?... און אז מע איז געוואָהר געוואָרען, אז אויף צעהן טויזענט, איז געוואָרען אַ רעש — הימעל עפען זיך! סטייטש, צעהן טויזענט? ! משה־מרדכי וועט נעמען צעהן טויזענט קארבען!... האָב אייך אַבציג שווארצע יאָהר! וואָס אהרט אייך, אז משה־מרדכי וועט נעמען צעהן טויזענט? וואָס האָט איהר מורא, טאָמער פארדיענט חלילה משה־מרדכי אַ קערבעל? און ווי וואָלט געווען פארקעהרט, ווען משה־מרדכי זאָל דארפען דערלעגען צו דער שרפה, וואָלט איהר איהם אומגעקעהרט?... אַ קליינינקייט באָהסלעוו! איהר שפּיעלט זיך מיט באָהסלעוו? אַ שטאָדט פון גאָלע עהרליכע לייט! צדיקים! קאָנען קיין עולות ניִשט פארטראָגען!... דאכט זיך, איך ווייס? מע זעהט פאר זיך אזא אומגליק, יענער שפּרינגט־ארוים קוים מיט די נפשות, האָט אזא היזק!... און אז ער האָט ניט אזא היזק, איז וואָס? מאָהלט אייך, די מכּות מעג זיך זיי זעצען, וויפיעל איך וועל דאָ פארדיענען מעהר... מיין איך ווינציגער ווי צעהן טויזענט! נו, בכן? און אפילו איך זאָל דאָ פארדיענען די גאנצע צעהן טויזענט, איז וואָס? וואָס?... ווענען באדארף דאָס ווער טהון דער קאָפּ?... יענער ברענט — לאָז ער ברענען! ברענט אויך, ווערט פארברענט!... אריינגעהן אין יענעמ'ס פּאָלאָזשעניע, טאָמער איז גאָר אַ מצוה? טאָמער איז גאָר יענער אַ מטופּל מיט קינדער? טאָמער האָט יענער אַ טאָכטער חתונה צו מאכען, אַ קינד אַ גאָלד, אַ געראָטענע און מיט אלע מעלות? טאָמער האָט יענער קוים דערלעבט און האָט ניט אויף קיין שדכנות צו באַצאָהלען אפילו? טאָמער האָט יענער אַ יונגעל אַ זעלטענעם קאָפּ, וואָס רייסט זיך, וויל נעבאך לערנען, און ס'איז ניטאָ מיט וואָס? טאָמער מוטשעט זיך יענער, ציהט פון זיך די קליי, צוליעב וואָס? צוליעב ווייב און קינדער! — דאָס וויל קיינער ניט בארעכענען! איטליכער רעכענט מיך נאָר אָפּ פון דער זייט, אולי ירחם — וואָס איז די טייטש? — טאָמער חלילה פארדיען איך דאָ! און למאי זאָל איך פארדיענען? און אַ רוח אין זיי אין טאטען, און גאָרניט!...

נאָר וואָס דען? איך וועל אײַך זאָגען דעם אמת. מילא, אז די קרעמער פאַרגינען מיר ניט, איז חאָטש ניט אזוי פאַרדראָסיג: אָרעמעלייט זענען מקנא, למאי איך נעם געלט און זיי ניט; אָבער מיט די נגידים וואָס געהער זיך דאָס אָן? מעהר פון אַלע־מען ברענט מיך אויף אונזער גביר'ס זוהנדעל. אונזער גביר האָט אַ זוהנדעל, הייסט ער „משה חכם מה הוא אומר" — אַ וואויל אידעל, אַ וואַרעמס, אַ קלוגער יונגאַטש און אַ ווייך הערצעל, האָט פיינט פּראָצענט, אַ ווילדער בעל־צדקה און אַ בעל־יושר און גלאַט אַ פיין מענטשעל... אַלע מאָל, ווען ער דערזעהט מיך, שטעלט ער מיך אָפּ: „וואָס הערט זיך עפּיס מיט אייער פּעקעל? איך האָב, זאָגט ער, געהערט, אז איהר האָט נעבאַך געהאַט אַ גרויסען היזק!"... און בשעת מעשה לעגט ער אַריין די הענט אין די קעשענעס, שטעלט־אַרוים דאָס בייכעל, קוקט מיט בהמה'שע אויגען און מאַכט אזאַ פּנים, אז סע גלוסט זיך איהם געבען פּעטש, אוי גלוסט זיך!... נאָר מע מוז שווייגען. וואָס זאָל מען טהון? פּשוט, זאָגט ער, נבלה ואל תצטרך — וואָס איז די טייטש? — אַ קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטעהן... לאָז נאָר גאָט געבען, ס'זאָל שוין אָפּלויפען די סליעדסטווע, איך האָב אויף זיך אַ סליעדסטווע האָב איך, אַלע מאָל רופט מען מיך צום סליעדאָוואַטעל, אַלע מאָל איין אַנ־דער שאלה... חאָטש סע אַהרט מיך, ווי דער פאַראַיאָהריגער שניי, וואָרום וואָס, משטיינס געזאָגט? וואָס הער איך זיי, אז איך בין ריין, ריין ווי גינגאָלד?... דערווײַלע, ביז עפּיס וואָס, האָט מען ביי מיר גענומען אַ חתימה, אז איך טאָר ניט אָפּפאָהרען פון דער היים, און איך פאָהר דוקא אַרום, ווי איהר זעהט מיך, טאָג ווי נאַכט, די באָהסלעווער אידען אויף־צו־להכעים! כל דכפין ייתי ויצרך — וואָס איז די טייטש? — ווער עס וויל, לאָז ער מיר נאָכפאָהרען, און לאָזען זיי מיך לאָדען צום ונתנה־תוקף, און אַ רוח אין זיי אין טאַטען, און גאָרניט!...

קעהרט איהר אפשר מיינען, וויבאַלד איך האָב אויף זיך אזאַ פּעקעל, וויל מסתמא די „אָבשטשעסטווע" מיט מיר ניט אָפּענ־

דיגען פאַר דער שרפה? אַזוי פיעל מכּות זאָל זיך זעצען דעם באַהסלעווער גביר'ס זוהנדעל אויף זיין נאַריש פּנים, וויפיעל טוי־זענטער איך קאָן ביי זיי נעמען! אַי, וועט איהר דאָך פרעגען: פאַר וואָס נעם איך ניט? — ע! קענט איהר דאָך מיך ניט! איך בין, דאַרפט איהר וויסען, אַ איד אַ גזלן; ניט אַזוי גיך בייסט מען מיך איין. איך געה מיר מיט מיין גאַנג: אַז וויבאַלד החילות לנפול — וואָס איז די טייטש? — אַז עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, איז נפול תּפול — וואָס איז די טייטש? — לאָז זיך עס געהן ווי סע געהט זיך... אַי, די סליעדסטווע? די סליעדסטווע איז אַ סליעדסטווע! וואָס האָב איך מורא, אַז איך בין פאַרט ריין, ריין ווי גינגאָלד?... ס'איז נאָר שלעכט דערווייל, וואָס סע וואַקעוועט זיך מיין געלט אומזיסט, און וואָס איך בין דער־ווייל געענגט, איך ווער שיער ניט דערוואָרגען פאַר ענגשאַפט! אָט דאָס איז ביטער! ס'איז אָבער טאַקי אַ פאַרדראָסיגע זאַך, כלעבען: דאָס געלט, וואָס איך דאַרף נעמען, וועל איך דאָך נעמען, עס וועט זיך זיי דען עפּים העלפען? היינט למאַי זאָל מען מיך ציהען אומזיסט־אומנישט? גיט מיר אָפּ מיין געלט, טענה איך, מיין געלט גיט מיר אָפּ! רוצחים, וואָס האָט איהר צו מיינע קינ־דער? — טענה איך. — איך וויל דען עפּים ביי אייך אַ סך? גיט מיר אָפּ מיינע צעהן טויזענט קערבלעך, מיינע קינדער'ס געלט — ס'איז דען מיין געלט? ס'איז מיינע קינדער'ס געלט! גיט מיר אָפּ מיינע קינדער'ס געלט, און לאָזט מיך צו־רוה, און לאָז דאָס האָבען איין עק, און אַ רוח אין אייער טאַטען, און גאָרניט!...

נאָר וואָס העלפט טענה'ן? וואָס העלפט שרייען? דערווייל איז שלעכט, שלעכט, ביז'ן עק אריין שלעכט! פון געשעפט אָפּ־געשלאָגען זיך, חתונה אָפּגעשטעלט, נדן איז ניטאָ, קינדער לערנען דאַרף מען, געלט קאָסט, ברוך השם, אַלע טאָג, מע ברענגט זיך אויס. היינט די יסורים! מע שלאָפט דען? מע הויבט ניט אָן צו שלאָפען! מע האָט טאַקי קיין מורא ניט; וואָרום וואָס האָב

איך מורא צו האָבען, אַז איך בין פאַרט ריין, ריין ווי גינגאָלד? נאָר גאָרניט, מע איז דאָך ניט מעהר ווי א מענטש, עס געהען דורך אַלערליי רעיונות, מחשבות: ס׳איז א סליעדסטווע, מיט א פּרעקאָראָר, מיט באָהסלעווער אידען, וואָס ווילען אייך געהן עדות זאָגען און שווערען, אַז זיי האָבען אייך אַליין געזעהען ארומגעהן ביינאַכט מיט א הבדלה אויפ׳ן בוידעם... איהר שפּיעלט זיך מיט באָהסלעווער אידען? גלויבט מיר, ס׳איז פאַרהאַן ביי אונז איינער א דוד־הערש — זאָל איך עס פאַרדיענען אַלע וואָך מיט אייך אינאיינעם, וואָס דער דוד־הערש קאָסט מיך שוין לאַ־יחרץ־געלט! און דוקא א גוטער ברודער, און דוקא א טאַטענ׳ס א קינד, און דוקא מיט א שמייכעלע, און דוקא מיט איין „אם־ירצה־השם" און מיט א „גאָט־וועט־העלפען", און מיט א רוח איהם אין טאַטען, און גאָרניט!...

הייגט פאַרשטעהט איהר שוין, וואָס באָהסלעוו איז? בין איך שוין גערעכט, וואָס איך בין אזוי אויפגעטראָגען אויף אונזערע אידען? וואַרט־צו, לאָז מיר נאָר גאָט העלפען, איך נעם־אָפּ מיינע עטליכע קערבלעך, וועל איך זיך שוין מיט זיי צערעכענען! קודם־כל בין איך מנדר אויף דער שטאָדט, איך קאָן ניט זאָגען וויפיעל, נאָר נישט ווינציגער וויפיעל אונזערע נגידים; איך וועל מיך שטעלען, מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, ווי דער שענסטער נגיד: איין עליה אין שוהל די שענסטע, מיט׳ן גרויסען „בעבור־שנדר־עשרה־פונט־נרות־על־בית־המדרש", ס׳זאָל קלינגען, און לאָזען זיי צעזעצט און צעשפּרונגען ווערען! פונ׳ם „בקור־חולים" און פון דער „תלמוד־תורה" שמועסט מען ניט: אין „בקור־חולים" אריין א האלב טוץ זאָגענע העמדער פאַר די קראַנקע, און אַלע תלמוד־תורה־יונגלעך שפּאָגעל־נייע ארבע־כנפות׳לעך... און ערשט נאָכדעם מאַך איך חתונה די טאָכטער מיינע. נאָר אַלץ הייסט חתונה! איהר קענט אודאי מיינען, אַז איך נעם גלאַט אזוי און מאַך חתונה, ווי אַלע אידען מאַכען חתונה? פע! קענט איהר דאָך מיך גאָר ניט, ווער איך בין! איך, אַז איך מאַך חתונה, מאַך איך

א חתונה, אשר לא חתונו אבותינו — מע האָט נאָך ביי אונז אזא חתונה ניט געהערט און ניט געזעהען! א שאַלאַש איבער'ן גאַנצען שוהל־הויף! כּלי־זמר קאָן איך באשטעהן דוקא פון סמילע! איין אָרעם־מאָהלצייט פאר דריי הונדערט אָרעמעלייט, מיט דער פיינער סעודה, מיט די גוטע קוילעטשלעך און מיט'ן רעכטען ביסעל בראָנפען, און מיט דער שענער נדבה, א פיטאַקעל אויף צווייען... און אויף דער חופּה־וועטשערע — דוקא די גאַנצע שטאָדט, אָבער טאַקי פון איין עק ביז'ן אַנדערען עק, און די שונאים, וואָס האָבען מיך געוואָלט דערטרינקען, דוקא אויבען־אָן, און דוקא לחיים, און דוקא א טאַנץ, און נאָך א טאַנץ, און נאָך א טאַנץ! שפּיעלט, כּלי־זמר, אויף וואָס די וועלט שטעהט, און לאָמיר, אידען, טאַנצען!... אָט אזא איד בין איך! איהר קענט מיך גאָרניט. הערט איהר, וואָס איך זאָג אייך? איהר הויבט מיך גאָרניט אָן צו קענען! איך, אז איך צעהוליע זיך, איז ביי מיר געלט בלאָטע — נאָך א קוואָרט בראָנפען און נאָך א קוואָרט בראָנפען, און תּמות נפשי עם פּלשתּים — וואָס איז די טייטש? — איהר זאָלט, קינדער, צעזעצט ווערען טרינקענדיג, און וואָן פון שטוב, און א רוח אין אייער טאַטענ'ס טאַטען, און גאָרניט!

ע נ ד ע ג ע ש י כ ט ע נ ו מ ע ר פ ו פ צ ע ה ן.

געשיכטע נומער זעכצעהן

# ניטאָ קיין מזל!

געשריבען אין יאָהר 1910.

געשיכטע נומער זעכצעהן

# ניטאָ קיין מזל!

---

— איהר רעדט פון גנבים? — רופט זיך אָן איינער איין אָפּגעפּוצטער פּארשוין מיט א רענצעל אין האנט, וואָס ער היט עס, ווי דאָס שווארצאפּעל פון'ם אויג (דאָס איז געווען ביינאכט אין וואָקזאל צווייטער קלאַס; מיר זענען געזעסען זאלבאדריט און געוואָרט אויפ'ן קוריער, וואָס האָט פּארשפּעטיגט אויף א שעה מיט א פערטעל, און גערעדט פון גנבים און גנבות). — פון גנבים רעדט איהר? גנבים לאָזט מיך. וואו האָט איהר אויף דער וועלט נאָך אזוי פיעל גנבות, ווי אין אונזער בראנזשע? א קלייניגקייט בריליאנטען? דער יצר־הרע פון בריליאנטען איז אזוי גרויס, אז צווישען די קונים גופא זענען פאראן גנבים. און ניט אזוי נאָך צווישען די קונים, ווי צווישען די קונה'טעס, צווישען די דאמען. מיר קוקען אויף יעדע דאמע, וואָס מיר קענען זי ניט, מיט זיעבען און זיעבעציג אויגען. און ניט אזוי גיך גנבה'ט מען ביי א יווועליר סחורה. איך קען מיך באריהמען, אז זינט איך בין א סוחר און האנדעל מיט בריליאנטען, האָט מען מיך נאָך קיינמאָל ניט באַ'גנבה'ט. נאָר אז ס'איז באשערט איין אומגליק, וועט איהר הערען וואָס סע קאָן זיך טרעפען.

איך אליין בין סך־הכל נישט קיין יוועליר. דאָס הייסט, א יוועליר בין איך, נאָר איך פארנעם מיך ניט מיט יוועלירעריי. איך בין ניט מעהר ווי א סוחר, וואָס האנדעלט מיט בריליאנטען. איך קויף און פארקויף בריליאנטען, צום מיינסטען, אנגרא, און, צום מיינסטען, אין דער פרעמד, אויף די ירידים, אָדער אזוי, אז עס מאכט זיך ערגיץ א קונה, נעם איך מיר מיין רענצעל, אָט דאָס־אָ, אין האנט, זעץ מיך אויף דער באהן און פאָהר.

דערווייל טרעפט זיך א מעשה, איך ווער געוואָהר, אז אין יעהופעץ איז דאָ א גביר, מאכט ער חתונה א טאָכטער. באדארף ער דאָך מסתמא בריליאנטען. איז אפילו, אז מע וויל שמועסען צוריק, איז אין יעהופעץ אויך פארהאן געננג יוועלירען, אפשר מעהר, ווי מע דארף. נאָר איינס צום אַנדערען קעהר זיך ניט אָן. עס מעג זיך זיין אכצעהנטויזענט יוועלירען, איהר גיט מיר נאָר אהער א קונה, וועל איך שוין ווייזען, ווער ס׳וועט לייזען געלט, איך צי זיי. פארקויפען בריליאנטען איז א מלאכה, וואָס מע דארף קענען. מע דארף וויסען, וואָס צו ווייזען, און ווי צו ווייזען, און וועמען צו ווייזען. איך דארף מיך פאר אייך ניט ארויסשטעלען, און בסך־הכל האָב איך פיינט באריהמעריי. נאָר אז איהר וועט א רעד טהון וועגען מיר מיט יוועלירען, וועלען זיי אייך אלע זאָגען, אז מיט מיר קאָנקורירען איז ניט גרינג. דאָרט, וואו איין אנדערער וועט לייזען א הונדערטער, וועל איך לייזען דריי. איך קען די מלאכה.

הכלל, פאָהר איך, הייסט עס, קיין יעהופעץ. מיטגענומען האָב איך מיט זיך, לאָז זיך אייך דאכטען, א היבש ביסעל סחורה, לאָמיר דאָס אלע פארמאָגען, וואָס ס׳האָט אנגעטראָפען, חאָטש ס׳איז אריין אין אָט דעם דאָזיגען רענצעל. און איך האָב מיך אוועקגעזעצט און זיץ. פארשטעהט זיך, אז זיצען זיץ איך אָנגע־שפארט הארט אויף מיין רענצעל, טרעט ניט אָפּ פון אָרט. און פון שלאָפען איז שוין אָפּגערעדט. אז מע פאָהרט מיט סחורה, שלאָפט מען ניט. מיט יעדען נייעם פארשוין, וואָס קומט־אריין

אין וואַגאָן אַריין, רייסט זיך מיר אָפּ אין האַרצען: אפשר איז דאָס אַ גנב? אויף דער נאָז שטעהט ניט אויפגעשריבען ביי קיינעם.

גאָט האָט געהאָלפען, אָפּגעפאָהרען אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ניט געגעסען, ניט געשלאָפען, געקומען קיין יעהופּעץ צום גביר, אַרויס מיט דער קראָם, גערעדט, גערעדט, זיך אָנגערעדט, ווי אַ פּויק, און, ווי דער שטייגער איז, געלייזט אַ מכה, ניט קיין געלט.

די גבירים, איך וויל אויף זיי קיין שלעכטס ניט רעדען, נאָר עס מעג אויף זיי קומען אַ גוטע חלירע. זיי קאָכען־אויס דאָס וואַסער. קוקען־אָן, טאַפּען־איבער יעדען אַרטיקעל, שפּיגלען זיך, צאַצקען זיך, און קומט צו עפּיס — אַ נעכטיגער טאָג. מילא, וואָס זאָל מען טהון? יאָ־געלייזט, ניט געלייזט, מע דאַרף לויפען ווייטער. טאָמער ווייסט איהר, וואָס וועט מען פאַרשפּעטיגען? גאָרניט, מע לויפט. חאַפּ איך מסתמא אַ דראָשקע און לויף צו דער באַהן. דערוויייל הער איך, עמיצער פון הינטען שרייט מיר: „פּעטער, פּעטער!” איך קוק מיך אום — אַ יונגערמאַן לויפט מיר נאָך, האַלט אַ רענצעל אין האַנט, פּונקט אַזאַ רענצעל ווי מיינס, און זאָגט צו מיר:

— אָט האָט איהר פאַרלוירען!...

אַ צרה, אַ שלאַק! דאָס איז דאָך מיין רענצעל! וואו? ווען? ווי אַזוי? אַז ס'איז באַשערט, האָט זיך עס אַרויסגעגליטשט ביי מיר פון דער האַנט, און אָט דער יונגערמאַן האָט דאָס אויפגע־הויבען — און גאָרניט, וואָס פרעגט איהר? איך נעם מיך צו מיין יונגענמאַן, איך קוועטש איהם די האַנט, איך דאַנק איהם: „אַ דאַנק אייך, גאָט זאָל אייך געבען, זאָג איך, געזונט און הצלחה. אַ דאַנק, זאָג איך, און נאָך אַ מאָל אַ דאַנק”. מאַכט ער צו מיר: „ניטאָ פאַר וואָס”. זאָג איך: „וואָס הייסט, ניטאָ פאַר וואָס? איהר האָט דאָך מיך, זאָג איך, ביי מיין לעבען דערהאַלטען. איהר האָט דאָך, זאָג איך, פאַרדיענט אַזאַ מצוה, אַז די וועלט מיט

יענער וועלט- איז פאַר אייך קאַרג. זאָגט מיר, זאָג איך, וויפיעל זאָל איך אייך געבען? זאָגט, שעמט זיך ניט". און איך וויל מיך אַ נעם טהון צו דער קעשענע. מאַכט ער צו מיר: „וויבאַלד איהר אַליין זאָגט, אַז ס'איז אַזאַ גרויסע מצוה, זאָגט ער, הייגט למאי זאָל איך זי, זאָגט ער, פאַרקויפען פאַר געלט?" דערהערט פון איהם אַזעלכע דבורים, האַפּ איך מסתמא אַרום מיין יונגענמאַן און הויב איהם אָן קושען: „גאָט אַליין זאָל אייך, זאָג איך, באַ־צאָהלען דערפאַר, וואָס איהר האָט מיט מיר געטהאָן! קומט האָטש אַריין מיט מיר, זאָג איך, וועלען מיר עפּיס נעמען אין מויל אַריין, זאָג איך, טרינקען אַ גלעזעל וויין". „אַ גלעזעל וויין, זאָגט ער, מהכהיתי, פאַר וואָס ניט?" און מיר זעצען זיך אויףביידע אויף דער דראָשקע, און ווער מיר באַהן? וואָס מיר באַהן? מיר פאָהרען שוין אין „קאַפע" עפּיס נעמען אין מויל אַריין.

געקומען אין „קאַפע", האָב איך גענומען אַ באַזונדער קאַבי־נעט, געהייסען דערלאַנגען פון כל טוב און אוועקגעזעצט זיך מיט'ן יונגענמאַן אַ ביסעל שמועסען. דער דאָזיגער יונגערמאַן, אויסער וואָס ער האָט מיך, מע קאָן זאָגען, ביי מיין לעבען דערהאַלטען, איז מיר גלאַט געפעלען געוואָרען. אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן — מיט אַ סימפּאַטיש פּנים, מיט טיפע, שוואַרצע, ערנסטע אויגען — אַ יונגערמאַן אַ גאָלד. און דערצו נאָך אַ שעמעוודיגער — סכנות. איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל זיך גאָר ניט זשענירען און זאָל זיך הייסען געבען צום טיש וואָס זיין האַרץ געלוסט, פון'ם שענ־קען און פון'ם בעסטען. און וויפיעל ער האָט זיך געהייסען געבען, האָב איך מסתמא געהייסען געבען צוויי מאָל אַזוי פיעל. און מיר האָבען גוט אויסגעטרונקען און רעכט פאַרביסען, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. חלילה ניט אויף אָנצו'שכור'ען זיך. אַ איד איז ניט קיין שכור. נאָר „ויהי כטוב לב המלך ביין", זאָג איך צו מיין יונגענמאַן: „איהר ווייסט האָטש, זאָג איך, וואָס איהר האָט מיט מיר געטהאָן? דאָס, וואָס איהר האָט מיר מציל געווען, זאָג איך, אַזאַ פאַרמעגען — פון דעם, זאָג איך, שמועסט

מען ניט. לאָמיר דאָס בײַדע, זאָג איך, פאַרמאָגען, וואָס איך בין אויף דער סחורה שולדיג. ס'איז פריהער גאָט'ס, זאָג איך, נאָכ־דעם פרעמדס. איהר האָט מיך פשוט, זאָג איך, דערהאַלטען בײַ מײַן כבוד און בײַ מײַן לעבען, וואָרום מײַנע קרעדיטאָרען, זאָג איך, ווען איך קום אַהיים אָהן דעם דאָזיגען רענצעל, וואָלטען געווים געמיינט, אַז דאָס איז עפּיס אַ מאַניפּאָרגע, וואָס אונזערע לײַט יוּוועלירער מאַכען אָפטליך. זיי זעצען־אָפּ דאָס ביסעל סחורה און לאָזען־אַרוים אַ קלאַנג, אַז מע האָט זיי באַ'גנבה'ט. מיר וואָלט, זאָג איך, הערט איהר, געקומען נאָר קויפען אַ שטריקעל און אויפהענגען זיך אויפ'ן ערשטען בוים! לחיים, זאָג איך, גאָט זאָל אײַך ממלא זײַן, ווי איהר ווינשט אײַך אַליין, זאָג איך, און זײַט מיר געזונט, זאָג איך, לאָמיר זיך צעקושען, וואָרום מע דאַרף, זאָג איך, פאָהרען". און איך געזעגען מיך אָפּ און איך צעצאָהל מיך אין „קאַפּע" און טהו מיך אַ חאַפּ צו מײַן רענצעל — וואָס מיר רענצעל? ווער מיר יונגערמאַן? ניטאָ!

און איך בין געפאַלען חלשות.

געפאַלען חלשות, האָט מען מיך געמינטערט. אָפּגעמינ־טערט — בין איך ווידער אַ מאָל געפאַלען חלשות. און אַז מע האָט מיך שוין גוט אָפּגעמינטערט, האָב איך ערשט דעמאָלט גע־מאַכט אַ גוואַלד, אויפגעהויבען די גאַנצע יעהופּעצער פּאָליציע אויף די פים, צוגעזאָגט אַ פעט שטיקעל, אַרומגעלאָפען מיט זיי אין אַלע גוטע ערטער, אויסגעזוכט אַלע מײַזענלעכער, זיך באַקענט מיט אַלע וועלט־גנבים — מײַן יונגערמאַן איז ווי אין דער ערד אַרײַן! איך בין שוין געבליבען אָהן כּחות, ס'איז מיר נמאס גע־וואָרען די וועלט. און איך האָב מיך אַוועקגעלעגט בײַ זיך אויף דער סטאַנציע אויף אַ בעטעל און טראַכט מיר, ווי אַזוי מאַכט מען אײַן עק מיט'ן לעבען? קוילען זיך מיט אַ מעסער? הענגען זיך אויף אַ שטריק? אָדער גאָר אַרײַנוואַרפען זיך אין דניעפּר אַרײַן? און אַזוי ווי איך ליג מיר פאַרטיעפט אין טרויעריגע מחשבות, הער איך, מע קלאָפּט. ווער איז? מע איז געקומען

מיך נעמען אין פּאָליציע: מע האָט געהאַפּט דעם פויגעל מיט'ן רענצעל, מיט דער גאַנצער סחורה!

דאַרף איך אייך דערצעהלען, וואָס מיט מיר איז געווען, אַז איך האָב דערזעהען מיין רענצעל מיט מיינע בריליאַנטען? איך בין ווידער אַ מאָל געפאַלען חלשות. ביי מיר איז אַ טבע פון חלש'ען. און אַז איך בין געקומען צו זיך, געה איך צו צו מיין יונגענמאַן און רוף מיך אָן צו איהם: „איך פאַרשטעה ניט, זאָג איך, מאַכט מיך קלאָר, איך ווער שיער ניט משוגע. וואָס איז דער שכל, זאָג איך, וואָס אַז איהר האָט געפונען מיין רענצעל, זענט איהר מיר נאָכגעלאָפען און אָפּגעגעבען מיר און אפילו נישט געוואָלט נעמען פאַר דער מצוה קיין באַצאָהלט, און אַז איך האָב מיך נאָר אָפּגעקערעוועט אויף אַ ווייל, געהט איהר און גנבה'ט־אוועק ביי מיר מיין גוטס, מיין פאַרמעגען, מיין נשמה? איהר האָט דאָך מיך, זאָג איך, שיער אומגליקליך געמאַכט. עס איז דאָך מיר אָפּגעגאַנגען, זאָג איך, אַ מינוט צום טוידט!"... קוקט ער אויף מיר, דער יונגערמאַן הייסט עס, מיט די טיעפע ערנסטע שווארצע אויגען, און מאַכט צו מיר גאַנץ געלאַסען: „וואָס געהער זיך אָן, זאָגט ער, דאָס צו דעם? אַ מצוה איז אַ מצוה, און גנבה'־נען — דאָס איז, זאָגט ער, מיין פּרנסה"... „יונגערמאַן, זאָג איך צו איהם, ווער, זאָג איך, זענט איהר?" „ווער, זאָגט ער, זאָל איך זיין? איך בין, זאָגט ער, נעבאַך אַ איד אַ גנב און אַ בעל־מטופל מיט קינדער און אַ גרויסער שלימזלניק. איך האָב, זאָגט ער, קיין עין־הרע, אַ גרינגע פּרנסה, נאָר איך האָב צו מיין פּרנסה קיין הצלחה ניט. דאָס הייסט, איך קאָן מיך ניט באַ־קלאָגען. דאַנקען גאָט, גנבה'נען, זאָגט ער, גנבה'ט זיך אפילו קיין מעשה ניט; נאָר דער חסרון איז, זאָגט ער, וואָס ניט אַלע מאָל נעראָט עס מיר. ניטאָ קיין מזל!"...

ערשט אַז איך בין געזעסען אין באַהן, האָב איך מיך אַרומ־געזעהען, אַז איך בין אַ פערדישער קאָפּ. מיט אַ קליינינקייט וואָלט איך דעמאָלט געקאָנט אויסקויפען דעם דאָזיגען גנב. למאי

זאָל איך זיין זיין גואל־הדם? לאָז ער איבערגעהן אויף אַנדערע הענט...

זענט איהר אפשר א בעלן אויף א פּאָר בריליאַנטענע אויהע־רינגלעך אין גלייכען געלט? וועל איך אייך עפּים ווייזען. איהר האָט אַזעלכע בריליאַנטען ניט געזעהען אפילו אין חלום. פּרימא שבפּרימא!...

ענדע געשיכטע נומער זעכצעהן.

געשיכטע נומער זיעבעצעהן

# באַשערט אַין אומגליק

געשריבען אין יאָהר 1902.

געשיכטע נומער זיעבעצעהן

# באַשערט אַיין אומגליק

---

בּרייטליך און געלאַסען, מיט געפּערעלטע ווערטער, האָט אונז דערצעהלט אַ מעשה, טאַקי פון זיך אַליין, אַ שענער איד מיט אַ שבּת'דיגער קאַפּאָטע און מיט אַ בּרייטען דעניק אויפ'ן זיידענעם קאַשקעט און מיט איין אויסגעצוואָגען פּנים, אַ בּיסעל פאַרזאָרגט און מיט קנייטשען אויפ'ן בּרייטען ווייסען שטערן:

— אַז ס'איז בּאַשערט, הערט איהר, איין אומגליק, טרעפט דאָס אייך גלייך אין שטוב אריין. איהר מעגט זיין מיט אַכצעהן קעפּ, וועט איהר זיך פון דעם ניט אויסבּאַהאַלטען. איך בּין מיר, ווי איהר זעהט מיך, אַ איד אַ ספּאָקאָינער, אַ רוהיגער, כ'פּליה ניט, כ'לויף ניט, כ'האָבּ פיינט קהל'שע געשעפטען, איך אַנטלויף פון גבּאות, סנדק, חתן־בּראשית, דאָס, יענס, וכדומה.

קיצור, דאַרף זיך טרעפען אַ מעשה, בּיי אונז אין שטעדטעל איז געשטאָרבּען אַ איד, „מנשה־גוי", וואָרום ער איז געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ פּראָסטער נפש, ניט געקאָנט כמעט דאַווענען, ווי זאָגט מען עס, קיין צלם פאַר קיין אַלף, ניט לייענען, ניט שרייבּען, ניט דאָס, ניט יענס, וכדומה.

קיצור, אַ פּראָסטער שלש־סעודות, נאָר איין עהרליכער מענטש, איין אָרענטליכער בּיז גאָר; דאָס וואָרט איז געווען הייליג, יע-

נעמ'ס קערבעל קודש־קדשים, און קארג, קארג! — זיך לאָזען ארויסנעמען ביידע אויגען פאר איין גראָשען, דאָס גאַנצע לעבען געקלויבען געקלויבען, געקלויבען געקלויבען — און סאַמע אין מי־טען... געשטאָרבען. מילא, געשטאָרבען — געשטאָרבען. אז מנשה איז געשטאָרבען, קומט מען צו געהן צו מיר און מע זאָגט מיר: באשר אַזוי ווי מנשה איז געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזט גאַנץ פיינע עטליכע קערבלעך, מיט חובות, מיט בעל־הבתישקייט, מיט הייזער, מיט דאָס, מיט יענס, מיט וכדומה, — לכן, אַזוי ווי ס'איז ניטאָ, ווער ס'זאָל פיהרען די געשעפטען, די קינדער נעבאַך זענען נאָך קליינע קינדער, פיער יונגלעך און איינס אַ מיידעל, און זי אַליין, די אַלמנה מיינט מען, איז אַ אידינע, לכן זאָל איך זיין דער בעל־הבית, דער אפיטרופוס, דער אפעקון הייסט עס. וויל איך דאָך מסתמא ניט הערען, ניט זעהען: וואָס טויג מיר אפעקון — אפיקומן? וואָס דארף איך דאָס? האָט זיך אָנגעהויבען איין עסק: סטייטש, איהר זענט ביי אונז דער איינציגער אין שטאָדט, דאָס, יענס, וכדומה, איין עבירה אַזאַ פארמעגען, און וואָס וועט זיין דער תכלית פון די קינדער, קליינע קינדער נעבאַך, פיער יונגלעך און איינס אַ מיידעל? וואָס וועט אייך אהרען? זייט איהר דער אפעקון, און זי, די אַלמנה מיינט מען, וועט זיין די אפעקונשע!... בעט איך זיך ביי זיי רחמים: וואָס ווילט איהר האָבען פון מיר? וואָס בין איך ביי אייך פאר איין אפיקומן, אז איך ווייס אפילו ניט מיט וואָס מען עסט דאָס?... האָבען זיי דאָך אָנגעהויבען ווידער אַ מאָל: און סטייטש, און וואו איז מענטשליכקייט, און טאַקי אַ מצוה אויך, און דאָס, און יענס, און וכדומה...

קיצור, איך האָב ניט געקאָנט אָפּזאָגען און בין געוואָרען איין אפיקומן, איין אפעקון הייסט עס, אַ „געטווערדעווטער", אינ־איינעם מיט איהר טאַקי, מיט דער אַלמנה מיינט מען. און אַז איך בין געוואָרען, מיט גאָט'ס הילף, איין אפיקומן, איין אפעקון הייסט עס, האָב איך קודם־כל גענומען מאַכען אַ סך־הכל, וואָס האָבען זיי געלט, די קינדער נעבאַך? צונויפגעשלאָגען וואו ס'איז

געווען ערגיץ א ביסעל אייגענס, א שטוב, א קלייט, א פערד, א בהמה, א דאס, א יענס, א וכדומה — פון אלסדינג האב איך גע־מאכט געלט... ניט אזוי גרינג, מאהלט אייך, איז דאס מיר אנגע־קומען, ווארום מנשה, עליו השלום, איז געווען א איד א נגיד, א פארפונדעוועטער, ווי מע זאגט, א „בעל־הגוף". וויפיעל מע האט איהם געשאצט, האט ער געהאט מעהר... נאר קיין חשבון איז ביי איהם ניט געווען קיינמאל. געווען, זאל ער מיר מוחל זיין, א איד אהן א פען. אלע מאל האט זיך אפגעזוכט איין אנדער חוב. געווען צעשטעקט אויף דער גאנצער וועלט, פון איטליכען איז איהם געקומען געלט. האב איך באדארפט, פארשטעהט איהר מיך, דאס אלסדינג טראגען אויפ'ן קאפ, צונויפנעמען, מאכען געלט, א ברירה האב איך געהאט? און אלסדינג אליין, ווארום זי, די אפעקונשע מיינט מען, איז א „טאפ־אידינע", ווייסט ניט פון דאנען אהין. אפילו איין עהרליכע, נאר א כשר'ע בהמה. פרעגט זי בחרם, וואס איז א גוט וועכסעל, וואס איז א שלעכט וועכסעל, וואס איז דאס, וואס איז יענס, וואס איז וכדומה!...

קיצור, איך האב צונויפגעשלאגען די עטליכע קערבלעך, א היבשע פויטיקע. צונויפגעשלאגען מיט צרות, מיט לייד די עט־ליכע קערבלעך, באדארף מען זעהען עפּיס טהון מיט זיי, ווארום וואס וועט זיין דער תכלית, אז זיי וועלען עסען פונ'ם גרייטען? קינדער נעבאך דארפען האבען א העמדעלע, א שיכעלע, א דאס, א יענס, א וכדומה. היינט עסען? מע וועט אזוי לאנג עסען, ביז מע וועט אויפעסען איינגאנצען. וואס וועט זיין נאכדעם? א מענטש איין ארענטליכער, פארשטעהט איהר מיך, איז מחויב פארזארגען דעם תכלית. האב איך אנגעהויבען קלערען, אהער־אהין, וואס מאכט מען מיט'ן געלט? א געשעפט? — ווער וועט דאס פיהרען, אז זי, די אפעקונשע מיינט מען, איז, משטיינס גע־זאגט, א בהמה, און די קינדער נעבאך זענען קינדער?... פאר־לייהען? אוועקגעבען דאס אויף פראצענט? — טאמער זעצט יענער אן, ווער וועט נאכדעם זיין שולדיג? דער אפיקומן! האב

איך מיך מיישב געווען: וואָס דאַרף מען אַ בעסער געשעפט, ווי מיין געשעפט? האַ? און וואָס דאַרף מען אַ גרעסערען בטוח, ווי איך? האַ? איך האָב, ברוך השם, קרעדיט אומעטום, אויף אַלע ירידים, און אַ נאָמען האָב איך — ביז מיין לעבען זאָל איך קיין ערגערען נאָמען ניט האָבען. ניט גלייכער טויזענט מאָל, איך זאָל אריינבראָקען די עטליכע קערבלעך צו מיר אין קראָם אריין? האַ? אונטערפרישען מיט נאָך סחורה און מיט נאָך סחורה? האַ? און פאַר מזומנים אַז מע קויפט סחורה, האָט דאָך דאָס טאַקי גאָר, זאָגט איהר, איין אַנדער טעם, וואָרום איטליכער וויל זיך זעהען מיט אַ מזומן קערבעל. מזומנ'ע קערבלעך איז היינט, פאַרשטעהט איהר מיך, ווינציג פאַרהאַן. אומעטום איז נאָר פּאַפּיער, נאָר וועכסעל, אַ שרייב אַהער, אַ שרייב אַהין, אַ דאָס, אַ יענס, אַ וכדומה...

קיצור, כ'האָב אריינגעלעגט דאָס גאַנצע געלט צו מיר אין געשעפט אריין, און ס'איז אַוועקגעגאַנגען קיין מעשה ניט, דאָס הייסט, ניט שלעכט, טאַקי גאָר ניט שלעכט! דער פדיון, פאַר־שטעהט איהר מיך, איז געוואָרען אַ סך גרעסער, וואָרום אַז ס'איז פאַרהאַן אַ סך סחורה, לייזט זיך גאָר אַנדערש, ווי זאָגט איהר: אַז ס'איז פאַרהאַן אַ סך פיש אין טייך, חאַפּט זיך גאָר אַנדערש. נאָר וואָס דען? איין זאַך איז געווען שלעכט: די הוצאה! איך בין געוואָרען אַ צווייענדיגער בעל־הוצאה. צוויי געזינדלעך, קיין עין־הרע!... איך מיט מיין הויז־געזינד, קיין עין־הרע, שמועסט מען ניט. נו, און זי, די אַלמנה מיינט מען, באַדאַרף, און די קינ־דער נעבאַך באַדאַרפען, פינף קינדער פּרעמדע, פּיער יונגלעך, איינס אַ מיידעל. נישט קיין קלייניגקייט! שוכען און קליידען, אין חדר געבען, דעם שרייבער צאָהלען. היינט אַמאָל אַ פאָהר, אַ נאַשערייַ, אַ דאָס, אַ יענס, אַ וכדומה — מע קאָן דאָך אַנדערש ניט! וואָס וועט יענער זאָגען? אַ שלעכטער אפּיקומן — צו־גענומען דאָס געלט און זשאַלעוועט די יתומים אַ גראָשען אויף אַ צוקערקע... אַי, וואָס איך האָרעווע, דרעה זיך דעם קאָפּ, פאָהר

נאך סחורה, האב אויף זיך א בוך מיט חובות, מיט שלעק, מיט צרות, מיט דאס, מיט יענס, מיט וכדומה? — דאס איז נישט יענעמ'ס עסק! קיין שותפות האט זי דאך, די אלמנה מיינט מען, מיט מיר נישט געמאכט, מיר זאלען זיך טיילען אויף דער האלב!... אי, זי האט מיר אריינגעלעגט געלט? איז, ערשטענס, ליגט דאס געלט אין סחורה, און והשנית, ליגט דאס ניט אומזיסט, איך צאהל דאך פראצענט!... און וואס איז ווערטה דער טארעראם, וואס איך האב צו טהון טאג ווי נאכט, טא דאס, טא יענס, טא וכדומה? נעה זיי איין אפיקומן! האב אין זינען נעבאך פרעמדע קינדער, צי זיי װ י ל ע ן לערנען, צי זיי ווילען נ י ט? צי זיי געהען אהין, וואו מע ד א ר ף, צי וואו מע דארף נ י ט? צי דאס, צי יענס, צי וכדומה? וואס בין איך — טאקי זייער אפיטרופוס, וואס איך בין מחויב זיי צו באוואהרענען? מע קאן היינטיגע צייטען, זאגט איהר, קיין אייגענע קינדער נישט באוואהרענען, ובפרט אז גאט העלפט, עס גיט זיך נאך איין א שלעכט קינד — איז גאר א ברכה פון גאט! מנשה, זאל מיר מוחל זיין, איז געווען א איד א פראסטאק, נאר איין עהרליכער איד חאטש; און קינדער האט ער איבערגעלאזט — זאל זיך גאט מרחם זיין! איינס ערגער פונ'ם אנדערען! מילא, די עלטערע זענען נאך צו דערליידען: איינער איז א טויבער, נעבאך א דערשלאגענער, האב איך איהם געמאכט פאר א בעל־מלאכה. דער אנדערער איז גלאט א אידיאט, נאר א שטילער, טשעפעט קיינעם נישט און דארף גארנישט. דער דריטער האט זיך באוויזען קינדווייז יא א געראטענער, נאר אז ער איז אונטער־געוואכסען, האט ער זיך צונויפגעסקאמפאניעט מיט וואו ערגיץ א שלעפער און איז געווארען א שארלאטאן, מע זאל באהיט און באוואהרענט ווערען!... ער האט אזוי לאנג געבושעוועט, געוואַ־יעוועט, געארבייט, געדאסט, געיענסט, גע'וכדומה'ט, אז איך האב איהם געמוזט געבען עטליכע קערבלעך — און געה געזונט קיין אמעריקע! פון קינדווייז אן האט דאס איהם געצויגען קיין אמע־ריקע! און מיר זענען פטור געווארען... און דאס מיידעל האב

איך חתונה געמאַכט, געגעבען כמעט טויזענט קאַרבען נדן, אויס־געקליידט, געפּראַוועט אַ חופּה מיט כלי־זמר, מיט דאָס, מיט יענס, מיט וכדומה, אַלסדינג ווי עס געהער צו זיין, כמעט ווי ביי איין אייגענער טאָכטער. וואָס דען? ס'איז עפּיס אַ תּירוץ? וואָס, משטיינס געזאָגט? אַז קיין טאַטען נעבאַך האָבען זיי ניט, און זי, די מאַמע מיינט מען, איז אַ בהמה — ווער וועט זיך פאַר זיי שלאָ־גען קאָפּ אָן וואַנט, אַז ניט איך?... „שוטה! אָפּגעריסענער נאַר! — פּלעגט צו מיר אָפּטמאָל זאָגען מיין אַלטע. — אודאי באַדאַרפסט דו זיך מפקיר זיין פון פרעמדע קינדער'ס וועגען! אַט וועסט דו זעהען, ווי מע וועט דיר אָפּדאַנקען מיט שטיינער פאַר דיין אפיקומן, וואָס דו ביזט!"... אַזוי פּלעגט זי צו מיר זאָגען, און זי האָט געטראָפען: מע דאַנקט מיר אָפּ, מע דאַנקט מיר אָפּ מיט שטיינער, און נאָך מיט וואָסערע שטיינער! אַט וועט איהר באַלד האָרכען, וואָס איך האָב אויף זיך פאַר אַ פּעקעל. איך בין שטאַרקער פון אייזען, הערט איהר, אַז איך טראָג עס אַריבער...

קיצור, פון אַלע קינדער, וואָס מנשה, עליו השלום, האָט איבערגעלאָזט, איז דאָ איינער, דער קלענערער פון אַלע, הייסט ער דניאַלטשיק — איז דאָס, ברוך השם, אַ געראָטענס, אַ צאַצקעלע, אַ דניאַלטשיק פון גאָט! פון קינדווייז אָן איז דאָס געווען טאַקי עפּיס נאָר איין אָנשיקעניש, און גענוג. ער האָט געקאָנט זיך פאַר־גינען צו פינף יאָהר פּאַטשען די מאַמע זיינע מיט אַ חאַליווע פון אַ שטיוועל איבער די פיסקעס, און דוקא שבת אין דער פריה פאַר'ן דאַווענען! אַראָפּרייסען ביי איהר דעם שלייער, בשעת עס זיצט אַ פרעמדער מענטש — דאָס איז ביי איהם געווען אַ וואָכעדיגער גאַנג! די אידינע, זאָג איך אייך, איז איין אייזערנע אידינע, אַז זי האָט דאָס געקאָנט אַריבערטראָגען פון איהם! טאָג ווי נאַכט האָט מען געהאַט צו טהון מיט דניאַלטשיקען. אַלע מאָל, ווען איך בין געקומען אַהין, האָב איך זי געטראָפען, די אַלמנה מיינט מען, זיצען און וויינען, מיט אַ טענה: פאַר וואָס האָט זי גאָט געשטראָפט מיט אַזאַ קינד? פאַר וואָס איז ער ניט אויסגערונען

ביי איהר אין בויך, איידער ער האָט גאָר באַדאַרפט געבוירען ווערען אויף דער וועלט? דאָס, וואָס דניאלטשיק האָט איהר גע־טהאָן, קאָן מען גאָר נישט איבערדערצעהלען. ער האָט אַרוים־גע׳גנבה׳ט וואו ס׳איז געווען ביי איהר אַ שטיקעל ציערונג, אַ פינ־גערעל, איין אויהערינגעל, אַ שנירעל פּערעל, אַ זיידען טיכעל, אַ לעמפּעל, אַ מעסערעל, איין אַלטע פּאָר ברילען, אַ דאָס, אַ יענס, אַ וכדומה — אַלסדינג איז ביי איהם געווען אַ קרן, אַלסדינג האָט ער אַרויסגעטראָגען פון שטוב, פאַרקויפט און אויסגעגעבען אויף צוקערקעס, מיט ניס, מיט קאַוועגעס, מיט גוטען טיטון פאַר זיך און פאַר זיינע חברים. מאָהלט אייך, שענע חברים׳לעך! שלע־פערס, גנבים, שכורים — דער רוח ווייסט איהם, וואו ער האָט זיי דערטאַפּט! וואָס ער האָט געהאַט האָט ער אַוועקגעגעבען די חברים זיינע: אַ נייע פּאָר שטיוועל, אַ קאַפּעליש, דאָס אויבער־שטע העמד פון זיך... „דניאלטשיק, וואָס טהוסט דו? אַ נייע פּאָר שטיוועל געהסט דו און גיסט אַוועק?"... „נאַפּליעוואַט! — זאָגט ער. — אַ רחמנות, יענער געהט נעבאַך באָרוויס"... וואָס זאָגט איהר אויף דעם בעל־רחמנות?! פון געלט שמועסט מען ניט: וואו ער האָט דערטאַפּט אַ מזומנ׳עם גראָשען — האָט ער אַוועקגעגעבען דער חברה זיינער. „דניאלטשיק, אום גאָטעס ווי־לען, וואָס טהוסט דו דאָס?"... „נאַפּליעוואַט! — זאָגט ער. — יענער האָט אויך אַ נשמה, יענער באַדאַרף אויך עסען"... ווי געפעלט אייך אַזאַ מין פילאָזאָף, אַ מכניס־אורח? אַז מע שמועסט אַ כלי שלמה, איין „אויסווירפלינג" פון דער נאַטור! און אפשר מיינט איהר — אַ נאַריש יונגעל, אָדער חלילה נישט קיין שען קינד? — אַ דורכגעטריבענער, אַ שענער יונג, אַ געזונטער, אַ פרייליכער, אַ זינגער און אַ טענצער, נאָר עפּיס אַ בלוט אַזאַ טרפה׳ס, צו־נ־אַלדי שווארצע יאָהר!... וואָס האָבען מיר מיט איהם נישט איבערגעטהאָן? געפּרובט זיך מיט גוטען, געפּרובט זיך מיט בייזען; געהאַלטען דריי טאָג מיט דריי נעכט באַזונדער אין אַ קאַמער פאַרשלאָסען, געשלאָגען מיט איין אַראַפּניק, צעבראָכען

אויף איהם א גוטען יאמשאָווען שטעקען פון א דרייערעל — מיי־נעם איין איינענעם שטעקען... ווי איין ארבעס אָן דער וואנט! אוועקגעגעבען איהם צו א בעל־מלאכה, געוואָלט מאכען פון איהם א זייגערמאכער, א גאָלדשמיעד, א סטאָליער, א כּליזמר, א קאָוואָל, א דאָס, א יענס, א וכדומה — אוממעגליך! ער וויל נישט אר־בייטען, חאָטש נעם צעשנייד איהם אויף צווייען! „וואָס וועט זיין פון דיר, דניאלטשיק?" „א פרייפייגעלע". — זאָגט ער און לאכט נאָך. „א פרייפייגעלע? — איין ארעסטאנט, א גנב וועט פון דיר זיין!" „נאפּליעוואט!" — מאכט ער און דרעהט זיך אוים און ווערט פארשוואונדען.

קיצור, מיר האָבען א שפּיי געטהאָן אויף איהם, געלאָזט וואכ־סען, און ס'איז אויסגעוואכסען פון איהם א תּכשיט, וואָס זאָלט איהר קלערען! דאָס הייסט, גנבה'נען האָט ער אויפגעהערט; ס'איז שוין ניט געווען כּמעט וואָס. נאָר גלאט, די הנהגה זיינע, די שענע חברים'לעך און די פּאָסטעמפּקעלעך זיינע, מיט א מין הלבשה: א רויט העמדעל איבער די הויזען מיט א פּאָר גרויסע שטיוועל, האר האָט ער זיך פארלאָזט, ווי א דיאק, די מאָרדע האָט ער זיך אָפּגעגאָלט — א פיין בחור'על!... צו מיר האָט ער קיינ־מאָל ניט געהאט קיין העזה צוטרעטען. אז ער האָט עפּים באַ־דארפט האָבען, האָט ער געשאָסען דורך איהר, דורך דער מאמע מיינט מען. און די מאמע איז אזא בהמה, אז זי האָט איהם נאָך ליעב אויך, דעם טייערען קדיש. ס'איז פּאר איהר אָלסדינג רעכט! איינמאָל קום איך אָרוים אין קלייט אריין, איך טהו א קוק — מיין חברה־מאן איז דאָ, ער וואַרט אויף מיר.

— ברוך־הבא, א גאסט, דניאלטשיק, זאָג איך. וואָס וועסט דו זאָגען עפּים גוטס?

— איך בין געקומען, מאכט ער, אייך זאָגען, אז איך האָב חתונה.

— מזל טוב, זאָג איך, אין א גוטער שעה. פאר וועמען האָסט דו חתונה?

— פּאַר אסנה׳ן, — מאַכט ער.

— וואָסער אסנה?

— אונזער אסנה, מאַכט ער, די וואָס זי איז געווען ביי אונז אין שטוּב.

— אַלע בייזע וויסטע חלומות! — זאָג איך. — פּאַר אַ דיענסטמויד האָסט דו חתונה?

— נאַפּליעוואַט! — מאַכט ער. — אַ דיענסטמיידעל איז דען קיין מענטש ניט?

— אַז אָך און וועה, זאָג איך, איז דער מאַמע דיינער! ביזט דו געקומען, הייסט עס, מיך רופען אויף דער חתונה?

— ניין! — מאַכט ער. — איך בין געקומען צו אייך מכּח מלבושים, מכּח אויסקליידען זיך צו דער חתונה. מיר האָבען אויסגערעכענט, איך מיט אסנה׳ן, אַז מיר דאַרפען האָבען אַזוי: מיר אַ גאַרניטער אַ קאָרטענעס, און אַ גאַרניטער פון פּאַרוסינע אויף זומער, און העמדער אַ טוץ אונטערשטע, און אויבערשטע אַ האַלב טוץ; און אסנה׳ן — ציץ אויף אַ קליידעל, און איין קליידעל אַ וועלענס, און זאָגע אַ גאַנץ שטיקעל אויף העמדער, מאַראַזאָוו׳ס זאָגע, און פוטער אויף אַ בורנוס, און שאַלעכלעך צוויי, און אַ האַלב טוץ נאָזטיכלעך, און אַ ביסעל דאָס, און אַ ביסעל יענס, און אַ ביסעל וכדומה...

— און ווייטער גאָרנישט? — זאָג איך און האַלט זיך קוים איין פאַר געלעכטער.

— און ווייטער גאָרנישט. — מאַכט ער.

קיצור, דאָ האָב איך מיך שוין מעהר ניט געקאָנט איינהאַל־טען; ס׳איז מיט אַ מאָל אָנגעפאַלען אויף מיר אַזאַ געלעכטער, אַז איך בין שיער אַראָפּגעפאַלען פונ׳ם בענקעל. און אויף מיר קוקענדיג, האָבען זיך צעלאַכט אַלע מיינע מענטשען. מיר האָבען שיער צעטראָגען די קלייט פאַר געלעכטער! אַז איך האָב מיך גוט אויסגעלאַכט, רוף איך מיך אָן צו מיין שענעם חתן:

— זאָג מיר נאָר, איך בעט דיך, דניאלטשיק־סערדצע, האָסט עפּיס אַריינגעלעגט צו מיר אַ גרויסען חלק אין קלייט אַריין, וואָס דו ביזט געקומען צו מיר מיט אַזאַ צעטעל?

— איך ווייס ניט, מאַכט ער צו מיר, איך ווייס ניט אַקוראַט, וויפיעל עס נעמט זיך אָן אויף מיין חלק. נאָר ווערליג דאָס געלט, וואָס ס'איז געבליבען פון מיין טאַטען, אַז מע זאָל דאָס טיילען אויף פינף חלקים, וועט דאָס אויף מיינע חתונה־קליידער חאַפּען, און עס וועט נאָך עפּיס, דאַכט מיר, בלייבען אויף נאָך דער חתונה אויך...

קיצור, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? אַז ער האָט מיר אויס־גערעדט די דאָזיגע ווערטער, איז גלייך ווי עמיצער זאָל מיר געבען מיט אַ פּיסטויל אין האַרצען, אָדער אָפּשיטען מיט פייער, אָדער אָפּגיסען מיט הייס וואַסער, אָדער איך ווייס אַליין ניט מיט וואָס! ס'איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען! איהר פאַרשטעהט? לאַ די יואָס איך האָב געהאַט מיט זיי צו טהון אַזוי פיעל יאָהרען, געטראָגען אויף זיך איין אַלמנה נעבאַך מיט פינף קינדער, אַלע־מען פאַרזאָרגט און חתונה געמאַכט, און געדאַסט, און געיענסט, און גע'וכדומה'ט, צום סוף וואַכסט־אויס אַזאַ שייגעץ אויף מיין קאָפּ און גיט מיר אָנצוהערעניש וועגען חלקים גאָר!...

— נו, נישט מיינע ווערטער? — מאַכט צו מיר מיינע. — האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז מע וועט דיר אָפּדאַנקען מיט שטיי־נער?...

קיצור, וואָס טויג אייך, איך האָב געגעבען אַלסדינג, וואָס ער האָט געוואָלט. וואָס וועל איך געהן האָבען צו טהון מיט אַזאַ שנעק? עס פּאַסט גאָר נישט פאַר מיר! נאַ, געה צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, וואַרג זיך, ווער פאַרבּרענט, פאַר'שרפה'ט, אַבּי פּטור ווערען פון אַ שלאַק!... מיינט איהר, אַז איך האָב שוין דערמיט גע'־פּטר'ט? וואַרט־אויס, וועט איהר ערשט הערען. אין אַ חודש אַרום נאָך דער חתונה קומט ער צו געהן צו מיר, דער שענער יונגערמאַנטשיק, איך זאָל איהם, למען השם, באַלד געבען צוויי הונדערט מיט דריי און צוואַנציג קערבּלעך.

— וואָס איז פּאַר אַ חשבון צוויי הונדערט מיט דריי און צוואַנציג קערבּלעך? — פרעג איך איהם.

— אַזוי טרעפט אָן, מאַכט ער צו מיר גאַנץ קאַלטבּלוטיג, דאָס ביערשענקעל מיט'ן בּיליאַרד.

— וואָסער ביערשענקעל? וואָסער בּיליאַרד?

— איך האָב מיר געמאַכט, זאָגט ער, אַ געשעפט: איך האָב איבּערגענומען אַ ביערשענקעל מיט אַ בּיליאַרד. אַסנה וועט פאַר־קויפען ביער און איך וועל זיין ביי'ם בּיליאַרד, אַכטונג געבּען, ווי מע שפּיעלט אויף בּיליאַרד. מע קאָן דערפון, זאָגט ער, האָבּען שען פּרנסה.

— אַ שענע פּרנסה! — זאָג איך צו מיין נייעם בעל־פּרנסה. — עס פּאַסט טאַקי פאַר דיר אַזאַ פּרנסה, אַ שענקעל מיט אַ בּיליאַרד!

— נאַפּליעוואַט! — מאַכט ער. — אַבּי נישט צונעמען ביי יענעם. איין מאָל אין טאָג אַ שטיקעל טרוקען ברויט, אַבּי נישט קיין פּרעמדס...

ווי געפעלט אייך, אַשטייגער, דאַניאַלטשיק רעדט מיר פילוסופיה!...

— געזונטערהייט! — זאָג איך. — פאַרקויפט אייך ביער און שפּיעלט אייך אויפ'ן בּיליאַרד. וואָס געהער זיך דאָס אָן מיט מיר?

— עס געהער זיך אָן, זאָגט ער, מיט אייך, ווייל איהר דאַרפט געבּען געלט, צוויי הונדערט מיט דריי און צוואַנציג קערבּלעך.

— וואָס הייסט, איך ד אַ ר ף געבּען? — זאָג איך. — פון וואָסער געלט, אַשטייגער?

— פון מיין טאַטענ'ס געלט, מאַכט ער און פאַרקרימט זיך אפילו נית!

איהר וועט מיר גלויבּען? עס האָט זיך מיר בשעת מעשה געגלוסט אָננעמען איהם פאַר'ן קאַרק און אַרויסוואַרפען איהם פון קלייט צו אַלדי שווארצע יאָהר!... נאָר צוריק האָב איך מיך

מיישב געווען: מיט וועמען וועל איך מיר דאָ, משטיינס געזאָגט, פּאַסקודיגען די הענט? האַפּט איהם דער וואַטענמאַכער! לאָז מ י י נ ס איבערגעהן!...

— זאָג מיר, דניאלטשיק, מאַך איך צו איהם, דו ווייסט חאָטש, וויפיעל ס'איז פון דיין טאַטען געבליבען געלט?

— ניין, מאַכט ער, וואָס דאַרף איך עס וויסען? איך וועל נאָך צייט האָבען צו וויסען איבער־אַ־יאָהר, אם ירצה השם, אַז ס'וועט מיר ווערען איין און צוואַנציג יאָהר, וועל איך ביי אייך דעמאָלט אָפּנעמען דין־וחשבון... דערווייל גיט מיר די צוויי הונ־דערט דריי און צוואַנציג קערבלעך, לאָם איך געהן.

דערהערט אַזעלכע דבורים, איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. מיינט איהר, פאַר וואָס? נישט מחמת איך האָב חלילה מורא פאַר עמיצען, וואָרום וואָס האָב איך מורא צו האָבען? איך האָב קאַרג אויסגעבראַכט זיך אויף זיי? אַ ווערטעלע אויס־צורעדען — אויסגעהאַלטען אַזוי פיעל צייט איין אַלמנה נעבאַך מיט פינף קינדער, אַלעמען פאַרזאָרגט און חתונה געמאַכט, און געדאָסט, און געיענסט, און גע'וכדומה'ט, — קומט אַזאַ שנעק און רעדט גאָר פון אָפּנעמען ביי מיר דין־וחשבון!

קיצור, איך האָב אַרויסגענומען און האָב איהם געגעבען צוויי הונדערט דריי און צוואַנציג קאַרבען, און געבעטען גאָט, ער זאָל מיך חאָטש לאָזען צו־רוה... און ס'איז טאַקי אַוועקגעגאַנגען אַ צייט, איך האָב נישט אָנגעקוקט דעם פּנים זיינעם. פּלוצים, איך קום אַמאָל צו געהן אַהיים — אַהאַ, ער איז דאָ!... עס האָט זיך מיר אָפּגעריסען אין הארצען, אַז איך האָב איהם דערזעהען. נאָר אַרויסבאַווייזען איהם, אַז עס אַהרט מיך, טאָר מען נישט. מאַך איך זיך תמ'עוואַטע און רוף מיך אָן צו איהם:

— אָ! אַ גאַסט! וואָס איז די מעשה, דניאלטשיק, וואָס מע זעהט דיך ניט? וואָס מאַכסט דו עפּיס אין געזונט? ווי געהט דאָס דיר אין די „געשעפטען"?

— געזונט, מאכט ער, נאפּליעוואט! נאר די געשעפטען זענען נישט אין בעסטען.

„מזל טוב דיר! — טראכט איך מיר. — זאלסט דערלעבען אנזאגען בעסערע בשורות!... דאס שמעקט שוין מיט פריש געלט״...

— דהיינו, וואס איז? — זאג איך. — עס לייזט זיך ניט קיין געלט?

— וואסער געלט? ווער רעדט פון געלט? געלט, מאכט ער, נאפּליעוואט! איך האב שוין ניט קיין ביערשענק, איך האב שוין ניט קיין ביליארד, איך האב שוין ניט קיין ווייב. זי האט מיך אוועקגעווארפען, אסנה הייסט עס. נאר חאפּט זי דער רוח, נא־פּליעוואט! איך פאהר־אוועק, זאגט ער, קיין אמעריקע. מיין ברודער רופט מיך שוין לאנג קיין אמעריקע.

דערהערט, אז ער פאהרט קיין אמעריקע, איז מיר אראפּ א שטיין פונ׳ם הארצען. ער האט מיט א מאל באקומען חן אין מיינע אויגען. איך זאל מיך ניט שעמען, וואלט איך איהם ארומ־געחאפּט קושען...

— קיין אמעריקע? — זאג איך. — מהכתיתי. אמעריקע, זאגט מען, איז א פריי לאנד. מענטשען, זאגט מען, ווערען דארט גליקליך, זענען מאסף ממון. ובפרט, אז מע האט נאך דארטען איין אייגענעם, איז גאר גוט... ביזט דו געקומען, הייסט דאס, זיך געזעגענען מיט מיר? זעהר פיין פון דיין זייט... זאלסט חאטש ניט פארגעסען דארטען אמאל אריינשרייבען אונז א בריוועל. פארט היימישע מענטשען, ווי זאגט ער... דניאל, אפשר חאפּט דיר נישט אויף הוצאות? קאן איך דיר געבען צו־שטייער...

— צוליעב דעם, זאגט ער, בין איך טאקי אריינגעקומען צו אייך. גיט מיר דריי הונדערט קארבען, דארף איך האבען.

— דריי הונדערט קארבען? — זאג איך. — עס וועט אפשר זיין א ביסעל צו פיעל? טאמער וואלט געווען גענוג ק״ן?

— וואס באדארפט איהר זיך מיט מיר דינגען? איך ווייס דען ניט, אז איך זאל אייך זאגען פיער הונדערט, וועט איהר מיר

געבען פיער הונדערט אויך, און פינף הונדערט אויך, און זעכס הונדערט אויך?... נאר איך באדארף ניט קיין געלט, נאפליעוואט! איך באדארף נאר דריי הונדערט קארבען אויף הוצאות.

אזוי מאכט ער צו מיר, דניאלטשיק הייסט עס, און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין. „דריי הונדערט מכות, קלער איך מיר, זאל זיך מיינע שונאים זעצען אויפ'ן לייב! איך זאל חאטש וויסען — איין עק, אז דערמיט האט זיך פארשלאסען די ערד, און ער וועט שוין אויפהערען קומען צו מיר אלע מאל דאסען און יענסען און וכדומה'ן!"...

קיצור, כ'האב ארויסגענומען און אפגעצעהלט איהם דריי הונדערטער אחת ואחת, און נאך געקויפט א מתנה דעם עלטערען ברודער זיינעם, א גאנצען פונט טיי וויסאצקי'ס, מיט גוטע פאפיראסען א טויזענט, מיט עטליכע פלעשלעך כרמל־וויין, און חוץ לזה האט איהם מיין ווייב אפגעבראטען א קאטשקע, מיטגעגעבען בולקעס מיט מאראנצען, מיט צרות, מיינע שונאים, מיט הארצוועהטיג, מיט דאס, מיט יענס, מיט וכדומה אויפ'ן וועג, און מיר האבען איהם ארויסבאגלייט צום באהן, זיך גאנץ פיין אפגעזעגענט מיט איהם, צעקושט, ווי מיט איין אייגען קינד, געוויינט מיט טרערען, גאט זאל מיר אזוי העלפען, פארט אויף מיינע הענט אויסגעוואכסען, און טאקי א וואוילער יונג, למאי זאל איך לייקענען? ער איז נאר א ביסעל פארשייט, ווייטער האט ער א הארץ, אויף מיר אזא יאהר! איך וועל אייך זאגען דעם ריינעם אמת: א ביסעל בין איך געווען צופריעדען, וואס ער איז אוועקגעפאהרען, פטור געווארען פון א פריטשעפע... און א ביסעל האט מיר וועה געטהאן דאס הארץ: א יונג קינד, נעבאך נע־ונד, מי יודע וואוהין ער קאן פארפאהרען, און וואס סע קאן פון איהם ווערען דארטען?... ער זאל חאטש שרייבען אמאל א בריוועל... און אפשר איז גלייכער, ער זאל גאר ניט שרייבען. לאז ער זיך לעבען דארטען הונדערט און צוואנציג יאהר און זיין גליקליך! איך האב געבעטען

נאָט פאַר איהם, ווי פאַר איין אייגען קינד, מעגט איהר מיר גלויבען !...

כּך הוה. עס איז ניט אוועקגעגאַנגען קיין צוויי יאָהר אפילו פון זינט ער האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע, עפּענט זיך ניט די טיר און עס קומט ניט אריין עפּיס אַ מין „יוּטש מיט אַ הויכען קאַפּעליש, אַ שענער יונגאַטש, אַ געזונטער, אַ ברייט־ביינינגער און אַ פריילי‍כער, און חאַפּט מיך ניט אַרום קושען ?

— וואָס איז די מעשה ? — זאָגט ער. — איהר האָט מיך ניט דערקענט, צי איהר מאַכט זיך, אַז איהר דערקענט מיך ניט ?

— טפו זאָלסט דו ניט ווערען ! דניאַלטשיק, ס'איז דו ? — זאָג איך מיט אַ געלעכטער כּלומרשט, און אין הארצען קאָכט אין מיר אַ פייער, און איך טראַכט מיר : „פאַר וואָס ביזט דו דאָרטען נישט גע'הרג'עט געוואָרען, מיינע שונאים, ערגיץ אויפ'ן באַהן, אָדער דערטרונקען געוואָרען אויפ'ן ים ?"... — ווען קומסט דו אָן, דניאַלטשיק, און וואָס טהוסט דו היע ?

— קומען קום איך אָן, זאָגט ער, היינט אין דער פריה. און וואָס טהו איך היע ? איך בין, זאָגט ער, געקומען צו אייך זיך צערעכענען.

דערהערט אָט דאָס וואָרט „זיך צערעכענען", איז מיר שוין געוואָרען דריי לעבער אין הארצען. וואָס פאַר חשבונות האָט ער מיט מיר, דער שאַרלאַטאַן ?... נאָר איך האָב מיך אָנגענומען מיט הארץ און רוח מיך אָן צו איהם :

— וואָס האָסט דו זיך נאָך באַדאַרפט מטריח זיין אַזש פון דאָרטען אַהער ? ממה־נפשך, האָסט געוואָלט מאַכען אַ חשבון, האָסט דו געקאָנט אָפּשיקען מיר דורך דער פּאָסט, וואָס מיר קומט־אַרויס...

— וואָס אייך קומט־אַרויס ? — זאָגט ער מיט אַ שען גע־לעכטערעל. — איך ווייס ניט, פון ווע מען עס קומט־אַרויס... איך האָב מורא, אַז עס קומט פון איי ך אַרויס...

— ווע מען ? — זאָג איך. — די ר אפשר קומט־אַרויס ?...

— מיר, זאָגט ער, און מיינע ברידער און מיין שוועסטער — אונז אַלעמען... איך בין דאָס געקומען אומיסטנע פון אַמעריקע זיך צערעכענען מיט אייך פאַר אונז אַלעמען... איך וויל אַ חשבון פונ׳ם טאַטענ׳ס געלט. וואָס אייך קומט — וועט איהר זיך אָפּנעמען; וואָס אונז קומט — וועט איהר אונז אַרויס־צאָהלען. און טאָמער וועט געהן דאָרטען אין אַ קלייניגקייט, איז נאַפּליעוואַט; מיר ווע׳לען מסתּמא דורכקומען, חלילה זיך נישט קריעגען... וואָס זשע מאַכט איהר עפּיס? וואָס מאַכען די קינדער אייערע? איך האָב זיי געבראַכט איטליכען באַזונדער אַ מתּנה...

מיר איז אָפּגעגאַנגען אַ מינוט צו חלש׳ען, אָדער חאַפּען אַ בענקעל און פּלעטען איהם דעם קאָפּ... איך האָב מיך איינגעהאַל־טען און האָב איהם געהייסען קומען, אם ירצה השם, נאָך שבת, וועלען מיר זיך רעכענען, און אַליין בין איך אָפּגעפאָהרען פון דער היים זיך צעפרעגען ביי אַדוואָקאַטען, וואָס טהוט מען, ווי אַזוי ווערט מען פּטור פון דעם דאָזיגען פּעקעל?... די אַדוואָקאַטען אָבער, ווייסט זיי דער גוטער יאָהר, צי זיי ווייסען טאַקי נישט, צי זיי מאַכען זיך ניט ווייסענדיג?... דער זאָגט, אַז וויבאַלד ס׳איז איבערגעלאָפען מעהר פון צעהן יאָהר, איז פאַרפאַלען. דער זאָגט: ניין, בין איך איין אַפּיקומן, איין אַפּעקון הייסט עס, מעג איבערגעהן הונדערט יאָהר, דין־וחשבון באַדאַרף איך אָפּגעבען... פרעג איך אַ קשיה: „ווי אַזוי זאָל איך געבען דין־וחשבון, אַז איך האָב נישט קיין בוך און קיין שום חשבונות?"... זאָגט דער אַד־וואָקאַט: „איז טאַקי נישט גוט"... „נישט גוט, זאָג איך, ווייס איך אַליין; איהר גיט מיר בעסער איין עצה, וואָס טהוט מען?"... איז נישטאָ קיין ווערטער!... איך בין איין אייזערנער, הערט איהר, אַז איך האַלט דאָס אויס! צו וואָס האָט דאָס מיר געטויגט, פרעג איך אייך, דער גאַנצער משא־ומתּן מיט׳ן קלאַפּאָט, מיט׳ן גאַנצען דאָס, מיט׳ן יענס, מיט׳ן וכדומה? וועלכער רוח האָט מיך גע־טראָגען, איך זאָל ווערען איין אַפּיקומן אויף פרעמדע קינדער?

וואָלט דען ניט געווען גלייכער טויזענט מאָל, איך זאָל געווען דעמאָלט ליגען אויף א היציג שלאַפקייט, אָדער אויסבּרעכען זיך א פוס, אָדער אזוי עפּיס אַיין אומגליק זאָל מיך געווען טרעפען, אבּי ניט האָבען אויף זיך אזא פּעקעל, מיט אַיין אפיקומן, מיט אַיין אלמנה נעבּאך, מיט יתומים, מיט א דניאלטשיק, מיט א חשבּון, מיט א דאָס, מיט א יענס, מיט א וכדומה?...

ענדע געשיכטע נומער זיבעצעהן.

געשיכטע נומער אכצעהן

# רות מיך קנאַקניסעל

געשריבען אין יאָהר 1911.

## געשיכטע נומער אכצעהן

# רוף מיך קנאַקניסעל

---

אַקעגען מיר, ביי'ם פענסטער, זיצט אַ אידעל מיט אַ שמייכ־לענדיג פנים און מיט אַזעלכע אויגען, וואָס ווילען זיך אַריינ־קלייבען צו אייך אין הארצען אריין. דאָס אידעל קוקט שוין לאַנג ארויס, איך זאָל איהם זאָטשעפּען, נאָר איך האלט מיך פון דער ווייטען. עס ווייזט אויס, אַז ס'איז איהם נמאס געוואָרען זיצען אינצווייען מיט אַ אידען אין וואַגאָן און שווייגען. צעלאַכט ער זיך פּלוצים צו זיך אַליין און רופט זיך אָן צו מיר:

— איהר פרעגט, וואָס איך לאַך? איך האָב מיך דערמאַנט אַ שטיקעל, ווי אַזוי איך האָב אָפּגענאַרט יעהופּעץ, חאַ־חאַ! יאָ, ווי איהר קוקט מיך אָן — איך, איך משה־נחמן פון קענעלע, אַ איד מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע, דאַכט זיך, איאָ? האָב איך אָפּגעטהאָן אַ שפּיצעל אין יעהופּעץ, אָבער אַ שפּיצעל, חאַ־חאַ, זיי וועלען מיך האָבען צו געדענקען! אָט גיט מיר נאָר עטליכע מינוט צייט, איך וועל מיך אויסהוסטען — אוי, אַ הוסט, אויף פּורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען! — וועט איהר הערען, וואָס אַ איד קאָן.

ויהי היום, קום איך מיר צו פאָהרען איינמאָל קיין יעהופּעץ. וואָס פאָהרט אַזאַ איד, ווי איך, מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע,

קיין יעהופּעץ? געוויינטליך, צום פּראָפעסאָר. איך בין מיט מיין הוסט און מיט מיין זאַדישקע, ווי איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, איין אָפטער גאַסט אין יעהופּעץ. אפילו ניט אזא־נ־אָנגעלעגטער גאַסט, וואָרום ווי טאָר איך, משה־נחמן פון קענעלע, זיין אין יעהו־פּעץ, אז איך האָב ניט קיין שום „פּראַוואָזשיטעלסטווע"?... נאָר אז מע האָט אַ הוסט מיט אַ זאַדישקע און מע דאַרף צום פּראָפע־סאָר, יעדנאָ ס'דרוגים, איז עפּים אַ תּירוץ? באַהאַלט מען זיך. מוטשעט מען זיך. קומט מען אין דער פריה, און ביינאַכט אַנט־לויפט מען. אַניט, כאַפּט מען אַ „פּראָחאָדנאָיע" און מע קומט נאָך אַ מאָל. אַבי ניט געהן „פּאָעטאַפּאָם". איך זאָל, הערט איהר, חלילה דאַרפען געהן „פּאָעטאַפּאָם", ווייס איך ניט, אויב איך וואָלט דאָס אויסגעהאַלטען. איך וואָלט, דאַכט מיר, דריי מאָל געשטאָרבען פאַר בושה אליין. וואָרום, ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך, דאַנקען גאָט, אַ שטיקעל בעל־הבית ביי אונז אין קענעלע מיט אַ „אימושטשעסטווע": אַ דירה איין אייגענע, מיט אַ בהמה'לע, און מיט טעכטער צוויי, איינע איין אויסגעגעבענע און די אַנדערע אויף חתונה צו מאַכען. יעדנאָ ס'דרוגים, וואָס איז שייך!...

הכלל, קום איך צו פאָהרען קיין יעהופּעץ צום פּראָפעסאָר. איצטיגס מאָל — ניט צום פּראָפעסאָר, נאָר צו די פּראָפעסאָ־רען. דאָס הייסט, אויף אַ קאָנסולים פון גאַנצע דריי פּראָפעסאָ־רען, הייסט עס. איך האָב געוואָלט, פאַרשטעהט איהר מיך, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, דערגעהן אַ טאָלק, וויסען וואָס בין איך מיט זיי — מילכיג, צי פלייש? אז ביי מיר איז אַ זאַדישקע — דאָס זענען זיי, הייסט עס, אַלע מודה, נאָר וואָס מע טהוט צו דער זאַ־דישקע, איך זאָל איהרער פּטור ווערען — דאָס איז שוין, זעהט איהר, עפּים אַנדערש. זיי מוטשען זיך נעבאַך. זיי פּרובען זיך. זיי געהען, ווי זאָגט איהר, האַרט ביי די ווענט. למשל, איך קום צו געהן צו מיין אַלטען פּראָפעסאָר, סטריצעל הייסט ער, אַ דימענט פון אַ פּראָפעסאָר. נעמט ער און פאַרשרייבט מיר אַ רעצעפּט „קאַ־

דעיני סאַחאַרי פּולוועראַטי". קאָסט דאָס ניט טייער און ס'איז זיסליך אויפ'ן טעם. קום איך צו איין אַנדער פּראָפעסאָר. געהט ער און פאַרשרייבט מיר „טינקטורא אָפּיע", טראָפּענס אַזעלכע, האָבען זיי אַ טעם פון חלשות. קום איך צום דריטען פּראָפעסאָר, פאַרשרייבט ער מיר אויך טראָפּענס, האָבען זיי כמעט דעם זעל־ביגען טעם, נאָר הייסען הייסען זיי ניט „טינקטורא אָפּיע", נאָר „טינקטורא טעביאַקאַ". זענט איהר שוין פאַרטיג? קום איך צו אַ פרישען פּראָפעסאָר, נעמט ער און פאַרשרייבט מיר גאָר אַ מין ביטערניש מיט'ן נאָמען „מאָרפיום אַקווא אַמיגדאַלאַריאום". איהר חידוש'ט זיך, וואָס איך קען לעטיין? איך קען אַזוי לעטיין, אַזוי ווי איהר איינגעלש, נאָר אַז מע האָט אַ הוסט מיט אַ זאַדישקע מיט אַ טובערקולאָז, יעדנאָ ס'דרוגים, קאָן מען זיך אויסלערנען לעטיין אויך.

הכלל, בין איך געקומען קיין יעהופּעץ אויף אַ קאָנסולים. וואו שטעלט זיך אָפּ אַזאַ איד, ווי איך, אַז ער קומט קיין יעהופּעץ? געוויינטליך, ניט אין קיין האָטעל און ניט אין קיין גאָסטינעץ. ערשטענס, רייסען זיי די הויט. און אַגב, ווי קאָן איך מיך אָפּ־שטעלען אין אַ האָטעל, אַז איך האָב ניט קיין שום „פּראַוואָזשי־טעלסטווע"? שטעל איך מיך אָפּ אַלע מאָל ביי מיינעם אַ שוואָ־גער. איך האָב מיין אייגענס אַ שוואָגער אַ שלים־מזל, איז ער אַ איד אַ מלמד, און איין אָרעמאַן איז ער, חוץ זיין שאָדען אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען, און אַ מטופל מיט קינדער — זאָל דער אויבערשטער היטען! נאָר וואָס דען? גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער האָט אַ „פּראַוואָזשיטעלסטווע" האָט ער, און דוקא אַ כשר'ע „פּראַוואָזשיטעלסטווע". ווי קומט צו איהם אַ „פּראַ־וואָזשיטעלסטווע"? — בראָצקי! ער איז אַ „סלוזשיטעל" ביי בראָצקין. חלילה ניט קיין דירעקטער פון זאַוואָדען, נאָר ער איז אין בראָצקי'ס שוהל אונטען ביי די שניידערס אַ בעל־קורא איז ער. אַ „דוכאָוונע ליצאָ", אָדער, ווי מע רופט עס דאָרטען, „איין אָב־ראַדטשיק". און וויבאַלד איין „אָבראַדטשיק", אַזוי מעג ער שוין

זיצען אויף מאלאָוואסילקאָווסקי, דאָרט וואו דער געוועזענער פּאָ־ליצמייסטער איז אמאָל געזעסען. זיצט ער, הייסט עס, אויף דער מאלאָוואסילקאָווסקי, טאַקי ניט ווייט פון'ם געוועזענעם פּאָ־ליצמייסטער, און מוטשעט זיך, קוים־קוים וואָס ער קומט־אויס מיט'ן שטיקעל ברויט. דער גאַנצער ארויסקוק זייערער מסתמא איז אויף מיר. איך בין, הייסט עס, דער נגיד אין דער משפחה, משטיינס געזאָגט... קום איך צו פאָהרען קיין יעהופּעץ, האַלט איך ביי זיי סטאַנציע, עס איך ביי זיי א וואַרעמעס, א וועטשערע, פּאָלגט מען מיך א גאַנג — יעדנאָ ס'דרוגים, פּאַלט זיי אמאָל אריין א קערבעל, אמאָל צוויי, אויף פּורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען... איצטיגס מאָל אָבער, איך קום צו פאָהרען, איך זעה — מיינע לייט זענען חושך, געהען־ארום אָהן קעפּ. „וואָס איז די מעשה?" „ס'איז שלעכט". „דהיינו?" „אָבלאַוועס". „פּחע, כ'האָב גע־מיינט, זאָג איך, מי יודע וואָס! אָבלאַוועס — דאָס איז דאָך איין אַלטע מכּה, זאָג איך, נאָך מששת ימי־בראשית"... „ניין, זאָגען זיי, אָבלאַוועס צו אָבלאַוועס איז ניט גלייך. איצט, זאָגען זיי, איז ניטאָ די נאַכט, ס'זאָל ניט זיין קיין אָבלאַווע. און חאַפּט מען א אידען, איז יהיה מי שיהיה — איינס־צוויי־דריי, מיט'ן עטאַפּ". „נו, און געלט?" „בלאָטע". „א קערבעל?" „בלא". „א דרייערעל?" „אפילו ניט א מיליאָן!" „אויב אזוי, זאָג איך, איז דאָך טאַקי גוט פּאַסקודנע". „פּאַסקודנע צו פּאַסקודנע, זאָגען זיי, איז ניט גלייך. קודם, זאָגען זיי, איז שטראַף. און נאָכדעם ערשט — מיט'ן עטאַפּ. הייגט דער סקאַנדאַל פאַר בראָצקין!"... „מילא, זאָג איך, בראָצקי הייגט, בראָצקי מאָרגען. איך קאָן, זאָג איך, צוליעב בראָצקין, זאָג איך, מיט מיין געזונט ניט שפּעקעלירען. איך בין געקומען, זאָג איך, אויף א קאָנסולים פון פּראָפּעסאָרען, קאָן איך צוריק, זאָג איך, ניט אנטלויפען". הכּלל, טענות אהין, טענות אהער — דער טאָג שטעהט ניט. מע דאַרף לויפען צו די פּראָפּעסאָרען מכח א קאָנסולים. נאָר וואָס מיר קאָנסולים? ווער מיר קאָנסולים? אז דער קאָן קומען ערשט

מיטוואָך פאַר האַלבען טאָג, און דער — מאָנטאָג נאָך האַלבען טאָג, און יענער — נישט פריהער ווי איבעראכטאָג דאָנערשטאָג. היינט געה! אַ מעשה אויף דריי וואָכען מיט אַ מיטוואָך! וואָרום וואָס געהט זיי אָן, למשל, וואָס משה־נחמן פון קענעלע האָט אַ זאַדישקע מיט אַ הוסט, און שלאָפט ניט קיין נעכט, אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען?... דערווייל ווערט נאַכט. עסט מען וועטשערע און מע לעגט זיך שלאָפען. איך ווער נאָר־וואָס אַנשלאָפען, איך הער: טראַך־טאַרעראַך! איך רייס־אויף די אויגען: „ווער איז?" „מיר זענען פאַרפאַלען!" זאָגט צו מיר דער שוואָגער מיינער, דער שלים־מזל, שטעהט איבער מיר אַ טוידטער מענטש און טרייסעלט זיך, ווי אַ הושענא. „וואָס טהוט מען, זאָג איך, איצטער?" „אדרבה, זאָגט ער, זאָג דו, וואָס טהוט מען?" „וואָס, זאָג איך, זאָל מען טהון, ס'איז ביטער". „ביטער צו ביטער, זאָגט ער, איז ניט גלייך. ס'איז, זאָגט ער, ביטער אַזוי ווי גאַל". און אין דרויסען ביי דער טיר: טראַך־טאַרעראַך! די קליינע קינדער נעבאַך האָבען זיך אויפגעחאַפּט מיט אַ גוואַלד, מיט אַ געוויין: „מאַ־מע!" שטיקט זי זיי, די מוטער הייסט עס, און וואַרגט זיי, ס'זאָל זיין שטיל — אַ שענע חתונה! „עה, טראַכט איך מיר, משה־נחמן פון קענעלע, דו ביזט גוט אין דער אַרבייט, אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען!" און עס פאַלט מיר אַריין פּלוצים אַ קאָמבינאַציע אין קאָפּ און איך רוף מיך אָן צו מיין שוואָגער: „שאַ, זאָג איך, ווייסט דו וואָס, דוד? זיי דו איך, און איך וועל זיין דו". קוקט ער אויף מיר, ווי אַ לעמעשקע: „וואָס הייסט?" „דאָס הייסט, זאָגט איך, מיר וועלען זיך בייטען מיט די יוצרות. דו וועסט מיר געבען דיין פּאַס, איך וועל דיר געבען מיין פּאַס; וועסט דו זיין משה־נחמן, און איך וועל זיין דוד". אַ טומפּיקער מח! קוקט אויף מיר, ווי אַ זינדיגער מענטש, פאַרשטעהט ניט, וואָס מע רעדט צו איהם. „בהמה, זאָג איך, וואָס פאַרשטעהסט דו דאָ ניט? דאַכט זיך, אַ פּראָסטע קאָמבינאַציע, זאָג איך. אַ מינדסט קינד קאָן עס פאַרשטעהן. דו וועסט זיי ווייזען מיין פּאַס,

און איך וועל זיי ווייזען דיין פּאַס, יעדנאָ ס׳דרוגים — האָסט דו דאָס צעקייעט, צי מע דאַרף עס דיר צעקייען און לעגען אין מויל אריין?"

אפּנים, ער האָט דאָס צעקייעט, און מיר האָבען גענומען זיך בייטען מיט די יוצרות. איך איהם מיין פּאַס, ער מיר זיין פּאַס. און דאָרטען די טיר ווערט שיער ניט צעשפּרונגען: טראַך־טאַרע־ראַך! טראַך־טאַרערעאַך! „סייטשאַס! — זאָג איך. — וואָס האָט איהר אזוי קיין צייט ניט? דער טייך ברענט ניט!" — זאָג איך. און צו מיין שוואָגער רוף איך מיך אָן: „גערענק זשע, דוד, דו הייסט שוין נישט מעהר דוד, נאָר משה־נחמן"... און איך לאָז מיך צו דער טיר. — „ברוך הבא, געסט!" — אַ גאַנצע חאַליאַסטרע, יוצר משרתים ואשר משרתיו. ווי זאָגט איהר, אַ גדולה, פריילין אין שטעדטעל...

ס׳פאַרשטעהט זיך, אז קודם האָט מען זיך גענעבען אַ נעם צו מיין שוואָגער דעם שלים־מזל. וואָס עפּיס צו איהם? ווייל איך האָב מיך געהאַלטען, פאַרשטעהט איהר מיך, מעשה מענטש, ווי זאָגט איהר, אַ קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטעהן. און ער — אויף פּורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען. האָט מען איהם מסתמא אַ חאַפּ געטהאָן: „אָטקודעוואַ, גאָספּאָדין יעווריי?" — ניטאָ קיין לשון. שטעל איך מיך ארוים פאַר׳ן מליץ־יושר און מאַך צו איהם: „יהודי בלא, וואָס שווייגסט דו? דבר! דבר זיי, אז דו ביזט משה־נחמן פון קענעלע". און צו זיי טהו איך מיך אַ וואַרף מיט תחנונים: „אַזוי און אַזוי, זאָג איך, וואַשע וויסאָקאַ פּראַוואָזשיטעלסטווע, זאָג איך, איין אָרעמער קרוב נעבאַך. שוין לאַנג, זאָג איך, ניט געזעהען זיך, געקומען צו מיר פון קענעלע". און אינווענינ אין הארצען שטיקט מיך, איך ווער שיער ניט צע־שפּרונגען פאַר געלעכטער. חאַ־חאַ! איהר פאַרשטעהט? איך, משה־נחמן פון קענעלע, בעט רחמים פאַר משה־נחמנ׳ען הייסט עס, פאַר מיר אַליין טאַקי, חאַ־חאַ־חאַ! איז אָבער די צרה, וואָס מיין רעדען מיט מיינע בקשות האָבען געהאָלפען, ווי דער פּאַראַיאָה־

ריגער שניי, און מע האָט מיין בחור אויפגעהאַפּט, ווי דער רוח דעם מלמד, און מע האָט איהם אָפּגעפיהרט גאַנץ פיין אין חדר־גדיא אריין, מיט׳ן גאַנצען קנאַק, ווי גאָט האָט געבאָטען. און מיך האָט מען אויך געוואָלט צונעמען. דאָס הייסט, מע האָט שוין טאַקי מיך געהאַט צוגענומען; מע האָט מיך אָבער באַלד ארויס־געלאָזט. וואָרום וואָס הער איך זיי, איך בעט אייך זעהר? א מענטש מיט א „פראוואזשיטעלסטווע״ שוואַרץ אויף ווייס, בפירוש פארשריבען אין בראָצקי׳ס שוהל ביי די שניידערס איין אָבראַד־טשיק, און א קערבעל אויך מסתמא, יעדנאָ ס׳דרוגים, איהר פאר־שטעהט? „האראשאָ, זאָגען זיי צו מיר, גאָספּאָדין אָבראַדטשיק. דו געה דיר דערוויילּ אהיים עסען קוגעל. מיר וועלען דיר שוין נאָכדעם באווייזען, ווי אזוי צו האַלטען קאָנטראָבאַנדע אויף דער מאַלאָוואסילקאָווסקי!״... מיט א פרישען קוילעטש, הייסט עס, גלייך אין פנים ארין, חאַ־חאַ!...

זאָל איך אייך דערצעהלען ווייטער? מילא פון קאָנסולים איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ווער האָט אין זינען געהאָט א קאָנ־סולים, אז מע האָט גאָר באַדארפט ראַטעווען דעם שוואָגער? פון וואָס, מיינט איהר, ראַטעווען? פונ׳ם עטאַפּ? חלילה! דאָס האָט ניט געהאָלפען. מיט׳ן עטאַפּ איז ער געגאַנגען, נאָך א מין געהן! אויף פורישקעוויטשעס געזאָגט געוואָרען! איידער מיר האָבען איהם דערלעבט זעהען אין קענעלע, דעם שלים־מזל, זענען אונז, הערט איהר, שיער די אויגען ארויסגעקראָכען. און אז מע האָט איהם שוין קוים אמאָל געבראַכט צו פיהרען קיין קענעלע, האָט ער ערשט געהאַט אויף זיך א נייעם אומגליק. א פרעמדען פּאַס מיט א פרעמדען נאָמען, יעדנאָ ס׳דרוגים, פרעגט ניט. איך האָב מיט איהם געהאַט צו זינגען און צו זאָגען. לאָס איך עס פארדיענען, הערט איהר, אלע דריי חדשים, וואָס סע האָט געקאָסט. אחוץ וואָס איך האָב אויף זיך א פּעקעל, איך מוז איהם נאָך עד היום אויסהאַלטען מיט ווייב און קינדער. וואָרום ער טענה׳ט, אז איך האָב איהם אומגליקליך געמאַכט, טענה׳ט ער. ער זאָגט,

אז איבער מיר האָט ער אָנגעוואוירען די גאַנצע „פּראוואָזשיטעל־סטווע” מיט דער שטעלע ביי בראָצקין. און עס קאָן זיין, אַז ער איז אפשר ניט אינגאַנצען אומגערעכט אויך. דער עיקר איז אָבער, חאַ־חאַ, נישט דאָס. דער עיקר איז דער איינפאַל, די קאָמבינאַציע, איהר פאַרשטעהט? דאַכט זיך, וואָס? אַ אידעל פון קענעלע, מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע און מיט אַ טובערקולאָז אויך, אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען, יעדנאָ ס'דרוגים, און אָהן אַ שום „פּראוואָזשיטעלסטווע”, — פון דעסטוועגען, אַז מע דאַרף, קומט ער זיך קיין יעהופּעץ, שטעלט זיך אָפּ אויף מאַלאָוואַסיל־קאָווסקי, ניט ווייט פון'ם געוועזענעם פּאָליצמייסטער, און — רוף מיך קנאַקניסעל!

ענדע געשיכטע נומער אכצעהן.

געשיכטע נומער נייענצעהן

# דער צעהנטער

געשריבען אין יאהר 1910.

### געשיכטע נומער נייענצעהן

# דער צעהנטער

---

נייען זענען מיר געוועזן אינ'ם גאנצען וואגאָן. נייען אידען. אונז האָט געפעהלט א צעהנטער, צו א מנין.

אייגענטליך, איז געוועזן א צעהנטער אויך. נאָר דער צעהנטער איז געוועזן ביי אונז ספק איד, ספק קריסט. א שטילשוויי־גענדיגער פארשוין מיט א גאָלדענעם פענסנע. א ראבעטיני פנים מיט קלייען, נאָר אָהן א באָרד. א נאָז א אידישע, נאָר וואָנסעס — מאָדנע פארדרעהט ארויף. אויהערען אָפגעשטאנענע, נאָר א האלז א רויטער. די גאנצע צייט האָט ער זיך געהאלטען פון אונז גאנץ באזונדער. געקוקט אין פענסטער און געפייפט. געזעסען איז ער, געוויינטליך, אָהן א היטעל. און א רוסיש בלאט אויף די קניע. און שא, קיין וואָרט נישט ארויסגעלאָזט. דורכ־אוים מעשה רוס. איין עבטער פאָני. הא? נאָך א מאָל: זאָל דאָס טאקי זיין א גוי? סטייטש, ס'איז דאָך אָבער פאָרט נישט קיין גוי. בלאָטע! א איד א אידען וועט נישט נארען. א איד א אידען וועט דערקענען פאר א מייל אין א פינסטערער נאכט. גוואלד, דער צלם־אלקים! ניין, ס'א איד. אזא שטיק גאָלד, ווי א איד דאָס איז! און ווידער צוריק, טאָמער ניין? א קשיה היינטיגע צייטען... האָבען מיר זיך מיישב געוועזן: אויך די

אייגענע מעשה. א איד נעבאך וויל, מע זאל חאטש מיינען, אז ער איז א גוי — לאז איהם וואויל באקומען. וואס זשע טהוט מען אבער — אונז געהט־אפ א צעהנטער? מיר האבען א יאהר־צייט אין וואגאן. איהר מיינט, עפּיס גלאט א יאהרצייט? א יאהרצייט נאך א טאטען? אדער נאך א מאמע? ניין. דאס איז געווען א יאהרצייט נאך א קינד. נאך א זוהן. איין־און־איינציגען זוהן האט א איד באגראבען. קוים אויסגעבעטען, מע זאל איהם ארויסגעבען פון דער טורמע, שוין לאחר המעשה, מע זאל איהם ברענגען צו קבר־ישראל... דער פאטער שווערט, אז ער איז געוועזען גאט די נשמה. צו גיך, זאגט ער, האט מען איהם אפּ־גע'משפּט. דאס הייסט, א חברה־מאן צווישען חברה איז ער אפילו, זאגט ער, געווען, נאר הענגען איז איהם, זאגט ער, נישט געקומען. מע האט איהם אבער געהאנגען — פארפאלען! איז די מוטער באלד נאך איהם אוועקגעגאנגען. דאס הייסט, נישט אזוי גיך. אהא! זיך פריהער גוט אנגעמוטשעט. אליין געמוטשעט זיך און אויך איהם גרוי און אלט געמאכט.

— וויפיעל, מיינט איהר, בין איך אלט מיין אייגענם?

מיר קוקען אלע אויפ'ן דאזיגען פארשוין און ווילען טרעפען, וויפיעל אלט ער איז. ס'איז אוממעגליך: יונגע אויגען, גרויע האר. א געקנייטשטער שטערן, א שמייכלענדיג־וויינענדיג פּנים. און דער גאנצער נפש — עפּיס א מאדנער. טאקי א פּידזשאק, נאר א לאנגליכער. טאקי א קאפּעלישעל, נאר פאררוקט אהינטער. טאקי א בערדעל, נאר שטארק פארקיילעכיגט. און אויגען... אך, אויגען! אזעלכע אויגען, ווען איהר זעהט איין מאל, וועט איהר זיי שוין קיינמאל, קיינמאל נישט פארגעסען. שמייכלענדיג־וויי־נענדיגע, אדער וויינענדיג־שמייכלענדיגע אויגען... וואלט ער חאטש באקלאגט זיך, וואלט ער חאטש געלאזט א טרער. איז ניין. דוקא פריילי‏ך און דוקא לעבעדיג — א מאדנער, מאדנער נפש.

— הכלל, וואו נעמט מען א צעהנטען? — האט זיך איינער אפּגערופען און געווארפען איין אויג אויפ'ן פּייפער, וואס מאכט

זיך גלייך ווי ער הערט נישט, קוקט אין פענסטער אריין און פייפט־אויס עפּיס א באקאנטען ניגון, דאכט זיך, אז „קעקוואָק”.

— וואָס הייסט, א צעהנטער? — רופט זיך אָן נאָך איי־נער. — מיר האָבען דען נישט קיין מנין?

און ער האָט גענומען צעהלען מיט׳ן פינגער: נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי...

— אָהן מיר! — האָט זיך אָנגערופען דער פּייפער, דוקא אויף אידיש.

מיר זענען אַלע געבליבען דערשטוינט.

— איהר זענט דען קיין איד נישט?

— א איד בין איך, נאָר איך האַלט נישט פון די זאַכען.

א היבשע ווײַלע זענען מיר געזעסען אַלע, ווי געפּלעפט, גע־קוקט איינס אויף דאָס אַנדערע אָהן לשון. נאָר איין בעל־יאָהר־צייט האָט זיך נישט פארלוירען. מיט זיין פרייליך־וויינענדיגען שמייכעל האָט ער זיך אָנגערופען צום יונגענמאַן דעם פּייפער:

— הונדערט און צוואַנציג יאָהר זאָלט איהר לעבען. אייך קומט א גאָלדענע מעדאַל.

— פאַר וואָס א גאָלדענע מעדאַל?

— איך וועל אייך זאָגען, ס׳איז א ביסעל א צו לאַנגע מעשה. אויב איהר ווילט זיין א צעהנטער צום מנין, זאָג איך אָפּ אויף א מינוט קדיש נאָך מיין זוהן, וועל איך אייך דערצעהלען א שענע געשיכטע.

און דער פרייליכער בעל־יאָהרצייט נעמט ארויס א פּעטשיילע, גאַרטעלט זיך ארום דעם פּידזשאַק און שטעלט זיך אוועק מיט׳ן פּנים צו דער וואַנט:

— אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה...

איך וויים נישט, ווי אַזוי איהר. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב ליעב א וואָכעדיגע מנחה. איין וואָכעדיגע שמונה־עשרה איז ביי מיר זיסער פון צעהן חזנ׳ישע קונצענדיגע שטיק, שבת׳־דיגע דריידלעך מיט יום־טוב׳דיגען שטייגער. די שמונה־עשרה

פון דעם בעל־יאָהרצייט דאָ אין וואַגאָן איז געווען מיט אַזוי פיעל הארץ, מיט אַזוי פיעל נשמה, אַז עס האָט אונז אַלעמען צענומען. און מיר דאַכט, אַז אפילו דעם צעהנטען פּאַרשוין דעם פייפער — אויך. האָרכען אַ טאַטען, ווי ער זאָגט קדיש נאָך אַ זוהן — איז עפּיס אויך נישט פון די קליינע זאַכען. און דערצו האָט דער בעל־יאָהרצייט געהאַט אַ זיסע הארציגע שטימע, וואָס האָט זיך געגאָסען ווי אַ בּוימעהל גלייך אין די ביינער אַריין. און איבערהויפּט — דער קדיש! דער קדיש! נאָר אַ שטיין האָט דער קדיש געקאָנט נישט ריהרען...

קורץ — דאָס איז געווען שוין איין מאָל אַ מנחה.

אָפּגעדאַווענט און אָפּגעבונדען די פּעטשיילע, האָט זיך אונזער בעל־יאָהרצייט אַוועקגעזעצט אַקעגען דעם צעהנטען פּאַרשוין און מיט אַ פריילּיך־וויינענדיג פּנים, ווי זיין שטייגער איז, האָט ער אָנגעהויבּען צו דערצעהלען די געשיכטע, וואָס ער האָט איהם צוגעזאָגט. בּעת־מעשה האָט ער זיך געגלעט דאָס בּערדעל און גערעדט פּאַוואָלינקע, ווי אַ מענטש, וואָס האָט צייט:

— די מעשה, וואָס איך וויל אייך, יונגערמאַן, דערצעהלען, איז, אייגענטליך, נישט איין מעשה, נאָר דריי מעשיות. דריי קליינינקע מעשה'לעך.

די ערשטע מעשה האָט זיך געטראָפען אין אַ דאָרף, בּיי אַ רענדאַר. געזעסען אין אַ דאָרף אַ רענדאַר מיט אַ רענדאַרקע. דאָס דאָרף איז געווען אַ גרויס דאָרף. גויים אַ סך, אידען נישט איינער. אַ יחיד הייסט עס. אדרבּה, נאָך בּעסער. פּרנסה בּשפע. ווי זאָגט מען: זיצען זאָל מען צווישען גויים... איין זאַך נאָר האָט זיי געפעהלט — קינדער. אַ צייט נישט געווען בּיי זיי קיין קינדער. איז זיי נישט איינגעגאַנגען דאָס לעבּען. ערשט אויף דער עלטער האָט גאָט רחמנות געהאַט. די רענדאַרקע איז פאַרגאַנגען אויף טראָגען און האָט געבּוירען דעם רענדאַר למזל אַ יונגעל. אַ בּן זכר. אַ גדולה! דאַרף מען, הייסט עס, פּראַווען אַ בּרית, ווי גאָט האָט געבּאָטען. אויפ'ן אַכטען טאָג האָט מיין

רענדאר גאנץ פֿיין איינגעשפּאנט פערד־און־וואָגן און איז אוועק אין שטאָדט אריין, אראָפּגעבראכט דעם רב מיט'ן שוחט מיט'ן שמש מיט נאָך פינף אידען. א ווארעמעס האָט די רענדארקע מסתּמא צוגעגרייט א גרויסארטיגען. אלסדינג פֿיין ארום און ארום. מע טהוט זיך א חאַפּ — ניטאָ קיין מנין. עס פֿעהלט א צעהנטער. וואָס איז די מעשה? א רענדארישער קאָפּ. אריינגערע־כענט די רענדארקע אויך אין קאָהל. איז מסתּמא געוואָרען א גרויס געלעכטער. אהין־אהער — דער טאָג שטעהט נישט. וואָס טהוט מען? א גרויס דאָרף. גויים א סך. אידען, להבדיל, נישט איינער. שלעכט! מע טהוט א קוק — עס פאָהרט צו גלייך צו דער קרעטשמע א בויד. און אין בויד — א בעל־עגלה. לאָז זיין א בעל־עגלה, אבי א איד... „ברוך הבא!" „שלום עליכם!" „קומט אריין, וועט איהר זיין א צעהנטער!"... די שמחה איז געוועזן נישט צו באשרייבען. היינט זעהט, וואָס פאַר א גרויסען גאָט מיר האָבען. א גאנץ דאָרף מיט גויים קאָנען גאָרנישט מאכען. קומט איין איד, א בעל־עגלה, דאכט זיך — אהא, שוין גוט!

די צווייטע מעשה, מיין ליעבער איד, האָט זיך געטראָפען שוין נישט אין א דאָרף, נאָר אין שטאָדט. און דוקא אין א אידי־שער שטאָדט. שבת איז דאָס געווען. פרייטאָג־צו־נאכטס, הייסט עס, נאָך ליכטבענטשען. געקומען פון שוהל. אָפּגעמאכט קידוש. זיך געוואשען. מע זעצט זיך צום טיש — איז זיך מיישב א ליכט און הויבט אָן שמעלצען זיך. שטעלט מען אוועק מסתּמא א שבת־קוילעטש אקעגען שנויץ — עס העלפט נישט. אראָפּגע־פאלען דער שנויץ אויפ'ן טיש, אנגעגומען דאָס טישטוך. אָט באלד ווערט א שרפה. וואָס טהוט מען? פארלעשען? טאָר מען נישט — שבת! האָבען זיך צונויפגעקליבען די שכנים, די גאנצע גאַס. א גוואלד, א געפילדער: „אידען, מיר זענען פארפאלען!"... מע טהוט א קוק — חוועדער דער שבת־גוי. „חוועדער־סערדצע! טשי טי באטשיים אָגאָ דרזשע סוויטלאָ?"... אויף אידיש הייסט עס: צי זעהסט דו, גוי, ווי דאָרט איז ליכטיג?... און חוועדער,

חאָטש א גוייִשער קאָפּ, האָט פאַרשטאַנען וואָס מע מיינט. א שפּיי אויף דער האַנט און מיט צוויי גראָבע גויִשע פינגער האָט ער געגעבן א נעם־אַפיר דעם שנויץ — אוים שרפה. נו, פרעג איך אייך: איז גאָט'ס וואונדער דען אַפּצושאַצען? קיין עין־הרע, אַזוי פיעל אידען האָבען גאָרנישט געקאָנט מאַכען. געקר־מען איין גוי — אָפּגעראַטעוועט א גאַנצע שטאָדט.

אַצינד באַדאַרף מען אייך, הייסט עס, דערצעהלען די דריטע מעשה. דאָס האָט שוין געטראָפען, פאַרשטעהט איהר מיך, ביי'ם רבי'ן אַליין. דער רבי זאָל לעבען האָט געהאַט א בן־יחיד, און דוקא א געראָטענעם בן־יחיד, מיט אַלע מעלות, ווי עס גיט זיך איין ביי א רבי'ן. האָט מען איהם מסתמא יונג חתונה געמאַכט, געגעבען א ווייב, מיט נדן, מיט אייביגע קעסט, און אַוועקגע־זעצט, ער זאָל זיצען און לערנען. זיצט ער און לערענט. וואָלט אַלסדינג געווען גוט און פיין — ווען זשע? ס'זאָל נישט זיין קיין „פּריזיוו" אויף דער וועלט. חאָטש אפילו, אין פלוג, וואָס הערט דעם רבי'נ'ס זוהן א פּריזיוו? אַז, ראשית, איז ער א בן־יחיד, איין־און־איינציגער. והשנית, טאָמער וועט דאַרפען קאָסטען געלט, וועט אין געלט קיין מניעה נישט זיין. איז אָבער געוואָרען א ביטערע צייט, משטיינס געזאָגט. מע האָט אָנגעהויבען נעמען ביי אידען בני־יחידים, און קיין געלט העלפט שוין אויך נישט. אפילו קיין צעהנטויזענט! ביטערע נאַטשאַלסטווע, א רשע א דאָק־טאָר — שלעכט, שלעכט! וואָס טויג אייך, מיין ליעבער יונגער־מאַן, מע האָט אַריינגעפיהרט דעם רבי'נ'ס זוהן א נאַקעטען. דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען איז איהם אויסגעקומען צו שטעהן בגלוי־ראש, אָהן א היטעל הייסט עס. און דאָס איז געווען זיין גליק. וואָרום אויפ'ן קאָפּ האָט זיך באַוויזען ביי איהם, נישט פאַר אייך געדאַכט, א צאַצקע, און דוקא נישט קיין געמאַכטע. א סברה, אַז דאָס איז איהם פאַרבליבען נאָך פון קינדווייז. געווען א קינד איין עקשן. זיך נישט געלאָזט צוואָגען... פאַרשטעהט זיך, אַז מע האָט איהם געגעבען דעם וועג.

היינט פרעג איך אייך, מיין ליעבער וונגערמאַן, וואָס זענט איהר ווערטה? אַ איד זענט איהר, און אַ גוי ווילט איהר זיין, און דאָס דריטע זענט איהר במילא — נו, קומט אייך נישט קיין גאָלדענע מעדאַל?...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף דער ערשטער סטאַנציע איז אונזער „צעהנטער" נעלם געוואָרען.

ענדע געשיכטע נומער ניינצעהן.

### געשיכטע נומער צוואַנציג

# דריטע קלאַס

---

דאָס איז, אייגענטליך, שוין נישט קיין געשיכטע, נאָר גלאַט אַ שמועס, אַ פּאָר ווערטער פאַר׳ן געזעגענען זיך און אַ יין עצה פון אַ גוטען פריינט.

האַלטענדיג בײ׳ם צעשיידען זיך מיט אייך, פריינט־לעזער, ווילט זיך מיר צום סוף, אויס דאַנקבאַרקייט, וואָס איהר האָט אויסגעהערט פון מיר אַזוי פיעל געשיכטעס, אייך מיט עפּיס־וואָס נוצליך זיין, זאָגען אייך עטליכע וואַרעמע ווערטער פון אַ פּראַקטישען מענטשען, פון אַ קאָמי־וואָיאַזשער. הערט מיך אויס און פאַרשרייבט מיינע ווערטער.

אַז איהר פאָהרט אין באַהן, געוויינטליך, אַ לענגערע שטרעקע, און איהר ווילט וויסען, אַז איהר פאָהרט, דאָס הייסט, איהר ווילט הנאה האָבען פון אייער נסיעה, זאָלט איהר אייך נישט דערוועגען פאָהרען נישט ערשטע, נישט צווייטע קלאַס.

מילא, פון ערשטער קלאַס איז אָפּגערעדט. זאָל אייך גאָט היטען! דאָס הייסט, איך מיין נישט דאָס פאָהרען. דאָס פאָהרען אַליין איז אין ערשטער קלאַס אַפילו גאַנץ נישקשה׳דיג. ווייך און גראַם און רייך — מיט אַלע באַקוועמליכקייטען. איך רעד נישט פונ׳ם פאָהרען. איך רעד פון די מענטשען, פון די פּאַסאַ־

זשירען. וואס פאר א טעם, פרעג איך אייך, האט דאס פאר א אידען פאהרען איינער אליין און נישט רעדען א ווארט? איהר קאנט דאך אזוי חלילה פארגעסען רעדען! און אפילו אז איהר טרעפט שוין דארט אמאל א פאסאזשיר איינמאל אין א יובל, איז דאס אדער א גראבער פריץ מיט געשוואלענע באקען, ווי ביי א טרובאטש, וואס שפיעלט אויף א טראמבאן, אדער איין אנגעבלא־זענע דאמע, בייז ווי א שוויעגער, אדער א שטומער אויסלענדער מיט קעסטעלדיגע הויזען, וואס איז צוגעזאטען געווארען צום פענ־סטער, נישט אפצורייסען איהם, עס מעג ברענען דער גאנצער וואגאן. מיט אזעלכע פארשוינען אז איהר פאהרט, קומען אייך אלערליי טרויעריגע געדאנקען און נישט ווילענדיג דערמאנט איהר אייך אינ'ם טוידט... צו וואס טויג עס אייך?

אין צווייטער קלאס, מיינט איהר, איז בעסער? איהר זיצט אין איין וואגאן מיט אלערליי פארשוינען, די זעלבע מענטשען, דאכט זיך, וואס איהר, מיט'ן זעלבען יצר־הרע. זיי ווילען נעבאך רעדען א ווארט, געהען־אויס וויסען, וואוהין איהר פאהרט, און פון וואנען איהר זענט, און וואס איהר זענט. נאר מע זיצט, ווי די טאקען, און מע קוקט איינס אויפ'ן אנדערען. מע האט אנגע־נומען א פול מויל מיט וואסער — און שא!

פונקט אקעגען אייך זיצט איינער א פראנט מיט א לאנגען נאגעל און מיט שענע וואנסעס, וואס איהר וואלט געמעגט שווע־רען, אז ער איז אייך קענטליך, איהר האט איהם ערגיץ געזעהען, נאר איהר ווייסט נישט וואו; עס דאכט זיך אייך, אז ער באדארף זיין מזרע היהודים, דאס הייסט, פון אונזעריגע... נאר גאה מאך, אז יענער דבר'ט נישט! ער האט פארדרעהט די וואנסעס ארויף, קוקט אין פענסטער און פייפט!

אויב איהר ווילט אזא פארשוין דערגעהן די יאהרען, בא־גראבען, ער זאל קיין תחית־המתים נישט אויפשטעהן, זאלט איהר זיך ווענדען צו איהם אויף וואס פאר א שפראך איהר ווילט, בשעת

אקעגען זיצען בריסטען, און ווער שמועסט נאָך — דאַמען. נאָר בעסער איהר זאָלט איהם אַ פרעג טהון אויף רוסיש:

— יעסלי יאַ ניע אָשיבאַיוס, יאַ אימיעל אודאָוואָלסטוויע ווסטריעטיטסאַ ס'וואַמי וו'בערדיטשעוויע?... אויף אונזער לשון וועט עס הייסען אַזוי גוט ווי: „אויב איך בין מיך נישט טועה, האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגען זיך צו טרעפען מיט אייך אין בערדיטשעוו?"... — דאָס איז ערגער טויזענט מאָל ווי אין טאַטען אַריין געשאָלטען!

אָדער, אויב איהר טרעפט זיך אויף מיט אַזאַ פאַרשוין ערגיץ אין פאָדאָליע אָדער אין וואָהלין, קאָנט איהר אָנהויבען צו רעדען מיט איהם אויף פויליש:

— פשעפּראַשאַם פּאַנאַ! יעזשעלי סיען ניע מילען זנאַלעם אָיטצאַ פּאַנאַ ז'יאַרמעלינצאַו, קטורי ביל וו'לאַסקאַך או יאַסנאָ-וועלמאָזשנעגאָ פּאָטאָצקעגאָ?... אויף אידיש גערעדט, וועט דאָס הייסען: „איך בעט איבער אייער כבוד, אויב איך האָב קיין טעות, בין איך געווען באַקענט מיט אייער פאָטער פון יאַרמעלינעץ; ער איז געווען אַ חשוב ביי'ם גראַף פּאָטאָצקי"... קיין גרויסע באַלעדיגונג איז דאָ טאַקי נישט פאַרהאַן, נאָר יאַרמעלינעץ און אַ חשוב ביי'ם גראַף פּאָטאָצקי שמעקט מיט „איד"... נאָר שאַ! אָט וועל איך אייך בעסער דערצעהלען אַ געשיכטע, וואָס איך אַליין בין געווען דערביי.

דאָס איז געווען אין קוריערצוג. נישטאָ קיין דריטע קלאַס, בין איך, באין ברירה, געפאָהרען צווייטע קלאַס. אַקעגען מיר האָב איך געהאַט אַ פאַרשוין, ספק איד, ספק קריסט. נאָר דאַכט זיך, מעהר איד איידער קריסט... און אפשר? ווער קאָן עס וויסען? אַ שענער יונג, אַ געגאָלטער, אָנגעטהאָן ווי אַ ספּאָרטסמען, מיט אַ שוואַרצען פּאַס אויף די ווייסע הויזען, און אַ קאַוואַליער. פאַר וואָס זאָג איך: אַ קאַוואַליער? — ווייל ער האָט די גאַנצע צייט זיך געדרעהט אַרום אַ שענער „באַרישניע", אַ פריילין מיט אַ הויכען שיניאָן און מיט אַ פענסנע אויף אַ קליין אויסגעטאָקט נעזעל.

באקענט האט מען זיך טאקי דא אין וואגאן און גיך געווארען באפריינט. זי האט איהם מכבד געווען מיט שאקאלאד, און ער האט זי אמוזירט, פריהער מיט ארמענישע און דערנאך מיט אידישע אנעקדאטען, אוןביידע האבען געקייכט פאר געלעכטער. און דערהויפט האט מען געלאכט פון די אידישע אנעקדאטען, וואס דער פארשוין האט דערצעהלט מיט אזא געשמאק, ווי עס ווערט דערצעהלט צווישען כריסטען, גאר נישט געקוקט דערויף, וואס טאמער בין איך א איד און געפין מיך באלעדיגט... קורץ, דער ראמאן איז ביי זיי געגאנגען, ווי אויף פוטער. ער איז שוין אויסגעוואכסען נעבען איהר (פריהער איז ער געזעסען אקעגען איהר) און פארקוקט איהר אין די אויגען אריין, און זי האט זיך געשפיעלט מיט'ן קייטעל פון זיין זייגערעל, וואס איז געווען אריינגעשטעקט אינ'ם שווארצען פאס אויף די ווייסע הויזען. פלוצים — פון וואנען האט זיך גענומען אויף א סטאנציע — איך האב שוין פארגעסען דעם נאמען — קומט אריין א הינקענדיגער איד, א געלער, א פארשוויצטער, מיט א ווייסען פאראסאל, שטרעקט־אויס די האנט צו מיין ספארטסמען מיט'ן שווארצען פאס אויף די ווייסע הויזען, און רופט זיך אן צו איהם פשוט אויף אונזער אידיש לשון:

— נאט אייך אפ שלום. איך האב אייך דערקענט דורכ'ן פענסטער. איך קאן אייך אפגעבען א גערום פון אייער פעטער זלמן פון מאנעסטרישטש...

פארשטעהט זיך, אז אויף דער זעלבער סטאנציע איז מיין ספארטסמען נעלם געווארען, און די „בארישניע" איז געבליבען אליין. דערמיט ענדיגט זיך אבער נאך נישט די געשיכטע. מיין „בארישניע" — שוין געווים א כריסטין, ווארום אז ניט, וואס האט דער ספארטסמען באדארפט אנטלויפען? — האט אין עטליכע סטאנציעס ארום גענומען פאקען זיך, נישט אויסגערעדט צו מיר א ווארט, אפילו נישט א קוק געגעבען אין מיין ווינקעל אריין, גלייך ווי איך בין גאר אויף דער וועלט נישטא. אויף דער סטאנציע, וואו זי איז אראפ, האבען זי אפגעווארט א שענער איד א פאט־

ריאַרך מיט אַ באָרד, וואָס זעהט־אויס ווי אַ מין אברהם אָבינו, און אַ אידינע אַ פאַרשוין מיט אַ פּאַריק און מיט גרויסע דימענטען אין די אויהערען. „ריוועניו! טעכטערל!" — האָבען אויס־גערופען דאָס אַלטע פּאָרפאָלק און געפאַלען דער טאָכטער אויפ'ן האַלז מיט טרערען אין די אויגען.

קיין פּירוש צו דער געשיכטע באַדאַרף איך אייך נישט מאַ־כען. איך האָב אייך נאָר געוואָלט באַקענען מיט די פאַרשוינען, וואָס מע באַגעגענט אין צווייטער קלאַס, און באַווייזען, אַז איהר דאַרפט נישט פאָהרען צווייטע קלאַס, וואָרום אין צווייטער קלאַס זענט איהר אַ פרעמדער, צווישען אייגענע אַ פרעמדער.

אָבער אַז איהר פאָהרט דריטע קלאַס, זענט איהר ביי זיך אין דער היים. און ווער שמועסט, אַז אין וואַגאָן זענען נישטאָ קיין אַנדערע, נאָר אחינו בני־ישראל — זענט איהר שוין צו פיעל אין דער היים. אמת, דריטע קלאַס איז נישט אַזוי באַקוועם, אַ פּלאַץ דאַרפט איהר פאַרכאַפּען מיט גוואַלד; עס איז אַ געווימעל, אַ געטומעל, אַ האַרמידער מיט אַ הו־האַ; איהר ווייסט ניט, וואו זענט איהר און וואו זענען אייערע שכנים?... דערפאַר אָבער ווערט איהר גיך באַקענט איינס מיט'ן אַנדערען. אַלע ווייסען, ווער איהר זענט, וואוהין איהר פאָהרט און וואָס איז אייער טהועכץ; און איהר ווייסט אַלעמען — ווער זיי זענען, וואוהין זיי פאָהרען און וואָס איז זייער טהועכץ. ביינאַכט פאַרשפּאָרט איהר שלאָפען, וואָרום איהר האָט מיט וועמען צו רעדען; און אַז איהר רעדט נישט, רעדען זיי און לאָזען אייך נישט שלאָפען. און וואָס איז דאָס טאַקי פאַר אַ שלאָפען פלוצים גאָר אין וואַגאָן? דאַכט זיך, גלייכער, אַז מע קאָן רעדען מיט אַ מענטשען, וואָרום אַז מע רעדט, דערדערעדט מען זיך. איך זאָל האָבען די גליקליכע יאָהר, וויפיעל מאָל עס מאַכט זיך, אַז פון אַזאַ רעדען אין וואַגאָן מיט ווילד־פרעמדע מענטשען ווערט געשלאָסען אַ געשעפט, פּיקט זיך אויס אַ שידוך, אָדער מע ווערט גלאַט געוואָהר אַ זאַך, וואָס קומט צו־נוץ.

למשל, רעדען פון דאקטוירים, מאגען־קאטאר, „לימאן", צייהנ־וועהטיג, נערוועז, קארלסבאד וכדומה — איז שוין, דאכט זיך, גאר פוסטע רעד, איא? פון דעסטוועגען האט זיך מיט מיר אליין געטראפען א געשיכטע. איך בין אמאל געפאהרען מיט א קאמ־פאניע אידען. מע האט גערעדט פון דאקטוירים און פון רעצעפ־טען. איך האב דעמאלט שטארק געליטען, ניט פאר אייך גע־דאכט, אויפ'ן מאגען. האט מיר איינער, א קאמעניצער איד, גע־געבען זיינע א רפואה, א פראשעק אזעלכען. דעם דאזיגען פרא־שעק, זאגט דער קאמעניצער, האט ער דוקא נישט פון א דאקטאר־מעדעצין, נאר פון א צייהן־דאקטאר, א דאנטיסט, אבער איין אויס־געצייכענטער פראשעק, זאגט ער, א געלער פראשעק. דאס הייסט, דער פראשעק אליין, זאגט ער, איז א ווייסער, ווי אלע פראשקעס, נאר אין א געל פאפיערל. און געשווארען האט מיר דער קאמע־ניצער איד ביי זיין געזונט און ביי זיין ווייב און קינדער, אז נאר דעם געלען פראשעק האט ער צו פארדאנקען. ווען ניט דער געלער פראשעק, זאגט ער, וואלט ער איצט געווען שוין — ע־הע־הע! קיין סך פראשקעס, זאגט ער, דארף איך ניט. צוויי־דריי פראש־קעס, זאגט ער, — און איהר ווערט גענעזען. אויס מאגען, זאגט ער, אויס דאקטוירים, אויס געלטפרעסערס, אויס בלוטצאפערס. א רוח, זאגט ער, אין זייער טאטענ'ס טאטען אריין! אויב איהר ווילט, זאגט ער, קאן איך אייך געבען א צוויי־דריי פראשקעס פונ'ם געלען פראשעק. איהר וועט מיר, זאגט ער, זאגען א דאנק...

כך הוה. איך בין געקומען אהיים און האב איינגענומען איין פראשעק, דעם אנדערען, דעם דריטען, איז מיר געווארען, נישט באלד, נאר שפעטער, ארום האלבע נאכט, ניט פאר אייך געדאכט, אזוי, אז איך האב געפאכט מיט דער נשמה. איך האב געמיינט, ס'איז איין עק פון מיין לעבען! מע האט מיר געבראכט א דאק־טאר, צוויי דאקטוירים, קוים אפגעראטעוועט מיך פון טוידט... פון דעמאלט אן ווייס איך שוין א פראקטיקע, אז א קאמעניצער איד גיט אייך זיינע א רפואה, א געלען פראשעק — זאל א רוח אין

ז י י ן טאַטען אריין! אַלסדינג אויף דער וועלט קאָסט רבי־געלט!

אַז איהר פאָהרט דריטע קלאַס און עס קומט אין דער פריה און איהר האָט נישט מיט זיך קיין טלית־ותפילין, זאָלט איהר קיין יסורים נישט האָבען — אַבי איהר ווילט נאָר, וועט מען אייך שוין באַזאָרגען מיט אַ טלית און מיט תפילין און מיט אַלסדינג. דערפאַר אָבער, אַז איהר האָט זיך אָפּגעפּאַרטיגט, עפּענט־אויף, זייט מוחל, אייער טשעמאָדאַנטשיקעל און הויבט־אָן אויסלעגען וואָס איהר האָט: בראָנפּען איז בראָנפּען, קיכלעך איז קיכלעך, אייער איז אייער, פּולקע איז פּולקע, פישעל איז פישעל. טאָמער געפינט זיך ביי אייך איין עפּעל, אַ מאַראַנץ, אַ שטיקעל שטרודעל — נעמט־אַרויס, לעגט־אַנידער, שעמט זיך ניט! אַלע וועלען מיט אייך פאַרבייסען, קיינער וועט זיך ניט אָפּזאָגען! אונטערוועגנס און בקאָמפּאַניע, פאַרשטעהט איהר מיך, עסט זיך גאָר מיט איין אַנדערען אַפּעטיט... ווער שמועסט, אַז איהר פיהרט מיט זיך אַ גלעזעל משקה, האָט איהר בעלנים אַ סך און מבינים אויף אַ גלעזעל וויין אָהן אַ שיעור. איטליכער וועט אייך אָנרופען דעם וויין מיט איין אַנדער נאָמען און שאַצען איין אַנדער מקח: ביי איינעם וועט ער הייסען אַ „בעסאַראַביער מושקאַט". דער אַנדערער וועט איהם אַ נאָמען געבען „אויסלענדישער אַקערמאַן". וועט אויפשטעהן אַ דריטער און וועט זאָגען מיט כעס: „וואָסער מושקאַט? וואָסער אַקערמאַן? ס'איז גאָר אַ „קאָוועשאַנער באָרדאָ!" וועט אויפשטעהן נאָך איינער, פון אַ ווינקעל גאָר, מיט אַ שמייכעל פון איין אמת'ען מבין, אַוועקנעמען ביי אייך דאָס גלאָז, ווי איינער רעדט: „בהמות שפּאַרען זיך — אויף אַ גלעזעל וויין לאָזט מיך!"... און נאָכדעם ווי ער וועט האָבען אָפּגעזופּט אַ פּאָר מאָל, וועט ער אַ זאָג טהון, און די בעקלעך וועלען איהם בעת מעשה זיין פאַרפלאַמט, ווי ביי אַ בעל־שמחה:

— ווייסט איהר, אידען, וואָס דאָס איז? ניין, איהר ווייסט ניט וואָס דאָס איז. דאָס איז נעבאַך אַ פּראָסטער, איין עהרלי־

כער, א בעל־הבתישער, אַ כשר'ער, אַ ריינער ווימאָראַזיג פון באַרדיטשעוו!...

און אַלע געפינען, אַז ער האָט רעכט, אַז ס'איז איין אמת'ער אַ באַרדיטשעווער ווימאָראַזיג. און אַז מע נעמט צו ביסלעך „ווימאָראַזיג", ווערט ביי אַלעמען די צונג אויפגעבונדען. דעמאָלט הויבט איטליכער אָן דערצעהלען אַלסדינג, וואָס עס טהוט זיך ביי איהם, און אויסטאַפּען אַלסדינג, וואָס ביי יענעם טהוט זיך. אַלע רעדען, אַלע אינאיינעם, כל ישראל חברים. און מע ווערט געוואָהר איינס ביי דעם אנדערען כל הצרות, מיט אַלע רדיפות, מיט אַלע גזירות, וואָס עס טהוט זיך אָפּ אויף דער וועלט — ס'אַ מחיה!

אַז איהר פאָהרט דריטע קלאַס ערגיץ אין אַ שטאָדט אריין און ווייסט נישט, וואוהין איהר זאָלט פאַרפאָהרען, באַדאַרפט איהר נאָר אַ פרעג צו טהון ביי'ם עולם, צי ווייסט נישט עמיצער עפּיס איין אָנשטענדיגע סטאַנציע? איז וויפיעל אידען עס פאָהרען מיט אייך אין וואַגאָן, אַזוי פיעל סטאַנציעס און האָטעלען האָט איהר. איינער גיט אייך איין אַדרעס: „האָטעל פראַנקפורט", און לויבט דאָס אייך אָפּ אין טאָג אריין: „האָטעל פראַנקפורט, זאָגט ער, איז ליכטיג און ציכטיג און וואַרעם און ביליג — בזיל־הזול". געפינט זיך באַלד אַ צווייטער און זאָגט אייך: „האָטעל פראַנקפורט? זאָל אייך גאָט היטען! ס'איז דאָרט פינסטער און שמוציג און קאַלט און טייער — מיט גאָלד גלייך! אויב איהר ווילט, זאָגט ער, האָבען הנאה, זאָלט איהר זיך אָפּשטעלען אין האָטעל נעוויאָרק!" חאַפּט זיך ארויס אַ דריטער און זאָגט: „וואָס ווילען זיי טהון אין האָטעל נעוויאָרק? זיי האָבען זיך פאַרבענקט נאָך וואַנצען? הערט נישט, וואָס מע וועט אייך זאָגען „פראַנקפורט", „נעוויאָרק"! פאָלגט מיך, גיט אהער דאָס פעקעל אייערס, ווילען מיר אינאיינעם פאַרפאָהרען צו מיר אויף מיין אכסניה, אין האָטעל „ראָסיאַ" — דאָרט שטעהען אידען!"...

אודאי באַדאַרפט איהר אייער טשעמאָדאַנטשיק גוט האָבען אין זינען, מע זאָל עס חלילה, צווישען יאָ און ניין, ביי אייך נישט אָפּ־

רערען... נאָר איך בעט אייך — וואו גנב'עט מען ניט היינטיגע צייטען אין אונזער געבענטשטער מדינה? באַגנב'עט ווערען איז, אויב איהר ווילט וויסען, מעהר ניט אז א באַשערטע זאך. אז עס וועט אייך זיין באַשערט, וועט מען אייך באַגנב'ענען אין מיטען העלען טאָג, ווי איהר שטעהט און געהט, עס וועט אייך ניט העלפען קיין פּאָליציע, קיין זשאנדארען, קיין שמע־ישראל. איהר וועט בענטשען גומל, אז איהר וועט ארויס מיט'ן לעבען...

קורץ, פאַהרען זאָלט איהר ד ר י ט ע קלאַס. דאָס האָט איהר א צוואה פון א גוטען פריינט און פון א פּראַקטישען מענטשען — א קאָמי־וואָיאַזשער.

אדיעו!

ע נ ד ע ג ע ש י כ ט ע נ ו מ ע ר צ ו ו א נ צ י ג.